# דאס לעצטע ווארט וועגן אידישן היימלאנד. א נייער אינטערנאציאנאל און עצות ווי צו קריגן חן

(איבערבליק פון די זונטיקדיקע ענגלישע צייטונגען)

פון מלך עפשטיין

אן ארטיקל, וועלכער וועט ניט שמעקן די ציוניסטן. — לאנדאנער פובליציסט רעדט ארויס די מיינונג פון זיין רעגירונג. — אוניווערסיטעט? דאס מעגט איר. אינעוואנדערן אין היייליקן לאנד? דאס טארט איר ניט, אידעלאך. — אידן וועלן מוזן בלייבן א קליינע מינאריטעט. — פאליציייסקע קעפ פון דער גאנצער וועלט אויף א קאנפערענץ אין ניו יארק. — די פראבלעמען פון די רעגירונגען ווערן געליזט פון דער פאליציי. פארזיכערט דער ניו יארקער פאליציי קאמישאנער. — די קינדער פון די סקולס וועלן באגריסן די דעלעגאטן פון נייעם אינטערנאציאנאל. — א רעצעפט וואס קען העלפן ווי א טויטן באנקעס.

די אידישע וועלט איז לעצטענס פול מיט פאלעסטינא און ציוניזם. די אידישע שיף, וואס האט געפירט אידישע צייטונגס־לייט צו דער ערעפנונג פון העברייאישן אוניווערסיטעט, איז מיט מזל צוריקגעקומען. צוריקגעקומען זיינען אויך די שרייבער און עם הוושעט איצט אויף די זייטן פון די אידישע צייטונגען מיט די וואונדערלאפע אויסטראגטגען אין פאלעסטינא. וואס ריידן מיר פאלעסטינא. דאס קליינינקע לאנד באם ברעג פון מיטלענדישן ים הייסט שוין מער ניט פאלעסטינא, אזוי ווילן די שרייבער וועלכע זיינען אנוועזנד געווען ווען לארד באלפור האט געעפנט דעם אוניווערסיטעט אויפ׳ן הר הצופים. ניט פאלעסטינא, נאר די היימלאנד, די אידישע היימלאנד, אזוי רופן זיי דאס לאנד מיט דער גרויסער אראבישער מאיאריטעט וואס איז צוגעזאגט געווארן עם פאלק ישראל פון דער ענגלישער וכו׳.

די חינע ענגלישע פרעסע איז אויך פארכאפט געווארן פון ציוניסטישן פויק. אביסל צוליב צירקולאציע, אביסל צוליב דעם וואס דער ציוניזם גייט האנט אין האנט מיטן ענגלישן אימפעריאליזם אין מיטל אזיע, האבן די ענגלישע צייטונגען געדרוקט לויב געזאנגען דעם ציוניזם אין סטיל פון דער גוט־געשמירטער ציוניסטישער פראפאגאנדע. עס איז אונז דעריבער געווען א ביסל א

נעבן זייער קאאפעראציע, וועלן זיי מוזן אפריער פארזיכערט ווערן אז די אידן וועלן פארבלייבן אן אויסגעשפראכענע מינדערהייט. כאטש איינפלוסרייך לויט זייער צאל. אויב די מורא פון די אראבער וועט אנגעצונדן ווערן, וועלן זיי אויסשטיין מיט א געפיל פון נקמה און דער ציוניזם נאך אלע זיינע דורות־לאנגע חלומות וועט דערטרונקען ווערן אין א טראגעדיע.

„דאס אלץ איז אויסגעצייכענט קלאר פאר דער אדמיניסטראציע אין פאלעסטינא, פאר דער ענגלישער רעגירונג און פאר די הויפט־פירער פון ציוניזם.״

באשיינפערלאך, אז די אינטערנאציאנאלע פאליציי־קאנפערענץ, וואס האט זיך געבטן געעפנט אין ניו יארק, איז איינע פון די ברכות פאר דער אריימער מענטשהייט. אונזער פאליציי קאמישאנער האט ריכטיק באשטימט די אויפגאבע: מיט דער הילף פון פינגערפרינטס און פאליציי רעקארדן וועט באקעמפט ווערן די פארברעכנס וואס טראגן זיך אין אלע ווינקעלאך פון די ציוויליזירטע מלוכות אריינגערעכנט די פידזשי אינזלען באם פאסיפיק.

דערציילט אונז ענרייט ווי אזוי דער געדאנק פון א פאראייניקטן פראנט פון וועלט פאליציי איז געקומען אים אפן געדאנק, געטראכט און געטאן, אין 1922

# ס׳איז שווער צו טאנצן אויף עטלאכע חתונות

(וועגן דעם, וואס מען טאדלט קולידזש׳ן פאר זיין עקאנאמיע פאליטיק)

פון ב. קאפילס

# בריוקאסטן

# דער „קאטעדראל פון תורה״

(א בריוו פון פיטסבורג) פון ג. בערנשטיין

אנטקעגן אריינגאנג פון שענלי פארק און מוזיי, אין פיטסבורג, געפינט זיך א כמעט ליידיק פלאץ פון עטלאכע אקער, ארומגעצוימט פון אלע זייטן מיט א פארקן. איך געדיינק עס שוין אזוי פאר די לעצטע 16 יאר. עס האט שטענדיק געמאכט אויף מיר אן אנגענעמען איינדרוק; עס פלעגט דערמאנען אן א פארם, אין פעלדער און רואיקייט. ליב זיינען געווען די ווילדע גראזן און ווילדע קוויטן צווישן טומל און הו־הא און געוואלין־געשטאנק. אין מלחמה־צייט, ווען מען האט גענומען, אויס פאטריאטישער פליכט, ריידן וועגן „עפישענסי״, עקאנאמיע, ווען מ׳האט גענומען באארבעטן און באפלאנצן יעדעם שטיקל ליידיק פלאץ, זיינען אויך דאס ראזיקע פלאץ באפאלן פאטריאטישע ווייבער־העלפער. זיי האבן צעגראבן, צעאקערט און פארזייט אביסל קרויט, בוריקעס און פאסאלעס. וואס מ׳האט קיינמאל ניט אראפגענומען, ווען זיי זיינען אפילו אויפגעוואקסן. נאר מערסטנס זיינען זיי ניט אויפגעוואקסן; דערפאר האט מען, מיט גוואלדיקע אויסגאבן, וואס זיינען אינגאנצן אוועק אין ניוועץ, דערוויזן דעם פאטריאטיזם. אויב ניט יענעם, אלענפאלס זיך אליין.

אוועק איז די מלחמה, און ווידער

דער אמעריקאנער איז, ווי א קליין קינד — ער האט ליב גראנדיעזע זשעסטן און הויבקלינגענדע ווערטער. איז דאך שוין ממילא פארשטענדלאך, אז די צוקונפטיקע אוניווערסיטעט־געביידע ראפט הייסן „דער קאטעדראל פון תורה״. ווירקלאך א שיינער נאמען, און ער טראגט נאך א רעליגיעזן הויך דערצו. עפעס שוין אין נאמען אליין איז דא א שייכות צו גייסטיקייט.

דער נאמען האט אבער באלד דערמאנט אן דעם „קאטעדראל פון געשעפט״ — די וואולווארטה געביידע, — און ביידע זיינען זיי א מין צווילינג, וואס מ׳קאן פארבייטן, ווייל מ׳קאן זיי ניט אונטערשיידן, ניט אין אויסזען, ניט אין תוך. שוין דאס בילד פון דער געביידע דערמאנט שטארק אן דער וואולווארטה.

וואס האט, דאכט זיך, אן אוניווערסיטעט צו טאן מיט געשעפט? און וואס איז אזוינס די חכמה פון געשעפט, אז מ׳זאל דארפן דערויף שטודירן? פרעגט יעדן „ערלאכן״ געשעפטסמאן, און ער וועט אייך צוגעבן, אז די גאנצע תורה פון געשעפט באשטייט אין קויפן וואס ביליקער און פארקויפן וואס טייערער — לעגיטימע רויבעריי. געשעפט איז אבער פארט ניט אזא איינפאכע געשיכטע. עס דערמאנט א פסיכאלאגי־

# די „באליאסטרע״

(דערציילונג)

פון מרים ראסקין

# דורך דעם וואס זיין פרוי האט איהם אפגעג'גט, האט ער זיך איבערצייגט אין איהר גרויסער ליבע צו איהם און געפונען זיין גליק

**פריהער האט זי איהם ארויסגעראטעוועט פון א צרה אין וועלכער ער איז אריין אומשולדיגערהייד. — די ראלע פון א צווייטער פרוי אין זיין לעבען, און פון זיין פרוי'ס אן אויסגעטראכטען געליבטען. — ווי אזוי ער האט שפעטער אפגעדינט זיין געטרייער פרוי.**

פון שמואל וויניצער

די געשיכטע האט אונז דערצעהלט מר. סאלאמאן וועבער, פון 371—75טע סטריט, ברוקלין, ניו יארק.

— דאס איז געווען אין יאהר 1902 — האט מר. וועבער אנגעהויבען. — איך בין דעמאלט געווען א יונגערמאן פון א יאהר 18, און ערשט ארויס אין דער וועלט. איך בין געבוירען געווארען אין פוילען, אין פראגא ביי ווארשע, און דארטען געלעבט ביז כ'בין אלט געווארען 14 יאהר. איך האב דארט געלערנט ביי די גרעסטע מלמדים, און אלע האבען געזאגט אויף מיר, אז כ'האב א גוטען קאפ. מיין פאטער ר' שמשון וועבער איז געווען א גערער חסיד און האט געוואלט פון מיר „מאכען א ליט". מיך האט געצויגען צו פאהרען אין א ישיבה אין דער ליטע, אבער מיין פאטער האט פון די ליטווישע ישיבות ניש געהאלטען. ענדליך האט ער מיט מיר דער הסכמה פון גערער רבי'ן ערלויבט צו פאהרען אין דער ישיבה פון דעם גרויסען גאון, דער „חפץ חיים", קיין ראדין, גראדנער גובערניע.

איך האב א שטיקעל צייט געלערנט אין דער ישיבה. ס'איז מיר דארט ניט גוט געגאנגען, ווייל איך בין שוין געווען א ביסעל אן אויפגעקלערטער. איך האב אנגעהויבען לייענען מאדערנע ביכער און די העברעאישע צייטונג „הצפירה". איך האב דערפאר געמוזט פארלאזען די ישיבה. איך האב אבער גיט געוואלט פאהרען צוריק אהיים. איך האב דאן אריינגעשטעלט אין דער צייטונג „הצפירה" אן אנאנס, אז איך זוך א שטעלע אלס א העברעאישער לעהרער. באלד האב איך געקראגען א בריף פון א קליינעם ישוב, הינטער ריגא. א פאמיליע רובינשטיין האט פארלאנגט, אז איך זאל קומען דארטען אהין צו לערנען מיט די קינדער העברעאיש און תנ"ך.

די רובינשטיינס — דער פאטער און די מוטער — האבען מיך זעהר פיין אויפגענומען און מיר פארגעשטעלט די צוויי קינדער מיט וועלכע איך וועל דארפען לערנען. זייער איינעל, שמעון אדער סעמיאן, פון 12 יאהר, און אן עלטערע מיידעל, בעלא, פון 17 יאהר. זיי האבען געהאט נאך א טאכטער, די עלטסטע, ראשעל, פון א יאהר אכטצעהן, האט זי שטודירט אין ריגא. זי איז דארטען געגאנגען אין גימנאזיע. בעלא האט אויך שטודירט, אבער זי איז עפעס קראנק געווארען און האט געמוזט איבעררייסען דאס לערנען, און איצט איז זי אינדערהיים. עס איז געקומען צו איהר א לעהרער פון מיטאווא צוויי מאל א וואך צו לערנען מיט איהר רוסיש און אנדערע לימודים. איך האב אבער געדארפט מיט איהר לערנען העברעאיש. זי האט שוין אביסעל געקענט.

איך בין געקומען אהין באלד נאך פסח פון יאהר 1902. ווי געזאגט, בין איך געווען דעמאלט אינגאנצען 18 יאהר אלט. מיט קיין פרוי בין איך נאך דעמאלט ניט געהאט געקומען אין דער קלענסטער באריהרונג.

די עלטער'ן וואס האבען מיך אויסגעשריבען, האבען זיך ניט פארגעשטעלט, אז איך בין נאך אזוי יונג. זיי האבען שוין געהאט אויפ'ן לאנד עטליכע לעהרערס, אבער אלץ מענשען אין די מיטעלע יאהרען. זיי האבען דעריבער מורא געהאט צו לאזען מיך לערנען מיט בעלא'ן. אבער עס איז דאך שוין געווען פארפאלען. איך בין דאך שוין געקומען, האבען זיי ווי געזאגט, גענומען א „טשאנס".

איך האב די ערשטע פאר טעג געלערנט בלויז מיט שמעון'ען. ווען דער פאטער האט זיך איבערצייגט, אז איך בין א גוטער העברעאישער לעהרער (כאטש איך האב נאך ביז דעמאלט קיינמאל ניט געהאט געלערנט מיט קיינעם העברעאיש), האט ער מיר געזאגט, אז איך זאל לערנען אויך מיט בעלא'ן. איך האב געדארפט לערנען מיט איהר פון דריי ביז פינף, צוויי מאל א וואך, דינסטאג און פרייטאג.

איך געדענק נאך אזוי ווי איצט דעם ערשטען דינסטאג נאכמיטאג, ווען איך האב גענומען לערנען מיט בעלא'ן. איך האב אינגאנצען געציטערט. בעלא איז געווען א בלאנדע מיט בלויע אויגען. איך האב זיך געהאלטען ביי די ערשטע לעקציעס זעהר טאקטיש, און זי אויך אזוי. אבער וואס אמאל זיינען מיר געווארען אלץ מעהר היימיש. און עס האט לאנג ניט געדויערט און מיר האבען זיך פארליבט — איך אין בעלא'ן און בעלא — אין מיר.

די עלטערען האבען עפעס באמערקט און האבען זי מעהר ניט געלאזט ארויפגעהען צו מיר אין צימער לערנען. זיי האבען מיר געזאגט, אז כ'זאל לערנען מיט איהר אין עסצימער. איך האב געמוזט אזוי טאן אבער דער קוואל פון ליבע וואס האט געשטראמט פון מיין הארץ צו איהר הארץ און פון איהר הארץ צו מיינעם, האבען זיי שוין מעהר ניט געקענט אפשטעלען.

אזוי איז אוועק א גאנצער זומער. ענדליך ווען עס איז געקומען פאר ראש השנה, האט דער פאטער מיט מיר גערעדט, אז דער סעזאן איז אריבער, איך וועל קריגען באצאהלט און איך קען פאהרען אהיים. איך האב זיך די גאנצע צייט געקליבען צו ריידען מיט איהר פאטער וועגען מיין באציהונג צו זיין בעלא'ן. אבער, ווען כ'האב געהערט פון איהם אזעלכע ווערטער, בין איך שוין געבליבען שטום. כ'האב עס דערצעהלט בעלא'ן. זי האט זיך אביסעל פארטראכט און געזאגט צו מיר:

— איך פאהר מיט דיר! אבער מיר קענען ניט פאהרען צוזאמען, איך וועל פאהרען א טאג פריהער קיין ריגא. איך וועל אויף דיר ווארטען מארגען, 12 אזייגער בייטאג, אויפ'ן ווארשעווער וואקזאל. איך האב א גאנצען פלאן, איך וועל עס דיר דארטען זאגען.

אזוי איז טאקע געווען. זי איז אוועקגעפאהרען מיט א טאג פריהער קיין ריגא, מיט א תירוץ, אז זי דארף דארטען עפעס איינקויפען. די עלטערען זיינען צופרידען געווען וואס זי פאהרט אוועק, כדי זי זאל ניט זיין אינדערהיים ווען איך פאהר אוועק און זיך אפילו ניט געזעגענען מיט איהר. זיי האבען נאטירליך ניט געוואוסט וואס מיר האבען שוין אפגעמאכט. דער פאטער האט מיר באצאהלט וויפיל מיר איז געקומען און מיך אפגעפיהרט קיין ריגא. איך בין דאן גלייך אוועק צום ווארשעווער וואקזאל און געטראפען דארטען בעלא'ן שוין ווארטען אויף מיר. מיר האבען זיך צוקושט און זי האט צו מיר געזאגט:

— אלזא, איך האב דיר געוואלט עפעס זאגען. אט איז עס: מיר וועלען דא אין ריגא חתונה האבען.

— חתונה האבען? — האב איך זי אנגעקוקט.

— דו ווילסט ניט? — האט זי געשמייכעלט.

— איך וויל יא. אבער איך האב מורא! — האב איך איהר געענטפערט.

— מיר וועלען דא חתונה האבען ביי א רב. איך האב שוין געזעהן זיך מיט א רב. דאן וועלען מיר שרייבען וועגען דעם די עלטערען. עס וועט זיין פארפאלען! וועלען זיי דאן אונז וועלען העלפען און געבען מיר דעם נדן וואס זיי האבען מיר געזאלט געבען, איז גוט; אויב ניט, וועט מען טאן אזוי: מיין פאטער האט דיך געדארפט באצאלען 200 רובעל. האסט דאס געלט?

— יא! — האב איך איהר געענטפערט.

— איך האב דריי הונדערט רובעל וואס איך האב זיך אנגעזאמעלט אויף דער פאסט. האבען מיר צוזאמען 500 רובעל, וועלען מיר דערמיט עפעס טאן. מען וועט ניט שטארבען פון הונגער. קום!

מיר זיינען אוועק צום רב, וואו מען האט געשטעלט א חופה, און איך האב זי מקדש געווען מיט א פינגערל, וואס כ'האב געקויפט טאקע ביים רב אין הויז. עס איז דארטען געווען א מנין, און מען האט אונז געוואונשען „מזל טוב!"

## ער ווערט שפעטער אריינגעצויגען אין אן אומגליק און ווערט ארעסטירט

איך און בעלא זיינען איצט אוועק שפאצירען איבער דער שטאט, און אזוי פארבראכט דעם גאנצען טאג. אין אווענט זיינען מיר אוועק אין א האטעל, גנאו מיר האבען איבערגענעכטיגט. אין דער פריה, האט בעלא געשיקט א טעלעגראמע צו איהרע עלטערען, אז זי האט חתונה געהאט מיט'ן לעהרער וועבער ביי א רב, און אז אויב די עלטערען ווילען, קאנען זיי קומען צו אונז און אונז אפגעבען מזל טוב. מיר שטעהן איין אין דעם און דעם האטעל און מיר וועלען דארט זיין א גאנצען נאכמיטאג.

מיר האבען זיך געריכט אויף א שטורעמדיגען וויזיט, אבער בעלא האט מיר געזאגט, אז איך זאל זיך גארניט שרעקען, ווייל זי וועט ריידען מיט איהרע עלטערען.

אזוי איז טאקע געווען. ארום דריי אזייגער האבען זיך אריינגעלאזט צו אונז די רובינשטיינס און דער פאטער האט זיך גלייך גענומען צו מיר מיט א „ירגזון". די מוטער האט געבראכען די הענט.

ווי האבען אונז שטארק אויסגעמוסר'ט, אבער דערנאך זיינען זיי ווייכער געווארען און האבען אונז אפגעגעבען „מזל טוב".

— אויב שוין יא אזוי, וועט מען היינט אווענט מאכען א מאלצייט — האט זיך רובינשטיין אפגערופען — אבער וואו איז ראשעל? וויים זי שוין דערפון?

— ניין! — האט זיך בעלא אפגערופען.

מען האט באלד אפגערופען ראשעל'ן און זי איז געקומען צולויפען. זי האט מיך געקענט פון דער צייט, ווען זי איז געווען אין דער היים. ראשעל האט געהאט א מאדנע באציהונג צו מיר. אין אנהויב האט זי געוואלט, אז איך זאל זיך אינטערעסירען מיט איהר, אבער ווען זי האט געזעהן, אז איך טו עס ניט און בין גאר פאראינטערעסירט אין איהר שוועסטער, בעלא, האט זי אנגעהויבען צו פאררייסען די נאז אויף מיר. אבער איך האב זיך דערפון גארניט געמאכט.

ראשעל איז באלד געקומען. אין אנהויב האט איהר ניט געשמעקט, וואס בעלא, וועלכע איז געווען יינגער פון איהר, האט פריהער פאר איהר חתונה געהאט. אבער די עלטערען האבען איהר געזאגט, אז זי זאל ניט ריידען דערפון. אין אווענט האבען מיר געהאט א סאפער צוזאמען. ביים סאפער האט דער פאטער ערקלערט, אז ער וויל מיך ניט בארויבען פון נדן, וואס ער האט געוואלט געבען בעלא'ן. ער וועט איהר געבען 2000 רובעל. אבער ער האט מיר ניט געראטען צו געהן אין ביזנעס.

— אין ביזנעס וועסטו גאר פארלירען יעדען גראשען — האט ער צו מיר געזאגט — דו ביזט א לעהרער, פאר דיר טויג ניט קיין ביזנעס. איך וועל קריגען פאר דיר א שטעלע, א גוטע שטעלע אין א ביזנעס. אין אנהויב וועט עס זיין קליין, אבער דו וועסט זיך ביסלעכווייז קענען ארויפארבייטען. דאס הייסט, אויב דו וועסט זיך אויסטויגען.



בעלא

צומארגענס איז ער מיט מיר אוועק אין א גרויס געשעפט פון ליגען און זיידענס און מיך פארגעשטעלט פאר זיין פריינד, דעם אייגענטימער פון די ביזנעס, מר. לעווין, אן אלטער מאן פון א יאהר זיבעציג. ער האט דאן מיט איהם גערעדט עפעס אין דער שטיל און דאן מיר געזאגט, אז איך האב דא א שטעלע פאר 20 רובעל א חודש, מיט א צוזאג צו קריגען וואס אמאל מעהר, אויב איך וועל זיך אינטערעסירען מיט די ביזנעס און ארויסווייזען דא מיינע פעהיגקייטען.

איך האב אנגעהויבען צו ארבייטען אין געשעפט. מיר האבען זיך גלייכצייטיג איינגעקויפט מעבעל און איינגעארדענט א שעהנע היים. ראשעל האט אונז אפט באזוכט, און דער סוף איז געווען, אז זי האט גאר אריינגעמופט צו אונז.

איך בין געשטיגען אין די ביזנעס ביסלאכווייז. נאך דעם ערשטען האלבען יאהר האב איך שוין געקראגען 25 רובעל א וואך, און ענדע יאהר, האב איך געקראגען א באנוס פון הונדערט און עטליכע און פופציג רובעל. איך האב בעלא'ן זעהר שטארק געליבט, אבער דא איז געקומען א נייע צרה. בעלא האט גענומען קרענקען. איך האב זיך ערשט דערוואוסט, אז בעלא האט געקרענקט א שטיק צייט איידער איך בין געקומען צו זיי. זי איז געווען, ווי מען זאגט, געכאפט אויף די לונגען. זי האט אפילו א געוויסע צייט געשפיגען מיט בלוט. איצט האט זי געהאט א פרויען־קראנקהייט. דער דאקטאר האט איהר איצט אנגעזאגט, אז זי מוז זיך זעהר היטען און זי טאר ניט האבען קיין קינד.

מיין געפיהל פון ליבע צו בעלא'ן איז אבער דורך דעם ניט געמינערט געווארען. איך האב אויך ניט ארויסגעוויזען קיין נערוועזקייט אין געשעפט און דארום בין איך געווען אימשטאנד צו שטייגען וואס אמאל העכער, ביז איך האב אין פארלויף פון עטליכע יאהר דערגרייכט צו גאר אן אנגעזעהענעם פאסטען. איך בין געווארען, וואס מען רופט אן דא, דער הויפט־מענעדזשער. וואס איך האב געוואלט האב איך געקאנט טאן אין געשעפט. איך האב אפילו אונטערגעשריבען די טשעקס. מיט איין ווארט, איך בין געווען דער גאנצער באלעבאס. איך האב נאר געדארפט פון צייט צו צייט אפגעבען א באריכט פון די ביזנעס צו מר. לעווין, וועלכער איז שוין מעהר ניט געקומען אפילו אין געשעפט אריין.

ביי אונז אין געשעפט האט געארבייט א קאסירערשע מיט'ן נאמען סאניא זאקס. דאס איז געווען א הויכע, שעהנע, יונגע פרוי, א בלאנדע, מיט שעלמישע אויגען. זי האט זיך געהאלטען זעהר ווירדיג און ניט ערלויבט קיינעם מיט איהר צו פלירטען, נאר מיט מיר האט זי גענומען פלירטען ווען איך בין געשטיגען צו דעם הויכען אמט פון א גענעראל־מענעדזשער. זי האט מיט מיר גערעדט זעהר פריינדליך און איך בין אויך געווארען פריינדליך מיט איהר. טיילמאל זיינען מיר אריינגעגאנגען אין א קאפע טרינקען קאפע צוזאמען. סאניא איז געווען עלטער פון מיר מיט א יאהר פינף, אבער מען האט עס אויף איהר ניט געקענט דערקענען. זי האט זיך אנגעהויבען מיט מיר שטארק צו אינטערעסירען, אזוי, אז איך בין ביסלאכווייז אריינגעצויגען געווארען אין איהר נעץ. איך בין ניט געווען פארליבט אין איהר, אבער דערפאר וואס מיין פרוי האט דאן געקרענקט, האט מיך סאניא געבראכט דערצו, אז איך זאל אפט פארברענגען מיט איהר. איך האב אנגעהויבען צו פארנאכלעסיגען מיין היים און מיין פרוי.

איין מאל האט אימיצער אפגעטראגען צו מיינע שוויגער־עלטערען, אז מען זעהט מיך אפט אין דער געזעלשאפט פון דער קאסירערין פון מיין געשעפט. מיין שוויגער האט זיך איצט געאיילט צו קומען צולויפען אין מיין הויז און מיר מאכען א סקאנדאל. זי האט מיך גענומען זידלען מיט די ערגסטע ווערטער. איך האב איהר אפגעענטפערט, און דער סוף איז געווען, אז איך האב איהר פשוט ארויסגעטריבען פון הויז. מיין פרוי און ראשעל האבען זיך דערנאך געקריגט מיט מיר פאר'ן וואס איך האב אזוי שלעכט באהאנדעלט זייער מוטער, און איך האב זיי אויך זעהר שלעכט אפגעענטפערט. אבער בעלא האט מיר דערויף געזאגט:

— שלום! איך זעה, אז דו ביזט איצט שיכור. איך וואלט געדארפט דיך פארלאזען פאר דיין האנדלונג, אבער איך וועל עס ניט טאן. איך וועל אבטונג געבען אויף דיר ביז דו וועסט זיך אויסניכטערען.

צוליב דעם טרויעריגען אנגעצויגענעם לעבען אין דער היים, האב איך געזוכט וואס מעהר אהיים ניט צו קומען. עס איז אונזער האט זיך געקומען פיל חובות אויף דער פראוויזיע, האב איך באשלאסען אליין ארויסצופאהרען אויף דער פראוויזיע. מיט א טייל וועל איך זיך אפרעכענען, מיט אנדערע סעטלען און מאכען זיי צוריק פאר קאסטאמערס. איידער איך בין אוועקגעפאהרען, האב איך איבערגעלאזט ביי סאניא'ן בלאנקע אונטערגעשריבענע טשעקס, וועלכע זי האט נאר געדארפט אויספילען און דערמיט באצאהלען די אנגעשטעלטע און אויך קרעדיטארס. זייט דאן האט זיך שוין אזוי געפיהרט, אז איך פלעג איהר געבען בלאנקע אונטערגעשריבענע טשעקס. עס איז מיר אפילו אפט געקומען א געדאנק אין קאפ אריין, אז איך זאל עס ניט טאן, אז עס איז ניט ריכטיג איבערצולאזען בלאנקע אונטערגעשריבענע טשעקס ביי א מיידעל!



סאלאמאן

מאלע וואס זי קען נאך אמאל אפטאן! אבער ווען סאניא האט מיר געבראכט דעם טשעק־בוך און מיך געבעטען איך זאל איהר אונטערשרייבען א רייע טשעקס, האב איך עס געטאן.

עס האט זיך שוין איצט אזוי געפיהרט, אז סיי ווען כ'האב געדארפט אוועקפאהרען, סיי ווען כ'בין געווען אין שטאט, פלעג איך לאזען ביי איהר אונטערגעשריבענע טשעקס אין טשעקבוך. זי האט זיי דערנאך אויסגעפילט און אויסגעצאהלט צו וועמען זי האט געדארפט, וויפיל זי האט געדארפט צו צאהלען. אזוי איז אוועק א יאהר צייט.

פלוצלינג האב איך אנגעהויבען צו קריגען בריף פון אנגעזעהענע פירמעס מיט וועלכע מיר זיינען געווען פארבונדען, פארוואס מען צאהלט זיי ניט די חובות, און פון אנדערע האב איך געקראגען דראהונגען, אז מען וועט אונז מעהר ניט געטרויען קיין שום קרעדיט. איך בין געווען איבערראשט און געפרעגט סאניא'ן צי זי האט ארויסגעשיקט טשעקס צו די פירמעס. האט זי מיר געענטפערט, אז ניין. האב איך זי גענומען פרעגען פארוואס, האט זי מיר געענטפערט, ווייל עס איז קיין געלט ניטא. מיר געהען אין געשעפט בארג־אראפ. מיר איז דאס געווארען פארדעכטיג. און איך האב געהייסען מאכען אן אונטערזוכונג פון די ביכער. עס האט זיך ארויסגעשטעלט, אז סאניא האט א סך טשעקס פארוועגרעט אויף א פארדעכטיגען אופן. איך האב זיך געגרייט צו נעמען זי, סאניא'ן, אויף א שטרענגען פארהער. אבער פונקט אין יענעם טאג, איז זי מעהר ניט געקומען צו דער ארבייט, און איהר שוועסטער האט אפגערופען פאר איהר, אז זי גיט אויף דעם פאסטען.

אזוי ווי א פייל פון א בויגען האט זיך איצט פארשפרייט די נייעס איבער דער שטאט, אז לעווין איז באנקראט. אלע קרעדיטארען האבען זיך גענעבען א לאז אריין, צו מיר. אלע האבען געוואוסט, אז דער אלטער לעווין איז גאט די נשמה שולדיג, ווייל שוין א צייט ווי ער מישט זיך ניט אין די ביזנעס און אז אלץ איז געטאן געווארען נאר פון מיר און דורך מיר. מען איז צוגעשטאנען צו מיר, אז כ'זאל צאהלען אדער געהן זיצען. איך האב זיי געענטפערט אז עס איז קיין געלט ניטא אין דער קאסע. זיי האבען באלד אפגערופען פאליציי און מען האט פארכאפט אלע ביכער און אויך די אלטע טשעקס, און מען האט מיר ארעסטירט.

## בעלא ראטעוועט אים ארויס און ער שווערט צו בלייבן איהר טריי

די ערשטע וואס איז מיר איצט געקומען צו הילף, איז געווען בעלא. אזוי ווי מען האט מיך ארעסטירט און מיך אוועקגעפיהרט צום פראקוראר. איז זי שוין דארטען געווען. עס האט זיך איצט ארויסגעשטעלט, אז די טשעקס וואס סאניא האט פארטאכלעווט האבען באטראפען איבער צוואנציג טויזענט רובעל, ווען מען האט מיך געפרעגט פארוואס האב איך איהר געגעבען אזוי פיל געלד, האב איך ערקלערט דעם אמת, אז זי האט געהאט מיינע אונטערגעשריבענע טשעקס און זי האט זיך אויסגעשטעלט וויפיל זי האט געוואלט. דער פראקוראר האט מיר אין אנהויב ניט געוואלט גלויבען. דאך האט ער צו מיר געזאגט:

— אויב עס זאל זיך ארויסווייזען. אז איהר האט איהר געגעבען בלאנקע טשעקס, וועט אייער שטראף זיין א קלענער, בלויז פאר נאכלעסיגקייט, און אזוי ווי איהר האט בכלל א גוטען נאמען, קענט איהר אמאל גאר קיין שטראף ניט קריגען; אויב אבער איהר האט איהר יא געגעבען די טשעקס און זי האט קיין אונטערגעשריבענע בלאנקע טשעקס ניט געהאט, איז עס שוין אן אנדער זאך. דעמאלט איז עס שוין שווינדעל און גנבה, און פאר אזא זאך קענט איהר ווערען פארשיקט קיין סיביר.

— אבער ווי אזוי קען איך עס באווייזען, ווען איך האב ניט מעהר די טשעקס? — האב איך געפרעגט דעם פראקוראר — אלץ האט זי דאך!

— לאזט מיך! — האט בעלא זיך אפגערופען צום פראקוראר — גיט מיר א דעטעקטיוו און איך וועל אייך ברענגען אזא אונטערשריבענעם בלאנק פון איהר.

— גוט! — האט איהר געענטפערט דער פראקוראר — איך וועל אייך געבען א דעטעקטיוו און ברענגט מיר אזא טשעק.

— איך וויל אייך אבער בעטען — האט זיך בעלא ווייטער געווענדעט צום פראקוראר — אז איהר זאלט סאניא'ן פאר עטליכע טעג ניט רופען צו זיך, אזוי אז איהר זאל גארניט איינפאלען, אז עס איז דא אויף איהר עפעס א חשד.

דער פראקוראר האט צוגעשטימט צו ווארטען עטליכע טעג.

בעלא האט געהאט א זעהר שעהנעם פוטערנעם מאנטעל, וואס האט געקאסט א סך געלט. דאס האב איך איהר געקויפט אזא מאנטעל און זי איז געווען זעהר שטאלץ מיט איהם.

יעדעס מאל ווען בעלא איז ארויסגעקומען ווינטער־צייט אין געשעפט, האט איהר סאניא אפגעשטעלט און באוואונדערט איהר מאנטעל. דערביי האבען איהרע אויגען זיך צובערענט און בעלא האט באמערקט, אז ביי סאניא'ן געהט ממש אייס דאס חיות צו האבען אזא מאנטעל. בעלא האט באשלאסען דאס אויסצונוצען. זי האט איצט געשיקט רופען סאניא'ן צו זיך. אין דער זעלבער צייט איז א דעטעקטיוו געווען באהאלטען הינטער א שראנק אין איהר הויז.

ווען סאניא איז געקומען, האט בעלא זי זעהר פיין אויפגענומען.

בעלא האט זיך גלייך אויף א פריינדליכען אופן געווענדעט צו איהר:

— כ'וויל מיט אייך עפעס ריידען ווי א פרוי צו א פרוי. איך וויל וויסען גענוי ווי איך האלט מיט מיין מאן. איך האלט זיך איצט ביים גט'ן מיט איהם. איהר האט דאך מן הסתם געהערט, אז מען האט איהם ארעסטירט אין פארבינדונג מיט'ן באנקראט פון דער פירמע לעווין.

— יא. כ'האב געהערט.

— נו, ער וועט אודאי געהן זיצען אין טורמע. ווייל איך ניט האבען מעהר צו טאן מיט א מאן, אן ארעסטאנט! איבערהויפט האט ער מיך ניט ליב אויך. ער האט דאך גאר ליב אייך. ניט אזוי? זאגט מיר דעם אמת.

— יא! — האט סאניא געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— און איהר וועט מיט איהם הייראטען ווען ער וועט זיין פריי?

— מעגליך. כ'וויים ניט. — האט סאניא געענטפערט.

— יעדענפאלס, איך וויל איהם מעהר ניט קענען. איך האס איהם. איך וועל זיך איינציכען מיט איהם גט'ן. עס איז נאר א שאד וואס כ'בין געבליבען אהן געלד. איך האט אמאל שטארק געפעלען מיין פוטערנער מאנטעל. איך וויל איהם איצט פארקויפען זעהר ביליג. איהר ווייסט דאך, דער מאנטעל איז ווערט נאך איצט איבער 600 רובעל. איך גיב איהם אייך אוועק פאר 50 רובעל.

— פאר 50 רובעל!

— יא.

— אבער כ'האב ביי זיך קיין געלד ניט. כ'וועל קומען מארגען.

— בעסער היינט. איך מוז באלד האבען 50 רובעל.

— סיידען אייך געבען א טשעק — האט סאניא געזאגט.

— א טשעק איז גוט — האט בעלא געענטפערט.

— עס איז ניט מיין טשעק, נאר א טשעק פון דער פירמע לעווין מיט אייער מאנ'ס אונטערשריפט. כ'האב ביי מיר א בלאנקען טשעק. ער פלעגט מיר געבען אזעלכע טשעקס אויסצוצאהלען דערמיט די חובות. ווילט איהר אזא טשעק?

— יא, עס איז גאר־דערוויל א גוטער טשעק! — האט איהר בעלא געענטפערט.

סאניא האט ארויסגענומען דעם בלאנקען טשעק און געוואלט אויספילען איהם אויף מיין פרוי'ס נאמען. אבער אין דער מינוט איז ארויסגעשפרונגען פון הינטער'ן שראנק דער דעטעקטיוו און האט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף איהר אקסעל און געזאגט:

— איהר זענט ארעסטירט!

דער דעטעקטיוו האט באלד צוגענומען דעם בלאנקען טשעק און האט איהר אוועקגעפיהרט צום פראקוראר. דארטען האט ער איהם געוויזען דעם בלאנקען טשעק. בעלא איז אויך מיטגעגאנגען. זי האט איצט ערקלערט דעם פראקוראר, ווי אזוי זי האט פון איהר ארויסגעקראגען דעם טשעק. מען האט מיך באלד ארויסגערופען צום פראקוראר און ער האט מיך ארויסגעלאזט אויף א קליינעם בעיל ביז'ן פראצעס.

איך האב איצט געפיהלט אן אומגעהויערע דאנקבארקייט צו בעלא'ן פאר איהר שטיקעל ארבייט.

בעלא האט זיך איצט שטארק באמיהט, אז די קלאגע געגען מיר זאל צונישט געמאכט ווערען און זי האט ענדליך גע'פועל'ט ביים פראקוראר, אז ער זאל אינגאנצען נישט פארפיהרען קיין פראצעס. די קרעדיטארען האבען זיך דערווייל אויסגעגלייכט מיט'ן אלטען לעווין, און די גאנצע זאך האט זיך געענדיגט מיט גוטען.

איך האב איצט ערשט אויפסניי דערזעהן וואס בעלא איז צו מיר. איך האב איצט אנגעהויבען צו זוכען א נייע באשעפטיגונג. בעלא האט מיר צוגערעדט צו מאכען אן אייגענע ביזנעס פון ליגען און זיידענס און איך האב אזוי געטאן. באלד פון אנהויב איז די ביזנעס אוועק זעהר גוט און איך און בעלא זיינען געווען זעהר צופרידען, און עס האט געשיינט, אז דאס גליק וועט שוין זיין מיט אונז. אבער עס איז ניט אזוי געווען.

## בעלא וויל דורכאויס א גט פון איהם, און ער גט זי אפ

מיר האבען זיך איצט געלעבט בשלום. בעלא האט מיר ארויסגעוויזען א שטארקען געפיהל פון ליבע. אבער קיין קינדער האב איך מיט איהר ניט געקענט האבען. דאס איז געווען פארפאלען. זי האט אויסגעזעהן ניט שלעכט, אבער זי האט זיך געמוזט שטארק היטען. מיט דער צייט אבער, איז די פראגע פון האבען א קינד פאר מיר געווארען ממש א לעבענס־פראגע.

איך בין נאך צו יענער צייט געווען אביסעל פרום.

אין יענער צייט איז פונקט געקומען צופאהרען קיין ריגא א „גוטער איד". דוכט זיך מיר, אז עס איז געווען דער טריסקער רבי. אלע מענער און ווייבער זיינען געלאפען צו איהם, און מען האט דערצעהלט פון איהם גרויסע וואונדער. דאס איז געווען עלף יאהר נאך אונזער חתונה, און מיין פרוי בעלא האט מיר דאן געזאגט, אז איך זאל אויך געהן צום רבי'ן און איהם זאגען וואס מיר דריקט. איך בין גערן געגאנגען.

דער רבי איז געווען אן אלטער מאן. ער האט מיך אנגעקוקט און מיך געפרעגט וואס איך וויל. איך האב איהם דערלאנגט „א קוויטעל". ער האט געלייענט, געלייענט און נאך אמאל געלייענט און מיך געפרעגט:

(שלוס אויף בינטעל בריף פירוש)

# באבי

(ערצעהלונג)

פון מרים ראסקין

אנגעהויבען האט זיך דער ברוגז צווישען מאן און ווייב שטענדיג צוליב זייער איינציג קינד, צוליב באבי'ן.

דער מאן, מיסטער מירקין, איז גראד געווען א בארייטווילינגער און א פרעהליכער פון נאטור. ער האט נישט געקענט פארטראגען קיין ברוגז און ער האט באלד דער ערשטער זיך איבערגעבעטען מיט זיין ווייב. נאר מיסעס מירקין האט אט די נאכגיביגקייט איהר מאנ'ס ניט געקענט פארליידען און די שטענדיגע ווייכע גוטסקייט זיינע איז איהר שוין אויך דערעסען. מרס. מירקין האט שטענדיג געטראגען אין זיך א פארבאהאלטענעם פארדרום אויף איהר מאן, פארוואס ער האט זיך מיט קיין זאך ניט ארויסגעהויבען פון די געוועהנליכע מענשען. ער איז געווען א קליינער מאנופעקטשורער פון „טאיס" און אזא איז ער פארבליבען.

מיסעס מירקין האט קיינמאל נישט געקענט פארגעסען איהר היים, די רייכע, די יחוס'דיגע, וואו איבער איהר האט געוואכט א געטרייע מאמע און יעדער קאפריז איהרער איז נאכגעגעבען געווארען אין פאראויס. זי האט געדרייזקט, אז איהר לעבען איצט מיט איהר מאן וואלט גאר ניט זיין ווערט, ווען ניט דער איינער ליכטיגער פונקט: זייער איינציג קינד, באבי.

א שטיל איינגעל איז באבי געווען, א שלאנקער, מיט שמאלע אקסלען און טונקעלע גרויסע אויגען. עלף יאהר איז באבי אלט געווען און שוין איז ער געווען ניט קיין געוועהנליך קינד. מיט זיינע גרויסע פעהיגקייטען צום לערנען און מיט זיין פארשטאנד. און מיסעס מירקין האט געפיהלט אויף זיך די גאנצע אחריות ווי אזוי אנצוצווארימען און ארויסצוברענגען די טאלאנטען פון איהר קינד.

מיסעס מירקין איז געווען א הויכע און א שטאלטענע. איהר פנים מיט דינע שטריכען ווי געשניצטע. נאר שטענדיג איז זי א פארזארגטע געווען. דאגות וועגען איהר מאן, וועגען איהר הויז און וועגען קינד. איין קיים פון דאגות, וואס האבען געמאכט איהרע אויגען קוקען שארף און אנגעשטריינגט און דעם שטערען צוקנייטשט, ווי זי וואלט בסדר געליטען פון עפעס א וועהטאג.

יעדען טאג, ווען זי האט איהר באבי'ן ארויסגעשיקט אין סקול דורך דער טומעלדיגער גאס, האט זיך איהר געדוכט ווי זי שיקט איהם צו אלערליי געפאהרען. און זי האט קיינמאל ניט פארפעהלט צו אנזאגען איהם וואס ער זאל טאן און ווי ער זאל זיך פיהרען. באבי האט געטראגען אויף זיך דער מאמע'ס גוטסקייט, שווייגנדיג שטיל. ער האט אויסגעפאלגט דער מאמע'ס פארזאגענע, נאר אהן א באזונדערען פארגעניגען. א סך מאל האט ער זיך אפילו פון זיין מאמעס באזוייטינט, געהאלטען זיך צו איהר פרעמדליך. אפשר דערפאר, וואס זי האט איהם שוין צופיל געהיט זיינע טריט, פארלאפען איהם שטענדיג דעם וועג און ניט דערלאזען איהם צו אייסגעפינען זאכען אליין. אהן אימיצענ'ס הילף. ווי קינדער האבען דאס ליב. און אזוי ווי אויף צו להכעיס האט זיך באבי גע'חבר'ט מיט דעם צולאזענעם איינגעל סעמקע, וואס די מאמע האט שוין א סך מאל פארווערט איהם דאס צו טאן. אז סעמקע קומט אין שטוב, רעדט באבי צו זיין מאמען אומיישנע מיט חוצפה און וויל נישט טרינקען זיין פארציע מילך, אז סעמקע זאל ניט מיינען, אז ער איז א „סיסי".

— באבי, — בעט זיך ביי איהם די מאמע — זאג מיר צו, אז דו וועסט מעהר סעמקע'ן ניט ברענגען אהער.

— יעס, מאמא, — ענטפערט באבי ניט הערענדיג וואס מען רעדט צו איהם.

באבי האט זיינע אייגענע דאגות ווי צו געווינען זיך אן ארט אין זיין קינדעריש וועלטעל. ס'האט זיין, ער וויל גאר ניט זיין קיין אויסנאם פון אלע קינדער, נאר א גלייכער צווישען זיי... באבי ווייס, אז אויב ער וועט זיין גוט, וועט ער אויספירען ביי דער מאמע'ן א סך זאכען. נאר אלע זיינע קינדערישע סודות, וואס ער טוט און וועגען וואס ער טראכט, האט ער ליב צו פארטרויען ניט זיין מאמען נאר דעם טאטען.

אז מיסטער מירקין קומט אין אווענט אהיים איז איהם ניט גוט אויפ'ן הארצען. די ביזנעס געהען אלע מאל שלעכט און די ווייב איז שטענדיג א פארשלאסענע אין זיך מיט אן אויסזעהן פון אן אפגענארטער און א באאווילטער. נאר אז ער דערזעהט אין שטוב זיין זוהן באבי'ן פארגעסט ער אן אלע זארגען. טאטע און זוהן זיינען צווישען זיך גרויסע פריינט. אמאל רעדט מיסטער מירקין צו זיין זוהן ווי צו א דערוואקסענעם מענשען, ווי ער וואלט וועלען וואס גיכער איהם מאכען עלטער, כדי צו האבען א חבר אין שטוב. און אמאל צושטיפט ער זיך און שפילט זיך מיט זיין זוהן. זיי ווייזען זיך איינער דעם אנדערען קונצען. באבי לערנט דעם טאטען ווי צו „פאיטען" און מר. מירקין קען נאכמאכען מיט זיין קול א קראה און א הונט און אן אינדיק. און באבי איז אנטציקט פון אזא וואונדערליכען טאטען.

איינמאל אין אן אווענט האט באבי זיין טאטען פארטרויט א סוד, אז זיין חבר סעמי און נאך איינגלאך קלייבען זיך זונטאג צו געהן אויף א „הייק" און זיי ווילען איהם, באבי'ן, אויך מיטנעמען. טאטע און זוהן האבען דערנאך לאנג באשפראכען דעם ענין און ווי אזוי צו קריגען דער מאמע'ס צושטימונג. מיסעס מירקין איז דאמאלסט געשטאנען אין קיך און צוגעגרייט דעם סאפער. אז זי איז אריינגעקומען מיט'ן עסען צום טיש האט זי באמערקט ווי באבי איז אויפגעלעבט. א שטאך פון אייפערזוכט, ווי א ווייטאג פון אן אלטע וואונד האט זי דערפיהלט: מיט'ן טאטען איז באבי שטענדיג פרעהליכער ווי מיט איהר. יעדעס מאל וואס זי איז צוריק אריין אין קיך האט זי ווי איבערגעלאזט אזא בליק, וואס האט דעם טאטען און זוהן ווי אפגעקעלט און צוטומעלט.

ביים עסען האט מיסעס מירקין באמערקט ווי טאטע און זוהן האבען עפעס צווישען זיך א סוד און זיי ווינקען זיך איבער ווי צוויי פארשווערער. א פארדראס האט גענומען שטייגען אין איהר אנטקעגען איהר מאן: וואס נעהט ער דא טאן מיט'ן קינד? איבערנעמען איהם אויף זיין זייט, אריינגעבען אין איהם א האס צו דער מאמען? און דאס הינטער איהר פלייצע? איהר האט זיך גערוכט, ווי אלע גוטע אייגענשאפטען וואס זי האט פארפלאנצט אין איהר קינד ווערען איצט צושטערט. זי האט פארשטיקט אין זיך דעם ווייטאג און די באליידיגונג און מיט א געמאכטער רוהיגקייט אין איהר שטימע האט זי געזאגט:

— אפשר מעג איך אויך וויסען וועגען וואס איהר סוד'עט זיך ביידע?

— שור, — האט מר. מירקין מיט שוועריגקייט אראפגעשלונגען א ביסען. — ס'איז גארניט, באבי וויל הייקען דעם זונטאג, סעמי די אינגלער...

— אה!

מיסעס מירקין האט זיך איינגעקוקט אין באבי'ס טונקעלע, פינקעלדיגע אויגען. די גאנצע זאך האט איהר אויסגעזעהן געפערליך, נאר זי איז געווען געצווינגען נאכצוגעבען. זי האט ניט געטארט פארלירען באבי'ס צוטרוי צו איהר.

— שור, — האט זי זיך אפגערופען צו באבי'ן, כמעט א פרעהליכע. — דו קענסט געהן. ווען זאגסטו וועט עס זיין, זונטאג? — נאר אין איהר מאנ'ס זייט האט זי שוין מעהר נישט געקוקט.

מיסעס מירקין האט, ווי אלע מאל, מיט איהר מאן זיך ניט געקריגט. זי איז אויף דעם צו שטאלץ געווען, נאר א ברוגז האט זיך צווישען זיי גענומען וועבען ווי פון זיך אליין. ווי א כמארע האט זיך איבער זיי אראפגעלאזען די פיינליכע שטילשווייגעניש, צו וועלכער מיסטער מירקין האט זיך געבויגען ווי צום אומפארמיידליכען גורל.

מיסעס מירקין האט צוגעקליבען דעם טיש נאכ'ן סאפער מיט איהר געוועהנליכער ציכטיגקייט און פינקטליכקייט. איהר פנים אין עלעקטרישען ליכט איז געווען גרין־בלייך.

באבי האט געקוקט פון טאטען צו דער מאמען מיט זיינע גרויסע טונקעלע אויגען. נאר שטארק פארוואונדערט איז ער ניט געווען. ווען ער איז געווען נאך א קליין איינגעל, האט דער ברוגז צווישען טאטע מאמע אוועקגענומען ביי איהם פון צייט צו צייט דעם אפעטיט פון עסען און געמאכט איהם וויינענדיג. איצט האט באבי אויסגעפונען אז אין אזא מאמענט קען ער ביי דער מאמען אויספיהרען לייכטער ווי ווען זי איז גוט. זיין יונג, דין קול־בעל האט איבערגעריסען אויף א ווייל'ע די שטילקייט:

— מא, דענקסט וועסט האבען גרייט פאר מיר ביז זונטאג, די „ניקערס" און די אלע זאכען?

— יעס, באבי, ווייסט דאך אז ווען איך זאג צו עפעס, האלט איך ווארט.

מיסטער מירקין איז געזעסען פארזונקען אין א טיפען שטול. ער האט געוואוסט, אז היינט איצט צו זיין ווייב וועט איהר נאך מעהר צורייצען. ער איז ווי קלענער געווארען. ער האט זיך געפיהלט א ביסעל שולדיג.

און שפעט ביינאכט, אז ער איז שוין געשמאק געשלאפען, און באבי אויך, האט נאר איין מיסעס מירקין ניט געקענט צוטאן מיט קיין אויג. דער פריהלינג ווינטעל, וואס האט געדרוישט דורכ'ן פענסטער האט איהר דערמאנט אן די געפאהרען פון באבי'ס הייק'ען. זי איז אין איין כעס געווען אויף איהר מאן פאר זיין רוהיגען שלאף. א מענש זאל זיך אלץ נעמען אזוי גרינג. זי האט זיך לאנג געבאלעוועט מיט איהר פארדרוס. זי האט ניט געקענט איינשלאפען. זי האט געזוכט נייע און נייע באווייזע, אז דער מאן איז שולדיג.

דערנאך איז געקומען דער זונטאג. באבי איז אויפגעשטאנען פריה אויפ'ן טאג, געגעסען ברעקפעסט און א פרעהליכער, א רווישענדיגער האט ער זיך גענומען גרייטען אין וועג. אנגעטאן אין די „ניקערס" און דער קאקי־העמדעל און דעם רייזע־טאש איבער'ן אקסעל האט ער אויסגעזעהן מעהר מענליש און שטארק. טאטע־מאמע האבען יעדערער פון זייער באזונדער ווינקעל געקוקט אויף זייער קינד מיט אנגסט און מיט פרייד. באבי האט ניט געהאט קיין אהנונג וועגען דער מאמע'ס געפיהלען, נאר אז ער איז צוגעגאנגען קושען איהר „גודבאי" און דערזעהן איהר פנים, האט אויף א ווייל'ע זיך פארדריקט זיין קינדעריש הארץ. — פא! — האט ער א רוף געטאן צו זיין טאטען, אליין נישט וויסענדיג צוליב וואס. נאר אונטען אין גאס האבען די אינגלאך שוין אויף איהם געווארט און דורכ'ן פענסטער איהם גערופען.

— גוד־באי! — האט באבי א פאר געטאן מיט'ן האנט און באלד פארגעסען דער מאמען און דעם טאטען אויך...

אין דער ליידיגער און שטיל־געווארענער שטוב זיינען טאטע־מאמע געבליבען צוגעגליווערט צו זייערע ערטער. זי ביים פענסטער און ער אנגעשפארט אן טיש. קיינמאל איז נאך אין זייער הויז ניט געווען אזא שרייענדיגע שטילקייט, ניט אויסצוהאלטען. מיסטער מירקין האט זיך גענעבען א באוועג און געמאכט א טריט נעהנטער צו זיין ווייב. נאר מיסעס מירקין האט זיין באוועגונג ניט געזעהן. זי איז געווען ארומגענומען מיט איהר גרויסען אומעט. זי האט זיך מיטאמאל דערפיהלט עלענד און פארלאזען פון אלעמען. אין דער זעלבער צייט האט זיך איהר געדוכט, ווי מיט באבי'ס אוועקגעהן איז געמינערט געווארען איהר פארדרוס אנטקעגען איהר מאן. נאר קיינמאל וואלט זי די ערשטע דאס איהם ניט ארויסגעוויזען.

מיסטער מירקין האט אזוי ווי דערפיהלט איהרע געדאנקען און ער האט אנגעהויבען מיט א שטילען קול, אבי עפעס צו זאגען:

— כ'וועל געהן זעהן באבי'ס ביכער. זיין „האום־ווארק". ווי האלט ער איצט מיט זיין לערנען.

מיסעס מירקין האט זיך אפגעקערט פון פענסטער. אין דער קיהלער בלויקייט פון איהר אויג האט זיך א פייער'ל א לייכט געטאן און אינווייניג פון איהר האט זיך געריסען עפעס א פריינטליך ווארט און ניט געקענט זיך ארויסרייסען.

— ווארט, — האט זי געזאגט צו איהר מאן — כ'וועל פריהער געהן צוקלייבען באבי'ס צימער.

# די אומריינע מיטלען וועלכע די „איסאָלעישאָניסטס“ באַנוצען אין קאַמף געגן רוזוועלט און ענגלאַנד

**סענאַטאָר וואהילער׳ס שרעקליכע דעמאַגאָגישע פראַזע, אַז פּרעזידענט רוזוועלט „גראָבט א קבר פאַר יעדען פערטען יונגענמאַן אין אמעריקע“. — גענעראַל דזשאָנסאָן׳ס שטעכווערטלאַך וועגען סעקרעטערי מאָרגענטאַו. — די ווילדע סצענעס מיט די קוויטלאַך פאַר אמעריקאַנער סאָלדאַטען. — דער פיינער ביישפּיל פון ווענדעל ווילקי.**

פון ה. לאַנג

די גרויסע דעבאַטע אין וואַשינגטאָן — און איבער׳ן גאַנצען לאַנד — וועגען דעם ביל אין קאָנגרעס פאַר הילף צו ענגלאַנד, אויפ׳ן שטייגער ווי פּרעזידענט רוזוועלט וויל געבען די הילף, ווייזט אונז בעסער ווער איז ווער אין אמעריקע ווי מ׳האָט עס זינט דעם קריג געקענט זעהן פון אנדערע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען.

מיר מיינען דעם „ליעס־ענד־לענד“ ביל, פאַר וועלכען עס זיינען ארויסגעטראָטען די וויכטיגסטע פּערזענליכקייטען אין לאַנד, אַלע פאַראַנטוואָרטליכע פּאָליטיקער, אַלע די, וואָס ווייסען וועלכע הילף ענגלאַנד דאַרף צום נויטיגסטען, און וואָס ווייסען פּונקט אַזוי, אַז ברייטע הילף פאַר ענגלאַנד מיינט די בעסטע שוץ פאַר אמעריקע.

באַקעמפט פון צווייטען לאַגער, פון די „איסאָלעישאַניסטס“, פון כל המינים צודרעהטע קעפּ, און פון דער גאַנצער בריגאַדע להכעיס׳ניקעס, וואָס אויס שנאה צו פּרעזידענט רוזוועלט׳ן זיינען זיי גרייט זיך אָפּצושניידען די נעזער, איז דער ביל געוואָרען א מאָס פאַר א סך זאַכען.

הויפּטזעכליך פאַר אַנשטענדיגקייט אין גרויסע פאָלקס־דעבאַטעס, וואָס דאָס איז דאָך א באַדינג אין אַן אויפגעקלערטער דעמאָקראַטיע.

אונזערע „איסאָלעישאַניסטס“ זיינען, אַפּנים, ווייט דערפון. זיי ווייזען ...

אין א שלאַכט, וועט יעדער פערטער סאָלדאַט פאַלען...

דאָס איז זיין פינסטערע נבואה. דאָס איז אין דער פראַזע זיינער, אַז פּרעזידענט רוזוועלט „גראָבט א קבר פאַר יעדען פערטען יונגענמאַן אין אמעריקע“.

איהר וואונדערט זיך: וואָס איז געוואָרען מיט סענאַטאָר וואהילער? זינט ווען האָט ער אָנגעהויבען אַזוי דעמאַגאָגעווען?

מיט זיין פראַזע טראָגען זיך איצט ארום אַלע נאַציס און אַלע קאָמונאַציס. עס זיינען שוין פאַראַן קאָמונאַציאָנעלע פּושקעס אויף די גאַסען מיט א קלינגעריי פון סענאַטאָר וואהילער׳ס דעמאַגאָגישער פראַזע. מען בעט ביי אייך נדבות „פאַר׳ן קאַמף געגען א קבר פאַר יעדען פערטען יונגענמאַן“. און אויף אַט דער פראַזע לעבען איצט אַלע כלומר׳שטע „פרידענס־סאָסייעטיס“, די פאַרשטעלטע היטלער־אַגענטורען.

סענאַטאָר וואהילער איז זייער נביא...

אייגנעשטעלט פאַר בטל־צו־מאַכען די עמבאַרגאָ אויף וואָפען, כדי אמעריקע זאָל קענען העלפען די דעמאָקראַטישע לענדער, האָבען די רעפּובליקאַנער געקערט וועלטען געגען דעם. און זיי האָבען געשטימט געגען דעם. פאַרוואָס זאָל מען זיי איצט גלויבען, אַז זיי מיינען ערנסט צו העלפען ענגלאַנד? מיט זייער אומפאַראַנטוואָרטליכער פאַרהאַלטונג צו דער באַציהונג פון אמעריקע צום וועלט־קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע קענען זיי קיין צוטרויען צו זיך ניט קריגען, ווילען זיי גנב׳ענען צוטרויען דורך אריינטראָגען א צוטומלונג אינ׳ם לאַגער פון די פאָלקס־קרעפטען פאַר דעמאָקראַטיע...

זעהר גוט, יעדענפאַלס, דאַרף ער עס וויסען, אַז אויב פּרעזידענט רוזוועלט האָט בדעה אריינצוציהען אמעריקע אינ׳ם קריג, קען ער עס טאָן זעהר לייכט. ער דאַרף צוליב דעם ניט קומען צום קאָנגרעס מיט׳ן „ליעס־ענד־לענד“־ביל פאַר ענגלאַנד, אָדער מיט אַן אַנדער אומדירעקטען ביל. ער האָט גענוג קאָנסטיטוציאָנעלע מאַכט צו באַגעהן אַקטען, וואָס זאָלען פיהרען צו מלחמה. ער האָט דאָס רעכט אָפּצוברעכען דיפּלאָמאַטישע טריטים; ער קען שיקען די פלאָטע וואוהין נאָר ער וויל; ער מעג שטעלען האַרבע פאָדערונגען צו מלוכות; ער דאַרף זיך ניט אָנפרעגען ביים קאָנגרעס וועגען ארויסקומען מיט דראָהענדע אולטימאַטומס; ער קען אָפּטאָן מעהר ווי איין אַקט, וואָס זאָל ברענגען קריג. און וואָלט פּרעזידענט רוזוועלט אָפּגעטאָן א וועלכען־ניט־איז אַקט אַזא, וואָלט דער קאָנגרעס איהם גוטגעהייסען. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן. ניט ווייל עס פעהלט איהם מאַכט, נאָר ווייל ער פאַרמאָגט פליכטס־געפיהל, ווייל ער באַזיצט פאַראַנטוואָרטליכקייט ביים אורטיילען וועלט־סיטואַציעס. דער פּובליציסט וואַלטער ליפּמאַן, אָפּט א שאַרפער קריטיקער פון פּרעזידענט רוזוועלט, ווייזט ליכטיג אַז דאַרויף. און סענאַטאָר וואהילער ווייסט דאָס אויך, ווייסט דאָס זעהר גוט, דאָך האָט ער זיך א שפּיל־געטאָן מיט דער שרעקליכער דעמאַגאָגישער פראַזע.

וועמען האָט ער געהאַט אין זינען? ס׳איז פאַרשטענדליך: דעם סאָלדאַט, דעם נייעם סאָלדאַט, וואָס אין איצט ...

גענעראַל דזשאָנסאָן און אַנוויזען, אַז אָפּט פּאַטשט ער היטלער׳ן, אָבער זאָל ער זיין גערעכט צו זיך אַליין און אויפהערען זינגען אונטער׳ן נאָז היטלער׳ס א ליד.

ניין, ער איז ניט קיין אידען־שונא, גענעראַל דזשאָנסאָן. ווייט דערפון. ער געברויכט בלויז אַז אומריינע מעטאָדע אין זיין קאַמף געגען רוזוועלט׳ן. אַלע זיינע קאָלעגען טוען דאָס, שטעהט ער ניט אָפּ, און איז דערצו „אָריגינעל“.

און פּלוצלינג האָט א סענסאַציע אויסגעבראָכען, גאָר א ווילדע סענסאַציע, וואָס באַשטעהט כלומר׳שט די רייד פון אַלע סאָרטען „איסאָלעישאַניסטס“, צי פון׳ם וואהילער־טיפּ, צי פון׳ם דזשאָנסאָן־טיפּ.

די סענסאַציע מיט די קוויטלאַך פאַר די סאָלדאַטען.

דער קריגס־דעפּאַרטמענט האָט דורכגעפיהרט איינע פון זיינע געוויינליכע אויפגאַבען. פּונקט ווי ער האָט באַשטעלט קליידער פאַר דער אַרמעי, אַזוי האָט ער אויך באַשטעלט די מעדיצינישע „טעגס“, וואָס די סאָלדאַטען מוזען טראָגען אויף זיך. דאָס זיינען קאַרטלאַך און קוויטלאַך אויף לאַיוּוענט, וואָס מ׳טראָגט אויף דער ברוסט. אויף א „טעג“ איז אָנגעגעבען דער נאָמען פון׳ם סאָלדאַט, דער סטעיט, פון וועלכען ער קומט, זיין פּלאַץ און ראַנג אין דער אַרמעי, זיין נומער, נאָך אייניגע געזונטהייטס וועגען זיך, דערביי אַז אַנווייזונג אין וועלכער מעדיצינישער הילף ער קען זיך נויטיגען, אויב ער ווערט פאַרוואונדעט, אויך א טויט־פאַרצייכנונג...

# אידען פאַרהאַנדלען שוין מיט פאָרשטעהער פון פילע לענדער וועגען רעכט נאָכ׳ן קריג

**די האָפנונגען, וואָס ווערען געלעגט אויף פּרעזידענט רוזוועלט און טשורטשיל׳ן. — די פאַרהאַנדלונגען מיט דער פּוילישער גלות־רעגירונג. — מען ערוואַרטעט, אַז לואיס ד. בראַנדייס און דער איצטיגער סופרים קאָורט ריכטער פראַנקפורטער זאָלען שפּילען באַדייטענדע ראָלען.**

פון י. קרעל

די אידישע פּאָליטיקער, וועלכע האָבען פאַר דער לעצטער צייט געהאַט א נאָהענטע באַרירונג מיט דער ענגלישער רעגירונג, האָבען זיך איבערציינט, אַז טשוירטשיל איז איינער פון אונזערע גרעסטע פריינט, אַז אין זיין פאַרביטערטען קאַמף געגען נאַציזם שפּילט אויך א גרויסע ראָלע די פלאַמענדיגע שנאה צום אַנטיסעמיטיזם, און טשוירטשיל׳ס אַמביציע איז צו פאַרגיטיגען אידען פאַר די אַלע עולות און יסורים, וועלכע אידען האָבען געליטען. עס האָט זיך אויך ארויסגעשטעלט, אַז טשוירטשיל איז א סך א גרעסערער פריינט פון ציוניזם, איידער ווי מען האָט פריהער געמיינט. וואָס אַנבאַלאַנגט רוזוועלט, גלויבט מען, אַז ער גלויבט ניט זעהר פיל אין די גרויסע מעגליכקייטען פון פּאַלעסטינע פאַר אידען, אָבער אויך ער איז א הונדערט פּראָצענטיגער אידישער פריינט און אויך זיין אַמביציע איז צו געפינען וועלכע־עס־איז גרינטליכע לעזונג פון דער אידען־פראַגע, אַזוי אַז ניט בלויז עס זאָלען אויפ׳ן פּאַפּיר געזיכערט ווערען די אידישע רעכט, נאָר אַז עס זאָל באַשאַפען ווערען אַזא נייע וועלט־אָרדנונג, ביי וועלכער עס זאָל מעהר ניט זיין מעגליך, אַז א נייער היטלער זאָל קענען ווידער אָנצינדען א ראַסען־שנאה און ווידער פייניגען אונשולדיגע מענשען. די וויכטיגסטע פראַגע פון דעם קינפטיגען שלום וועט זיין: גאַראַנטיעס; ווי אַזוי פאַרזיכערט מען זיך געגען דער מעגליכקייט, אַז עס זאָל נאָך אַמאָל ניט אויפשטעהן א היטלער, וואָס וועט זיין אימשטאַנד צו טעראָריזירען די גאַנצע וועלט? ווי אַזוי פאַרזיכערט מען זיך, אַז די מלוכות זאָלען היילי אָפּהיטען די פליכטען, וואָס זיי וועלען אויף זיך נעמען? ...

שטענדיגער באַרירונג מיט די פּוילישע פּאָליטיקער און ער האָט מאָראַליש געצוואונגען די פּוילישע גלות־רעגירונג צו נעמען א שטעלונג און ציינגען אידען, ווי זי שטעלט זיך פאַר דאָס צוקונפטיגע צוזאַמענלעבען מיט אידען. דעם 3טען נאָוועמבער 1940 האָט דער פּוילישער מיניסטער קאָטאָנטשיק, ווי באַקאַנט, אָפּגעגעבען אין לאָנדאָן אַן עפענטליכע ערקלערונג, אַז די פּוילישע רעגירונג שטעהט פאַר פולשטענדיגער אידישער גלייכבארעכטיגונג. צי זיינען די הבטחות אויפריכטיג? צי קען מען זיך אויף זיי פאַרלאָזען? עס איז יעצט ניט קיין צייט צו פירען חשבונות מיט די פּאָליאַקען וועגען דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער מען מוז געדענקען, אַז אין פּוילען האָבען אידען איבערגעלעבט ביטערע ענטוישונגען...

אידען. דער קאָמיטעט האָט שוין אויסגעאַרבייט דעם נוסח פון דער דעקלאַראַציע, וועלכע באַנוגענט זיך ניט מיט אַלגעמיינע ווערטער וועגען אידישער גלייכבאַרעכטיגונג אין דעם קינפטיגען פּוילען, נאָר זאָגט קלאָר און דייטליך וועלכע רעכט די אידען דאַרפען האָבען און ווי אַזוי די רעכט זאָלען גאַראַנטירט ווערען. פון דער אידישער זייט איז אַלץ פאַרטיג. עס פעלט נאָר נאָך די צושטימונג פון די פאָרטרעטער פון פּוילישען „בונד“, וועלכע שטעלען באַשטימטע באַדינגונגען. אָבער די אונטערהאַנדלונגען מיט דעם „בונד“ זיינען אויף א גוטען וועג און מען האָפט, אַז עס וועט שנעל קומען צו א פאַרשטענדעניש...

(שלום אויף ראָמאַן פיורוש)

---

# ביים קאָרטען־שפּיל

(ערצעהלונג)

פון מרים ראַסקין

# מיט צעהן יאָהר צוריק איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע דער שענדליכסטער פּראָצעס געגען די רוסישע סאָציאַל - דעמאָקראַטען

### דער ערשטער פון די בלוטיגע יוסטיץ־קאָמעדיעס, וואָס סטאַלין האָט אַראַנזשירט.

פון ר. אַבראַמאָוויטש

די צייט געהט שנעל און דער זכרון פון דעם ברייטען עולם איז א קורצער. עס זיינען פאראן מסתמא ניט פיל מענשען, וואס געדענקען נאך דעם מענשעוויסטישען פראצעס, וואס האט זיך אפגעשפילט אין מאסקווע אין מארטש 1931, מיט גענויע צעהן יאהר צוריק. אבער דער דאזיגער פראצעס איז אומגעהויער וויכטיג און מען טאר איהם ניט פארגעסען. ווארים דער מענשעוויסטישער פראצעס איז געווען אין א געוויסער מאס אן איבערברוך אין דער באלשעוויסטישער פאליטיק סיי אין רוסלאנד גופא, סיי אין אינטערנאציאנאלען פארנעם. אין יענעם פראצעס האט דער קאמוניזם ענדגילטיג צוריסען די לעצטע פעדים, וואס האבען אמאל פארבונדען די צוויי צווייגען פון דער ארבייטער באוועגונג. דורך יענעם פראצעס האבען די באלשעוויקעס אנגעצייכענט יענע ריכטונג, אין וועלכער עס האט זיך יעמאלט אנטוויקעלט דער סטאליניסטישער רעזשים, וואס האט געבראכט צו דער פארניכטונג פון דעמאקראטיע אין אייראפע און צו דער היטלעריסטיש - סטאליניסטישער חבר־שאפט אין היינטיגען קריג.

דערמאנען וועגען דעם דאזיגען פראצעס הייסט נישט נאר ארויסרופען היסטארישע ערינערונגען, נאר אויך געבען די מעגליכקייט ארייננצודרינגען טיפער אין דעם אמת׳ען כאראקטער פון היינטיגען סטאליניזם.

* * *

אין ווינטער 1930—1931 זיינען אין מאסקווע ארעסטירט געווארען א גאנצע רייהע סאציאליסטען, דער עיקר אינטעליגענטען און צווישען זיי א סך אזוינע, וואס זיינען אוועק פון פאליטישען לעבען שוין א משך פון פיל יאהרען, איינינגע פון 1918, די אנדערע פון 1921—1922 און האבען געארבייט אלס פאבלייט אין פארשיידענע באלשעוויסטישע אינסטיטוציעס. אזוינע מאסען - ארעסטען פון סאציאליסטען זיינען אין רוסלאנד ניט קיין נייעס. אבער די שטוינענדיגע נייעס איז געווען, אז מען האט פון די אלע ארעסטירטע ארויסגענומען צוועלף מענשען און מען האט געגען זיי פארפיהרט אן עפענטליכען פראצעס אין דעם העכסטען מאסקווער טריבונאל. דאס איז ניט געווען דער ערשטער פראצעס פון דעם מין. מיט א יאהר פריהער האט זיך אפגעשפילט דער באריהמטער שאכטי פראצעס פון אינזשיניערען און טעכנישע פאבלייט. דער מענשעוויסטישער פראצעס איז אבער געווען א פראצעס קעגען א פאליטישער פארטיי און האט געטראגען א ריין־פאליטישען כאראקטער, וואס איז געווען געווענדעט געגען דער רוסלענדער און דער אינטערנאציאנאלער סאציאל־דעמאקראטיע, געגען דעם גאנצען סאציאליסטישען אינטערנאציאנאל. אין וואס האט מען באשולדיגט די רוסישע סאציאל־דעמאקראטען און ווי אזוי איז פארגעקומען דער גאנצער פראצעס?

די צוועלף אנגעקלאגטע זיינען געווען אלע, אחוץ איינאיינציגען, ג ע װ ע ז ע נ ע מענשעוויקעס, וואס האבען שוין יאהרען - לאנג איבערגעריסען אלע באציהונגען אי מיט׳ן פאליטישען לעבען, אי אודאי שוין מיט דער רוסישער סאציאל - דעמאקראטיע, אויף וויפיל זי איז נאך געווען אקטיוו אין געוויסע ארבייטער - קרייזען אין רוסלאנד. צווישען די אנגעקלאגטע איז געווען דער באוואוסטער רוסישער שרייבער ניקאלאי סוכאנאוו, וואס האט זינט 1920—1921 אינגאנצען איבערגעריסען מיט דער מענשעוויסטישער פארטיי; דער באוואוסטער פראפעסאר פון מאסקווער אוניווערזיטעט איזאק רובין, אן אמאליגער בונדיסט און מענשעוויק, וואס איז אין יאהר 1922 אוועק פון דער פארטיי און האט זיך אפגעגעבען מיט ריין־וויסענשאפטליכער ארבייט אין מאסקווער אוניווערזיטעט; דער סאציאל - דעמאקראטישער ארבייטער און קאאפעראטאר איוואן וואלקאוו, וואס איז שוין פון דער פארטיי אוועק אין יאהר 1919; דער אמאליגער סאציאל־דעמאקראט מענשעוויק נאום גינסבורג, וואס האט אין די אמאליגע יאהרען געשפילט א גאנץ היפשע ראלע אין דער פארטיי, וואס האט אבער זינט 1920 ניט נאר איבערגעריסען אלע פעדים מיט דער באוועגונג, נאר האט זיך געהיט אפילו צו טרעפען זיך מיט אימיצען פון די אלטע באקאנטע; דער אמאליגער רוסישער סאציאל - דעמאקראט וואסילי שער, וואס האט אין דער פארטיי קיינמאל קיין ראלע נישט געשפילט און איז אוועק פון דער פארטיי שוין אין 1919; דער באוואוסטער סאציאל־דעמאקראטישער עקאנאמיסט וולאדימיר גראמאן, וואס האט געשפילט א היפשע ראלע אין 1917, אלס פראקטישער טוער אויף צו פארזארגען די שטאט מיט לעבענסמיטלען, וואס איז אבער קיינמאל נישט געווען פאליטיש טעטיג און איז שוין לאנג געווארען א פאכמאן פאר דער סאוועט־רעגירונג, נישט האבענדיג קיין שום באציהונג צו אונזער פארטיי. צווישען די צוועלף זיינען אייגענטליך געווען מענשען, וועלכע האבען קיינמאל נישט געהאט קיין באציהונג צו אונזער פארטיי, נאר זיינען געווען סתם סאציאליסטען, ווי דער עקאנאמישער שרייבער און פינאנץ־פאכמאן פים־יענאטאיעווסקי, אדער דער אידישער סאציאליסט, אהרן סאקאלאווסקי, וואס האט קיינמאל ניט באלאנגט צו דער סאצ.־דעמאק. פארטיי. ער איז נאר געווען א פאראייניגטער. ווי איך האב שוין דערמאהנט, זיינען צווישען די צוועלף אנגעקלאגטע עלף געווען מענשען, וואס זיינען אינגאנצען פאר יאהרען ניט געווען פארבונדען מיט אונזער פארטיי און האבען גארנישט געהאט צו טאן מיט פאליטישער טעטיגקייט. נאר איינאיינציגער, דער 12טער, וולאדימיר א י ק א ו ו, איז געווען א סאציאל־דעמאקראט, וואס איז א לאנגע צייט געשטאנען ווייט פון דער פארטיי, געווען ערגעץ־וואו פארשיקט און האט ערשט אין 1930 ווידער אנגעקניפט באציהונגען מיט אונז אין אויסלאנד.

און אט די עלף פרעמדע מענשען, וואס האבען שוין אין א משך פון א צעהנדליג יאהר גארנישט געהאט צו טאן מיט דער פארטיי, האט די באלשעוויסטישע רעגירונג באשולדיגט אין דעם, אז זיי זיינען געווען צוזאמען מיט איקאוו׳ן דאס ביורא פון אונזער צענטראל קאמיטעט אין רוסלאנד, א ביורא פון אן אומלעגאלער ארגאניזאציע.

אין דער זעלביגער צייט זיינען אויף דעם פראצעס אינגאנצען ניט ערשינען, ניט דירעקט און ניט אונדירעקט, קיין איינציגער פון יענע גענאסען, וואס זיינען ווירקליך געשטאנען אין באציהונגען מיט אונז און האבען פרובירט אויפצוהאלטען סאציאל - דעמאקראטישע קרייזלאך אין רוסלאנד. און דאס זיינען דוקא אלטע גענאסען, וועמעס נעמען עס זיינען גוט באקאנט אין דער געשיכטע פון דער רוסישער סאציאל־דעמאקראטי און וואס זיינען אין יענעם מאמענט געזעסען ביי די באלשעוויקעס אין די טורמעס. פארוואס האט מען נישט אנגעקלאגט זיי און פארוואס האט מען געבראכט אין טריבונאל דוקא יענע, וואס האבען זיך נ י ש ט באטייליגט אין דער פארטייאישער ארבייט? עס איז געווען נאך א מערקווירדיגערע זאך. דוקא אין די יאהרען 1928—1929 זיינען צוויי פון אונזערע בערלינער גענאסען אומלעגאל געפאהרען צוריק קיין רוסלאנד, כדי אנצופיהרען דארט מיט דער פארטיי־ארבייט. אין א געוויסער צייט נאך זייער אנקומען קיין רוסלאנד זיינען זיי ארעסטירט געווארען דורך דער געפעאו. דאס זיינען געווען די גענאסינע עווא ברווידא, די באריהמטע סאציאל - דעמאקראטישע טוערין, איינע פון די וועניגע פרויען, וואס האבען זיך באטייליגט אין באריהמטען ראמאנאווער אויפשטאנד פון 1905 אין סיביר און וואס איז געווען אין אויסלאנד א מיטגליד פון אינטערנאציאנאלען סאציאליסטישען פרויען־קאמיטעט. דער צווייטער איז געווען דער גענאסע בראונשטיין, א באוואוסטער לינקער מענשעוויק, מארטאוו׳ס א תלמיד, וואס איז אויך געווען א גאנץ באוואוסטע פיגור — דוקא אין מאסקווע. די גענאסין ברווידע און דער גענאסע בראונשטיין — צוויי דעלעגאטען פון דער פארטיי, וואס זיינען געשיקט געווארען פון אויסלאנד, וואס זיינען געקומען קיין רוסלאנד אומלעגאל און וואס געפינען זיך ביידע אין די הענט פון די באלשעוויקעס און וועגען וועלכע די גע־פ־ע־או האט געוואוסט ווי אזוי און צוליב וואס זיי זיינען געקומען קיין רוסלאנד; אויפ׳ן פראצעס ווערען זייערע נעמען שטענדיג דערמאנט, אבער צווישען די אנגעקלאגטע זיינען זיי נישט פאראנען. דערפאר אבער זיצען אויף די בענק פון די אנגעקלאגטע עלף מענשען, וואס האבען מיט דער פארטיי אבסאלוט גארנישט צו טאן.

די דאזיגע רעטעניש איז געווען אינגאנצען אומפארשטענדליך, ווען עס זיינען אנגעקומען די ערשטע טעלעגראמעס וועגען פראצעס. די לאגע איז אבער געווארען קלאר, ווען דער פראצעס האט זיך אנגעהויבען. די 11 מענשען, וואס זיינען געזעסען אלס מיטגלידער פון צ.ק. זיינען געווען מענשען, וואס זיינען מסכים געווען זיך מודה צו זיין אין א רייהע משונה׳דיגע און אומזיניגע פארברעכענס. די אנדערע אמת׳ע מענשעוויסטישע טוערים האט מען ניט געבראכט צום געריכט, ווייל מען האט זיי ניט געקענט צווינגען מודה צו זיין זיך אין ניט עקזיסטירענדע פארברעכענס. דעריבער האט מען צווישען די אנגעקלאגטע ניט געקענט געפינען ניט מארטאוו׳ס ברודער יעזשאוו, ניט מארק ליבער׳ן, ניט דעם אלטען מענשעוויסטישען טוער קוטשין, ניט צענדליגער אנדערע, וועלכע איך וויל דא ניט דערמאנען, און ניט די גענאסען ברווידא און בראונשטיין, וואס זיינען אקארשט געקומען פון בערלין. דערפאר אבער האט מען געפונען אנדערע 11 מענשען, וואס מען האט אין לויף פון די אויספארשונגען אין ווינטער 1930—1931 ארויסגעפישט פון די עטליכע הונדערט סאציאל־דעמאקראטען, וועלכע מען האט ארעסטירט אין פארשיידענע טיילען פון רוסלאנד. אט די 11 מענשען, וואס האבען צוגעשטימט צו באשטעטיגען אלץ, וואס מען וועט זיי הייסען און צו שפילען יענע נידערטרעכטיגע און בלוטיגע קאמעדיע, וואס עס האט ארגאנאזירט די גע־פ־ע־או. — אט די 11 מענשען האט מען אוועקגעזעצט אין געריכט און מען האט זיי איבערגעטאן אלס א צענטראל־קאמיטעט פון דער מענשעוויסטישער פארטיי.

דער „פראצעס" איז באשטאנען אין דעם, וואס דער פראקוראר קרילענקא, דער אלטער באלשעוויסטישער טוער, האט ארויסגערופען די איינצעלנע אנגעקלאגטע און יעדער פון זיי איז אויפגעשטאנען און האט געהאלטען א צוגעגרייטע רעדע, אין וועלכער ער האט זיך מודה געווען אין פארשיידענע פארברעכענס, וואס ער זאל האבען באגאנגען לויט׳ן באפעהל פון מענשעוויסטישען צענטראל קאמיטעט אין בערלין.

איינער איז אויפגעשטאנען און האט דערצעהלט, ווי אזוי לויט א באפעהל פון בערלין, האט ער ארגאניזירט סאבאטאזש אין א באשטימטער אינדוסטריע; דער צווייטער האט דערצעהלט וועגען די געלטער, וועלכע ער האט באקומען פון בערלין אויף צו ארגאניזירען סאבאטאזש, שפיאנאזש, שעדיגעריי; דער דריטער האט דערצעהלט וועגען אומלעגאלע בלעטלעך, וואס דאס ביורא האט ארויסגעגעבען; דער פינפטער האט דערצעהלט וועגען דעם, ווי אזוי עס זיינען ארגאניזירט געווארען אין אויסלאנד באראטונגען פון צווייטען אינטערנאציאנאל מיט דער באטייליגונג פון וואנדערוועלדע, לעאן בלום, פרידריך אדלער, אטא באוער, הילפערדינג און אנדערע אויף צו ארגאניזירען אין רוסלאנד סאבאטאזש, שפיאנאזש און מיליטערישע אינטערווענץ.

קיינער פון די אנגעקלאגטע האט נישט געקענט ברענגען קיין שום רעאלע באווייזען און קיין איינציגען קאנקרעטען פאקט. דער פראפעסאר רובין האט דערצעהלט וועגען געהיימע אינסטרוקציעס, וועלכע ער האט באקומען פון גענ. דאן און פון מיר פון בערלין. ווען מען האט פארלאנגט

(שלוס אויף פּיידזש 6)

## פאָלגענדע קרובים און פריינד ווערן געזוכט

לעזט אויפמערקזאם די נעמען וואס ווערען דא אנגעגעבען. — וועגען די אדרעסען פון די דאזיגע נעמען שרייבט צו:

JEWISH DAILY FORWARD
175 East Broadway
New York, N. Y.
(Box 18)

**א.**

**ניט לאנג צוריק געקומען פון פאלעסטינע, זוכט זיין טאנטע חנה אראן**

[illegible] א יאהר פופציג אין אמעריקע; [illegible] טער אדרעס אין ברוקלין; ווערט [illegible] זוכט פון זיין פלימעניצע [illegible] גווירצמאן-מאנדעלבאום, די [illegible] טער פון לייב און שיינע גווירצ[illegible]. יוסף גווירצמאן איז א מוזיקער.

**ד.**

דעגענשיין יוסף-דוד און בנימין ווערען געזוכט פון זייערע קרובים, וועלכע געפינען זיך אין טשענסטאכאוו, נאצי-פוילען.

**וו.**

**לאדזער און גאמבינער לאנדסלייט, אויפמערקזאם! סאל ווייצמאן דרינגענד געזוכט פון העני פעלדמאן**

ווייצמאן סאל, זוהן פון נחמיה און הינדע ווייצמאן, געבוירען אין דייטשלאנד, געפינט זיך אין אמעריקע פאר די לעצטע 7 יאהר, ווערט געזוכט פון זיין קאזין העני פעלדמאן, געבוירען אין פראנקרייך, געפינט זיך אין ניו יארק, אין „האיאס", 425 לאפאיעט סט., ניו יארק. העני פעלדמאן איז דא מיט זיין מוטער און שוועסטער. ער מעג דא פארבלייבען בלויז נאך עטליכע וואכען. ער אפעלירט צו זיין קאזין, ער זאל איהם קומען צו־הילף. אויך אפעלירט ער צו לאדזער און גאמבינער לאנדסלייט זיך פאראינטערעסירען מיט זיין לאגע. זיין פאטער איז א לאדזער, די מוטער—א גאמבינער.

**מ.**

**חזן גרשן - הערץ מרגליות זוכט זיינע קרובים**

מרגליות גרשן־הערץ, געוועזענער אבער־קאנטאר פון לעאפאלדשטעטער טעמפעל, אן אייניקעל פון אברהמ׳ל חזן פון קאלווארייע (ליטע), זוכט זיינע קרובים אין ניו יארק. (אינפארמאציע „פארווערטס", באקס 18).

**מעסטעל סאלאמאן און שיינדעל** (די פרוי הייסט פון דער היים שראט), זי שטאמט פון בזשעזשאנע, און דער מאן שטאמט פון בוקארעסט; אויך זייערע קינדער מעקס און נאטאן ווערען געזוכט פון זייער קוזינע פרידא שרייבער (מיידעלשער נאמען גאטליב), שטאמט פון דונאיעוו, גאליציע; געפינט זיך איצטער אין ניו יארק. לעצטער אדרעס פון דער פאמיליע מעסטעל איז געווען: 1566 דזשוליען סט., דענווער, קאל.

**סטיין נייטען** (פריהערדיגער נאמען בלומשטיין), א דענטיסט, וואוינט אין שיקאגא, ווערט געזוכט פון לייזער בלומשטיין, יענקעל שוחט׳ס זוהן, פון ווישקאווע. („פארווערטס", באקס 18).

**ס.**

**איטשע נח סיגאלאוויטש, פון ראקאוו, ווערט געזוכט**

סיגאלאוויטש יצחק־נח, מוטער׳ס נאמען צירע־פריידע, פון זאסלאוו, געארבייט אמאל אויף קאנעל סט. און געפעדעלט מיט פרוכט, ווערט געזוכט פון אברהם סיגעל. („פארווערטס", באקס 18).

**סאמער מאריס**, זיין לעצטער אדרעס איז געווען אין ברוקלין, נ. י., ווערט געזוכט פון אדעלא פויערשטיין (פארהייראטער נאמען מאנדעלסבערג), פון בערלין, איצטער אין ניו יארק.

**פ.**

**פוקס אייזעק**, פון ניו יארק, ווערט געזוכט פון זיין קרוב וו. דזשייקאב.

**30 יאהר זוכט ער זיין ברודער**

פורפור מאטעל (פייפער), שטאמט פון דארף מעראסלאוויע, וואהלינער גוב., געווען א סאלדאט אין דער יאפאנעזישער מלחמה, ווערט געזוכט פון זיין ברודער בערל פייפער, וועלכער געפינט זיך אין ניו יארק. דורך א רייהע צופאלען האט בערל פייפער פארלארען יעדען שפור פון זיין ברודער, און שוין 30 יאהר ווי ער זוכט איהם. ער אפעלירט צו די לאנדסלייט פון וואהלינער גוברניע איהם ארויסצוהעלפען צו געפינען זיין ברודער.

**צ.**

**צימבעל, אדאלף**, פון 1579 לעקסינגטאן עוועניו, ניו יארק, און י. צימבעל, פון 183טע סטריט, ניו יארק, ווערען געזוכט פון זייער ברודער ה. צימבעל. ער איז אנטלאפען נאקעט און בארוועס, קוים מיט׳ן לעבען, פון פוילען נאך סאוועטען לאנד, וואו ער געפינט זיך איצט מיט זיין גאנצער פאמיליע אין גרויס נויט.

**ק.**

**קאפערן ראזא**, לעצטער אדרעס אין ברוקלין, נ. י., ווערט געזוכט פון איהר פלימעניצע אדעלא פויערשטיין (פארהייראטער נאמען מאנדעלסבערג) פון בערלין, איצט אין ניו יארק.

**קראקאווסקי**, פרוי (איהר מיידעלשער נאמען איז געווען האלער) דער מאן, פאול, איז געשטארבן אין 1934, זי ווערט געזוכט פון איהר שווענעריז (פאול קראקאווסקי׳ס שוועסטער). די שווענעריז הייסט ווילדער, געפינט זיך אין פראנקרייך און גרויס נויט. („פארווערטס", באקס 18).

**קעמפער, פישעל**, א פליכטלינג פון־ווינע, איצט אין פראנקרייך, אפעלירט נאך הילף צו זיינע לאנדסלייט פון יאזעלאוויטץ. ער זוכט אויך זיינע קרובים, אסקאר און סיימאן האיזנער.

**קייזער, מאיר דוד**, וועלכער איז פון בעלגיען אנטלאפען נאך טולוז און איצט איז ער צוריק אין בעלגיען, זוכט זיינע קאזענס, וועלכע געפינען זיך אין סעינט לואיס, מיזורי. ער געדענקט ליידער ניט זייערע נעמען. ער אפעלירט צו ז ייין נאמען פון זיינע קליינע קינדער זיי זאלען זיך אפרופען און איהם קומען צו הילף.

**קאהן, י. פ.**, ווערט געזוכט פון י. ס. גאלדמאן, אין טאמאשאוו, פוילען.

(שלוס אויף פּיידזש 6)

# יאָנג איזראַעל — די אָרגאַניזאַציע פון פרומע בחורים און מיידלאַך

### זי פייערט איצט דעם 30־יאָהריגען יובילעאום.—ווי אַזוי די אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרען. — כמעט אַלע מיטגלידער זיינען אַמעריקאַנער־געבוירענע קינדער.

פון יעקב בעלער

די גרויסע ענדערונגען וואס זיינען פארגעקומען אין אידישען לעבען אין די לעצטע דרייסיג יאהר, האבען געשאפען ערנסטע פראבלעמען צווישען די אידישע אימיגראנטען און זייערע אמעריקאנער געבוירענע קינדער.

עס זיינען געמאכט געווארען פארשידענע עקספערימענטען צו לייזען די פראבלעמען און צו שאפען א געוויסע פארשטענדיגונג צווישען די איינגעוואנדערטע און זייערע אמעריקאנער קינדער.

פון אזא מין עקספערימענט פון א גרופע ארטאדאקסישע אימיגראנטען איז ארויסגעקומען די „יאנג איזראעל" ארגאניזאציע אין אמעריקא, א נאציאנאלע ארגאניזאציע פון אמעריקאנער פרומע יונגעלייט און מיידלאך, וואס האט א מיטגלידערשאפט פון נאהענט צו פערציג טויזענט יונגעלייט און מיידלאך אין די יאהרען צווישען אכטצעהן און פינף און דרייסיג, מיט ברענטשעס כמעט אין אלע גרויסע און קליינע שטעט איבער אמעריקא.

מיט דרייסיג יאהר צוריק, ווען דער עמיגראציע־שטראם האט געבראכט טויזענטער אידישע אימיגראנטען פון פארשידענע לענדער, און די אידישע איסט סאיד איז געווען פול מיט אלע מינים באוועגונגען, האבען זיך געפונען א גרופע ארטאדאקסישע אימיגראנטען, וואס האבען באשלאסען ווייטער צו שפינען די אידישע טראדיציע אויפצולעבען אידישע צערעמאניעס, אידישע ימים־טובים און אין אלגעמיין „צו געהן אין די פוס־טריט פון אונזערע עלטערן" — ווי די יאנג איזראעל האט ביי דער גרינדונג פון דער ארגאניזאציע אנגעשריבען אויף איהר פראגראם.

דער ערשטער אנהויב איז געמאכט געווארען מיט א שיהל, וועלכע איז געווען אין איינעם פון די זאלען אין דער באקאנטער „עדיוקעישאנאל עלאיענס", אויף איסט בראדוועי, און כדי ארויסצורופען ביי די דאווענער א ביסעל באגייסטערונג, פלעגט מען אין די פרייטאג־אווענטען זינגען פארשידענע תפילות, און אין די שבתים איז גערעדט געווארען וועגען דער סדרה פון דער וואך מיט קורצע אפהאנדלונגען וועגען די וויכטיגע שטעלען און זייער באדייטונג. דער ערפאלג האט זאן איבערשטיגען אלע ערווארטונגען, און אין א קורצער צייט, נאכדעם ווי די ערשטע גרופע האט אנגעהויבען איהר ארבייט אין דער „עדיוקעישאנאל עלאיענס", האבן זיך אין אלע געגענדען פון ניו יארק ארגאניזירט אזעלכע גרופען.

נאך פינף יאהר שווערע ארבייט, האט מען אנגעהויבען טראכטען וועגען שאפען אן אלגעמיינע ארטאדאקסישע יוגענט־ארגאניזאציע. אויפ׳ן מוסטער פון דער ערשטער גרופע, אין אלע ניו יארקער געגענדען. עס איז געגרינדעט געווארען א נאציאנאלער ראטה (נעשאנאל קאונסיל) אינטער וועלכען עס האבען זיך פאראייניגט אלע שוין עקזיסטירענדע גרופעס, און עס איז אויסגעארבייט געווארען אן איינהייטליכע פראגראם, און דער נאמען פון דער ארגאניזאציע איז געווען יהודי הצעיר אין העברעאיש, און „יאנג איזראעל" אין ענגליש.

דער הויפט ציל פון דער „יאנג איזראעל" איז, אלזא, הויפטזעכליך צו שאפען א בריק צווישען דעם יונגען אמעריקאנער דור און צווישען זייערע איינגעוואנדערטע עלטערן, און צו שאפען קאארקייט אין דעם כאאטישען צושטאנד פון דער אידישער יוגענט אין אמעריקא, צו פאראינטערעסירען די אמעריקאנער אידישע יוגענט אין אלע אידישע פראגען, כדי אזוי ארום צו שאפען א נאהענטע פארבינדונג צווישען זיי און זייערע עלטערן און צו שאפען הארמאניע אין אידישען לעבען פון אמעריקא.

די אלגעמיינע פראגראם פון דער „יאנג איזראעל" שליסט אויך אין זיך איין צווישען אנדערעס: אפהיטען שבת אין אמעריקא. כדי צו געבען דער אידישער יוגענט די מעגליכקייט אפצוהיטען שבת, האט די ארגאניזאציע געגרינדעט אן אייגענע „עמפלאימענט ביורא" (ארבייטס - ביורא) דורך וועלכען טויזענטער אידישע יונגע לייט און מיידלאך האבען באקומען שטעלעס אין אזעלכע פלעצער, וואו זיי דארפען ניט ארבייטען שבת. צו דעם צוועק שטעהט די דערמאנטע ביורא אין שטענדיגער פארבינדונג מיט אידישע ארבייטס־געבער. די „יאנג איזראעל" פיהרט אויך א פראפאגאנדע אין פארשידענע אידישע געגענדען צווישען אידישע געשעפטלייט און קרעמער זיי זאלען האלטען פארמאכט זייערע געשעפטען שבת.

די ארגאניזאציע האט אויך א ברייטע ערציהונגס - פראגראם, וואס הויבט זיך אן פון קליינע קינדער — איצט ארגאניזירט אין קינדער־גרופען, — ביז אפילו צו די עלטערן פון די יאנג איזראעל מיטגלידער, וועלכע זיינען ארגאניזירט אונטער דעם נאמען „עלטערן־גרופעס פון דער יאנג איזראעל". דאס מיינט אז די עלטערן, די אמאליגע אימיגראנטען, ווערען געלערנט פון זייערע קינדער...

און עס פאסירען אפט פאלען וואו דער טאטע פון א יאנג איזראעל מיטגליד, א ראדיקאל אדער אפילו ארטאדאקס, לאזט זיך לערנען פון זיין פרומען מאדערנעם אמעריקאנער געבוירענעם זוהן אדער טאכטער... יאנג איזראעל האט א מוסטערהאפטען ארגאניזאציע־אפאראט, וואס פארבינדט זיך מיט אלע איהרע ברענטשעס איבער גאנץ אמעריקא און קאנאדא, און האט פאר דעם צוועק אייגענע בולעטינס מיט א ספעציעלער אויסגאבע מיט׳ן נאמען „וויופאינט". און עס איז מערקווירדיג אז די שפראך פון דער ארגאניזאציע איז טאקע ענגליש, אבער אין יעדען נומער פון זייער אויסגאבע קענט איהר זעהן די אויפשריפט „לייענט די אידישע פרעסע.."

און א גרויסער טייל פון דער ארגאניזאציע, אן אכציג פראצענט, זיינען שטענדיגע לייענער פון דער אידישער פרעסע און פון אידישע ביכער אין אמעריקא.

פאליטיש איז יאנג איזראעל אומפארטייאיש. נאר פונקט אזוי ווי זיינע מיטגלידער זיינען פאראינטערעסירט מיט דער ציוניסטישער ארבייט, אזוי זיינען זיי אויך פאראינטערעסירט אין דער ארבייט פון „דזשאינט", מיט׳ן זעלבען אינטערעס וואס זיי זיינען פאראינטערעסירט אין דער אידישער ערציהונג פון אמעריקא, זיינען זיי אויך פאראינטערעסירט וועגען הילף צו די צענדליגע ישיבות אין די חרוב־געווארענע לענדער.

יאנג איזראעל האט אויך אפטיילונגען פאר פילאנטראפישע צוועקען, קורסען פאר אידישע יונגעלייט און מיידלאך, וואו זיי ווערען געלערענט פראפעסיעס און א פארצווייגטע באי־סקאוט באוועגונג פאר די אינגסטע מיטגלידער וואו עס ווערט פאר זיי געזארגט זיי זאלען אויסוואקסען מיט א געזונטען קערפער און א געזונטער אידישער נשמה...

די ארגאניזאציע וואס איז געגרינדעט געווארען מיט דרייסיג יאהר צוריק, איז היינט צו־טאג א בויענדער און שאפענדער כח אין אידישען לעבען פון אמעריקע. עס האט זיך אויף אזא אופן אויסגעקראסטיליזירט א מין איינגענארטיגע אמעריקאנער ארטאדאקסישע יוגענט, וואס איז ניט פאנאטיש פרום ווי די אמאליגע ארטאדאקסיע אין דער אלטער היים, נאר זי איז מאדערן טראדיציאנעל ארטאדאקסיש; אן אמעריקאנער אידישע יוגענט, וואס הויבט איצט אן פארנעמען דעם אויבען־אן אין אידישען לעבען פון אונזער גרויסען אמעריקאנער ישוב.

אין די דרייסיג יאהר זינט יענע ארגאניזאציע איז געגרינדעט געווארן, האט דאס אידישע לעבען דא דורכגעמאכט גרויסע ענדערונגען. פון דעם אלטען דור אימיגראנטען, די אמאליגע גרינדער און בויער פון אידישען לעבען דא, איז א גרויסער טייל פון זיי שוין אלט און איז מעהר נישט אקטיוו, אנדערע ווידער געפינען זיך נישט מעהר צווישען די לעבעדיגע, און די פיהרערשאפט געהט איצט אריבער צום ערשטען דור, און אין געוויסע פאלען אויך שוין צום צווייטען אמעריקאנער דור, א יוגענט וואס איז דא אויסגעוואקסען אונטער אנדערע באדינגונגען. א גרויסער טייל נייע פיהרער פון אידישען לעבען זיינען פון די קרייזען פון דער יאנג איזראעל. דאס איז א נייער סארט אידישע כלל־טוער, וואס איז אפשר ניט אזוי אנגעפילט מיט ענטוזיאזם און באגייסטערונג ווי יענע פיאנערען פון אונזער ישוב, דערפאר, אבער זיינען זיי מעהר „פארלאמענטאריש". און הויפט־זאך — מיט מעהר פארשטענדניס פאר די אומשטענדען פון לאנד אין וועלכען מיר געפינען זיך.

דעם גרעסטען ערפאלג אבער האט די באוועגונג פון אמעריקאנער געבוירענע יונגעלייט און מיידלאך געהאט אויף דעם געביט פון שאפען א פארשטענדיגונג און הארמאניע צווישען די איינגעוואנדערטע אימיגראנטען־עלטערן און זייערע אמעריקאנער געבוירענע קינדער, וואס איז געווען איינער פון די הויפט צילען בעת דער גרינדונג פון דער ארגאניזאציע. זיכער האבען צו דער דערנעהנטערונג אויך געבראכט געוועהנליכע אומשטענדען וואס די עלטערן האבען זיך אין די יאהרען מעהר באקאנט מיט אמעריקא און איז געוויסע פאלען געזוכט צו פארשטעהן זייערע אמעריקאנער קינדער. פאר דער אמעריקאנער יוגענט איז דאס אבער געווען שווערער ווי פאר זייערע עלטערן. איצט אבער, אז דער אמעריקאנער יונגערמאן געהט שבת נאך טיש הערען א רעדנער וועגען דער סדרה פון דער וואך, ער קומט אהיים און דערוויסט זיך אז זיין אייגענער טאטע געדענקט די סדרה נאך פון אמאל, און ער קען זיך מיט׳ן טאטען צוזאמענריידען, קריגט ער פאר איהם דרך־ארץ, דער גרינער טאטע איז פארט ניט אבי־ווער... ווער שמועסט אז דער טאטע קען מעהר ווי בלויז א פרשה חומש...

ווען די טאכטער קומט אהיים פון א קורס וועגען אידישע געשיכטע, און די מאמע געדענקט יענעם קאפיטעל פון דער אידישער היסטאריע אויף אויסווענדיג פון איהר צאינה וראינה, וואקסט די גרינע מאמע אויס א קענערין ביי איהר אמעריקאנער טאכטער. ווען דער זוהן לייענט ניט אזוי פליסיג די אידישע צייטונג וועגען וועלכער מען האט ערשט לעצטע וואך גערעדט ביי דער זיצונג פון דער עקזעקוטיווע, און לאמיר זאגען דער פרעזידענט פון יאנג איזראעל האט גערעדט וועגען דער אידישער פרעסע אין אמעריקע מיט אזא דרך ארץ אז זי פארנעמט אזא וויכטיגען פלאץ אין אידישען לעבען דא, און ער, דער זוהן זעהט אז דער טאטע זיינער לייענט עס אזוי פליסיג די צייטונג, ווערט דא אויך פארווארפען א בריק אין אידישען לעבען וואו ס׳איז פריהער געווען א תהום.

א יונגער מאן אדער מיידעל פון דער יאנג איזראעל וועט אייך דערצעהלען וועגען אן ענגלישען בוך, א „בעסט סעלער", וואס איז ערשט ארויס אדער וועגען דער בעסטער מאוויע, וואס ווערט געוויזען אויף בראדוועי, און אין דער זעלבער צייט, וועט זי אדער ער, אייך מיט באגייסטערונג דערציילען וועגען דער רעדע וואס דער רב הכולל פון ארץ ישראל האט געהאלטען ווען ער איז געקומען קיין אמעריקא, אדער אז די נגונים פון מאדזשיצער רבי ביי דער מלוה מלכה לעצטען שבת זיינען געווען אנגעזאפט מיט אידישען צער און וועהטאג — דאס איז די נייע ערשיינונג וואס „יאנג איזראעל" האט געבראכט.

אין די זומער־חדשים, ווען די יאנג איזראעל האלט אפ איהרע א קאנווענשאן, דאס רוב אין א זומער־פלאץ ביים ים, קען מען דעהן אן אינטערעסאנט בילד. פון גאנצען לאנד, פון אטלאנטיק ביז׳ן פאסיפיק, קומען אן דעלעגאטען, מיידלאך און יונגעלייט. דער זאל וואו די זיצונגען קומען פאר קלינגט מיט קרעפטיגע יונגע לוסטיגע קולות, עס הערען זיך טענער פון ארץ ישראל־לידער מיט אן אמעריקאנער העברעאישען־אקצענט, וואס איז ניט קיין אשכנזישער און ניט קיין ספרדישער העברעאיש, נאר אן אייגענארטיגער אמעריקאנער דיאלעקט; מיידלאך, וואס זיינען אנגעטאן נאך דער לעצטער מאדע, און אידישע בחורים אין ווייסע אנצוגען און קליינע זיידענע יארמולקעס שפאצירען און דיסקוטירען וועגען דער שטעלונג וואס די קאנווענשאן זאל נעמען בנוגע דעם קאמף, למשל, וואס

(שלוס אויף בינטעל בריף פּעידזש)

# מאַלע וואָס אַמאָל איז געוועזן

(ערצעהלונג)

פון מרים ראסקין

דער טאג וואס מיסעס מעלצער האט זיך באקאנט מיט דער מיסעס שפיגל איז געווען פאר דער מיסעס מעלצער א וויכטיגע דאטע. זי איז פון דאמאלסט אן געווארען פריש־אויפגעלעבט און איהרע כוחות און די אמביציעס איהרע פון די יונגע יאהרען וואס זיינען אין איהר געלעגען שוין איינגעשלעפערט, האבען איצט אנגעהויבען צוריק צו ערוואכען.

סאניע מעלצער האט דורכגעלעבט, וואס מען רופט, אן אינטערעסאנטע יוגענט. זי איז דאמאלס געווען זעהר שעהן; מיט א גוטאקטער, גראציעזער פיגור. דערצו האט זי נאך געהאט א גוטע שטימע צום זינגען. און זי האט זיך באזונדערס אויסגעצייכענט אין זינגען ראמאנטישע, רוסישע לידער. קיין פריינט האט סאניע׳ן קיינמאל ניט אויסגעפעלט. זי האט פרוענליך געקענט זיך מיט עטליכע שרייבער און אקטיארען און איינמאל האט זי שוין אפילו געשפילט אין אן אמאטארען־טרופע. און אלע האבען וועגען איהר געזאגט, אז אין איהר ליגען פארבארגענע טאלאנטען.

דערנאך האט זי חתונה געהאט און צוליב איהר מאנ׳ס ביזנעס האט זי זיך געמוזט פארקלייבען אין דעם ווייטען ברוקלין. זי האט דארט אנגעהויבען פיהרען אן אומעדיגען לעבען. איהרע פריינט זיינען זיך עפעס צוקראכען אין אלע זייטען. זי איז ווי אפגעשניטען געווארען פון זיי און פארבליבען אליין. אז די יאהרען זיינען געגאנגען האט זי זיך שטארק געביטען. זי איז געווארען אפגעלאזען, איהר טאליע צעפאהרען און אינגאנצען פארעלטערט. ניט די ארבייט אין הויז און ניט דאס הארעווען איהרע קינדער האבען ניט געקענט צוריקברענגען איהר פריהערדיגען מוטה. איהר מאן איז דעם גאנצען טאג ניט געווען אין דער היים צוליב זיינע ביזנעס. די קינדער, ווער ס׳איז אוועק אין סקול און ווער ארבייטען. האט זי זיך ארומגעשארט איינע אליין איבער דער שטוב, ארויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער צו די שטילע און אומעדיגע ברוקלינער גאסען. אדער זי איז געלעגען אויף א סאפקעלע און געלייענט א ראמאן, און לייענענדיג האט זי זיך דערמאנט אז איהרע פארגאנגענע, פרעהליכע יאהרען.

איז איינמאל אין א ביטאג, אז זי איז אזוי געלעגען מיט א בוך אין האנט, האט מען אנגעקלאפט אין טיר. ס׳איז געווען די שכנה מיסעס שפיגל, וואס האט ערשט ניט לאנג צוריק זיך אריינגעקליבען אהער אין הויז. טאקע דא דערביי א טיר לעבען א טיר. זי איז אריינגעקומען בעטען מיסעס מעלצער זי זאל איהר אנווייזען אויף א ראיעלע גראסערי־סטאר, וואו מען קען קויפען עסענווארג. סאניע מעלצער האט קיינמאל ניט געזוכט די פריינטשאפט פון איהרע שכנים. זי האט זיי אלעמען געהאלטען פאר צו־פראסטע און אומוויסענדיגע מענשען. נאר אט די מיסעס שפיגל איז איהר באלד פון ערשטען קוק געפעלען געווארען. זי האט אויסגעזעהן שיער־ניט ווי אן ענגלישע לעדי. זעהר נעט אנגעטאן, א הויכע מיט א לענגלאך־דינעם פנים און א לאנגע טאליע. גערעדט האט זי מיט א פיינעם, געקליבענעם ענגליש, און א קליין, ווייס הינטעל, עהנליך גיכער אויף א שפילצייג, איז איהר נאכגעגאנגען די טריט.

סאניע האט מיט דער מיסעס שפיגעל געשמועסט א ווײלע, און זיי זיינען געבליבען איינע מיט דער אנדערער צופרידען. שפעטער, אז זיי זיינען שוין געווארען מעהר באפריינדעט, האט זיך ארויסגעוויזען, אז מיסעס שפיגל שטאמט פון גאר גרויסען יחוס. אין איהר משפחה זיינען אלע דורכאויס „פראפעשאנאלס": דאקטוירים, דראגיסטען און נוירסעס. איהר אייגענער מאן, מיסעס שפיגל׳ס, איז גראד געווען א פראסטער ארבייטער אין א שאפ. זי האט וועגען דעם דערמאנט נאר פארבייגעהענדיג, ווי וועלענדיג דאס פארטושען. נאר סאניע מעלצער האט איהר געוויזען, אז זי פארשטעהט גוט די לאגע. איהר אייגענער מאן איז אויך געווען נאר אן איינפאכער „קאסטאמער פעדלער".

— דא אין דעם היגען לאנד איז קיינער ניט דאס, וואס ער האט באדארפט זיין, — האט זי געזאגט פילבאדייטענדיג און מיסעס שפיגל האט מיט איהר איינגעשטימט.

נאר אין גיכען האבען זיך די צוויי פרויען דערנעהנטערט, געווארען גוטע פריינט. גערעדט האבען זיי אויף געמישטע שפראכען, מיסעס שפיגל אין איהר גוטען געקליבענעם ענגליש, סאניע מעלצער, וואס איז אין ענגליש געווען אביסעל שטומפיג, האט דורכגעמישט איהר רייד׳ען מיט אידישע און אויך רוסישע ווערטער. סאניע איז געווען אנטציקט פון איהר נייער פריינדינע. ענדליך האט זי געפונען א מענשען פאר וועמען זיך אויסצוריידען דאס הארץ און מען זאל איהר גוט פארשטעהן.

אלע טאג איז איצט סאניע מעלצער ארייננגעקומען צו דער מיסעס שפיגל און פארבראכט מיט איהר דעם גאנצען נאכמיטאג ביז פארנאכט. זיי האבען געהאט אזוי פיל איינע דער אנדערער וואס צו דערצעהלען. סאניע האט אפגעפרישט אין איר זכרון (זיקארוין) די פרעהליכע צייטען פון איהר יוגענט און זי האט דערצעהלט פון איהרע ערפאלגען ביי מענשען און די טאלאנטען וואס מען האט ביי איהר אויסגעפונען. אלע יונגע לייט האבען זיך אין איהר געליבט. אז זי האט זיך אזוי צורעדט, האט דאס פארשלאפען פנים זיך געענדערט, געווארען גאר אויף דאס ניי באלעבט. זי האט אויפגעזוכט ביי זיך אין די שופלאדען א פעקעלע בריף פארגעלטע שוין פון דער צייט, א פעקל וואונדערליכע אנדענקונג־בריף פון איהרע אלע פארעהרער מיט קאמפלימענטען און אונטערשריפטען און אלץ. זי האט פאר דער מיסעס שפיגל געוויזען די פאטאגראפיעס פון איהרע געוועזענע באי־פרענדס און זי וואלט אזוי געקענט רייד׳ען און דערצעהלען אהן אן אפשטעל ווי עס וואלט זיך צעעפענט אין איהר א פארבארגענער קוואל פון רייד.

נאר די מיסעס שפיגל פון איהר זייט האט אויך געהאט גענוג וואס צו דערצעהלען פון זיך. קיין קינדער האט זי ניט געהאט, נאר דערפאר האט זי זיך א סך אפגעגעבען מיט שטודירען. זי האט שוין געענדיגט עטליכע געגענשטאנדען אין סקול און זי קלייבט זיך איצט אנצונעמען א נייעם קורס. מיסעס שפיגעל האט נאך פון דער היים געשטאמט פון א יחוס׳דיגער משפחה. זיי זיינען אלע געווען רייך, און געשפילט א גרויסע ראלע, האט זי זיך אלץ באריהמט. סאניע מעלצער האט שוין איין מאל א קלער געטאן, אז מיסעס שפיגל, אין איהר באריהמעריי, כאפט שוין אריבער די מאס. נאר איהר האט דאס ניט געארט. זי האט נאר געווארט מיסעס שפיגל זאל ענדיגען רייד׳ען און זי זאל שוין קענען אליין אנהויבען דערצעהלען פון זיך. אז זי איז דערנאך געקומען אין אפארטמענט און גענומען אויף גיך צוגרייטען דעם סאפער, האט זי אויסגעזעהן א צו־וואָרעמטע און א גליקליכע פון די פיל אויפגעוועקטע, וואונדערליכע ערינערונגען איהרע. אז דער מאן איהרער איז אין אווענט געקומען, האט ער איהר אפט געזעהן שטעהענדיג ביים סינק א פארקלערטע, א פאר׳חלומ׳טע, אדער זי האט מיט־אמאל ארויסגעלאזען א קול, זיך צעזונגען — א זאך, וואס זי האט שוין לאנג ניט געטאן. ווי מיסטער מעלצער איז ניט געווען פאריאגט אין זיינע ביזנעס, האט ער ניט פארפעהלט צו באמערקען די ענדערונג אין זיין ווייב און ער האט איינמאל א זאג געטאן צו איהר: — עפעס זעהסטו מיר אויס ווי א פארטשאדעטע די לעצטע צייט?

מיסטער מעלצער איז געווען א מוטיגער, א זשוואווער מענשל, און ער האט ניט געוואלט וויסען פון קיין זאך אויסער זיינע ביזנעס: וועלכער קאסטאמער ס׳איז ראיעל און וועלכען מען קען ניט געטרויען קיין ווארע אויף אויסצאהלען. סאניע האט אמאל, נאך פאר זייער חתונה, געפרואווט ארייננגעבען אין איהר מאן אמביציעס, ער זאל שטודירען פאר דאקטאר און זי זאל איהם ארויסהעלפען מיט געלט, האט ער זיך גאר גענומען צו די ווארכעדיגע ביזנעס זיינע. סאניע האט באלד נאך דער חתונה איינגעזעהן, אז זי האט ניט געטראפען מיט׳ן שידוך, נאר ס׳איז שוין געווען פארפאלען. זי איז פארבליבען אן אומצופרידענע איהר גאנצען לעבען. זי האט זיך שוין מיט איהר איצטיגער לאגע געהאט צוגעוואוינט, ווי מען געוואוינט זיך איין מיט א קראנקען גליד. נאך די לעצטע צייט האט זי זיך ווידער גענומען דערמאנען ווי אנדערש איהר לעבען וואלט אוועק, ווען איהר מאן וואלט איהר באלד אין אנהויב געפאלגט און וואלט זיך אפגעגעבען מיט שטודירען. איינמאל, ביים סאפער, האט זי שוין אפילו פארפיהרט מיט איהר מאן וועגען דעם א שמועס.

— וואס האסטו זיך עפעס איצט דערמאנט? — האט מעלצער זיך געוואונדערט. — זעה נאר, ס׳איז שוין א מעשה פון א פינף־און־צוואנציג יאהר. א זכרון!

אז אנדער מאל וואלט שוין סאניע ניט גערעדט מיט איהם עטליכע טעג נאכאנאנד, נאר איצט האט עס איהר ווייניג געארט. זי איז געווען אינגאנצען דורכגענומען מיט די נייע געפיהלען, וואס האבען זיך אין איהר אויפגעוועקט. אפטמאל, אז זי איז געווען אליין, האט זי געפלאנט ווי זי וועט אראפפאהרען אין שטאט „דאון טאון" אין דער באוואוסטער קאפע, וואו מען האט איהר אזוי גוט געקענט. וועמען פון די אמאליגע פריינט וועט זי נאך דארט טרעפען?

זי האט זיך באלד געכאפט, אז מיט איהר איצטיגען אויסזעהען טאר זי זיך פאר קיינעם ניט ווייזען. אז זי האט זיך געשטעלט אנטקעגען שפיגעל האט זי מיט פארדראס געקוקט אויף איהרע צעפאטעלטע, גרוי־געווארענע האר. איהר פנים פליישיג און צעקארבט ווי א צעטריקענטע פלוים. און איהר טאליע ברייט, צעפאהרען. און זי האט אפגעמאכט ביי זיך, מיט נייער ענערגיע, אז זי מוז זיך נעמען אין די הענט.

און אויף מארגען, באלד נאך אנבייסען, איז זי שוין געזעסען ביי דער מיסעס שפיגל אין הויז. זי האט געפונען אין איהרע פאפירען די לידער, וואס זי האט אמאל געזונגען. צו דעם ליד „אטשי טשארניא" האט סאניע געהאט איהר אייגענעם נוסח און זי האט עס איצט פאר דער מיסעס שפיגל אויסגעזונגען. איהר קול איז אביסעל הייזעריג געווען, נאר זי האט ארייננגעגעבען אין איהר זינגען דעם גאנצען געפיהל איהרען. זי האט זיך געוויגט אויפ׳ן שטול און דורכגעלעבט דעם זעלבען ציטער איצט ווי אמאל, ווען זי איז ארויסגעטראטען פאר אן „אוידיענס".

מיסעס שפיגל איז געזעסען אנטקעגען איהר מיט צוגעמאכטע אויגען און מיט דעם קליין־ווייסען הינטעל אין איהרע ארעמס און זי האט מבינ׳יש געהערט. ווען סאניע האט געענדיגט, האט זי געוואלט מאכען עפעס א באמערקונג, נאר סאניע האט איהר ניט געלאזען. זי האט ארויסגענומען פון פעקעל פאפירען נאך א ליד און נאך א ליד, רוסישע און אויך ענגלישע, און זי האט זיי אלע איבערגעזונגען. נאר אז ס׳איז געקומען צום ענגלישען ליד האט שוין מיסעס שפיגל דערפיהלט זיך ווי אן עקספערט און זי האט אנגעוויזען אויף איין ווארט וואו סאניע האט עס ניט ריכטיג ארויסגערעדט, האבען זיי א ווײלע זיך געשפארט. מיסעס שפיגל איז באלד אוועק און אין איהר שאפע ביכער ארויסגעזוכט דעם ענגלישען ווערטערבוך, געבלעטערט עס א ווײלע מיט איהרע לאנגע, דארע פינגער און מיט טריאומף אויסגערופען:

— פאזיטיוו, ס׳איז אזוי ווי איך האב געזאגט!

און סאניע האט שוין געמוזט אנערקענען מיסעס שפיגל׳ס געלערענטקייט און מיט גרויס אפשיי האט זי געזאגט: — איהר זייט אן אייביגער סטודענט, מיסעס שפיגל.

— עקזעקטלי! — האט מיסעס שפיגל א צופרידענע געשמייכעלט.

נאר אין גיכען זיינען אויך די מענער זייערע באקאנט געווארען צווישען זיך, מיסטער שפיגל מיט מיסטער מעלצער׳ן. זיי האבען אהן שום קונצען זיך צורעדט באלד אויף פראסט אידיש וועגען פרנסה און אויך וועגען פאליטיק, אזוי ווי עס פיהרט זיך צווישען די מענער. איצט, אז ביידע שכנים מיט זייערע ווייבער קומען זיך צונויף, פארברענגען זיי אלע א פרעהליכען אווענט. מיסטער מעלצער איז ביי זיך אין דער היים שטענדיג אונטער סאניע׳ס קריטישען בליק און ער האלט זיך שטיל. נאר אז ער קומט צווישען מענשען, ברענגט ער אריין א סך לעבען. ער וויים אהן א שיעור געשיכטעס און גלייכווערטלעך, וואס ער הערט זיך אן אין זיינע ביזנעס, די קאסטאמער־פעדלעריי, און ער קען מאכען מענשען צו לאכען. אז ביידע מענער האבען גענוג געוויצעלט, כאפען זיי נאך אריין א גוטע קארטען־שפיל אויף א פאר שעה. זייערע פרויען ווידער זיצען דעמאלט אן א זייט פארטיפט אין זייער שטענדיגען שמועס, וואס האט ניט קיין אנהויב און ניט קיין סוף. אמאל פארגעסען זיי זיך און זיי הויבען אויך אן צו ריידען אויף פראסט אידיש. און זיי צושמועסען זיך דאנמאלסט וועגען די פרייזען אויף עסענווארג און זיי באקלאגען זיך אויפ׳ן גרויסען יקרות, אזוי ווי איינפאכע ארימע פרויען.

# דאַקאַר און די אַפריקאַנער אינזלען

## וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט דערמאָנט אין זיין לעצטער רעדע

און וואָס פאר א ראָלע זיי קענען שפּילען. — אויף צו־צונעמען מערב אפריקע דאַרף מען מעהר העזה ווי כח, און דערפאר איז די סכנה פון היטלער'ן אזוי גרויס. דאַקאַר, די אזאָרען און די קאַפּווערדישע אינזלען. — צו וועמען זיי באַלאַנגען

פון פ. בערמאן

אין זיין לעצטער רעדע האט פּרע־זידענט רוזוועלט צום ערשטען מאָל געדערמאנט קלאָרע דיבורים וועגען אפ־ריקע. די פאַראייניגטע שטאַטען, האט ער געזאגט, טראַכטען טאַקע נאָר וועגען פאַרטיידיגונג. אבער עס איז לעבעדיג צו מיינען, אז פאַרטיידיגונג דאַרף מען זיך אנהויבען ערשט אין דעם מאָמענט, ווען דער באַנדיט שטעהט שוין אויף אייער שוועל...

(שלום אויף פּעידזש 2)

# טענאַנט אָרגאַניזאַציעס פון וואָלדעק־הייזער באַשליסען ניט אַריינצונעמען קאָמוניסטען

**די ערשטע טענענט־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אָנגענומען אַזאַ באַשלוס. — די אויפגאַבען פון דער טענענט אָרגאַניזאַציע.**

פון א „פאָרווערטס"-רעפּאָרטער

די טענאַנטס ארגאַניזאַציע פון די וואָלדעק הייזער האט איינשטימיג אנגענומען א פונקט אין איהר קאָנ־סטיטוציע, אז קיינע קאָמוניסטען זאָ־לען צו איר ניט קענען באלאנגען. אויף ווי ווייט אונז איז באקאַנט, איז דאס־די ערשטע טענאַנט ארגאַניזאַציע אין לאַנד וואָס האט אנגענומען אזא פונקט אין איהר קאָנסטיטוציע.

און איהר האט געדאַרפט הערען דעם באַגייסטערטען אפּלאָז וואָס ס'האט אויסגעבראָכען צווישען די עטליכע הונדערט טענאַנטס פון די וואָלדעק הייזער, וועלכע האבען זיך פאַרזאַ־מעלט אין גרענד סטריט פּלעי האוז, פון הענרי סטריטער סעטלמענט, לעצ־טען מיטוואָך אָוונט. פאר וואָס דער עולם איז אזוי געווען באַגייסטערט פאר אריינשטעלען אזא פונקט אין דער קאָנסטיטוציע קענען פאַרשטעהן נאָר די וואָס ווייסען וואָס פאר א צייט ס'איז איצט, און וואָס פאר א צרות קאָמוניסטען טוען אן אין אן ארגאַ־ניזאַציע.

פאַרשטעהט זיך, אז די קאָנסטיטו־ציע פאַרווערט אויך דאס אריינצונעמען נאַציס און פאַשיסטען. אבער דער אמת איז, אז פון קיין נאַציס און פאַ־שיסטען האבען די טענאַנטס אין די וואָלדעק הייזער ביז איצט נאָך גאָר ניט געליטען, אבער פון קאָמוניסטען יאָ. אויב צווישען די טענאַנטס גע־פינט זיך ערגעץ א נאַצי אדער א פאַ־שיסט, ליגט ער ערגעץ פאַרשטעקט אין א לאָך און שווייגט. די ארבייט פון „בויערן פון אינוויינינג" לאָזט ער איבער פאר זיינע „כאַווירים", די קאָמוניסטען. און אזוי שנעל ווי עס איז פון די טענאַנטס נאָר געגרינדעט געוואָרען אן ארגאַניזאַציע, האבען זיך אנגעהויבען קאָמוניסטישע מאַ־נעוורעס. קאָמיסאַרען און קאָמיסאַר־לעך האבען גענומען פיהרען די גרענ־דע. די אנשטענדיגע מענשען צווישען די טענאַנטס האבען דאַן זיך צוריק־געצויגען און געגרינדעט אן אייגענע ארגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין ריין פון קאָמוניסטען און וואָס זאָל ניט אנפיה־רען קיינע קאָמוניסטישע באַניפאַרגעס. דער נאָמען פון דער ארגאַניזאַציע איז: „טענאַנט ארגאַניזעישאַן אוו וואָלדעק האוזעס". ביז איצט האבען זיי שוין צווישען 3 און 4 הונדערט פאַמיליען פון די טענאַנטס אלס מיטגלידער. מיט דער צייט מעג מען ערוואַרטען אלע, א ב ס א ל ו ט א ל ע, א נ־ ש ט ע נ ד י ג ע ט ע נ א נ ט ס

זאָלען צו דער ארגאַניזאַציע באַלאַנ־גען.

דער פונקט אין דער קאָנסטיטוציע, וועגען וועלכען מיר ריידען, לייענט זיך ווי פאָלגט: „אלע טענאַנטס פון די וואָלדעק הייזער קענען ווערען מעמ־בערס פון דער טענאַנטס ארגאַניזעי־שאַן אוו וואָלדעק האוזעס. אויב מ'וועט נאָר וויסען וועט די ארגאַני־זאַציע קיינמאָל ניט האַלטען אין איהרע רייהען קיינע קאָמוניסטען, פאַשיסטען, נאַציס, אדער מיטגלידער פון אירגענד וועלכע גרופּע וואָס די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַ־טען אנערקענט אלס פאַרדערבליכע. אַזעלכע מיטגלידער זאָלען ארויסגע־וואָרפען ווערען, לויט די כללים וואָס ווערען אנגענעבען".

אודאי איז א פאַרדרוס וואָס אזא פונקט איז גאָר געווען נויטיג אין א קאָנסטיטוציע פון אן ארגאַניזאַציע פון טענאַנטס, וואָס וויל זיך גאָר ניט פאַר־נעמען מיט פּאָליטיק; וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרען בלויז מיט דער אבזיכט צו ענטוויקלען פריינדליכע, געזעלשאַפטליכע געפיהלען צווישען די שכנים; צו פאַרזאָרגען די אַרימע פאַ־מיליען און זייערע קינדער מיט אונ־טערהאַלטונגען; אויפּצופּאַסען אויף דעם געזונדהייטס־צושטאַנד; אמאָל ארויס־צוהעלפען א שכן מיט א גמילות חסד, אין אן עת צרה; האַלטען א לעקטשור איבער א געזעלשאַפטליכער פראַגע; און מיטהעלפען דער גרויסער ארבייט וואָס געהט אן איבער'ן גאַנצען לאַנד אויסצוריינינגען די „סלאַמס" און אויפ־בויען שעהנע, סאַניטאַרישע און ביי־ליגע וואוינונגען פאר פאַמיליען מיט קליינע איינקונפטען. אודאי, זאָגען מיר, וואָלט געווען שעהנער, בעסער און געזינטער פאר אלעמען מ'זאָל ביי אזא ארגאַניזאַציע ניט דאַרפען טראַכ־

טען וועגען קאָמוניסטען, פאַשיסטען אדער נאַציס. אבער וואָס זאָל מען טאָן, אז אין א מענשליכער געזעלשאַפט כאַפּט זיך אריין א מענש מיט א קער־פּערליכער אנשטעקענדער קראַנקהייט? מען מוז איהם קאַראַנטירען, אז די אנדערע זאָלען זיך פון איהם ניט אננעמען, און אז עס זאָל חלילה ניט ווערען קיין פּעסט. לײדער, לײדער מוז מען דאס זעלבע טאָן מיט גייסטיג־קראַנקע, גייסטיג־קרעציגע, וועלכע מען מוז האַלטען מחוץ למחנה.

אין די אָפּעראַציע געמאַכט געוואָ־רען און די ארגאַניזאַציע איז גע־שטעלט געוואָרען אויף א געזונטען באָדען. און די באַגייסטערונג איז גע־ווען גרויס ווען דער פונקט, וואָס איז געצילט געגען די קאָמוניסטען, איז אנגענומען געוואָרען איינשטימיג.

א צווייטען באַגייסטערטען מאָמענט האבען מיר געזעהן ביים מיטינג, ווען מר. מאיר באַגנא האט באַריכטעט ווע־גען פּראָגרעס וואָס ווערט געמאַכט פון דער „פרי לאָאַן קאָמיטע", פון וועל־כער ער איז טשערמאַן. א פּראָגרעס וואָס וועט מעגליך מאַכען ארויסצו־העלפען נויטבאַדערפטיגע טענאַנטס. אונז האט אויך אינטערעסירט דער באַריכט, אז אז ערך א 50 קינדער פון די טענאַנטס וועלען קענען האבען א זומער וואַקעישאַן, און אז שעהנע אונטערהאַלטונגען ווערען געפּלאַנט פאר די וואָס בלייבען דאָ אין שטאָט אין די הייסע זומער־מאָנאַטען. די וועלפעיר קאָמיטע ארבייט ווי געהע־ריג, איז אנערקענט געוואָרען פון וועלפעיר באָארד פון דער שטאָט ניו יאָרק, און וועט קענען אליין מעהר גוטע ארבייט אויפטאָן.

א שעהן צייטונגעל „טענאַנטס טאַ־פּיקס" ווערט ארויסגעגעבען אונטער דער רעדאַקציע פון פּאָל בוירמאַן, הויפּט רעדאַקטאָר; הערמאַן ע. גוסקין און רעימאָנד גראָס, מיט־רעדאַקטערן; און מוירעי טאַבעק, ביזנעס מענע־דזשער. מיר האבען דורכגעלייענט דאס גאַנצע צייטונגעל און באמת הנאה געהאַט. עס זיינען דאָרטען דאָ גאַנץ שעהנע טאַלאַנטען, און ס'איז געשרי־בען אין גוטען, שעהנעם און לייכטען ענגליש. די פּאָעמען פון אניטאַ ווײנ־טרויב האבען געצויגען ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט.

פון גאַנצען הארצען ווינשען מיר דער טענאַנטס ארגאַניזאַציע פון די וואָלדעק הייזער לאַנגע יאָהרען פון פרוכטבאַרער ארבייט.

# „פּאַיזן אַיווי" —

## דריי הונדערט יאָהר ווי די געפּער־ליכע פלאַנץ פּלאָגט אַמעריקע

**קיינער איז ניט באשיצט געגען דעם גיפט פון דער פלאַנץ. — די מעדיצינישע וויסענ־שאַפט ווייסט ניט פון קיין רפואה געגען איהר. — ווי אזוי זיך אויסצוהיטען פון „פּאַיזן איווי" און ווי אזוי זי אויסצוראָטען.**

# פון פאָלק צו פאָלק

## עס זיינען נאָך אַלץ פאַראַן זעהר נאַאיווע מענשען אויף דער וועלט

ווערטער רעדאַקטאָר: —

עס איז ווירקליך צום באַדויערן וואָס עכט־אידישע ארגאַניזאַציעס, וואָס זיינען אזוי ווייט פון קאָמוניזם ווי דער הימעל איז פון דער ערד, ווערען אפט קרבנות פון קאָמוניס־טישע „טריקס" און שווינדלערייען.

נעהמט, צום ביישפּיל, אזא אידישע ארגאַניזאַציע ווי די לחם עניים (הילף צו נויטבאַדערפטיגע), וואָס געפינט זיך אויף 751 אלערטאָן עוועניו, בראָנקס, נ. י. נו, גראָד דאָרטען האָ־בען די קאָמוניסטען, דעם 21טען מאי, אויסגעקליבען אפּצוהאַלטען זייערען א מיטינג. פרעגט זיך די פראַגע, פאַר־וואָס האבען עפּעס די קאָמוניסטען גענומען דעם לחם עניים האָל? דער ענטפער איז זעהר אן איינפאַכער. די קאָמוניסטען האבען זיך זעהר ליב צו באַהאַלטען אונטער פרעמדע פּערנעמס. וואָרים, ווער וועט חושד זיין, אז אין דעם לחם עניים האָל קומט פאר א קאָמוניסטישע פאַרזאַמלונג? איז דאָס דעריבער דער בעסטער פּלאַץ פאַר די קאָמוניסטען. דעם מיטינג רופען זיי געוועהנליך אונטער אן אויסגעטראַכ־טען נאָמען, וואָס דער דורכשניטליכער מענש ווייס ניט וואָס עס באַדייט, און אזוי אַרום פיהרען זיי אן זייער קאָמו־ניסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

עס איז ווירקליך צום שטוינען ווי אידישע אינסטיטוציעס לאָזען זיך נאָך אַלץ נאַרען. אויף דעם ליפלעט, וואָס איז ארויסגעשיקט געוואָרען וועגען דעם אויבענדערמאַנטען מיטינג, איז גראָד אנגעגעבען, אז די פאַר־זאַמלונג ווערט גערופען פון דעם ראַבאַי גרינפעלד־טשאַפּטער פון דער דזשואיש פּיפּל'ס קאָמיטע. נו, אַלע ווייסען, אז דער פאַרשטאָרבענער ראַבאַי גרינפעלד איז געווען א קאָמו־ניסטישער טוער און אז די דזשואיש פּיפּל'ס קאָמיטע איז א קאָמוניסטישע קאָמיטע. און דאָך האט זיך די לחם עניים ארגאַניזאַציע געלאָזט פאַרפיה־רען. דאס איז, דאַכט זיך, דער בעס־טער באַווייז, אז קיין נאַאיווע מענשען פעהלען גאָר צו דאַנקען ניט אויף דער וועלט.

מרס. ג. קראַקאָ,
בראָנקס, נ. י.

# אַ באַנקעט

(ערצעהלונג)

פון מרים ראַסקין

# אַמעריקע בויט פאַר היטלער'ן אַ קבר פון שטאָל

**די אומגעהייערע וויכטיגקייט פון שטאָל אין דער איצטיגער מלחמה. — ענגלאַנד אַליין איז ניט אימשטאַנד צו פּראָדוצירן גענוג שטאָל צו באַזיגען היטלער'ן.—די איבעראַשענדע שטאָל־פּראָדוקציע פון אַמעריקע פאַר וועלכער היטלער האָט מורא מעהר ווי פאַר אַלץ אין דער וועלט. — וואָס עקספּערטען זאָגען.**

פון ל. הענדין

אויב ס'איז אייך אומעטיג אויפ'ן הארצען, אויב עס פאַלט אויף אייך אַ מרה־שחורה צוליב די שלעכטע מלחמה־נייעס, ראַט איך אייך אין אַזאַ מאָמענט צו טראַכטען בלויז וועגען איין זאַך — אַז אַמעריקע גראָבט איצט יעדען טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט און יעדע סעקונדע אַ שטאָלע־נעם קבר פאַר היטלער'ן.

ווען איך זאָג, אַז אַמעריקע גראָבט אַ „שטאָלענעם קבר", באַנוץ איך ניט די ווערטער סתם אַלס אַ פראַזע. עס האַנדעלט זיך אויך ניט וועגען דעם, וואָס דער וואונש איז ביי מיר דער פאָטער פון געדאַנק. די גרעסטע אַמע־ריקאַנער מיליטערישע עקספּערטען זיינען איצט מעהר ווי אימער איבער־צייגט, אַז דער אונטערשייד אין דער פּראָדוקציע פון אַ פּאָר מיליאָן טאָן שטאָל וועט ענטשיידען דעם אויס־גאַנג פון דער מלחמה. אַז אַמעריקע האָט די שטאָל צו באַגראָבען היט־לער'ן, וועלען מיר באַווייזען אַ ביסעל שפּעטער דורך ציפערען און פאַקטען.

די מיליטער־לייט לאַכען זיך אויס פון דעם, וואָס די נאַצי פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין זוכט איינצורעדען די וועלט, אַז היטלער איז אַ כישוף־מאַכער, אַ שוואַרץ־קינסטלער, אַ מיליטערישער געניע, וואָס באַזיצט איבערנאַטירלי־כע כחות. זיי באַטראַכטען היטלער'ן פאַר אַ בלוטדורשטיגען מאַניאַק, מיט אַן איינגעשפּארטען ווילען — דאָס אַלעס און ניט מעהר. ביי זיי, ביי די מיליטערישע סטראַטעגען, האַנדעלט זיך בלויז וועגען איין זאַך — שטאָל. זיי לאַכען זיך אויס פון דעם, וואָס

ווייסען טאָקע, אַז אַט דער דעמאָראַ־ליזירענדער צושטאַנד האָט פיל גע־האָלפען די נאַציס. אָבער איך טראַכט מסתמא, אַז מיט אַט־די אַלע תירוצים קען מען פאַרט ניט ערקלערען די אַלע נצחונות, וואָס די נאַציס האָבען ביז איצט אָפּגעהאַלטען.

ווען איהר וועט אָבער פרעגען די גרעסטע אַמעריקאַנער מיליטערישע עקספּערטען, וועלען זיי אייך זאָגען גאַנץ אָפענהערציג, אַז ס'האָט זיך גע־האַנדעלט בלויז וועגען איין זאַך — שטאָל. שטאָל איז ביי זיי דער שליסעל צו אַלע פראַגען.

## וואָס עקספּערטען זאָגען

איך ווייס, אַז פילע פון אייך האָ־בען אפשר מיט רעכט פאַרלאָרען דעם צוטרוי צו די גרויסע מיליטערישע עקספּערטען. מען קען פרעגען מיט רעכט די מיליטערישע סטראַטעגען און עקספּערטען וואָס ס'איז געוואָרען מיט זייערע נביאות, אַז די מאַזשינאָ־ליניע פון פראַנקרייך איז אומבאַזיג־באַר. ס'זיינען דאָ נאָך אַ סך, גאָר אַ סך טענות און פראַגען, וואָס מען קען שטעלען ספּעציעל צו די מיליטערי־שע סטראַטעגען און די אַליאירטע לענדער.

אָבער צו וואָס נאַריש מאַכען זיך? טענות וועלען אין דעם איצטיגען מאָ־מענט ווייניג־וואָס העלפען. מיליטע־רישע סטראַטעגען זיינען מסתמא פונקט ווי אַלע אַנדערע מענשען — זיי לערנען פון טעות'ן. צוקריגען זיך אינגאַנצען מיט זיי קען מען דאָך ניט. מיר אַליין, אַחוץ זיי, קענען דאָך קיין מלחמה ניט פיהרען.

## אַמעריקע'ס שטאָל־אוצר

# 2,000 פּאָליאַקן־פליכטלינגע לעבט זיך גאַנץ גוט אין „גלות' צווישן אידען אין ארץ־ישראל

**צווישען די פּאָליאַקען־פליכטלינגע אין ארץ־ישראל געפינען זיך געוועזענע גענע־ראַלען און געוועזענע אַנטיסעמיטען. — זיי וואוינען נישט צווישן אַראַבער, נאָר צווי־שען אידען.—ווי אַזוי אידן באַהאַנדלען זיי דאָרטען.**

פון י. קרעל

— „זשידזשי, דאָ פּאַלעסטיני!" („אידען, טראָגט זיך אָפּ קיין פּאַ־לעסטינע!"). אין די אַמאָליגע ‚גוטע' צייטען איז דאָס געווען דער אַלגע־מיינער געשריי פון אַלע פּוילישע אַנטיסעמיטען און ביסלעכוויז איז עס געוואָרען אויך די פּראָגראַם פון כמעט אַלע פּאַרטייען, אַ חוץ דער „פּ. פּ. ס." (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי). רעגירונגס־לייט פלעגען

## שטאָל איז בילכער פון גאָלד

(שלוס אויף ליטעראַטור פּיידזש)

# אויף פּענסיע

ערצעהלונג

פון מרים ראַסקין

# די מלחמה־שותפות פון די דעמאָקראַטישע לענדער און סאָוועטישן רוסלאַנד

די „איסאָלעישאָניסטס", וואָס האָבן פאַר היטלער'ס אַטאַקע אויף רוסלאַנד, גערעדט דיזעלבע שפּראַך וואָס די קאָמוניסטען, אַרבייטן איצט מעשים דערפאַר וואָס רוסלאַנד איז ניט קיין דעמאָקראַטיע. — אַן ענטפער אויף זייערע טענות.

פון ס. פּאַרטוגעים

אין דעם פאַקט, וואָס רוסלאַנד איז צוגעשטאַנען צום אַנטי־נאַציישען פראָנט האָבן די איזאָלאַציאָניסטען געפונען אַ גוטע געלעגענהייט צו פאַרשטאַרקען זייער פּראָפּאַגאַנדע. איצט האָבן זיי אַ נייעם מאָטיוו: „אויך מיר אַ דעמאָקראַטישער קריג, ווען צווישען די קעמפער „פאַר דעמאָקראַטיע" געפינט זיך אַזאַ פאַרביסענער פיינט פון דעמאָקראַטיע, ווי די רוסישע דיקטאַטור". דער אַנטי־באָלשעוויסטישער און אַנטי־קאָמוניסטישער סענטימענט פון די ברייטע אַמעריקאַנער מאַסען ווערט קונציג אויסגענוצט.

צו פאַרשעהמען די אָנהענגער פון אַמעריקאַ'ס אַקטיווער באַטייליגונג אין דעם קריג דערמיט, וואָס עס וועט איצט אויסקומען צו געהן אינאיינעם מיט די... קאָמוניסטען. סטייטש — דעמאָקראַטען געהן אינאיינעם מיט קאָמוניסטען? אַזאַ סקאַנדאַל!...

וואָס פאַרא מאָראַלישע און פּאָליטישע ווערט עס האָבן אַזעלכע מין אַרגומענטען אין דעם מויל פון די אַמעריקאַנער איזאָלאַציאָניסטען איז זעהר לייכט זיך אַנצושטויסען.

2 — ווי עס זאָלען ווייטער זיך ניט אַנטוויקלען די מיליטערישע געשעהענישען, וועט היטלער מוזען האַלטען אין רוסלאַנד אַ געוואַלדיג גרויסען טייל פון זיינע מיליטערישע קרעפטען און דאָס מוז באַדייטענד פאַרגרעסערען די שאַנסען פון ענגלאַנד און אַמעריקע ענדגילטיג צו באַזיגען ...

1 — פון היטלער'ס פאַרבינדעטען האָט זיך אַ לאַנד מיט אַ 200־מיליאָניגער באַפעלקערונג, וואָס פאַרנעמט אַ זעקסטעל פון דעם ערד־קוגעל, וועלכע קען מאָביליזירען און באַוואָפענען ביז 16 מיליאָן סאָלדאַטען, פאַרוואַנדעלט אין היטלער'ס אַ פיינט, וואָס וויל זיך שלאָגען און קען זיך שלאָגען.

# אַ סקול וואו מ'לערענט זיין גוטע מאַמעס און שוויגערס

מענער געהען אויך אין דער סקול און מ'לערענט זיי ווי צו דאַפּערען בעיבים. — הונדערטער מענער און פרויען באַזוכען די סקול. — דער ספּעציעלער קלאַס פאַר שוויגערס. — אַ געשפּרעך מיט די לערער און אויפזעהער פון דער סקול.

פון י. הערשענזאָן

די קינדער ביוראָ פון דעם יונייטעד סטעיטס דעפּאַרטמענט אָוו לעיבאָר גיט די פאָלגענדע סטאַטיסטיק וועגען קינדער: יעדע 14 סעקונדען ווערט געבוירען אַ קינד אין די פאַראייניגטע שטאַטען. צוויי מיליאָן פון די געבוירענע קינדער בלייבען לעבען יעדען יאָהר, און 159 טויזענט פון זיי שטאַרבען. אַ העלפט פון די 159 טויזענט קינדער ווערען געבוירען טויטע, און ...

נישער אונטערזוכונג. אויף אַזאַ אופן האַלט מען אַן אויג אויף דער שוואַנגערענדער ווייבעל די גאַנצע צייט פון איהר שוואַנגערשאַפט.

דאָס איז דער ערשטער קורס, וואָס די צוקונפטיגע מאַמע געהט דורך. דערנאָך קומט זי אַריין אין אַ קלאַס, וואו מען באַקענט זי מיט דעם גאַנצען אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, וואָס דאָס קינד מאַכט דורך אין פאַרלויף פון ...

אַ קינד אויף דער וועלט. די סטאַטיסטיק ווייזט, אַז די מעהר פאָרטגעשריטענע פרויען געבוירען טאַקע זייערע קינדער מערסטענס אין די מאַטוירניטי האָספּיטאַלס. דער רעזולטאַט איז, אַז די שטערבליכקייט פון אַזעלכע קינדער און קימפּעטאָרינס איז אַ פיל קלענערע.

אָבער נעמט, צום ביישפּיל, די נעגערשע פרויען. די מערסטע פון זיי ווי...

(שלוס אויף זייטע 4, סעקשאָן צוויי)

# אין קאַסינאָ

ערצעהלונג

פון מרים ראַסקין

# דער ים-המלח (געזאַלצענער ים) אין פאַלעסטינע פאַרמאָגט אן אוצר פון פולווער-שטאָף אָהן וועלכע ענגלאַנד וואָלט ניט געקענט פירן דעם קריג

„פאַטאַש" רופט מען דעם שטאָף. — דער שטאָף וואָס געפינט זיך אין קליינעם ים אין ארץ ישראל איז ווערט דריי מאָל מעהר ווי דאָס גאַנצע פאַר־מעגען פון אַמעריקע.—די מערקווירדיגע אייגענ־שאַפטען פון דעם ים המלח (געזאַלצענעם ים), וועלכען מ'רופט אויך „דער טויטער ים". — דער ים איז 20 מינוט רייזע פון ירושלים.

פון ה. וויטאל

פאלעסטינע פארמאגט א ריזיגען נאטירליכען אוצר פון קריגס-מאטעריאלען, אהן וועלכע ענגלאנד וואלט ניט געקאנט פיהרען דעם איצטיגען קריג געגען היטלער'ן. האט עפעס פולווער, שיס-פולווער, א באדייטונג אין דעם איצטיגען קריג? קאן מען שיסען אהן פולווער? קאן מען מאכען באמבעס, גראנאטען, טארפידאס אהן דעם דאזיגען אויפרייס-שטאף? און דער דאזיגער פולווער, ריכטיגער געזאגט, די מאטעריאלען אויף צו מאכען פולווער, געפינען זיך אין א גרויסען נאטירליכען אוצר אין ארץ-ישראל — אין דעם ים-המלח, אין דעם געזאלצענעם ים.

דער ים-המלח האט עטליכע נעמען, מיט וועלכע ער איז באקאנט אין דער גאנצער וועלט, און אלע נעמען זיינען ענג פארבונדען מיט דער באדייטונג פון דעם דאזיגען ים. ווייל זיין וואסער אנטהאלט אין זיך א סך זאלץ. גאר א סך זאלץ! צום ביישפיל: ווען מיר נעמען הונדערט פונט וואסער פון וועלכען עס איז אנדער ים און מיר לאזען דאס וואסער אויסוועפען זיך, בלייבט פון דעם נאכהער זעקס פונט זאלץ. אבער אין הונדערט פונט וואסער פון ים-המלח געפינען מיר, נאכ'ן אויסוועפען, גאנצע זיבען-און-צוואנציג פונט זאלץ. ווי מיר זעהען, טראגט דער ים-המלח דעם ריכטיגען נאמען: געזאלצענער ים.

דער זעלביגער ים טראגט אויך דעם נאמען „טויטער ים" („דעד סי"), און אויך דער דאזיגער נאמען אנטשפרעכט זיין ווירקליכען כאראקטער. אין זיין וואסער קאנען ניט לעבען קיינע באשעפענישען. אלץ שטארבט אויס אין יענעם וואסער. און איהר קאנט דאס זעהן מיט אייערע אייגענע אויגען. ווען איהר נעמט א לעבעדיגען פיש און ווארפט איהם אריין אין „טויטען ים", ווערט דער פיש גלייך טויט. ער שטארבט גלייך אוועק. און ניט נאר אין ים קאן גארניט לעבען, נאר אויך ארום ים קאן גארניט וואקסען, ניט קיין פלאנצונגען און אפילו ניט קיין גראזען. אלץ מוז אפשטארבען. די פארעם פון די שטארקע זאלצען, וואס דער ים גיט ארויס, טויט אפ אלץ ארום זיך. און די ברעגען ארום דעם דאזיגען ים זעהען טאקע אויס הוילע און נאקעטע, ניט באוואקסענע. דער געגענד ארום דעם ים הייסט אין העבעראיש „מדבר יהודה", די וויסטעניש פון יהודה.

דער גריכישער נאמען פון דעם דאזיגען ים איז „אספאלטיטיס", אספאלט-ים. און אויך דער גריכישער נאמען אנטשפרעכט דעם ווירקליכען אינהאלט. אין דעם טויטען-געזאלצענעם ים האט מען אויך אנטדעקט רייכע אספאלט-שיכטען, אט דעם אספאלט, מיט וועלכען מען פלאסטערט די גאסען אין שטעט און שאסייען איבער לאנגע שטרעקעס לאנד.

די אראבער רופען דעם דאזיגען ים „באר לוט", לוט'ס ים, אויפ'ן נאמען פון דעם זעלביגען לוט, וועגען וועמען עס ווערט דערצעהלט אין חומש. אין זיד-וועסטליכען טייל פון ים-המלח זיינען אמאל געלעגען די שטעט סדום און עמורה, די שטעט, וועגען וועלכע עס ווערט דערצעהלט אין חומש, אז זיי זיינען חרוב געווארען, ווייל זיי זיינען געווען זינדיג — און נאר לוט מיט זיינע טעכטער אליין זיינען פון דארט געראטעוועט געווארען. דארט געפינט זיך איצט אויך א זאלץ-סלופ, און לויט דער לעגענדע, איז לוט'ס ווייב פארוואנדעלט געווארען אין דעם דאזיגען זאלץ-סלופ. ווי דער חומש דערצעהלט, האט זיך קיינער פון די געראטעוועטע פון לוט'ס פאמיליע ניט געטארט אומקוקען אויף צוריק, ווען גאט האט חרוב געמאכט סדום און עמורה. לוט'ס ווייב האט זיך אבער ניט געקאנט איינהאלטען און האט זיך אומגעקוקט אויף צוריק, און פון איהר איז געווארען א סלופ זאלץ.

ירושלים ליגט אינגאנצען 25 מייל ווייט פון ים-המלח. געהט איהר ארויף אויף א העכערען בארג אין ירושלים, צום ביישפיל: אויפ'ן הר-הצופים, דארט וואו דער העבראאישער אוניווערזיטעט איז אויסגעבויט, זעהט איהר דעם ים-המלח ווי מיט דער האנט צו דערגרייכען. די לופט אין ארץ-ישראל איז קלאר און זעהר דורכזיכטיג, און אייער אויג ווערט פון דעם זעהר אפט פארפיהרט. פון הר-הצופים, דוכט זיך אייך אויס, אז ביז'ן ים-המלח איז א קורצער שפאציר-גאנג. אבער אין דער אמת'ן, דארפט איהר פאהרען נאהענט פון א שעה צייט מיט א באס ביז מען דערגרייכט אהין.

פון ירושלים ביז צום ים-המלח פיהרט א גוט-געפלאסטערטער אספאלטענער וועג. און ווער פאהרט דאס היינט ניט צום ים-המלח? די גאנצע רייזע פון ירושלים קאסט א קלייניגקייט, אינגאנצען 8 פיאסטער (ארום 40 סענט). לעבען ים-המלח איז היינט אויסגעבויט אן ערשט-קלאסיגער רעסטאראן און קאפע-הויז, פאהרט מען צו אין ווענט זיך דארט צו פארווײלען. אבער ניט נאר צו פארווײלען זיך אליין פאהרט מען צום ים-המלח. מען פאהרט זיך אהין אויך באדען. וועגען דער הייל-קראפט פון ים-המלח-וואסער ווערען דערצעהלט גאנצע וואונדער-לעגענדעס. מען דערצעהלט ווי אזוי קרעציגע מענשען געהען אריין אין ים-המלח און געהען ארויס פון דארט געזונטע, איבערגעצויגענע ווי מיט א נייער הויט; מען דערצעהלט ווי אזוי בלינדע געהען ארויס נאכ'ן באדען פון דארט מיט זעהענדיגע אויגען; ווי אזוי קראנקע, צובראכענע מענשען געהען ארויס געזונטע און שטארקע. די דאזיגע לעגענדעס ווערען דערצעהלט דאס רוב פון אלטען ישוב, צווישען די אלטע און פרומע אידען. לויט ווי די מעדיצינישע אויספארשונג האט באוויזען, איז אין דעם ים-המלח גוט צו באדען זיך פאר מענשען, וועלכע האבען רעומאטיזם, פאר אסטמאטיש-קראנקע און אויך פאר טובערקולאזע מענשען. עס איז גענוג צו באדען זיך איין וואך צייט, אום צו באמערקען א גרויסע פארבעסערונג אין געזונט-צושטאנד.

מען וואלט דעם זעלביגען ים אויך געקאנט אנרופען „דער ביטערער ים". אין טעם איז דאס וואסער זעהר ביטער, און אויסער דעם—אויך פעט ווי אויל. ווען מען געהט ארויס פון ים, נאכ'ן באדען זיך, איז דער גאנצער קערפער באדעקט מיט זאלץ און מיט פעטס, און ערשט דאן מוז מען זיך נאכאמאל אויסבאדען, אדער ארומוואשען אין גוועהנליכער וואסער. און נאך אן אייגענשאפט האט דער ים-המלח — מען קאן זיך אין איהם ניט דערטרינקען. דאס וואסער איז דארט זעהר שווער, און דער מענש, אפילו ווען ער קאן ניט שווימען, מוז זיך אלע מאל האלטען אויף דער אויבערפלאכע. וועגען דער דאזיגער מערקווירדיגער אייגענשאפט האט מען זיך שוין דערוואוסט אין די אלטע צייטען. די היסטאריקער דערצעהלען, אז דער רוימישער אימפעראטאר וועספאסיאן, ווען ער האט געקעמפט געגען ירושלים, וועלענדיג איינמאל פטור ווערען פון א גרופע אידישע געפאנגענע, וועלכע ער האט גענומען, האט ער געהייסען זיי אלעמען בינדען און אריינווארפען אין ים-המלח. אבער דא האט דער גרויזאמער רוימישער אימפעראטאר געהאט אן ענטוישונג: די געפאנגענע אידען זיינען אלע געבליבען שווימען אויפ'ן וואסער...

דער גאנצער וועג פון ירושלים ביז'ן ים-המלח פיהרט בארג אראפ. דער ים-המלח ליגט אין א טאל, אין דעם טיפסטען טאל פון דער וועלט, און איז 1,300 פוס א ו נ ט ע ר דער ים-פלאך. און ירושלים? — ירושלים ליגט אויף בערג, וועלכע זיינען מעהר ווי 3,000 פוס א י ב ע ר דער ים-פלאך. פאהרט מען טאקע דעם גאנצען וועג בארג אראפ. און אויסער דעם איז אויך א גרויסער אונטערשיד צווישען די קלימאטען פון ירושלים און ים-המלח. אין ירושלים איז דער קלימאט א מעסיגער. דער זומער איז ניט גאר קיין הייסער, און ווינטער זעהט מען דארט אמאל אויך אביסעל שניי. דאגעגען, דער ים-המלח געפינט זיך שוין אין זעהר א הייסען קלימאט, און אפילו ווינטער איז דארט זעהר ווארים. פאהרט מען טאקע אריין אין דעם טאל פון ים-המלח, ווי אין א שוויץ-באד...

צוליב דעם ים-המלח איז ארץ-ישראל דאס רייכסטע לאנד אויף דער וועלט, אזוי האבען אויסגעפונען און באוויזען פארשער און געלעהרטע. און דאס איז צוליב דעם וואסער פון ים-המלח, ריכטיגער געזאגט: צוליב די זאלצען, וועלכע געפינען זיך אין זיין וואסער. קיין איינער פון די וועלט-ימים אויף דער ערד איז ניט אזוי רייך ווי דער ים-המלח. פארשער האבען פעסטגעשטעלט, אז דער ים-המלח פארמאגט רייכטימער, וואס זיינען ווערט דריי מאל מעהר, ווי דאס גאנצע נאציאנאלע אייגענטום פון די פאראייניגטע שטאטען. אין ציפערען אויסגערעכנט, באטרעפט דאס: 2,000,000,000,000 דאלאר (א 2 מיט 12 נולען). קאנט איהר דאס אויסרעכנען? צוויי טויזענט ביליאן דאלאר!

אויך אין דער דיפלאמאטישער וועלט ווערט צוגעגעבען דעם ים-המלח א גרויסע באדייטונג. אין דער דיפלאמאטישער שפראך הייסט דאס אזוי: ווער עס באזיצט דעם ים-המלח—דער האלט שוין אויך דעם גאנצען מיטעל-אריענט. אין מיטעל-אריענט ווערען אריינגערעכענט די לענדער, וועלכע ליגען ארום ארץ-ישראל ביי דעם מיטעל-לענדישען ים. אזא גרויסע באדייטונג שרייבען צו די דיפלאמאטען דעם ים-המלח. און דער ים-המלח אליין? אין פארגלייך מיט די גרויסע ימים, מיט די גרויסע אקעאנען, זעהט ער אויס ווי א קליין, נעבעכדיגעס וואסערל! זיין גאנצע לענג, אין דעם לענגסטען ארט, איז ניט מעהר ווי 47 מייל; אין דעם ברייטסטען ארט דערגרייכט ער ארום 10 מייל, און אין דעם טיפסטען ארט — ארום א האלבען מייל. ארום און ארום: א דריי הונדערט קוואדראט מייל. קליין, אבער רייך!

עס איז שוין לאנג זינט ענגלאנד האט זיך אנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט'ן ים-המלח. מיט איבער הונדערט יאהר צוריק, אין 1835, איז ארויסגעפאהרען קיין ארץ-ישראל אין א ספעציעלער שליחות דער אירישער געלעהרטער, קאסטיגאן, כדי צו מאכען א וויסענשאפטליכע אויספארשונג פון ים-המלח. זיינע אונטערזוכונגען האבען אבער ניט געהאט קיין ערפאלג. אין יאהר 1847 האט שוין דאס ענגלישע אדמיראליטעט (נעווי) ארויסגעשיקט אן עקספעדיציע צום ים-המלח. עס האט זיך געהאנדעלט וועגען אויספארשען די אוצרות פון ים-המלח פאר מיליטערישע צוועקען. אבער אויך יענע עקספעדיציע האט ניט פיל אויפגעטאן. אויך די אמעריקאנער רעגירונג האט דאן ארויסגעוויזען איהר אינטערעס צום ים-המלח, און אין יאהר 1848 האט זי אהין געשיקט א קאמיסיע פון געלעהרטע אויסצופארשען זיינע אוצרות. אבער וואס די דאמאלדיגע אמעריקאנער קאמיסיע האט אויפגעטאן — איז אונז געבליבען אומבאקאנט.

אין יאהר 1908 האט אונטערגענומען אן עקספעדיציע צום ים-המלח דער בארימטער דייטשער געלעהרטער בלאנקענהארן, וועלכער איז אהין געפאהרען אין דעם אויפטראג פון דעם טערקישען סולטאן אבדול האמיד, וועלכער איז דאן געווען דער הערשער איבער ארץ-ישראל. אין יענער עקספעדיציע האט זיך אויך באטייליגט דער בארימטער אידישער געלעהרטער פון ארץ-ישראל, אהרן אהרנסאן. אויך די רעזולטאטען פון יענע פארשער זיינען געבליבען באגראבען אין דעם סולטאנ'ס ארכיוועס. די וועלט האט פון דעם גארניט געוואוסט.

די אויגען פון א סך וועלט-געלעהרטע האבען זיך געצויגען צו יענעם קליינעם ים אין ארץ-ישראל. מען האט געוואוסט, אז דער ים פארמאגט פארבארגענע אוצרות, אבער קיינער האט ניט געקאנט פעסטשטעלען ווי גרויס די דאזיגע אוצרות זיינען, און צי עס לוינט זיך, פון געשעפטליכען שטאנדפונקט, זיי צו באארבייטען. וואס דער ים-המלח פארמאגט ווירקליך — דאס האט מען זיך ערשט שפעטער דערוואוסט, נאך דעם ערשטען וועלט-קריג.

אין דער צייט פון פאריגען וועלט-קריג האט זיך ענגלאנד שטארק גענויטיגט אין שיס-פולווער. אום צו פראדוצירען שיס-פולווער מוז מען האבען דעם סארט זאלץ, וואס הייסט „פאטאש", באקאנט אונטער'ן נאמען „פאטאסיום נאיטרעיט". אויף ווי ווייט דער זאלץ איז נויטיג אלס אויפרייס-שטאף, וועל איך דא געבען דעם קליינעם רעצעפט, פון וואס מען מאכט שיס-פולווער: מען נעמט 75 פראצענט פאטאסיום נאיטרעיט (פאטאש), 10 פראצענט שוועבעל, 14 פראצענט האלץ-קוילען און 1 פראצענט וואסער. דאס אלץ מאלט מען און מען מישט דאס אויס צוזאמען. נאכהער טרייקענט מען דאס אויס. און דאס איז שיס-פולווער. ווי איהר זעהט, מוז מען האבען צום שיס-פולווער 75 פראצענט פאטאסיום נאיטרעיט, אדער ווי מען רופט עס איינפאך, „פאטאש". דאס איז דער וויכטיגסטער שטאף! און וואו נעמט מען דעם דאזיגען זאלץ? פון וואנען באקומט מען עס?

דייטשלאנד איז זעהר רייך אין פאטאש. דייטשלאנד פארמאגט די גרעסטע אוצרות פון דעם דאזיגען זאלץ. זי קאן מיט דעם פארזארגען די גאנצע וועלט. און אלע לענדער זיינען טאקע אנגעקומען צו דייטשלאנד נאך דעם דאזיגען שטאף. פון אנדערע לענדער, וועלכע פארמאגען פאטאש, אין א קלענערער מאס, איז אויך פראנקרייך. פראנקרייך האט אבער איהרע פאטאש-אוצרות אין דעם געגענד פון עלזאס, ארום דער מאזשינא-ליניע, און דאס געהערט דאך איצט אויך צו היטלער'ן. פאטאש פארמאגט אויך רוסלאנד, אבער ניט גענוג. פאר'ן בירגער-קריג האט אויך שפאניע פארמאגט אביסעל פאטאש. איצט ניט מעהר. אין בירגער-קריג איז עס צושטערט געווארען. וויפיל אמעריקע פארמאגט איצט פאטאש, ווייס איך ניט. איך ווייס אבער, אז אין דער צייט פון ערשטען וועלט-קריג האט אמעריקע פארמאגט נאר 50 פראצענט פון דעם באדארף. די פאטאש-קוואלען פון אמעריקע ליגען אין קאליפארניע און טעקסאס.

איצט איז ארץ ישראל, נאך דייטשלאנד, דאס רייכסטע לאנד אין פאטאש!

ווען דער ענגלישער גענעראל אלענבי האט אין ענדע פון יאר 1917 איינגענומען דעם דרום'דיגען טייל פון ארץ ישראל, האט ער גלייך געגעבען אן אויפטראג צום אינזשעניער דזשארדזש טולאק, וועלכער איז געווען א מעדזשאר אין אלענבי'ס ארמיי, אז ער זאל זיך גלייך נעהמען צו א וויסענשאפטליכער אונטערזוכונג וועגען די זאלצען פון ים המלח און אויסגעפינען וויפיל פאטאש מען קאן פון דארט באקומען פאר די באדערפענישען פון די עלאיס-ארמייען. און דער ענגלישער אינזשעניער טולאק האט זיך גלייך ענערגיש גענומען אויסצופילען דעם אויפטראג פון גענעראל אלענבי.

אבער נאך איידער דער אינזשעניער טולאק האט באקומען דעם אויפטראג פון דער ענגלישער ארמיי, האט שוין מיט דער דאזיגער פראגע וועגען פאטאש פון ים-המלח זיך ערנסט באשעפטיגט דער אידישער אינזשעניער משה נאוואמאיסקי. נאוואמאיסקי איז א רוסישער איד פון סיביר און אלע זיינע יאהרען איז ער געווען א ציוניסט. אלס בערג-אינזשעניער האט ער זיך נאך אין רוסלאנד ערווארבען א גרויסען נאמען, געווען גאר א בארימטער אינזשעניער. די אוצרות פון ים-המלח האבען איהם שוין אינטערעסירט נאך פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה. דאן האט ער זיך אויך דורכגעשריבען וועגען דער פאטאש-פראגע מיט דר. ארטור רופין, וועלכער איז פאר דעם ערשטען וועלט-קריג געווען אין ארץ ישראל דער פארטרעטער פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. נאוואמאיסקי איז אויך געווען אין ארץ ישראל פאר יענעם קריג און האט אויפ'ן פלאץ אויסגעפארשט די רייכטימער פון ים-המלח.

ווען די ענגלענדער האבען איינגענומען ארץ ישראל, האט זיך דארט נאוואמאיסקי גלייך באזעצט. ער איז באקאנט געווארען מיט דעם ענגלישען אינזשעניער טולאק און צוזאמען האבען זיי אנגעהויבען צו ארבייטען איבער די פראבלעמען פון ים-המלח. זיי האבען אפגעארבייט א פאר יאהר צייט, און די רעזולטאטען פון זייער פארשונג זיינען געווען אן אמת'ע סענסאציע. די וועלט האט מיט גרויס באוואונדערונג אויפגענומען זייערע וויסענשאפטליכע אויספיהרונגען. לויט זייערע באריכטען, וועלכע זיי האבען מיטגעטיילט קיין לאנדאן, צו דער ענגלישער רעגירונג, ענטהאלט דער ים-המלח די פאלגענדע זאלצען:

צוויי טויזענט מיליאן טאן (א טאן איז ארום 2200 פונט) פאטאסיום כלאראיד (פאטאש-זאלץ), 1900 מיליאן טאן פון סאדיום כלאראיד (געוועהנליכע זאלץ), 980 מיליאן טאן מאגנעזיום בראמאיד (בראם), 22 מיליאן טאן מאגנעזיום כלאראיד און 6 טויזענט מיליאן טאן קאלסיום כלאראיד. פאר טויזענטער יאהרען קען דער ים-המלח באזארגען די גאנצע וועלט מיט די דאזיגע כעמישע זאלצען. און, זעלבסטפארשטענדליך, די באארבייטונג פון ים-המלח דארף אויך געדויערען צעהנדליגע, אויב נישט הונדערטע דורות. ווי שוין פריהער דערמאנט, באנוצט מען זיך מיט איינע פון די זאלצען, מיט פאטאש, צו מאכען פולווער. מיט פאטאש באנוצט מען זיך אויך צו באמיסטיגען די פעלדער. די אנדערע זאלצען ווערען געברויכט פאר מעדיצינען און אויף אויסצוארבייטען פאטאגראפישע מאטעריאלען.

אויסער דעם האט אינזשעניער נאוואמאיסקי אויך אויסגעפונען א ביליגע מעטאדע צו באארבייטען די זאלצען. פון דער טיפעניש פון ים ווערען דורך מאשינען ארויסגעפאמפעט דאס וואסער אין ברייטע, פלאטשיגע גריבער, וועלכע זיינען אויסגעגראבען אויפ'ן וועג. א דאנק דעם הייסען קלימאט ווערט דאס וואסער גיך אויסגעוועפט אין דער לופט. אויפ'ן דנא פון די גריבער בלייבט א ווייסער פלאסט זאלץ. דער דאזיגער פלאסט זאלץ ענטהאלט די אלע זאלצען. מיט מאשינען גראבט מען איהם אויס און מען פיהרט איהם פאנאנדער אין די ארומיגע פאבריקען, וואו זיי ווערען צוטיילט לויט זייערע ווערטפולע באשטאנד-טיילען, פאטאש — באזונדער, בראם — באזונדער, געוועהנליכע זאלץ באזונדער, און אזוי אויך די איבעריגע מינעראלען. די באארבייטונגס-מעטאדע פון ארץ ישראל'דיגען פאטאש איז א סך א לייכטערע, ווי די אין דייטשלאנד, און זי קאסט אויך ביליגער. אויסער דעם איז דער באארבייטונגס-פראצעס א קירצערער, און פארנעהמט נישט אזוי פיל צייט, ווי אין דייטשלאנד.

די קאנצעסיע, דאס רעכט צו באארבייטען דעם ים-המלח, האט די ענגלישע רעגירונג איבערגעגעבען צו די אינזשעניערען נאוואמאיסקי און טולאק אויף דער צייט ביז'ן יאהר 2004. די ערשטע פאבריק ביים ים-המלח צו באארבייטען בראם איז געגרינדעט געווארען אין יאהר 1931. די צווייטע פאבריק — צו באארבייטען פאטאש, איז געגרינדעט געווארען מיט א יאהר שפעטער, אין 1932. און מיט נאך א יאהר שפעטער, אין 1933, האט שוין די פאבריק ארויסגעגעבען 30 טויזענט טאן פאטאש, און מיט יעדען ווייטערדיגען יאהר האבען די פאבריקען אלץ פארגרעסערט זייער טעטיגקייט. פאר'ן אויסברוך פון איצטיגען וועלט-קריג האבען שוין ביים ים-המלח געארבייט ארום 1500 ארבייטער, פון זיי ארום טויזענט אידישע ארבייטער און ארום 500 אראבער. דאס רעכט צו באארבייטען דעם ים-המלח געהערט צו אן אקציע-געזעלשאפט מיט א קאפיטאל פון 4 מיליאן דאלער. אינזשעניער נאוואמאיסקי איז דער דירעקטאר פון דער דאזיגער געזעלשאפט, און דער באקאנטער ענגלישער פאליטיקער לארד ליטאן — איז איהר פרעזידענט. אין „דהי באארד אוו דירעקטארס" פון דער דאזיגער געזעלשאפט געפינען זיך, אויסער אינזשעניער טולאק, אויך די פאלגענדע אמעריקאנער אידען: ישראל ב. בראדיע, בערנארד פלעקסנער, עדווארד פרידמאן, ראבערט סזאלד. דער פארשטארבענער אמעריקאנער אידישער כלל-טוער פעליקס ווארבורג איז אויך געווען א דירעקטאר פון דער געזעלשאפט.

וויפיל פאטאש עס ווערט היינט אויסגעארבייט ביים ים-המלח — דאס איז א מיליטערישער סוד, וואס ווערט נישט דערצעהלט. די צאהל פון 1500 ארבייטער איז געווען פ א ר דעם איצטיגען קריג. איצט איז די צאהל ארבייטער א סך גרעסער. אויך פריהער, פאר'ן קריג, האט מען נישט צוגעלאזען צו די פאבריקען פון ים-המלח קיין זייטיגע מענשען, נאר מיט א ספעציעלער ערלויבעניש. אלעמאל האט מען זיך געהיט ארויסצוגעבען די דארטיגע סודות.

און נאך וועגען א פאר וויכטיגע זאכען וויל איך דא באמערקען. שוין צעהן יאהר, ווי די אידישע און אראבישע ארבייטער ארבייטען צוזאמען ביי די ברעגען פון ים-המלח. און די באציהונגען צווישען זיי זיינען אלעמאל געווען די בעסטע. אויך אין די יאהרען פון שרעקליכען אראבישען טעראר אין ארץ ישראל, פון 1936 ביז 1939, האבען די אראבער און די אידען דארט געלעבט זעהר פריינדליך, אין די פאבריקען פון דער „פאטאש געזעלשאפט". דאס איז אויך דער בעסטער באווייז, אז ווען מען העצט נישט די אראבער געגען די אידען, לעבען זיי זיך צוזאמען בשלום.

און וואו לעבען די ארבייטער? ביז ירושלים איז דאך 25 מייל. פאהרען זיי יעדען טאג קיין ירושלים? אויך וועגען דער וואוינונגס-פראגע פאר די ארבייטער האט נאוואמאיסקי געזארגט. אייניגע יאהר האבען זיי דארטען טאקע געלעבט אין שלעכטע באדינגונגען, אדער געפאהרען נעכטיגען אין ירושלים. איצט האט דארט אבער נאוואמאיסקי אויסגעבויט ארבייטער-הייזער, און אלע לעבען אין זעהר גוטע באדינגונגען מיט אלע באקוועמליכקייטען. ארום ים-המלח שטעהט שוין היינט א גאנצע שטעטעל, און די גאנצע שטעטעל איז איצט פארנומען מיט פראדוצירען מאטעריאלען פאר פולווער צו באזיגען היטלער'ן...



א קאראוואן קעמלען ביים ברעג פון ים המלח (געזאלצענער ים) אין פאלעסטינע, וואו עס געפינען זיך די אוצרות פון שטאף פאר שיס-פולווער

# דער היינטיגער לעיבאָר דעי, די מלחמה און די אַרבייטער

פון ה. לאנג

(שלוס פון פעזידוש 1, סעקשאן צוויי)

ליניע די פארפירערישע זעלבסט-איינרעדעניש, וואס איז טיף פארגאנגען און ברייט אויסגעשפרייט אין אמעריקאנער פאלק, אז אמעריקע דארף פאר היטלער'ן קיין מורא ניט האבען, אז ער וועט אהער ניט קענען דערגרייכען, און דערביי דער געדאנק, אז אזוי פינסטער איז היטלער, אזוי שענדליך איז זיין ממשלה, אז ער וועט סאי-ווי ברעכען דעם קאפ. מיט אזא שטימונג אין פאלק בכלל, איז דאס אויך געווארען די שטימונג ביי די ארבייטער און ביי דער ארבייטער באוועגונג. און ס'האט געווירקט אויף דער צווייטער ליניע די צושפאלטענקייט פון דער ארבייטער באוועגונג.

דער רעזולטאט דערפון איז, אז אפילו בלויז ווי א נאכגעהענדער כח צו העלפען ווירקען פאר די איינשטעלונגען פון פרעזידענט רוזוועלט אינ'ם וועלט-קאמף איז ביז איצט געווען נאר איין טייל פון דער ארבייטער באוועגונג, דער עלטערער טייל, די אמעריקען פעדערעישאן אוו לעיבאר. די סי. איי. א. האט פארענדיגט כמעט אלע איהרע צוזאמענפארען אפילו אהן א ברכה פאר די ארבייטער באוועגונגען אויף די שלאכטפעלדער — א שאנד-שטריך פון דער יונגער סי. איי. א.-געשיכטע, וואס האלט איהרע אידעאליסטישע מענשען פארשעמט.

פאר אזא צושטאנד האבען אויך געווירקט פארשידענע סיטואציעס. איינע, צום ביישפיל, אין די גאנץ מאדנע ערשיינונג וואס די נייע אינדוסטריעלע יוניאנס אין אמעריקע האבען, מעהר ווי די אלטע קרעפט-יוניאנס, אונטערשטראכען דעם טרעיד-יוניאניזם און פארבלאסט די ארבייטער באוועגונג. טרעיד-יוניאניזם קען אמאל זיין ענג, זיך באגרעניצען מיט סטרייקס און אפמאכען מיט ארבייטס-געבער, ווערענד די ארבייטער באוועגונג בכלל שטרעבט אלע מאל צו א פארבינדונג פון דעם ארבייטער'ס אינטערעסען מיט פאלקס-צילען, און מיט פאראנטווארטליכקייט פאר דער געזעלשאפט, און מיט די אינטערנאציאנאלע אינספיראציעס פון די ארבייטער אויף דער גאנצער וועלט. אויף וויפיל עפעס דערפון איז יא געווען אין דער סי. איי. א., איז דאס צו איהר געקומען פון איהרע קאמוניסטישע אונטערטרעגער, און מען דארף זיך ניט אפשטעלען לאנג צו באווייזען, אז דאס איז געווען געפעלשטע סחורה. און דורך די קאמוניסטישע איינפלוסען אין דער סי. איי. א. האט דאך געהאלטען ביי דעם — ביז היטלער האט אנגעהויבען זיין מערדערישען מארש אויף סאוועט-רוסלאנד — אז יעטווידע וואפען-פראדוקציע זאל צושטערט ווערען פון סאבאטאזש.

די געבונדענקייט פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג פון אזעלכע סיטואציעס נעמט זיך, אבער, ענדליך פאנאנדער. אין די לעצטע וואכען האבען זיך שוין געהערט קלערערע און העכערע שטימען פון מיטקאמף מיט די ארבייטער איבער דער גאנצער וועלט. און ס'איז צו ערווארטען, אז לעיבאר דעי וועלען זיי זיך הערען מעהר.

און דער היינטיגער לעיבאר דעי, פון יאהר 1941, איז צוגעפאסט פאר דעם. ער קומט צו דער ארבייטער-באוועגונג אונטער די מורא'דיגסטע פולווער-שלאכטען, טויט-שלאכטען אין דעם ארבייטער'ס מלחמה פאר דעמאקראטיע און פרייהייט און א גערעכטען לעבען.

וויכטיגע ביטראגען צו די צילען פון דעם ארבייטער'ס מלחמה זיינען אין די לעצטע פאר טעג געווען ערקלערונגען פון די צוויי ארבייטער פירער: בעווין אין ענגלאנד און וויליאם גרין אין אמעריקע. בעווין האט געזאגט, אז דער קריג וועט באנייען ענגלאנד און אז באנייאונג פון ענגלאנד מיינט א סאציאל דעמאקראטישע ארדנונג מיט פרייהייט, אין וועלכער די יוניאנס וועלען שפילען א פירענדע ראלע. וויליאם גרין איז ארויסגעטראטען פאר א ניינטען פונקט צו די אכט פרייהייטס-פונקטען, וואס די היסטארישע רוזוועלט-טשוירטשיל באגעגעניש האט געשאפען. דער ניינטער פונקט צילט אויסצובעסערען די שטעלע אין דער רוזוועלט-טשוירטשיל-דעקלעראציע פאר פרייהייט פאר אלע פעלקער אליין צו באשטימען זייער רעגירונגס-סיסטעם. דער גרין-פארשלאג איז גערעכנעט צו א גאראנטירטען פונדאמענטאלען געזעץ פאר פרייע ארבייטער-באוועגונגען אין די לענדער, וואו דעמאקראטיע דארף ערשט אריינקומען. דער פארשלאג האט נאך א טייל — אז כדי דאס זאל דערגרייכט ווערען זאל באצייטענס ווידער אויפגעשטעלט ווערען אן ארבייטער אינטערנאציאנאל. ארום דעם פארשלאג ווערט איצט געשאפען א באוועגונג דורך דער ברודערשאפט פון דער אמעריקען פעדערעישאן אוו לעיבאר מיט דעם בריטישען טרעיד יוניאן קאנגרעס, און דורך דער אינטערנאציאנאלער ארבייטס-ביורא, וואס איז געבליבען פון דער פעלקער-ליג, און דורך די פארבליבענע טיילען פון דעם טרעיד-יוניאן אינטערנאציאנאל.

זיינען ביידענס ארויסטרעטונגען, בעווינ'ס און גרינ'ס פון א באזונדערער באדייטונג צוליב סאוועט-רוסלאנד'ס איצטיגען מיטקאמף אויפ'ן מלחמה-פראנט געגען היטלער'ן. דורך דעם שאפט זיך א האפנונג אין דער ארבייטער וועלט, אז פון דעם ארבייטער'ס מלחמה וועט ארויסקומען אויך א דעמאקראטיזירטע סאוועט-רוסלאנד, א סאוועט-רוסלאנד מיט פרייע ארבייטער-באוועגונגען, מיט פרייהייט בכלל.

פארשטעהט זיך, אז נאר צייט וועט אנטשיידען צי אזא ליכטיגע האפנונג האט אונטער זיך געוויכט. דערווייל שטעהט פאר די אויגען בלויז דער קאמף, וואס איז ניט געווען אין קיין איין מלחמה אין דער גאנצער וועלט-געשיכטע ביז איצט: דעם ארבייטער'ס וועלט-קאמף, פאר וועלכען א תפילה געהט ביי אלע פעלקער, אז גארנישט זאל איהם פעהלען, ניט קיין וואפען, ניט קיין גייסט, ניט קיין מאראל.

# אַ מאָדנע פרוי

(ערצעהלונג)

פון מרים ראסקין

ער האט זי דערזעהן פון דער ערשטער מינוט, וואס זי איז אריינגעקומען אין עס-צימער. ס'איז געווען מיטאג-צייט אין גרויסען האטעל און די געסט זיינען שוין געווען אויסגעזעצט ביי די טישלעך. זי האט אויסגעקליבען א טישעל ערגעץ אין א ווינקעל פון צימער און איז דארט געזעסען שטיל און אומבאמערקט און עסענדיג האט זי צו קיינעם ניט גערעדט.

איהר אריינקומען איז געווען ווי א שטיל ווינטעל וואלט דא א ווייהע געטאן, אזוי האט זיך איהם געדוכט. ער האט געהאלטען אין מיטען פון א פרעהליכען געשפרעך מיט די געסט, וואס ארום זיין טישעל. אינמיטען פון שמועס איז ער געווארען צושטרייט און דערנאך אפגעהאקט דאס ריידען. זיינע אויגען האבען אלץ געוואנדערט אהין צו יענעם טישעל וואס אין ווינקעל. — ווער איז די פרוי דארט? — האט ער געפרעגט מעהר צו זיך אליין. די געסט ארום איהם האבען שוין פיל-באדייטענדיג זיך איבערגעוואונקען. זיי האבען געוואוסט, אז ער האט אן אויג פאר יעדער נייע פרוי, וואס באוויזט זיך דא אין זומער-האטעל. אין איהם איז געווען די זיכערקייט פון איינעם, וואס קען געפעלען. מיט זיין שעהנעם וואוקס, די געדיכטע, גרויע האר, „קינסטלעריש" צושויבערט און א יוגענטליכען פינקעל אין זיינע שמאלע, בלויע אויגען.

אז מען האט אפגעגעסען האט ער זיך באלד א לאז געטאן צום טיר, מיט דעם פארלאנג יענער פרוי אויפצוזוכען. אויפ'ן ווערענדע, אנגעשפארט אן פארענטש, האט ער זי דערזעהן. ער האט שוין באוויזען אויסצורעדען מיט איהר א פאר ווערטער. מיט דער היימישקייט פון געסט אין זעלבען האטעל האט ער געפרעגט ווי לאנג זי דענקט דא צו פארבלייבען און אויב זי קומט פון ניו יארק. זי האט זיך גערויטעלט אונטער זיין נייגעריגען און צודרינגליכען בליק. זי האט געענטפערט שמייכלענדיג און ניט צו-דרייסט. דער שמייכעל האט אביסעל באלעבט איהר פנים, וואס האט אויסגעקוקט מיד און ווי פארשלאפען. זי איז לויט זיין אפשאצונג געווען ניט שעהן און אויך ניט מיאוס. איהרע אויגען האבען געקוקט ניט קלאר, ווי דורך א טומאן. און אין גאנצען איז זי עפעס ניט געווען קיין אנזעהעוודיגע. אז ער איז מיט איהר אזוי געשטאנען האבען די מענשען ארום זיי אלע ווייל זיך צו איהם געווענדעט מיט ווערטלאך, מיט פרעהליכע אויסרופען:

— נו, איך וועל אייך ניט שטערן, — האט זי געזאגט, זעהענדיג ווי ער איז דא אזוי אויסגעבונדען מיט אלעמען.

— אה! — האט ער געמאכט א מינע, ווי אט די מענשען וואלטען שוין איהם אלע דערעסען, און ער וויל זיך ארויסדרעהען פון זיי. זיי זיינען אראפ פון ווערענדע אויפ'ן באגראזטען פעלד, און זיך געלאזען געהן נעהענטער צו די בערג. זי איז געגאנגען פאראויס און ער איז ניט ווילענדיג איהר נאכגעגאנגען:

— וואוהין פיהרט איהר מיך? — האט ער מיט א שפאס א פרעג געטאן.

— אז איהר ווילט קומט מיט מיר.

— און זי דרייסט געווארען. זי האט געזאגט, אז זי ווייס פון אזא שעהנעם ווינקעל אין וואלד פון וואנען עס זעהט זיך דער גאנצער בארגיגער געגענד. זי האט גערעדט אפגעהאקט און עפעס ניט-דערזאגטעס איז געווען אין איהר האלטען זיך. אז ער האט איינגעשטימט מיטצוגעהן איז זי געווארען זעהר פרעהליך און א קוק געגעבען אויף איהם מיט איהרע מוטנע אויגען. מען האט געקענט זעהן אז ער איז איהר געפעלען. און דאס האט איהם געבראכט אין א גוטער שטימונג. דער וועג האט זיך געשלענגעלט צווישען ווילדע גראזען און קוסטעס. געהענדיג האט זי איהם דערצעהלט ווי זי האט ליב אפט צו שפאצירען איינע אליין און יעדען מאל אויסצוגעפינען נייע, שעהנע ווינקעלעך.

זיי זיינען ארוים אויף א פרייען פעלד און דא זיינען זיי שטעהן געבליבען. פאר זייערע אויגען האבען זיך געשפרייט וואונדערליכע, גרינע ווייטקייטען. פעלדער אנגעטרונקען מיט זון. א קייט פון בערג איינער ריזיגער פון אנדערען, ביז צום האריזאנט. ביידע זיינען געווען אנטציקט פון די שעהנקייטען ארום זיי.

— איך זעה, אז איהר זייט שוין מיט דעם געגענט גוט באקאנט — האט ער געזאגט.

— אינטערעסאנט איז, אז מען וויל זיך אומקערען צוריק מוז מען ניט געהן מיט דעם זעלבען וועג, — האט זי איהם דערצעהלט. — עס זיינען דא א סך וועגען, וואס פיהרען פון דאנען צום האטעל.

זי איז אלץ מעהר באלעבט געווארען. איהרע באוועגונגען זיינען געווארען פרייער, בויגיגער, און דאס פנים יוגענטליכער און שעהנער. „זי ווייזט אויס צו זיין אינטערעסאנטער ווי איך האב אין אנהויב פון איהר געדענקט", האט ער פאר זיך געגעבען א טראכט. זיי האבען זיך צוגעזעצט אונטער א שאטענדיגען בוים.

— איך ווייס דאך אפילו ניט אייער נאמען? — האט ער איהר פארקוקט אין די אויגען.

— א, צו וואס דארפט איהר עס וויסען, — האט זי א לאך געטאן. — ס'איז גוט אזוי א, אז מיר ווייסען גאר ניט איינע פון די אנדערע.

זי האט דערנאך גערעדט ווי ליב זי האט די איינציגע, גוטע מינוטען, א מינוט אזא, וואס טיילט זיך אויס פון די סך וואכעדיגע און שווערע טעג. און אז איצט איז ביי איהר אזא גוטע מינוט. ער האט איהר אנגעקוקט פארוואונדערט. — אינטערעסאנט, זעהר אינטערעסאנט, — האט ער אנגעקוואלען פון איהר.

— זאגט מיר וואס טוט איהר אין שטאט? — האט ער אלץ מעהר געוואלט פון איהר וויסען.

— לאמיר איצט ניט ריידען פון שטאט, — האט זי אפגעענטפערט מיט א טאן א זארגלאזען און א הפקר'דיגען. ווי אנגעזאפט מיט צופיל פרייהייט האט זי ניט געקענט איינזיצען רוהיג אויף איהר ארט. זי האט זיך אנגעבויגען צו איהם און מיט ביידע הענט צערפאטעלט זיין שעהנעם קאפ האר.

— איך בין אזוי ווי שיכור און איך ווייס ניט וואס איך טו, — האט זי זיך ווי פארענטפערט פאר איהם, דערפאר וואס זי איז אזוי צוגעלאזען צו א מאן א פרעמדען, וואס מיט א האלבען טאג צוריק האט זי איהם גאר ניט געקענט.

— איהר זייט א שטיפערקע, — האט ער אויך א לוסטיגער איהר אפגעענטפערט.

אז ער האט איהר ארומגענומען האט זי אנטגעגען איהם זיך ניט געוועהרט, נאר שעמעוודיג זיך פארשטעלט דאס פנים מיט ביידע הענט.

ארום זיי האט א טיפע שטילקייט גערוהט, איבערגעריסען נאר מיט דעם זינגענדיגען כאר פון די זומער-פליגעלעך און גרילען. ער האט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן ווייכען, שאטענדיגען גראז און א שווייגענדיגער געקוקט אין בלויען הימעל אריין. זי האט זיך אראפגעבויגען צו איהם און צערטלענדיג איהם האט זי זיך איינגעקוקט אין זיין פנים.

— זאגט מיר פון וואס טראכט איהר איצט? אודאי פון מיר?

—א, איך טראכט איצט פון גארניט. — זיין קול איז געווען ווי פון זעהר א צופרידענעם מענשען. זי האט אויפגעכאפט זיין בליק געווענדעט אויף איהר, א רוהיגען און ניכטערען, ווי ער וואלט איהר געפארשט. ניט ווילענדיג האט זי זיך צונויפגעצויגען. איהרע שמאלע פלייצעס האבען א ציטער געטאן און איהם האט זיך געדוכט ווי א שאטען פון טרויער לויפט דורך איבער איהר פנים. נאר באלד האט זי זיך געגעבען א שטעל אויף.

— ס'מוז שוין זיין גאר שפעט. צייט פאר אונז צו געהן צוריק צום האטעל.

זי האט זיך אזוי ווי געצוואונגען צו האלטען זיך פריי און גוט אויפגעלייגט. זי האט איהם אנגענומען פאר די הענט און געהאלפען איהם אויפשטעהן פון דער ערד.

— צוריק וועלען מיר געהן דורך גאר אן אנדער וועג, דורך א „שארט-קאט", — האט זי א לוסטיגע א זאג געטאן. ער האט געזעהן ווי זי האלט זיך איצט שטאלץ אנטגעגען איהם, ווי זי וואלט געווען די שטארקערע. איהר זעלבסטשטענדיגע מאניערע האט איהם גערייצט און ער האט אין דער מינוט ניט געפונען וואס צו זאגען.

אז זיי זיינען צוגעקומען צום האטעל איז שוין געווען פארנאכט און לאנגע שאטענס האבען זיך געצויגען פון די בוימער איבער דער ערד. ביים אריינגאנג פון האטעל האט זיך שוין געזעהן דער געוועהנליכער רעש. נייע געסט זיינען אנגעקומען און עטליכע פון די אלטע האבען זיך געקליבען פאהרען אהיים, און עס איז געווען א געלאף פון מענשען הין און צוריק. באלד האט מען שוין גערופט גרייטען זיך צום סאפער. זי האט זיך אפגעשטעלט און געגעבען איהם די האנט ווי אויף זעגענען:

— גוד-באי — האט זי געזאגט.

ער האט נישט פארשטאנען פאר וואס עפעס „גוד-באי".

— מיר וועלען זיך דאך נאך זעהן היינט! — האט ער געהאלטען איהר האנט אין זיינער.

— איך פאהר נאך היינט אוועק. אפשר באלד מארגען אין דער פריה, — האט זי א לאך געטאן. — איך האב גאר פארגעסען דאס אייך צו דערצעהלען.

— אבער גיט מיר אייער אדרעס. איך וועל אייך קומען זעהן אין שטאט.

— ניין, צו וואס? — האט זי אזוי ווי זיך גערייצט מיט איהם. — איך וואלט ניט וועלען איהר זאלט קומען. זאל דער היינטיגער טאג פארבלייבען צווישען אונז ווי אן אנדענקונג פון א גוטער מינוט. זי האט געשמייכעלט, נאר איהרע מוטנע אויגען זיינען אויף א ווײלע העלער געווארן, וואס דאס האט איהם דערצעהלט פון איהר אינווייניגסטער צערודערונג.

ער האט אלץ געוואלט זי זאל אנהויבען ריידען פון איהרע געפיהלען צו איהם. זי וועט באלד ווערען סענטימענטאל און זאגען איהם ווי זי וועט בענקען, אז זי וועט איהם מעהר ניט זעהן. נאר אנשטאט דעם האט זי זיך גענומען איילען און שוין פרעמדליך האט זי א זאג געטאן:

— נו, איך וועל שוין געהן צו זיך אין צימער. איך מוז זיך איבערטאן צום סאפער.

זי האט ניט געווארט ביז ער וועט איהר עפעס זאגען און זי האט זיך געלאזט געהן. גיך, גיך איז זי געלאפען איבער'ן באגראזטען פעלד צו דער געביידע וואו עס זיינען די צימערען געווען. זי האט אויסגעזעהן צונויפגעצויגען און האט זיך אויף קיינעם ניט אומגעקוקט, ווי זי וואלט וועלען אויסמיידען מענשען. ער איז געשטאנען און געזעהן איהר לויפען, ביז זי איז פארשוואונדען פון אויג. און פארוואונדערט האט ער געהויבען מיט די אקסלען:

„א מאדנע פרוי" — האט ער פאר זיך אליין געגעבען א זאג ארויס.

ער איז באלד ארויף אויפ'ן ווערענדע און באלד האבען די געסט איהם ארומגערינגעלט פון אלע זייטען. ער האט זיך אויסגעמישט מיט'ן עולם און ער איז איצט געווארען זעהר גוט אויפגעלייגט און געקענט שוין אפענטפערן יעדען מיט א פרעהליכען ווערטעל און מיט א וויץ. ביים סאפער האט ער אין גרויסען עס-צימער געזוכט מיט די אויגען יענעם ווינקעל וואו זי האט באדארפט זיצען ביי איהר טישעל. זי איז געקומען צום סאפער א פארשפעטיגטע. אז ער האט דערנאך דערזעהן איהר אויף דער ווערענדע, איז ער א נייגעריגער צוגעגאנגען צו איהר. געפרעגט איהר ווען זי פאהרט.

— איך פאהר מארגען באלד אין דער פריה, — האט זי איהם געזאגט. זי האט ניט ארויסגעוויזען קיין שום פארלאנג מעהר מיט איהם צו פארברענגען.

— איך וועל שוין געהן. איך דארף נאך היינט איינפאקען מיינע זאכען, — האט זי שטיל ארויסגערעדט. איהר פנים האט איצט אויסגעקוקט מיד און פארשלאפען, ווי ביי טאג, מיטאג-צייט, ווען ער האט איהר צום ערשטען מאל דערזעהן.

# די אויגען פון גאַנץ אַמעריקע זיינען געווענדעט אויפ'ן מעיאָר עלעקשאָן אין ניו יאָרק; אַ זיג פאַר לאַגוואַרדיאַ וועט זיין אַ זיג פאַר רוזוועלט'ן

**וואס איז דער אמת'ער אמת וועגען די „אישוס" אין דעם איצטיגען קאמפיין פאר מעיאר אין ניו יארק. — ווער עס איז פאר און ווער עס איז געגען מעיאר לא גווארדיא.—אין וואס פאר א צושטאנד ער האט געפונען ניו יארק מיט אכט יאהר צוריק און די לאגע היינט צו־טאג. — לאגווארדיא'ס מוטיגער קאמף געגען היטלעריזם און אנטיסעמיטיזם. — ער איז דער איינציגער מעיאר, וועלכער האט א פלאץ ביי די זיצונגען פון פרעזידענט'ס מיניסטארען־קאבינעט. — די פיר גרויסע אמטען, וואס לאגווארדיא האט.**

פון ב. לעוויטין

דער וואהל קאמפיין פאר דער ערוועהלונג פון א מעיאר און א שטאטראטה (סיטי קאונסיל), אין ניו יארק איז שוין אזוי גוט ווי פארענדיגט. היינט און מארגען וועלען נאך געהאלטען ווערען רעדעס אויף דער ראדיא און אויף א צאהל פארזאמלונגען, אין א פארזוך צו בעאיינפלוסען די בירגער צו שטימען פאר דעם אדער יענעם קאנדידאט. אבער קיין ענדערונג אין דעם רעזולטאט פון די וואהלען וועלען די לעצטע קאמפיין רעדעס ניט מאכען. ווען די וואהלען וואלטען פארגעקומען היינט אנשטאט דינסטאג, וואלט העכסט־ווארשיינליך דער רעזולטאט געווען דער זעלבער. די בירגער האבען ביי זיך שוין אפגעמאכט ווי אזוי צו שטימען, און דעם באשלוס זייערען וועלען זיי אויסדריקען אין עלעקשאן טאג, ווען זיי וועלען אפגעבען זייערע שטימען.

## דער אינטערעס איבער'ן גאנצען לאנד אין דעם ניו יארקער קאמפיין

דער וואהל קאמפיין אין ניו יארק, כאטש עס האנדעלט זיך וועגען ערוועהלען א שטאדט אדמיניסטראציע, האט ארויסגערופען גרויס אינטערעס איבערן גאנצען לאנד. ווען מען בלעטערט דורך די צייטונגען וואס קומען אן פון דער מיטעל־וועסט, פון דער סאוטה, אדער פון די שטאאטען ארום דעם פאסיפישען אקעאן, קען מען מיינען, אז לאגווארדיא איז ניט דער קאנדידאט פאר מעיאר פון ניו יארק, נאר עפעס פאר א וויכטיגען נאציאנאלען אמט. זעלטען ווען א שטאטישער קאמפיין האט ארויסגערופען אזא גוואלדיגען אינטערעס איבערן גאנצען לאנד. אפילו דער פרעזידענט האט געפונען פאר נויטיג אריינצומישען זיך אין דעם ניו יארקער קאמפיין און געבען זיין אינדארסמענט צו איינעם פון די צוויי הויפט קאנדידאטען וואס לויפען פאר מעיאר. דאס צייגט, אז דער האי־יאהריגער עלעקשאן פאר א שטאדטישער אדמיניסטראציע פון נויארק איז פון גרויס וויכטיגקייט, ניט בלויז פאר דער שטאדט ניו יארק, נאר אויך פאר'ן גאנצען לאנד.

אז עלעקשאן אין ניו יארק, ווען אפילו ער טראגט א לאקאלען כאראקטער, רופט ארויס א היבשען אינטערעס איבער גאנץ אמעריקע. ניו יארק איז נאך אלעמאל די גרעסטע שטאט אין לאנד. ניו יארק איז דער וועלט־צענטער פון פינאנץ, אינדוסטריע און לעצטענס אויך פון דער מאדע. די שטאט נויארק האט מער איינוואוינער ווי 12 פון די קלענערע שטאטען אין לאנד צוזאמענגענומען. זי האט א גרעסערע באפעלקערונג ווי מאנכע מלוכות אין איירָאפּע און אויפ'ן אמעריקאנישען קאנטינענט. די פראבלעמען פון פארוואלטען אזא שטאט זיינען א סך קאמפליצירטער ווי די פארוואלטונג פון א גאנצען סטעיט. אין קיין לאנד, אויסער די פאראייניגטע שטאטען, געפינט מען ניט אזא פארשידענארטיגע באפעלקערונג, ווי אין דער שטאט ניו יארק. דער מעיאר פון ניו יארק האט דעם שווערסטען דזשאב, אויסער דעם פרעזידענט, וואס אן ערוועהלטער באאמטער קאן האבען. עס איז דעריבער נאטירליך, אז מען זאל זיך אפילו אונטער נארמאלע אומשטענדען אינטערעסירען מיט דער פערזאן, וואס דארף פארוואלטען די גרעסטע און רייכסטע שטאט ניט נאר אין אמעריקע, נאר אין דער גאנצער וועלט.

דער האי־יאריגער עלעקשאן פאר א נייער שטאט־אדמיניסטראציע פון ניו יארק האט א ספעציעלע באדייטונג. פאר יאהרען און יאהרען איז ניו יארק געלעגען אין די הענט פון דער קארופטירטער באנדע פאליטישענס, וואס די וועלט האט פארמאגט. טעמעני האל האט מיט איהר קארופטער הערשאפט אזוי פאר'מיאוס'ט די שטאט אין די אויגען פון גאנץ אמעריקע, אז מען האט געקוקט אויף איהר מיט שפאט און מיט שאנדע. די פראגרעסיווע עלעמענטען פון ניו יארק האבען געמאכט איניגע פארזוכען אפצואווישען דעם טעמעני שאנד־פלעק פון דער שטאט. אבער זיי איז דאס ניט געלונגען. טאמער איז אמאל יא געלונגען דורכצוברעכען די טעמעני־פעסטונג און ערוועהלען א רעפארם־אדמיניסטראציע, האט זי לאנג ניט אנגעהאלטען. דער טעמעני־טיגער האט זיך אלעמאל צוריקגעקעהרט און האט ווידער פארכאפט די הערשאפט איבער דער שטאט. דאן איז געקומען לאגווארדיא און האט ארויסגעשליידערט דעם טעמעני־טיגער פון סיטי האל. די טעמעני ארגאניזאציע האט געקראגען אזא קלאפ, אז זי האט זיך ניט געקאנט קומען. לאגווארדיא'ס עלעקשאן פאר א צווייטען טערמין האט געגעבען דעם טעמעני־טיגער א טויט־קלאפ. אהן גרעפט און קארופציע קען דער טעמעני־טיגער ניט לעבען. ווען מען זאל איהם ניט צולאזען צו דער שטאטישער קאסע נאך א פאר יאהר, וועט ער אינגאנצען אויסגעהן פון הונגער. דערפאר מאכט טעמעני האל איצט אזא אנשטרענגונג צוריקצוקומען צו דער מאכט. די פראגרעסיווע בירגער פון שטאט, וועלכע ווילען ניט דערלאזען, אז ניו יארק זאל ווידעראמאל באפלעקט ווערען פון א קארופטער טעמעני אדמיניסטראציע, זיינען אנטשלאסען ווידער אמאל צו ערוועהלען לאגווארדיא'ן פאר מעיאר. נאך פיר יאהר פון זיין אדמיניסטראציע, און פון דער טעמעני ארגאניזאציע וועט גארניט בלייבען.

מיט אט דעם קאמף צווישען טעמעני און די אנטי־טעמעני כחות איז פאראינטערעסירט דאס גאנצע לאנד.

דאן קומט דער אינטערעס אין מר. לאגווארדיא גופא. ער פארענדיגט זיין צווייטען טערמין אלס מעיאר פון ניו יארק, און ער איז איצט א קאנדידאט פאר א דריטען טערמין.

פאר אן אנטי־טעמעני קאנדידאט אויסצוהאלטען צוויי טערמינען איז אן און פאר זיך א געשעהעניש. עס האט נאך פריהער קיינמאל ניט פאסירט, אז א רעפארם־מעיאר, ווען עס איז געלונגען צו באזיגען דעם טעמעני־קאנדידאט ביי אן עלעקשאן, זאל ערוועהלט ווערען פאר א צווייטען טערמין. לאגווארדיא האט דאס דערגרייכט. נאכמעהר, עס איז כמעט ווי זיכער, אז ער וועט ערוועהלט ווערען פאר א דריטען טערמין. די גאנצע פראגרעסיווע אמעריקע ווארט דעריבער מיט שפאנונג אויף דעם רעזולטאט פון די דינסטאגדיגע וואהלען. די פראגע איז: וועט ניו יארק נאכפאלגען דעם ביישפיל פון דעם לעצטען נאציאנאלען עלעקשאן און וועט ערוועהלען לאגווארדיא'ן פאר א דריטען טערמין, פונקט ווי דאס לאנד האט ערוועהלט רוזוועלט'ן פאר א דריטען טערמין פאר פרעזידענט? אלע סימנים צייגען, אז ניו יארק וועט געהן ווי דאס גאנצע לאנד איז געגאנגען לעצטען נאוועמבער, און לאגווארדיא וועט פארבלייבען מעיאר פון ניו יארק פאר נאך פיר יאהר צייט.

## מעיאר לאגווארדיא און פרעזידענט רוזוועלט

עס זיינען פאראן א רייהע אורזאכען וואָרום ניו יארק זאל נאכפאלגען מיט איהר שטאטישען עלעקשאן דעם ביישפיל פון פאראיאהריגען נאציאנאלען עלעקשאן, ווען פרעזידענט רוזוועלט איז ערוועהלט געווארען פאר א דריטען טערמין. מר. רוזוועלט און מר. לאגווארדיא האבען פילע געמיינשאפטליכע כאראקטעריסטישע שטריכען און זיי האבען דורכגעמאכט עהנליכע קאריערעס אין זייערע רעספעקטיווע אמטען.

ביידע, אי רוזוועלט, אי לאגווארדיא זיינען פראגרעסיווע מענשען, שטארקע אנהענגער פון פרייהייט און דעמאקראטיע, און ביטערע שונאים פון יעדער פארמע פון דיקטאטור. מר. רוזוועלט האט געשאפען דעם „ניו דיל" און לאגווארדיא איז גלייך געווארען איינער פון זיינע שטארקסטע אנהענגער. מר. רוזוועלט האט אריינגעבראכט דעם „ניו דיל" איז דער נאציאנאלער פאליטיק און לאגווארדיא האט עס דורכגעפיהרט אין דער ניו יארקער שטאט־פארוואלטונג. מר. רוזוועלט איז געקומען צו זיין אמט אין דער פינסטערסטער פעריאדע אין דער אמעריקאנער געשיכטע. דאס לאנד איז געשטאנען אויפ'ן שוועל פון באנקראט; ארבייטסלאזיגקייט איז געווען שרעקליך גרויס; די גאנצע פינאנציעלע סטרוקטור פון לאנד האט געהאלטען אין צוזאמענברעכען. א דאנק זיינע „ניו דיל" רעפארמען און א דאנק זיין אונערמידליכען קאמף געגען די קארופטע פאליטישענס און די שווינדלערישע ביזנעס־מעטאדען פון וואל סטריט איז דעם פרעזידענט געלונגען ארויסצושלעפען דאס לאנד פון דעם שרעקליכסטען קריזיס אין איהר געשיכטע און ארויפפיהרען זי צוריק אויפ'ן וועג פון פראספעריטי.

עהנליכעס האט פאסירט מיט לאגווארדיא'ן. אין 1933, ווען ער האט איבערגענומען דעם אמט פון מעיאר, איז די שטאט ניו יארק געשטאנען אויפ'ן שוועל פון באנקראט. די טעמעני אדמיניסטראציע פון מעיאר וואקער האט איבערגעלאזען די שטאט איינגעטונקט אין חובות. אלע שטאטישע דעפארטמענטס זיינען געווען נעסטען פון גרעפט און קארופציע. די שטאט איז געווען פאר'משכנ'ט ביי די באנקירען. דער קרעדיט איז געווען אזוי שלעכט, אז די שטאט־רעגירונג האט ניט געקענט קריגען קיין הלוואות אפילו פאר הויכע פראצענטען. די ארבייטסלאזיגקייט אין שטאט איז געווען גוואלדיג גרויס. מען האט געדארפט האבען גרויסע סומען געלט פאר רעליף און קיין געלט איז ניט געווען אפילו פאר די רעגעלע הוצאות פון דער שטאט־רעגירונג.

לאגווארדיא האט פארקאשערט די ארבעל און האט זיך גענומען צו דער ארבייט. צוערשט האט ער אויסגערייניגט פון די שטאטישע דעפארטמענטס די טעמעני גרעפטערס און די בודעל־פאליטישענס, וועלכע האבען געקראגען אומזיסטע וועידזשעס פאר ארבייט, וואס זיי האבען ניט געטאן. דאן האט ער זיך גענומען מאכען א טאלק אין די פינאנצען פון שטאט. ער האט איינגעפיהרט א רייהע רעפארמען. אנשטאט די טויגעניכטסען, מיט וועלכע טעמעני האט באזעצט אלע שטאטישע דעפארטמענטס, האט לאגווארדיא אנגעשטעלט עהרליכע מענשען, עקספערטען, וואס ווייסען ווי אזוי אנצופיהרען יעדען באטרעפענדען דעפארטמענט. דער רעזולטאט איז געווען, אז נאך איידער זיין ערשטער טערמין האט זיך פארענדיגט איז שוין ניו יארק ארויסגעקראכען פון דעם באנקראט צושטאנד און דער קרעדיט פון דער שטאט איז אויפגעהויבען געווארען אזוי הויך, אז די שטאט האט געקאנט בארגען געלט אין די באנקען פאר גאר א קליינעם פראצענט. די בירגער האבען אפגעשעצט זיין ארבייט און האבען איהם ערוועהלט פאר א צווייטען טערמין מיט נאך א גרעסערער מאיאריטעט, ווי ער איז ערוועהלט געווארען צום ערשטען מאל.

אין זיין צווייטען טערמין האט מעיאר לאגווארדיא באפרייט ניו יארק פון דעם אזוי־גערופענעם „בענקערס אגרימענט", לויט וועלכען די באנקירען האבען געהאט די דעה איבער דעם, וואס די שטאט זאל מעגען אונטערנעהמען אין קהל'שע ארבייטען. די שטאט האט אפגעצאהלט דעם חוב צו די באנקירען, און זי וועט ביי זיי מעהר ניט דארפען אנפרעגען ווען זי וועט וועלען אונטערנעהמען א וויכטיגע ארבייט.

די נאהענטע פריינדשאפט צווישען פרעזידענט רוזוועלט און מעיאר לאגווארדיא האט געבראכט גרויסע נוצען פאר דער שטאט. מר. לאגווארדיא האט שטענדיג באקומען גרויסע סומען געלט פון דער פעדעראלער רעגירונג צו העלפען דורכפיהרען וויכטיגע שטאטישע אונטערנעהמונגען. אלס רעזולטאט זיינען אין ניו יארק אין משך פון די לעצטע אכט יאהר אויסגעבויט געווארען פילע נייע סקולס, פארקס, טונעלען און גאנצע רייהען מאדערנע אפארטמענט הייזער מיט ביליגע רענט פאר ארימע מאסען. מיט דער הילף פון דער „דאבעליו. פי. עי." האט מעיאר לאגווארדיא מאדערניזירט און אינגאנצען געענדערט דעם אויסזעהן פון פילע געגענטען, וועלכע זיינען געווען אנגעפיקעוועט מיט אלטע חורבות, אמת'ע פייער־פאסטקעס. אין די אכט יאהר האט ניו יארק באקומען א פיל שעהנערען אויסזעהן, פונקט ווי דאס גאנצע לאנד איז פארשעהנערט געווארען דורך די האוזינג־פראיעקטען, וואס די רוזוועלט אדמיניסטראציע האט געהאלפען דורכפיהרען אין פארשידענע שטעט.

מר. לאגווארדיא האט אריינגעבראכט א נייעם גייסט אין די פארשיידענע שטאטישע דעפארטמענטס. אונטער די טעמעני אדמיניסטראציעס איז דער פאליס דעפארטמענט געווען דער סימבאל פון כאבאר און קארופציע. דער פאליסמאן איז געווען אן אגענט פון דער אונטערוועלט. דער טענעמענט הויז דעפארטמענט, דער סאניטעישאן דעפארטמענט זיינען געווען נעסטען פון קארופציע. אפילו דער העלט דעפארטמענט איז אונטער טעמעני געווען א קוואל פון גרעפט, כאטש דאס האט געשטעלט אין געפאהר דעם געזונט פון דער באפעלקערונג. איצט קען מען די זעלביגע דעפארטמענט כמעט ווי ניט דערקענען. די ניו יארקער פאליציי איז איינע פון די פיינסטע אין לאנד און דער דעפארטמענט איז ריין פון כאבאר, ווי ווייט עס איז מעגליך צוריקצוהאלטען א פאליסמאן פון „לאפקע־געלט". דער געזונדהייטס דעפארטמענט האט אויפגעטאן א סך גוטעס פאר דעם געזונט פון דער שטאדטישער באפעלקערונג. דער דעפארטמענט און פארקס ווערט געלויבט אפילו פון דעם מעיאר'ס געגנער, פאר דער וואונדערבארער ארבייט וואס ער האט געטאן אויפ'ן געביט פון בויען נייע פארקס און שפיל פלעצער פאר קינדער. דער מעיאר האט אויך דורכגעפיהרט דעם פלאן צו פאראייניגען אלע סאבוויס אונטער שטאטישער פארוואלטונג, א חלום וועגען וועלכען רעפארמער האבען געטרוימט זייט פילע יאהרען. די סאבוויים וואס די שטאדט האט געבויט איז אונטער לאגווארדיא'ס אדמיניסטראציע אויסגעשפרייט געווארען איבער דער גאנצער שטאדט. מיט איין ווארט, דער מעיאר האט אין זיין צווייטען טערמין אויפגעטאן נאך מעהר ווי אין דעם ערשטען, און ער פארדינט זיכער, אז מען זאל אים ערוועהלען פאר א דריטען טערמין.

## די אישוס פון דעם קאמפיין

אין דעם ניו יארקער קאמפיין איז פאראן איין הויפט־אישו—„גוד גאווערנמענט". די פראגע איז, צי זאל ניו יארק פארבלייבען אין די הענט פון דעם מעיאר, וועלכער האט פאר די לעצטע אכט יאהר געגעבען דער שטאט אן עהרליכע און פעהיגע אדמיניסטראציע, אדער זאל מען האי־יאהר ווידער איבערגעבען די שטאט צו טאמאני און דער סיטי האל זאל ווידער ווערען א נעסט פון גרעפט און קארופציע ווי אין די אלטע צייטען, ווען די טעמעני באסעס האבען געהערשט איבער ניו יארק.

דאס איז די וויכטיגסטע אישו און דאס האט געדארפט באווירקען דעם רעזולטאט פון די וואהלען. אין דער אמת'ען וועט אבער דער עלעקשאן באשטימט ווערען פון אן אישו וואס האט ניט קיין דירעקטע שייכות מיט דער שטאט־פארוואלטונג פון ניו יארק. די אישו איז ניט קיין נייע, אבער אין די לעצטע עלעקשאנס איז זי שטענדיג אויפ'ן טאג־ארדנונג. די אישו איז רוזוועלט. מעיאר לאגווארדיא וועט קריגען מעהר וואוטס דערפאר וואס ער איז א שטארקער אנהייגער פון פרעזידענט רוזוועלט'ס „ניו דיעל" און דערפאר וואס ער שטיצט זיין אויסלענדישע פאליטיק, ווי צוליב דעם, וואס ער איז דער בעסטער מעיאר וואס ניו יארק האט ווען געהאט. די ביידע אישוס—„גוד גאווערנמענט" און די רוזוועלט אישו ווערען פאקטיש איגנארירט אין דעם קאמפיין. דער טעמעני־קאנדידאט, א'דוואיער, האט זיך מורא צוצוריהרען צו ביידע אישוס. ער האט פרובירט אויפבלאזען איינגע זייטיגע אישוס, אבער עס איז ניט געגאנגען. צוערשט האט ער אויפגעכאפט די אישו פון קאמוניזם. דער טאמאני קאנדידאט האט באשולדיגט מעיאר לאגווארדיא, אז ער מאכט חנ'דלער צו די קאמוניסטען און דערפאר האבען זיי איהם געגעבען זייער ברכה אין דעם עלעקשאן. אויף דעם האט דעם לאגווארדיא געענטפערט, אז ער איז מוחל דעם טעמעני קאנדידאט די קאמוניסטען מיט זייער אינדארסמענט און זייערע וואוטס. ווען דער ארגומענט האט זיך ניט צוגעקלעפט, האט א'דוויער געמאכט א גוואלד, אז וואל סטריט האט באשטימט א מיליאן דאלאר קאמפיין פאנד צו ערוועהלען לאגווארדיא'ן. אויף דעם האט דער מעיאר געענטפערט מיט אן אפאינטמענט פון א קאמיטע פון צוויי, איינער פון א'דוויער'ס לאגער, צו אונטערזוכען זיינע קאמפיין הוצאות. דער געשריי האט אויך ניט אויסגענומען. דאן איז א'דוויער געקומען מיט אן אישו, אז צוליב לאגווארדיא'ס פארשווענדערישער אדמיניסטראציע איז דער ווערטה פון ניו יארקער ריעל עסטעיט אסך איבערשאצט אין ווערטה און צוליב דעם מוזען די ניו יארקער צאהלען הויכע ריעל עסטעיט טעקסעס. האט דער מעיאר גלייך באוויזען, אז א'דוויער ווייסט ניט וואס ער רעדט. זינט לאגווארדיא האט איבערגענומען די שטאט־פארוואלטונג האט ער פארקלענערט די אסעסמענטס אויף ריעל עסטעיט אויף מער ווי פיר ביליאן דאלאר פון דער סומע וואס די טעמעני אדמיניסטראציעס האבען איבערגעלאזען.

אט אזוי האבען די אויפגעבלאזענע אישוס געפלאצט איינע נאך דער אנדערער און די בירגער זיינען פארבליבען ביי דער איבערצייגונג, אז זיי וועלען גאר ניט כאפען קיין מציאה ווען זיי וועלען פארבייטען לאגווארדיא'ן אויף דעם טאמאני קאנדידאט.

## לאגווארדיא'ס פיר וויכטיגע אמטען

צו זיין דער מעיאר פון אזא שטאט ווי ניו יארק איז א גאנץ היבשער דזשאב, איבערהויפט ווען מען באציהט זיך צו דעם אמט מיט ערנסט און מיט דער נויטיגער פאראנטווארטליכקייט. מר. לאגווארדיא האט ערפילט זיין פליכט אויף אזא אופן, אז מען קען גאנץ אויפריכטיג זאגען, אז ער איז ניט נאר דער בעסטער מעיאר וואס ניו יארק האט ווען געהאט, נאר אויך דער בעסטער מעיאר וואס ניו יארק האט גיזקענט ווינשען צו האבען.

אבער מר. לאגווארדיא איז א צו פעהיגער און א צו־ענערגישער מענש, אז מען זאל אים איבערלאזען בלויז צו פארוואלטען די שטאט ניו־יארק. אין דעם איצטיגען נאציאנאלען קריזיס דארף מען האבען פעהיגע און ענערגישע מענשען פאר וויכטיגע פאסטענס אויפ'ן געביט פון נאציאנאלער פארטיידיגונג. אזעלכע פעהיגע מענשען זיינען אבער פאראן ווייניג. האט פרעזידענט רוזוועלט געפונען פאר נויטיג צו „קידנעפען" לאגווארדיא'ן פאר גרעסערע ארבייט. אזוי, צום ביישפיל, האט דער פרעזידענט געדארפט האבען א פעהיגען און ענערגישען מענשען צו ארגאניזירען צוזאמען מיט קענעדע די געמיינשאפטליכע פארטיידיגונג פון קענעדע און אמעריקע ביי די צפון ברעגען פון אטלאנטישען אקעאן, האט ער זיך געווענדעט צו לאגווארדיא'ן, ער זאל איבערנעהמען דעם דזשאב. און לאגווארדיא איז געווארען דער פארזיצער פון דער אמעריקאנער קאמיסיע וועלכע פיהרט אן מיט דער ארבייט.

דאן איז אויפגעשוואומען די פראבלעם פון ארגאניזירען די ציווילע פארטיידיגונג פון לאנד, אין פאל א שונא וועט אמאל פרובירען מאכען א לופט אטאקע אויף אמעריקאנער שטעדט. ווידער אמאל איז דער גורל געפאלען אויף לאגווארדיא'ן. דער ניו יארקער מעיאר איז געווארען דער הויפט פון ציווילער פארטיידיגונג. דאס בארעכטיגט איהם צו א פלאץ ביי די זיצונגען פון דעם פרעזידענט'ס מיניסטארען קאבינעט. לאגווארדיא איז דער איינציגער וועלכער זיצט אין פרעזידענט'ס קאבינעט, אין דער צייט וואס ער פארנעהמט דעם אמט פון מעיאר פון א שטאדט.

אין דער צייט פון דער דיפרעסיע האבען זיך פילע שטעדט אין אמעריקע געפונען אין א זעהר געדריקטער פינאנציעלער לאגע. גלייכצייטיג איז אויפגעשוואומען די רעליף פראבלעם פאר ארבייטסלאזע. האבען די מעיארס פון די וויכטיגסטע שטעדט פון לאנד באשלאסען צוזאמענצוקלייבען זיך צו באטראכטען די פראבלעם וואס דריקט אלע שטעדט אין לאנד. לאגווארדיא איז גלייך געווארען דער פארזיצער פון דער ארגאניזאציע פון מעיארס און דער אנפיהרער פון דער באוועגונג צו געבען רעליף דורך קאנסטרוקטיווע קהל'שע אונטערנעמונגען.

און מערקווירדיג איז, וואס טראץ דער פיל־זייטיגער טעטיגקייט פארנאכלעסיגט לאגווארדיא קיין זאך ניט אין דער פארוואלטונג פון ניו־יארק. פון דינסטאג ביז פרייטאג איז ער אין וואשינגטאן ביי זיין פאסטען אלס הויפט פון ציווילער פארטיידיגונג און אין זיין אמט אלס פארזיצער פון דער אמעריקאנער קאמיסיע פאר דער פארטיידיגונג פון אטלאנטישען ים ברעג ארום די פאראייניגטע שטאאטען און קענעדע. דאנערשטאג ביינאכט פליהט ער צוריק קיין ניו יארק, וואו ער פארבלייבט ביז דינסטאג צו ערפילען זיינע פליכטען אלס מעיאר. אמאל פארבלייבט ער אין וואשינגטאן ביז פרייטאג, ביטאג, כדי אנוועזענד צו זיין ביי א זיצונג פון דעם פרעזידענט'ס מיניסטארען קאבינעט.

לאגווארדיא'ס געגנער נוצען דאס אויס אלס אן ארגומענט געגען איהם. מיר ווילען, זאגען זיי, א „גאנצען" מעיאר, וועלכער זאל אפגעבען זיין גאנצע צייט צו זיין אמט. דער פאקט איז אבער, אז קיין מעיאר איז ניט געווען אזוי פינקטליך אין זיין ארבייט און ער האט ניט אויפגעפאסט פערזענליך צו אזוי פיל קלייניגקייטען, ווי עס טוט לאגווארדיא. מען קען וועגען איהם זאגען, אז ער איז טאג און נאכט אויפ'ן דזשאב. ברעכט אויס א פייער, איז לאגווארדיא גלייך אויפ'ן פלאץ; ווערט ערגעץ באגאנגען א פארברעכען, קומט דער מעיאר באלד אן און ער העלפט אין דער אויספארשונג. איהר קענט ביי איהם פועל'ן, אז ער זאל אריינפליהען אין מיטען דער נאכט, ווען ער דערוויסט זיך וועגען עפעס א וויכטיגער געשעהענים אין ניו יארק, ביי וועלכען ער געפינט פאר נויטיג צו זיין פערזענליך.

## ווער איז פאר לאגווארדיא און ווער איז געגען איהם

נאך אין איין זין איז דא א פארגלייך צווישען פרעזידענט רוזוועלט און מעיאר לאגווארדיא — זיי האבען דעם זעלבען סארט געגנער און געגען ביידען ווערען באנוצט עהנליכע ארגומענטען. פרעזידענט רוזוועלט איז באשולדיגט געווארען, אז ער איז א דיקטאטאר, אז ער רואינירט אמעריקא מיט זיינע רעפארמען און אז ער וויל אריינשלעפען דאס לאנד אין מלחמה.

עהנליכע טענות הערען מיר געגען מעיאר לאגווארדיא. פרעזידענט רוזוועלט האט אפגעווישט די פארטיי־ליניעס סאי אין באצוג צו זיינע נאכפאלגער און סאי אין באצוג צו זיינע געגנער. פילע דעמאקראטען זיינען געגען דעם פרעזידענט, כאטש ער אליין באלאנגט צו דער דעמאקראטישער פארטיי, און פילע רעפובליקאנער זיינען פאר איהם. דאס זעלבע איז מיט לאגווארדיא'ן. אפיציעל איז ער א רעפובליקאנער, אבער די קאנסערוואטיווע רעפובליקאנער זיינען געגען איהם. דערפאר זיינען די פראגרעסיווע דעמאקראטען פאר איהם.

פונקט ווי אין דעם פרעזידענט'ס פאל איז די הויפט זאך, וואס פאראייניגט אלע זיינע שונאים, דער האס צו איהם פאר זיינע רעפארמען און פאר זיין שנאה צו דעם היטלעריזם און פאשיזם, אזוי איז אויך דער פאל מיט מעיאר לאגווארדיא. זיין ראדיקאליזם און זיין שנאה צום היטלעריזם און פאשיזם האט פאראייניגט די רעאקציאנערען פון פארשידענע לאגערן געגען איהם. אזוי געפינען מיר אין דעם לאגער פון לאגווארדיא'ס געגנער אייסאלעישאניסטען, וועלכע זיינען אויף איהם אין כעס דערפאר וואס ער שטיצט פרעזידענט רוזוועלט'ס מלחמה־פאליטיק; נאצים און פאשיסטען, וועלכע זיינען ברוגז אויף איהם פאר זיין שנאה צו היטלער'ן און מוסאליני'ן, און קאגליניסטען, וועלכע זיינען געגען איהם פאר פארדאמען אנטיסעמיטיזם און פאר פארטיידיגען טאלעראנץ צו אלע פעלקער און אלע רעליגיעס.

צווישען לאגווארדיא'ס געגנער געפינט מען אפט מענשען, וואס שטעהען גאנץ נאהענט צו איהם אידעאלאגיש און וועלכע זיינען מיט איהם גוט באקאנט. אפילו אין דער לעיבאר פארטי האט ער זיינע געגנער. אין דעם איז פיל שולדיג דעם מעיאר'ס טעמפעראמענט. וועגען דעם מעיאר האט זיינער א גוטער פריינט זיך אזוי אויסגעדריקט: „וואס נעהענטער מען איז צו איהם, אלץ מעהר איז מען געגען איהם און וואס ווייטער מען איז פון איהם, אלץ מעהר האט מען איהם ליב". דער זעלבער מאן האט אבער צוגעגעבען, אז די געגנערשאפט קומט פון דעם, וואס לאגווארדיא איז אן אימפולסיווער מענש און ער האט ניט קיין געדולד מיט אומפעהיגע און נאכלעסיגע מענשען. אין זיין פארזוך צו טאן ארבייט רעכענט ער זיך ניט מיט צערעמאניעס און איהם ארט ניט אויב ער „טרעט אימיצען אן אויף די היגער־אויגען". דאס איז ריכטיג ניט בלויז וועגען ניו־יארק; ער האנדעלט אזוי אויך אין וואשינגטאן. מען דערצעהלט וועגען איהם אזא זאך: ער האט געוואלט עפעס דורכפירען אין פארבינדונג מיט זיין אמט אלס הויפט פון ציווילער פארטיידיגונג. פאר דעם האט מען געדארפט האבען דעם פרעזידענט'ס צושטימונג. איז אנשטאט אויסצומאכען אן אפליקאציע פאר דעם פרעזידענט'ס ערלויבעניש און איבערשיקען עס אין ווהאיט־האוז און ווארטען ביז עס וועט קומען אן ענטפער, איז ער אליין אוועק צום פרעזידענט און האט איהם געבעטען ער זאל געבען זיין „א קעי" אויף זיין רעפארט. דער פרעזידענט האט געמאכט א צייכען אויפ'ן רעפארט, אז ער הייסט עס גוט.

ווען מען האט אויפמערקזאם געמאכט לאגווארדיא'ן, אז אזוי טוט מען ניט זאכען אין וואשינגטאן און אז מען דארף דורכגעהן א געוויסע פראצעדורע, האט ער זיך צושריען:

„צום טייפעל מיט פראצעדורע. די ארבייט מוז גלייך געטאן ווערען".

איינינע באאמטע אין דעם אפיס פון ציווילער פארטיידיגונג האבען זיך באליידיגט, אבער לאגווארדיא האט אויסגעפירט און די ארבייט איז געטאן געווארען „אהן פראצעדורע".

צוליב זיין אימפולסיווען כאראקטער און צוליב זיין היציגען טעמפעראמענט האט ער געשאפען פילע שונאים אין די איגענע קרייזען פון זיינע מיטארבייטער. דערפאר האט ער אבער אן אומבאגרעניצטע צאל פריינט אין קרייזען וואס שטעהען פון דער ווייטענס. ביי א קאנפערענץ אין אן ענגען קרייז שאפט ער אפט שונאים. דערפאר אבער ווען ער שטעלט זיך אוועק רעדען ביי א גרויסער פארזאמלונג קען ער ברענגען דעם עולם צו דער העכסטער שטופע פון באגייסטערונג. ער האט א מערקווירדיגען כח פאר מאסען־אפיל. דערפאר זיינען די מאסען מיט איהם און פאר איהם.

## לאגווארדיא און די לעיבאר פארטי

אפיציעל איז לאגווארדיא א רעפובליקאנער. צו דער זעלבער צייט איז ער א מיטגליד פון דער אמעריקען לעיבאר פארטי. דער אמת איז, אז לאגווארדיא באלאנגט ניט צו קיין פארטיי, ווייל לויט זיין טעמפעראמענט קען ער ניט זיין קיין פארטיי מאן. ער איז נאך ווייניגער רעפובליקאנער ווי רוזוועלט איז א פארטיי דעמאקראט. אין דעם קאמפיין האט רוזוועלט, דער דעמאקראט, אינדארסירט לאגווארדיא'ן, דעם רעפובליקאנער, און האט דערמיט געגעבען א פאטש אין פנים דעם קאנדידאט פון זיין אייגענער פארטיי. דער פרעזידענט האט אפילו ריזיקירט זיין פריינדשאפט מיט דעם ניו יארקער גאווערנאר, הערבערט לעהמאן, די באריהמטע „הערב און פרענק" פריינדשאפט, ווייל ער האט אין לאגווארדיא'ן געפונען א זעהר פעהיגען און עהרליכען ארגאניזאטאר און שטאט־פארוואלטער. דער ניו יארקער קאמפיין האט ווידער צוטיילט רוזוועלט'ן און לעהמאנ'ען אין צוויי באזונדערע לאגערן, ווי עס איז געווען דער פאל אין דעם קאמף צו מאדערניזירען דעם סופרים קאורט. גאווערנאר לעהמאן שטיצט אין דעם קאמפיין א'דוויער'ן און רוזוועלט האט געגעבען זיין ענדארסמענט צו לאגווארדיא'ן.

אבער אויב לאגווארדיא איז ניט קיין פארטיי־מאן אין אמת'ן זין פון ווארט, איז ער אבער אהן צווייפעל א שטארקער אנהייגער פון דער לעיבאר פארטי און שטעהט אידעאלאגיש זעהר נאהענט צו דער ארבייטער באוועגונג. דעריבער זיינען כמעט אלע יוניאנס אין ניו יארק פאר לאגווארדיא'ן, און דאס באציהט זיך סיי אויף די א. פ. און ל. יוניאנס און סיי אויף די סי. איי. א. יוניאנס.

## די אנדערע קאנדידאטען אין דעם האי־יאריגען קאמפיין

דער הויפט קאמף אין דעם קאמפיין דרעהט זיך, ווי געזאגט, ארום דעם קאנדידאט פאר מעיאר. מען דארף אבער ניט פארגעסען די איבעריגע קאנדידאטען. א מעיאר, איינער אליין, אהן דער הילף פון דעם פרעזידענט פון סיטי קאונסיל און פון דעם קאנטראלער און פון די בארא פרעזידענטען, קען גאר ניט אויפטאן. די אלע בעאמטע זיינען מיטגלידער אין דער באארד און עסטימעיט ענד אפארשענמענט, וועלכע באשטימט די אויסגאבען פאר די פארשידענע שטאטישע אונטערנעמונגען. עס איז דעריבער וויכטיג צו ערוועהלען ניובאלד מאריס פאר פרעזידענט פון סיטי קאונסיל; פראפעסאר דזשאזעף ד. מעקגאלדריק, פאר קאנטראלער; מעטיו ליווי, דעם קאנדידאט פון דער לעיבאר פארטי, פאר בארא פרעזידענט פון דער בראנקס; ערגאר דזש. נייטהען, פאר בארא פרעזידענט פון מאנהעטען, ווי אויך די אנדערע בארא פרעזידענטען וואס לויפען אויף דעם טיקעט פון דער לעיבאר פארטי צוזאמען מיט לאגווארדיא'ן.

## דער סיטי קאונסיל

איך וויל דא ציהען ספעציעלע אויפמערקזאמקייט אויף דעם אויסוואהל פון מיטגלידער פאר'ן סיטי קאונסיל. דער סיטי קאונסיל ווערט ערוועהלט לויט דער סיסטעם פון פראפארציאנעלע פארטרעטערשאפט. אין יעדער בארא ווערען איבערגעצעהלט אלע וואוטס און נאכהער ווערט אויסגערעכענט וואס פאר א פראצענט פון דעם גאנצען וואוט אין דער בארא יעדע פארטיי האט באקומען אויף איהר טיקעט. לויט דער פראפארציע פון די וואוטס ווערט איינגעטיילט די צאהל קאונסיללייט, צו וועלכער די בארא איז בארעכטיגט. לויט דעם טשארטער איז יעדע בארא בארעכטיגט צו איין קאונסילמאן פאר יעדע 75 טויזענט שטימען וואס עס ווערען דארט אפגעגעבען אין עלעקשאן טאג. די לעיבאר פארטי האט א מעגליכקייט צו ערוועהלען א צאל קאונסיללייט אין די פארשיידענע בארא'ס פון גרעיטער ניו יארק. דאס איז זעהר וויכטיג, ווארים אויב טאמאני וועט פארכאפען אלע קאונסיל פלעצער, אדער אפילו א גרויסע מאיאריטעט פון די פלעצער, וועט זי קענען טאן פיל שאדען דער שטאט פארוואלטונג. די לעיבאר פארטי קאנדידאטען זיינען:

### מאנהעטען

פראפעסאר דזשארדזש קאונטס, פון קאלומביא אוניווערסיטעט, א באוואוסטער ליבעראל און פרעזידענט פון דער טיטשערס יוניאן.

דזשאזעף ראזענבערג, פרעזידענט פון דער מוזיקער יוניאן און א טראסטי פון דער סענטראל טרעידס ענד לעיבאר קאונסיל.

### בראנקס

סאלוואטארא נינפא, וויס־פרעזידענט פון דער א. ל. ג. וו. י. און מיטגליד פון סיטי קאונסיל פון 1937-41.

גערטרוד קליין, דזשענעראל ארגאנייזער פון אמאלגאמייטער און טשערמאן פון פרויען ארגאניזאציע צו באקעמפען דעם יקרות.

טשארלס רובינשטיין, פרעז. פון יונייטעד סיוויק אסס'ן פון די בראנקס. ער איז טעטיג אין פילע אנדערע ארגאניזאציעס.

### ברוקלין

אנדריו ארמסטראנג, מינאריטעט פיהרער אין סיטי קאונסיל 1938-39; פרעזידענט פרעסמענס יוניאן נומ. 2; מיטגליד פון גאוו. לעהמאנ'ס קאמיסיע געגען פארברעכענס.

סאלוואטארע נינפא, וויס־פרעזידענט פון אסעמבלי 1937.

לואיס פ. גאלדבערג, באוואוסטער ארבייטער לאיער, טשערמאן פון פאלעסטינער ארבייטער קאמיטעט אין ברוקלין; פארפאסער פון בוך „געזעצליכע ריכטער".

### קווינס

סאול ד. הערמאן, לאיער, טעטיג אין אנטי־נאצי באיקאט באוועגונג.

---

# דערהויבען געוואָרען

ערצעהלונג

פון מרים ראסקין

אין א קליין שטעטעל, אין פערנוויל, האט די געשיכטע פאסירט. ניט ווייט פון פערנוויל, אויף א פארם, האט געוואוינט א איד וואס זיין נאמען איז געווען סעם אייבראמסאן. די אידישע איינוואוינער פונ'ם שטעטעל האבען איהם ווייניג געקענט. זיי האבען נאר געוואוסט, אז איידער אייבראמסאן איז געקומען אהער איז ער אויסגעפאהרען א סך שטעט און אויסגעפרואווט אלערליי פרנסות, און עס איז איהם ניט געגאנגען גוט, און אז איצט האט ער זיך באזעצט דא אויפ'ן לאנד און איז שוין פארבליבען וואוינען אויף זיין אייגענער פארם.

ס'איז געווען זעהר א פארלאזטער פלאץ. די גרויסע אקערס לאנד זיינען געלעגען ניט־בעארבייט און פארוואקסען מיט ווילדע גראזען. די הויז, וואו אייבראמסאן האט געוואוינט, איז געווען ניט־ארומגעזעהן און ניט־באשיצט פון די ווינטערדיגע קעלטען. ארום הויז האבען זומער עטליכע הינער ארומגעשפאצירט און געזוכט קערנער אין אפפאל און מיסט, און א פארמאגערטע בהמה האט פויל געקייט דעם צוטריקענטען גראז אויפ'ן ארומיגען פעלד.

מיסעס אייבראמסאן אליין איז געווען א קרענקליכע פרוי, מיט רומאטישע ווייטאגען, און זי האט ניט געקענט גענוג אכטונג געבען אויפ'ן הויז און אויף זייערע דריי קינדער, וועלכע האבען זיך געהאדעוועט אהן א שום השגחה. ווינטער האט אייבראמסאן אין נאהענטען שטעטעל געקראגען אמאל א צופעליגען דזשאב, ביי וואס עס האט זיך נאר געמאכט. זומער־צייט איז ער אוועק אין די ארומיגע וועלדער און אנגעקליבען א סך יאגדעס, וואס ער האט דערנאך פארקויפט צו די אידישע באלעבאסטעס אין פערנוויל. ער פלעגט אריינקומען אין א הויז מיט'ן קאשיק סחורה, אנגעטאן און אויסגעשמירטע אוועראלס, דאס פנים קיינמאל ניט ראזירט און די האלז רויט און צוטריקענט פון זון. ער האט געמאסטען די יאגדעס מיט א קווארט און געצעהלט די געלט. נאר אז ער האט אינמיטען דערזעהן ליגען א פארוואלגערטע אידישע צייטונג האט ער פארגעסען זיין מסחר און זיך פארלייענט אין די נייעס, וואס איז אפט שוין אלט געווען וואכען.

די פאר אידען אין שטעטעל, וועלכע האבען אייבראמסאנ'ען געקענט, האבען געהאט איינזעהעניש מיט איהם. זיי האבען געוואוסט, אז ער פארמאגט שטרעקעס לאנד. ער האט געקענט צוגראבען די ערד און מאכען א גרויסען גארטען, וואס וואלט דערנעהרט זיין פאמיליע. און אז אימיצער האט ביי איהם געפרעגט, פארוואס ער מאכט ניט קיין טאלק מיט זיין פארם, האט ער נאר א מאך געטאן מיט דער האנט און אומעטיג א שמייכעל געטאן. ווייזט אויס, אז איהם האבען זיך ניט געלעגט די הענט צו אנהויבען ווידער בויען פאר זיך עפעס מיט א גרונט. צופיל כחות האט ער פארטאן אין זיין לאנגען ארומוואנדערען פון איין שטאט אין דער אנדערער. אלץ וואס ער האט איצט נאר געקענט טאן, איז נאר אויף דערוויילע אויפצוהאלטען ווי ס'איז א לעבען.

דריי קינדער האבען די אייבראמסאנס פארמאגט. די עלטסטע טאכטער האט באלד ווי זי איז נאר אויסגעוואקסען גרויס, ניט געוואלט פארבלייבען אינדערהיים. זי איז אוועק אינ'ם גרויסען נויארק און אויסגעזוכט פאר זיך אן ארבייט. דאס מיטעלסטע קינד, א באי, האט כסדר זיך גע'חבר'ט מיט ארומיגע פארמערשע באים און איז געוואקסען האלב ווילד און פארגרעבט. דער אינגסטער באי, ווידער, האט ארויסגעוויזען גאר גרויסע פעהיגקייטען פון קינדווייז־אן. אין סקול איז ער געווען אן אויסנאהם פון אלע קינדער, מיט זיין שארפען קאפ און מיט דעם טיפען באנעמען די לימודים, וואס ער האט געלערענט. מ'האט געשמועסט, אז פון איהם וועט אויסוואקסען א מענש וואס וועט ברענגען כבוד צו זיין טאטען און אויך פאר דער גאנצער שטעטעל.

אין פערנוויל האבען געוואוינט ווייניג אידען, און אלע זיינען זיי געווען פאריאגט און פארנומען, יעדער אין זיין ארבייט. ווער ס'האט געהאט א דרייגודס סטאר, צי א לאונדרי, צי א סטעישאנערי סטאר אדער א בוטשער סטאר. זיי האבען אלע געארבייט פון גאנץ פרי ביז שפעט אין אווענט. און פון קיין שבת און יום־טוב האבען זיי ניט געוואוסט. אז אייבראמסאן איז געקומען צוגעהן און ער האט אנגעטראפען איינעם, וואס האט געהאט א ווייל'ע צייט, איז ער צופרידען געווען צו פארפירען מיט איהם א שמועס פון אידישקייט, פון פאליטיק. אייבראמסאן האט דאמאלט ארויסגעוויזען א סך געלערנטקייט, און אז דער איד האט דערנאך פון אט דעם שמועס דערצעהלט נאך א אידען, האט ער צוגעגעבען: לאכט ניט פון אייבראמסאנ'ען. און ער האט זיך אויף א ווייל'ע פארקלערט. דאך האט מען אין שטעטעל שוין געהאלטען אייבראמסאנ'ען פאר א פארפאלענעם מענשען צוליב זיין הילוך און צוליב דער אפגעלאזענקייט פון זיין הויז. און אידישע באלעבאסטעס, אז זיי האבען אזוי גיך ניט אויפגעראמט זייער הויז, האבען זיך געוויצעלט און צווישען זיך גערעדט:

„ס'איז ביי מיר אין שטוב שוין באלד אזוי ווי ביי די אייבראמסאנס".

נאר איינמאל האט צווישען די אידען אין שטעטעל פאסירט אזא פאל, וואס סעם אייבראמסאן איז מיט אמאל אויפגעהויבען געווארען ביי אלעמען אין די אויגען. אייבראמסאן אליין האט באקומען מעהר מוט און איז געווארען גאר אן אנדער מענש.

דאס איז געווען אין איינעם א סוף זומער, פאר די ימים נוראים. די אידען פון פערנוויל, וועלכע זיינען א גאנץ יאהר געווען פארהאוועט יעדער אין זיין ארבייט, האבען דאך אויפגעהאלטען א שוהל און אפילו א חזן אויף יענע פארכטיגע טעג. זיי זיינען אלע געווען אויסגעהונגערט נאך אביסעל גייסט און דורכדעם געפיהלט אז זיי זיינען ניט אפגעריסען פון אידישקייט און זיי ווערען ניט אינגאנצען פארגרעבט. די שוהל האט א גאנץ יאהר געפוסטעוועט. און אז אמאל איז מען זיך דאך צונויפגעקומען צו א דאווענען, האט מען קוים געקענט צונויפשטעלען א מנין. סאידען עס האט זיך געמאכט א בר־מצוה אדער אן אופרופען, דאמאלסט זיינען געקומען מענשען.

נאר צוויי מאל א יאהר האט ארום דער שוהל זיך אנגעגעהן לעבען. דאס איז געווען אין די טעג פון די ימים־נוראים. יעדערער פון די אידען האט זיך דאמאלסט געגרייט. מען האט געקויפט טיקעטס אין שוהל, געגעבען געלט אז ס'זאל זיין צו באצאהלען דעם חזן. דער חזן איז שוין געווען אן עלטערער איד און א גאנץ יאהר האט ער ווי־עס־איז זיך דורכגעלעבט מיט געבען „היברו" לעסאנס צו אידישע קינדער. ביים דאווענען האט ער זיך געמיהט אויסצוציקלען די תפלות און נאכמאכען די גרויס־שטאטישע חזנים. זיין קול איז מיט יעדען יאהר הייזעריגער געווארען. אידען זיינען געווען בעאומרוהיגט. נאר מ'האט זיך געטרייסט: „וואס קען מען העלפען?"

אין דעם פאר־יום־טוב, אז אלץ איז שוין געווען גרייט, האט דער חזן מיט־אמאל געכאפט א פארקיהלונג. די האלז איז איהם פארלעגט געווארען. ער האט קוים אפגעכאפט ווי־עס־איז דעם ראש־השנה'דיגען דאווענען. נאר אז עס איז געקומען צו יום־כפור, האט ער שוין גארניט געקענט עפענען דאס מויל. די אידען זיינען געווארען שטארק אויפגערודערט. ס'איז איינגאנצען פארבליבען נאך א צוויי טעג צו יום־כפור. זאל מען אויסשרייבען א חזן פון נויארק? איז געגאנגען מיך א גאנג. מען האט זיך קיין עצה ניט געקענט געבען. וואלט דאס כאטש געווען א געוועהנליכער דאווענען; אבער דא, צום סאמע כל־נדרי, אזא אומגעריכטע צרה.

אז אייבראמסאן איז אין יענע טעג געווען אין שטעטעל און געהערט ווי אידען זיינען אויפגערודערט צוליב זייער חזן, האט ער גארניט געזאגט. ער איז געקומען אהיים און לאנג זיך מישב געווען מיט זיך אליין, צי זאל ער זיך אונטערנעמען צו שטעלען זיך פאר'ן עמוד און דאווענען כל נדרי. ער האט געפיהלט ביי זיך, אז ער קען דאס דורכפיהרען. ער האט אמאל, אינדערהיים, א סך געלערענט, און אויך די ישיבה דורכגעגאנגען, נאר דא האט ער זיין געלערנטקייט ניט געהאט וואו אויסצוברענגען. אייבראמסאן האט איצט געפרעגט אן עצה ביי זיין פרוי. ביילע, זיין פרוי, האט פון איהר מאן שטארק געהאלטען, און זי האט געזאגט אז יע, ער קען זיך אונטערנעמען דאווענען. זי האט איהם נאך צוגעגעבען מוט. און אייבראמסאן האט באלד גענומען אויספראבירען זיין קול. די ניגונים פון כל־נדרי האט ער נאך איינגעזאפט אין זיך פון קינדווייז־אן. און זיין זינגען איז גאר־ניט אזוי שלעכט.

אויף מארגען איז אייבראמסאן אוועק צום עלטסטען אידען פון שטעטעל און ער האט איהם געמאלדען, אז ער נעמט זיך אונטער צו דאווענען דעם גאנצען יום־כפור, און אז ער וויל ניט קיין שום געצאהלט. ער איז צופרידען ארויסצוהעלפען אידען אין א נויט. האט דער איד איהם אנגעקוקט מיט זיינע אלטע, קלוגע אויגען און ער האט אייבראמסאנ'ען ניט געגלויבט: „דו קענסט דען?" האט ער זיך געוואונדערט.

„אז איך וואלט ניט געקענט, וואלט איך זיך ניט אונטערגענומען", האט אייבראמסאן געענטפערט מיט אן ערנסטען טאן.

האבען די אידען באלד צונויפגערופען צווישען זיך א בעראטונג. מען האט לאנג גערעדט און זיך געשפארט, ביז מ'האט איינגעשטימט אויף אייבראמסאנ'ען. א ברירה האט מען געהאט? נאר רוהיג איז מען ניט געווען. און אזעלכע אידען, וועלכע האבען ליב געהאט פון אלץ צו מאכען א שפאס, האבען ביים באגעגענען נאר א אידען זיך אפגערופען: דו ווייסט ווער עס איז ביי אונז דער חזן היינטיגס יאהר? אייבראמסאן פון פארם! און ער האט דערביי אומעטיג געשמייכעלט.

אז ס'איז געקומען צו כל־נדרי איז די שוהל געווען איבערגעפאקט. עס זיינען דא געווען אפילו אזעלכע, וואס האבען שוין לאנג ניט איבערגעטראטען די שוועל פון דער שוהל. אלע יום־טוב'דיג אנגעטאן, די פרויען אין זייערע העלע קליידער זיינען געווען באזונדער, אויסגעזעצט אזוי ווי עס פירט זיך. אייבראמסאן, אנגעטאן אין א ווייסען קיטעל מיט א יארמולקע אויפ'ן קאפ, האט זיך געשטעלט ביים ארון קודש און פייערליך אנגעהויבען דעם דאווענען. ער האט זיך ניט געשראקען. ער האט א גאנצען טאג צו דעם זיך געגרייט. און שטיל און הארציג האט ער אויסגעזונגען די תפילות. שוין מיט די ערשטע געזאנגען האט אייבראמסאן אויסגענומען. אידען האבען זיך איבערגעוואונקען צווישען זיך צופרידענע, ווי זיי וואלטען זאגען: „ער קען, ער קען, דער חברה־מאן". און אז אייבראמסאן האט געזעהן ווי ער נעמט אויס, האט ער זיך נאך מעהר צוואוארימט און ער האט „אוועקגעלעגט" א דאווענען, וואס אידען האבען דאס לאנג געהאט צו געדענקען.

מיסעס אייבראמסאן איז געזעסען צווישען די ווייבער און איהר פנים האט געשיינט. זי האט פארגעסען איהרע רומאטישע ווייטאגען און איז געקומען הערען איהר מאן דאווענען. די ווייבער ארום איהר האבען איצט געקוקט אויף איהר מיט גרויס אפשיי.

נאכ'ן דאווענען האט מען אייבראמסאנ'ען ארומגערינגעלט פון אלע זייטען. אלע האבען זיך מיט איהם געפרעהט, און איין איד האט איהם געפרעגט צי ער איז ער אמאל געווען א חזן . . . איבערהויפט האט זיך מיט איהם פאראינטערעסירט דזשייקאבסאן, פון דעפארטמענט סטאר, א איד א רייכער און אן אנגעזעהנער אין פערנוויל:

— ווי קומט עס, וואס איך האב פון אייך ביז איצט ניט געהערט? — האט ער זיך געוואונדערט. און ער האט גענומען פאנאנדערפרעגען אייבראמסאנ'ען וועגען זיין פארם. ווי לאנג ער וואוינט שוין דארט און אין וואס פאר א צושטאנד זי געפינט זיך. אייבראמסאן האט איצט ניט געקענט ענטפערען אויף אזעלכע פראגען.

— קומט אמאל צוגעהן, וועט איהר אליין זעהן, — האט ער דזשייקאבסאנ'ען געענטפערט.

שפעטער, אז אייבראמסאן און זיין ווייב זיינען געגאנגען אהיים, האט זי זיך אפגערופען צו איהם:

— איידער מיר פארבעטען מענשען צו זיך, דארף מען זעהן מאכען אין אונזער הויז אביסעל אן ארדנונג . . .

אייבראמסאן האט זיך צעשמייכעלט:

— דו ביזט גערעכט, מיין ווייב, — האט ער איהר געענטפערט.

# ענגלישער אַרבייטער-פירער וואָלטער סיטרין ברענגט לעבעדיגען גרוס פון סאָוועט-רוסלאַנד

## דער סעקרעטער פון דעם ענגלישען טרעיד־יוניאַן קאָנגרעס האָט מיט צוויי מאָנאַטען צוריק באַזוכט רוסלאַנד צוזאַמען מיט אַ דעלעגאַציע פון ענגלישע טרעיד־יוניאַנס. — וואָס ער האָט געזעהן און געהערט אין מאָסקווע, אין קויבישעוו, אין ניזשני־נאָווגאָראָד און אין אַרכאַנגעלסק. — ער דערצעהלט ווי אַזוי דאָס רוסישע פאָלק לעבט, אַרבייט און קעמפט איצט.

פון ד. שוב

מיט צוויי מאנאטען צוריק האט א דעלעגאציע פון די ענגלישע טרייד יוניאנס, מיט וואלטער סיטרינ'ען, גענעראל־סעקרעטער פון דעם ענגלישען טרייד יוניאן קאנגרעס אין דער שפיץ, באזוכט סאוועט רוסלאנד. דער צוועק פון דעם באזוך איז געווען צו באקענען זיך מיט דער לאגע אין רוסלאנד און איינשטעלען נאהענטע פארבינדונגען צווישען דעם ענגלישען טרייד יוניאן קאנגרעס מיט דעם צענטראל ראט פון די רוסישע „פראפסאיוזען" (טרייד יוניאנס).

די דעלעגאציע האט פארבראכט אין רוסלאנד א פאר וואכען צייט, האט קאנפערירט דארט מיט די אפיציעלע פירער פון די „פראפסאיוזען" און געשלאסען מיט זיי אן אפמאך וועגען געגענזייטיגער הילף אין דער מלחמה.

נאכדעם ווי די דעלעגאציע האט זיך צוריקגעקערט קיין ענגלאנד, האט וואלטער סיטרין פארעפענטליכט אין לאנדאנער „דעילי העראלד" א סעריע פון 12 ארטיקלען וועגען דעם, וואס ער האט געזעהן און געהערט אין רוסלאנד. סיטרין איז שוין אין רוסלאנד געווען עטליכע מאל. דעם לעצטען מאל האט ער באזוכט רוסלאנד מיט זעקס יאהר צוריק און ער האט דאן אנגעשריבען א גאנצען בוך וועגען זיינע איינדרוקען פון רוסלאנד. (דער בוך האט געצויגען גרויס אויפמערקזאמקייט אין גאנץ אייראפא און איז אויך געווען איבערזעצט אין „פארווערטס").

פאר די זעקס יאהר, וואס זיינען פאריבער זינט דאן, זיינען פארגעקומען גרויסע ענדערונגען אין רוסלאנד. די טרייד יוניאן דעלעגאציע איז אנגעקומען קיין מאסקווע דעם 13טען אקטאבער. זי איז, לויט סיטרינ'ס ווערטער, געשיקט געווארען פון דעם טרייד יוניאן קאנגרעס מיט'ן צוועק אויסצודריקען דעם „גוטען ווילען און די אויפריכטיגע באגייסטערונג פון די ענגלישע ארבייטער פאר דעם קאמף פון די רוסישע ארבייטער פאר דער זאך פון פרייהייט און גלייכצייטיג צו פרובירען מיט אלע מיטלען צו ארבייטען געמיינזאם מיט דער סאוועטישער טרייד יוניאן באוועגונג און מיט די רוסישע ארבייטער פאר א שנעלער מפלה פון דער נאצישער טיראניי".

געקומען זיינען די ענגלישע דעלעגאטען קיין רוסלאנד דורך ארכאנגעלסק, אויף אן אויסטראלישען „צושטערער". פון ארכאנגעלסק זיינען זיי געפלויגען קיין מאסקווע אויף א ריזיגען סאוועטישען עראפלאן. איבער א מעת לעת צייט האט די רייזע פון ארכאנגעלסק קיין מאסקווע געדויערט. דער עראפלאן איז געפלויגען נידעריג איבער געדיכטע וועלדער און ציטענווייז האט זיך געדוכט, אז אט־אט וועט ער זיך פארטשעפען אן א ריזיגען בוים און וועט צושמעטטערט ווערען.

ווען א מיטגליד פון דער ענגלישער מיליטערישער מיסיע, וועלכער איז געווען א פאסאזשיר אויפ'ן זעלבען עראפלאן, איז צוגעקומען צו סיטרינ'ען און געפרעגט ביי איהם, ווי ער פיהלט זיך, האט סיטרין געענטפערט: „איך וואלט זיך ניט געפיהלט ערגער, ווען מיר וואלטען געווען א סך העכער".

דער ענגלישער אפיצער האט פארשטאנען די אנצוהערעניש, און ער האט מיט א שמייכעל באמערקט: „איך אליין וואלט אויך געוואלט איצט זיין א סך העכער. אבער זיי פליהען אימער אזוי נידעריג, כדי צו זיין זיכער, אז א דייטשער עראפלאן זאל אויף זיי ניט אנפאלען".

די גאנצע צייט, וואס דער עראפלאן איז געפלויגען איבער די וועלדער, זיינען די פאסאזשירען געווען נערוועז. איין פאלשער צוג פון דעם פילאט און דער עראפלאן וואלט צושמעטערט געווארען אויף פיצלעך, ווייל עס איז אבסאלוט ניט געווען קיין אפענער פלאץ, וואו דער עראפלאן וואלט געקענט ארונטערלאזען זיך אין פאל פון אן עקסידענט. אלע האבען פרייער אפגעאטעמט, ווען מען איז ענדליך ארויסגעפאהרען פון וואלד און דערזעהן פאר זיך אן אפענע לאנדשאפט.

דעם לעצטען מאל איז סיטרין געווען אין מאסקווע, ווי געזאגט, מיט זעקס יאהר צוריק. פאר די זעקס יאר, זאגט ער, האט זיך די שטאט שטארק געענדערט.

דאס רוסישע פאלק האט אין די לעצטע 20 יאהר זיך א סך אנגעליטען. די רוסישע מאסען האבען זיך אזוי צוגעוואוינט צו אומבאקוועמליכקייטען, אז זיי נעהמען אן די אלע אונפארמיידליכע באשרענקונגען און באגרעניצונגען פון מלחמה צייט מיט א זעלטענער רוהיגקייט.

אין מאסקווע האט סיטרין איבעראל, וואו ער האט זיך נאר א קער געטאן, געזעהן אויף די גאסען לאנגע „אטשערעדען" (לאינס) „פאר ברויט, פלייש, צייטונגען, וואדקא און פאר וואס ניט". די לאינס, זאגט ער, זיינען א רעזולטאט ניט פון דעם, וואס עס פעהלען פראדוקטען, נור וואס די סיסטעם פון פארטיילען די פראדוקטען צווישען דער באפעלקערונג איז שלעכט אויסגעשטעלט. די ענגלישע בעאמטע, וואס געפינען זיך אין מאסקווע, האבען פארזיכערט סיטרינ'ען, אז די לאינס זיינען איצט קלענער און ווייניגער אין צאהל ווי זיי זיינען געווען אין 1939.

דער אלגעמיינער איינדרוק איז, זאגט סיטרין, אז סאי די קינדער און סאי די דערוואקסענע מענשען אין מאסקווע ליידען ניט פון קיין מאנגעל אין שפייז. אין קליידער איז אבער יא פאראן א מאנגעל. גוט געקליידעטע מענשען באגעגענט מען זעהר זעלטען אין מאסקווע. אבער יעדער איינער, וועמען סיטרין האט געזעהן אויף די גאסען פון מאסקווע, האט געהאט אויף זיך א ווארימען בגד.

„איך האב תיכף דערפיהלט, שרייבט סיטרין, אז עס איז פארגעקומען א פארבעסערונג, זינט איך האב דעם לעצטען מאל באזוכט מאסקווע. מען קען גלייך זעהן, אז די שיך פון די פרויען און די שטיוועל פון די מענער זיינען איצט פון א בעסערען סארט. יעדענפאלס, איז דער עולם אין מאסקווע איצט בעסער געקליידעט, ווי ער איז געווען מיט זעקס יאר צוריק אין פרידענס־צייט".

די גאסען אין מאסקווע זיינען איצט פונקט אזוי ריין ווי פריהער און די הויפט וועגען זיינען שטארק פארבעסערט געווארען דורך דעם, וואס זיי זיינען אויסגעפלאסטערט געווארען מיט אספאלט. די זייטיגע גאסען זיינען, ווי פריהער, פארבליבען ברוקירט מיט גרויסע שטיינער און פאהרען איבער די גאסען איז, ווי פריהער, ניט קיין גרויסער פארגעניגען.

די מעהרסטע וועגען זיינען שטארק אויסגעברייטערט געווארען, און עס זיינען צוגעקומען פילע נייע געביידעס, אזוי אז סיטרין האט מאנכע טיילען פון מאסקווע כמעט נישט דערקענט. די טראטואַרען פון די מאסקווער גאסען זיינען נאך אלץ שלעכטע אין פארגלייך מיט די טראטוארען פון לאנדאן און פון אלע אנדערע ענגלישע שטעט. איז א נאסען טאג איז ניט זעהר אנגענעהם איבער זיי צו שפאצירען.

די באוועגונג אויף די גאסען איז איצט א פיל לעבעדיגערע, ווי מיט 6 יאהר צוריק. עס לויפען איצט אויך מעהר עלעקטרישע טראמוויייען און אוויטאבאסען, ווי אין 1936. מען זעהט איצט אויך א סך מעהר טעקסיס און אטאמאבילען. די אלטע „פארדלאך" פון 1928 מאדעל, וואס זיינען אין 1935 געווען אזוי כאראקטעריסטיש פאר מאסקווע, זיינען אינגאנצען פארשוואונדען. איצט זעהט מען אין מאסקווע אפטער ווי אלץ די „זיס"־אטאמאבילען, וועלכע זיינען עהנליך אויף דעם אמעריקאנער „ביואיק". די סאלדאטען, וואס מען זעהט אין מאסקווע, מאכען א גוטען איינדרוק.

קיין באיסיקלאך זעהט מען איצט כמעט גארניט אין מאסקווע, אבוואל פאר די לעצטע יאהרען זיינען אין רוסלאנד פראדוצירט געווארען הונדערטע טויזענטער באיסיקלאך. די באיסיקלאך ווערען איצט באנוצט פאר מיליטערישע צוועקען.

די טראמוואיען און די אטאבוסען זיינען שטענדיג געפאקט מיט מענשען אין די שטונדען, ווען מען פאהרט צו און פון דער ארבייט. אבער די ענגשאפט איז איצט ניט אזא גרויסע, ווי מיט עטליכע יאהר צוריק.

נאך 9 אזייגער אין אווענט ווערט גאנץ מאסקווע איינגעטונקט אין א געדיכטער פינסטערניש. קיינער האט קיין רעכט ניט אנצוצינדען א שוועבעלע אויפ'ן גאס אדער נוצען א פלעשלאיט. נאך האלבע נאכט טאר קיינער, אויסער דער פאליציי און מענשען וואס האבען א ספעציעלע ערלויבעניש, זיך ניט באווייזען אויף דער גאס.

ווען סיטרין איז געווען אין מאסקווע, האבען דייטשע עראפלאנען אטאקירט מאסקווע. אבער די נאצישע באמבעס האבען אנגעטאן זעהר ווייניג שאדען אין מאסקווע הויפטזעכליך דערפאר, וואס זעהר ווייניג נאצישע באמבערס האבען באוויזען צו דערגרייכען מאסקווע. דורך די עיר־רעיד אלארמס זיצען די מעהרסטע מאסקווער איינוואוינער אין הויז. שעלטערס זיינען אין מאסקווע פאראן זעהר ווייניג. אבער אין פילע הייזער זיינען פאראן באפעסטיגטע קעלערען. די סטאנציעס פון דער מאסקווער סאבוועי ווערען באנוצט אלס שעלטערס, אבער נאר פאר פרויען און קינדער.

סיטרין און די אנדערע מיטגלידער פון דער טרעיד־יוניאן דעלעגאציע האבען פארבראכט אין מאסקווע נאר דריי טעג. דעם 15טען אקטאבער איז דער ענגלישער אמבאסאדאר אין מאסקווע, סער סטאפארד קריפס, געקומען צו סיטרינ'ען און האט איהם ערקלערט: „עס איז מיין פליכט אלס אמבאסאדאר אויפצופאדערען אייך, אז איהר זאלט פארלאזען מאסקווע".

דאס האט ווי א דונער געטראפען די מיטגלידער פון דער טרעיד־יוניאן דעלעגאציע. אבוואל זיי האבען אין פארלויף פון די דריי טעג צייט זיך א פאר מאל געטראפען מיט די פירער פון די סאוועטישע „פראפסאיוזען", איז זייער ארבייט אבער ווייט ניט געווען פארענדיגט. נאר אז מען הייסט פארלאזען מאסקווע, מוז מען פאלגען, און עס העלפען ניט קיין טענות. די לאגע איז ווירקליך געווען זעהר אן ערנסטע. די דייטשען האבען דורכגעבראכען די רוסישע פאזיציעס און האבען זיך אלץ נעהענטער צוגערוקט צו מאסקווע. נאך מיט א טאג פריהער האבען די ענגלישע דעלעגאטען, ארומפאהרענדיג איבער'ן שטאט, געזעהן וואגענער אנגעפאקטע מיט פרויען און קינדער, וועלכע האבען פארלאזען מאסקווע.

שפעטער האבען זיי ביים האפען פון מאסקווער־וואלגא קאנאל געזעהן פילע שיפען געפאקט מיט מענשען. סיטרין און זיינע קאמעראדען האבען זיך אנגעשטויסען, אז מאסקווע ווערט עוואקואירט, און ווען זיי האבען זיך נאכגעפרעגט, האט מען זיי געזאגט, אז מען עוואקואירט הויפטזעכליך קינדער, ניט קיין דערוואקסענע. אבער אויף מארגען האט סער סטאפארד קריפס דערצעהלט סיטרינ'ען, אז די סאוועט־רעגירונג האט באשלאסען, אז אלע אויסלענדישע אמבאסאדעס און אלע זייערע לאנדסלייט מוזען פארלאזען די שטאט.

„איך האב געוואוסט", שרייבט סיטרין, „אז אונזער אמבאסאדאר האט ניט קיין חשק דאס צו טאן און אז ער וואלט קיינמאל פרייוויליג ניט פארלאזען מאסקווע. נאר וואס קען מען מאכען? די ענגלישע אמבאסאדע האט פאקטיש אויפגעהערט צו פונקציאנירען, און עס זיינען געמאכט געווארען אראנזשמענטס פאר'ן סטעף צי פארלאזען מאסקווע די זעלבע נאכט".

ווען סיטרין איז געקומען אין דער אמבאסאדע, האט ער פון אנפאנג דארט קיינעם ניט געפונען. ענדליך אבער האט ער זיך אנגעשטויסען אויף א באאמטען, וועלכער האט איהם ערקלערט, אז די מיטגלידער פון סטעף געפינען זיך אין פארשיידענע צימערען, וואו זיי האבען זיך פארשלאסען און פארברענען דארט פארשיידענע אפיציעלע פאפירען. סיטרין האט דיסקוטירט מיט'ן אמבאסאדאר די מעגליכקייט פאר דער דעלעגאציע צו פליהען קיין ארכאנגעלסק. אבער אזוי ווי דרויסען האט ניט אויפגעהערט צו שנייען און פליהען איבער די געדיכטע וועלדער אין א שניי־שטורעם איז געפעהרליך, איז געבליבען, אז די מיטגלידער פון דער דעלעגאציע זאלען פאהרען אהין, וואו דער אמבאסאדאר מיט זיין סטעף וועלען פאהרען. וואוהין זיי פאהרען האט קיינער ניט געוואוסט.

„איך בין זיכער", האט סער סטאפארד קריפס געזאגט, „אז אייער באשלוס איז דער ריכטיגסטער. קיינער ווייס ניט וואס דא קומט פאר. נאר מאלאטאוו האט מיר געזאגט, אז די סאוועט־רעגירונג האט באשלאסען צו מאכען די שטאט (מאסקווע) פאר אן ארסענאל און קעמפען ביז דער לעצטער מינוט".

שפעטער האט סיטרין אויסגעפונען פון די פיהרער פון די סאוועטישע „פראפסאיוזען", אז אלע פאהרען קיין קויבישעוו. דאס האט געמיינט א רייזע פון 500 מייל צו דרום־מזרח, און די אינסטרוקציעס זיינען געווען צו פארלאזען מאסקווע דיזעלבע נאכט. אינגיכען זיינען שוין אלע געווען אויף דעם קאזאנער וואקזאל אין מאסקווע. אויפ'ן וואקזאל איז געווען שטאקפינסטער. פאראויס איז געגאנגען א סאוועטישער „גאיד", און די דעלעגאטען האבען איהם נאכגעפאלגט, האלטענדיג איינע די אנדערע ביי די פאלעס פון זייערע מאנטלען, כדי ניט צו פארלירען זיך. די סצענע אינעווענינג אין וואקזאל, זאגט סיטרין, איז געווען אונבאשרייבליך. דער גאנצער פלאר פון וואקזאל איז געווען אויסגעלעגט מיט מענשען, מענער, פרויען און יונגע קינדער. עס זיינען אויך געווען א סך סאלדאטען. פילע זיינען געשלאפען, אנדערע זיינען געזעסען צוזאמענגעדרעהט אין דרייען און האבען געטרונקען „קיפיאטאק" (געקאכטע הייסע וואסער) אדער געקייט עפעס.

אין יאהר 1935 האט סיטרין אויך געזעהן אזוינע סצענעס אויף די רוסישע וואקזאלען. אבער איצט איז די ענגשאפט געווען א פיל גרעסערע. עס איז געווען אונמעגליך דורכצושטופען זיך צווישען אט דער ריזיגער מענגע מענשען, וואס זיינען געזעסען אויף זייערע פעקלאך, אדער געלעגען אויסגעצויגען אויפ'ן הוילען פלאר. איינמאל איז סיטרין, שטופענדיג זיך, ארויפגעטראטען אויף א סאלדאט, וועלכער איז געשלאפען אויפ'ן הוילען פלאר. דער סאלדאט האט זיך אפילו ניט א ריהר געטאן. די סצענעס, וועלכע סיטרין האט צוגעזעהן יענע נאכט אויפ'ן מאסקווער וואקזאל, זאגט ער, וועט ער לאנג ניט פארגעסען. מיט גרויס מאטערניש האבען סיטרין און זיינע חברים זיך ענדליך דערשלאגען צום בופעט, וואו די סטעפס פון די אויסלענדישע אמבאסאדעס האבען זיך באדארפט פארזאמלען צו ווארטען אויף א ספעציעלען צוג. דארט האבען זיי געקראגען א פלאץ, וואו זיך צו זעצען און אוועקלעגען זייער באגאזש. פילע שטונדען זיינען זיי אזוי אפגעזעסען אויפ'ן וואקזאל. ערשט אין מיטען נאכט האבען זיי זיך דערוואוסט, אז א צוג איז שוין צוגעגרייט פאר די אויסלענדער. קוים מיט צרות האבען זיי אין דער פינסטער זיך דערשלאגען צום צוג און צו זייער אנגענעמער איבעראשונג האבען זיי אויסגעפונען, אז מען האט פאר זיי רעזערווירט פלעצער אין א שלאף־וואגאן, וואס איז נאך געבליבען א „ירושה" פון פאר דער רעוואלוציע.

אין וואגאן גופא איז אבער געווען שרעקליך קאלט און די פאסאזשירען האבען געמוזט שלאפען אין די זאכען. שפעט נאך האלבער נאכט האט דער צוג פארלאזען מאסקווע. פארטאג האבען זיך געהערט די שיסערייען פון גרויסע הארמאטען און עס האט זיך געדוכט, אז דער צוג דערנעהענטערט זיך אלץ מעהר צום פראנט, וואו די שלאכטען קומען פאר. קיין וואסער אין וואגאן אויף איינצוואשען זיך אדער ראזירען זיך איז ניט געווען. קיין שפייז האט מען אויך ניט געקענט קריגען. סיטרין און זיינע חברים האבען יא מיטגענומען מיט זיך עסענווארג אויף א פאר טעג צייט, אבער זיי האבען געהאט ווייניג ברויט. זיי האבען געוואלט אויסבארגען ברויט ביי די אנגעשטעלטע פון דער ענגלישער אמבאסאדע, וועלכע זיינען געפארען אין זעלבען צוג, אבער עס האט זיך ארויסגעצייגט, אז די פעק מיט שפייז, וואס זיינען געווען אנגעגרייט פאר די ענגלישע באאמטע, זיינען פארשוואונדען פון וואגאן. אבער שפעטער האט א וועיטער זיי געבראכט טיי און זיי איז געווארען אביסעל פרעהליכער אויפ'ן הארצען.

דער צוג האט זיך קוים געשלעפט. אין מאסקווע האט מען זיי געזאגט, אז די רייזע קען פילייכט דויערען צוויי טעג. געפאהרען זיינען זיי אבער פיר און א האלב מעת־לעת. אויפ'ן וועג האבען זיי זיך פיל מאל אפגעשטעלט אויף פארשיידענע סטאנציעס. יעדעס מאל פלעגען די האלב־הונגעריגע פאסאזשירען זיך א לאז טאן צום בופעט פון וואקזאל אין דער האפנונג צו געפינען דארט שפייז. אבער כמעט איבעראל האבען זיי באקומען דעם זעלבען ענטפער, אז קיין שפייז איז נישטא.

ענדליך זיינען זיי מאנטאג, דעם 20טען אקטאבער, אנגעקומען קיין קויבישעוו. אין קויבישעוו, וועלכע האט פריהער געהייסען ס א מ א ר א, איז סיטרין פריהער קיינמאל ניט געווען. עס איז קיין צווייפעל ניט, זאגט ער, אז זומער־צייט איז קויבישעוו אן אנגענעמער פלאץ צו באזוכען. די גאסען זיינען דארט ברייטע, פילע פון זיי זיינען פון ביידע זייטען פארפלאנצט מיט בוימער. הינטער'ן שטאט פליסט די מעכטיגע וואלגא, דער שענסטער רוסישער טייך. אבער סוף הערבסט מאכט די שטאט א טרויעריגען איינדרוק. די גאסען זיינען שלעכט ברוקירט און געפינען זיך אין שלעכטען צושטאנד. טאג און נאכט זעהט מען אומעטום נאר לאנגע רייען מענשען, וועלכע ווארטען צו קויפען עפעס. מען דארף אבער ניט פארגעסען, זאגט סיטרין, אז די באפעלקערונג פון קויבישעוו האט אין פארלויף פון א פאר מאנאטען זיך פארדאפעלט.

סיטרין האט נאך ניט באוויזען צו פארענדיגען ראזירען זיך, ווי ער האט באקומען א טעלעפאן, אז דער סאוועטישער קאמיסאר פון אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען, מ א ל א ט א ו ו, לאדעט איהם איין צו קומען צו איהם 10 א זייגער אינדערפרי. אין דער באגלייטונג פון דעם ענגלישען אמבאסאדאר איז סיטרין אוועק צו מאלאטאוו'ן. דער סאוועטישער אויסלענדישער קאמיסאר האט סיטרינ'ען אויפגענומען זעהר ווארים און האט שטארק געדריקט איהם די האנט. מאלאטאוו האט גערעדט אין רוסיש פאר דעם איבערזעצער. ער האט אבער די גאנצע צייט געקוקט סיטרינ'ען גלייך אין פנים אריין. סיטרין האט קיין איין ווארט ניט פארשטאנען, אבער ער האט אפט אינסטינקטיוו צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

מאלאטאוו האט ערקלערט, אז ער איז זעהר שטארק פאראינטערעסירט אין דער ארבייט פון דעם ענגליש־סאוועטישען טרעיד־יוניאן קאמיטעט, וועלכען ער האלט פאר זעהר וויכטיג.

דער געשפרעך צווישען מאלאטאוו'ען און סיטרינ'ען האט געדויערט צוויי שטונדען צייט. אין פארלויף פון דעם געשפרעך זיינען דיסקוטירט געווארען פארשיידענע פראגען. אבער אלץ וואס סיטרין האט געפונען פאר נויטיג צו פארעפענטליכען איז, אז ער איז אוועק פון מאלאטאוו'ען מיט דער איבערצייגונג, „אז די פירער פון סאוועט־רוסלאנד זיינען זיכער אין דער פעהיגקייט פון זייער לאנד צוזאמען מיט ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאאטען ארויסצוקומען זיגרייך פון דעם קאמף געגען פאשיזם".

ווי געזאגט, איז סיטרין אין קויבישעוו פריהער קיינמאל ניט געווען. ווען ער האט דעם ערשטען מאל באזוכט רוסלאנד, אין יאר 1925, דערצעהלט ער, האט ער קיין איין נייע פאבריק ניט באמערקט. מיט 10 יאר שפעטער, אין יאר 1935, האט ער אין פילע פלעצער געזעהן נייע פאבריקען, אבער זינט דאן האט זיך די צאל פאבריקען נאך מעהר פארגרעסערט.

די ערשטע פאבריק, וועלכע סיטרין און די אנדערע מיטגלידער פון דער דעלעגאציע האבען באזוכט אין קויבישעוו, האט אויף זיי אלע געמאכט אן איינדרוק מיט איהר גראמקייט און מיט דער מאדערנער מאשינעריע, וואס ווערט דארט באנוצט. די פאבריק איז געווען גוט געבויט. „מיר זיינען געווען איבערראשט אויסצוגעפינען," שרייבט סיטרין, „אז די דאזיגע פאבריק איז אויפגעבויט געווארען נאך אין יאר 1912. ש וו ע ר נ י ק (דער הויפט־קאמיסאר איבער די סאוועטישע „פראפסאיוזען" — ד. ש.), וועלכער האט אונז באגלייט, האט ניט געקענט איינרוהען ביז וואנען ער האט אונז ניט געצייגט דעם מעשענעם טאפעל אויף איינער פון די ווענט, וואו עס איז פארצייכענט, אז אין 1914 האט ער דארט געארבייט."

די מערסטע נייע רוסישע פאבריקען זיינען איין־פלאריגע. דאס ערקלערט זיך מיט דעם, וואס רוסלאנד פארמאגט א סך פרייע לאנד. דערפאר זיינען אין רוסלאנד אויך די גאסען פון די שטעט א סך ברייטער ווי אין ענגלאנד. אין ענגלאנד און אין די אנדערע אינדוסטריעל־ענטוויקעלטע לענדער איז יעדער שטיקעל באדען מיט גאלד צוגלייך. דארט בויט מען, אזוי צו זאגען, „אין דער הויך". אין רוסלאנד אבער בויט מען „אין דער לענג". דאס מיינט ניט, אז אין רוסלאנד זיינען ניטא קיין פאבריקען פון צוויי און מעהר עטאזשען. אבער זיי זיינען אן אויסנאם.

די פאבריק אין קויבישעוו, וועלכע סיטרין האט באזוכט, האט איצט ניט קיין נאמען, זי האט נאר א נומער. און אזוי האבען אויך פילע אנדערע פאבריקען אין רוסלאנד איצט א נומער אנשטאט א נאמען.

די ארבייטס־שטונדען אויף די סאוועטישע פאבריקען זיינען איצט באדייטענד פארגרעסערט געווארען. צוערשט איז דער נארמאלער ארבייטס־טאג פארגרעסערט געווארען פון 7 אויף 8 שטונדען. איצט איז צו דעם נאך צוגעגעבען געווארען אווערטאים.

„פאקטיש," שרייבט סיטרין, „ארבייטען איצט אלע ארבייטער, וועלכע מיר האבען געזעהן, עלף שטונדען א טאג, זעקס טעג אין דער וואך.

„עס איז צווייפעלהאפט, צי די פיזישע אנשטרענגונג, וואס דאס פאדערט, קען אנגעהאלטען ווערען, אייבערהויפט, ווען א זעהר גרויסער טייל פון די ארבייטער זיינען פרויען און מיידלעך".

65 פראצענט פון די 20 טויזענט ארבייטער, וואס זיינען באשעפטיגט אויף דער אויבענדערמאנטער פאבריק, זיינען פרויען.

אין א צווייטער פאבריק, וועלכע די דעלעגאציע האט אויף מארגען באזוכט, זיינען 75 פראצענט פון די ארבייטער פרויען. די פאבריק ארבייט כסדר 24 שעה אין מעת־לעת, 7 טעג אין דער וואך. פרויען, וואס ארבייטען אויף די פאבריקען קענען, נאטירליך, ניט אכטונג געבען אויף זייערע קינדער. די קינדער ווערען דאריבער געהאלטען אין די קינדער־היימען דורך די שטונדען, וואס זייערע מאמעס זיינען פארנומען אויף דער פאבריק. סיטרין און זיינע חברים האבען אין קויבישעוו באזוכט א צאל פון די דאזיגע קינדער־היימען און זייער איינדרוק איז, אז די קינדער האבען אויסגעקוקט פרעהליך און זיי האבען אהן צווייפעל געהאט א גרעסערען אויסוואהל פון שפילצייג, ווי זיי וואלטען געהאט אין זייער אייגענער היים.

איין טאג האבען סיטרין און די אנדערע ענגלישע טרעיד־יוניאן דעלעגאטען אדרעסירט א גרויסען ארבייטער מיטינג אין קויבישעוו. דער מיטינג איז אפגעהאלטען געווארען מיטאג־צייט אויף איינער פון די דארטיגע גרעסטע פאבריקען. דער טשערמאן פון מיטינג איז געווען דער פארזיצער פון דעם פאבריק־קאמיטעט. דאס איז געווען א יונגערמאן געקליידעט אין א מיליטערישען יוניפארם, ארומגעגארטעלט מיט א ברייטען לעדערנעם גארטעל און מיט א רעוואלווער ביי דער זייט.

„איך בין איבערראשט געווען צו זעהן פאר זיך," שרייבט סיטרין, „אזא גרויסע צאל יונגע ארבייטער און איך בין געווען זיכער, אז מאנכע פון די באיס און מיידלעך זיינען ניט עלטער פון 12 אדער 13 יאהר. אבער ווען איך האב ביי איינער פון די קליינע מיידעלעך א פרעג געטאן, ווי אלט זי איז, האט זי מיר געענטפערט, אז זי איז 17 יאר אלט. נאכדעם האב איך שוין מעהר קיין פראגען ניט געשטעלט"...

75 פראצענט פון די ארבייטער אויף דער פאבריק זיינען געווען פרויען און יעדע איינע ארבייט דארט עלף שטונדען א טאג, זעקס טעג אין דער וואך. די פארדינסטען פון אן ארבייטער זיינען פון 300 ביז 500 רובעל א מאנאט. די קוואליפיצירטע מעכער־ארבייטער פארדינען ארום 1000 רובעל א מאנאט. אין 1935, ווען סיטרין האט באזוכט רוסלאנד, איז דער דורכשניטליכער פארדינסט פון א רוסישען ארבייטער געווען 250 רובעל א מאנאט. אבער די איצטיגע פארדינסטען זיינען פאר פיער וואכען ארבייט צו 66 שטונדען א וואך, בעת די פריהערדיגע פארדינסטען זיינען געווען פאר 4 וואכען צו 42 שטונדען א וואך.

א סך פון די מאשינען אויף דער פאבריק זיינען אימפארטירטע פון די פאראייניגטע שטאאטען, אבער די גרויסע מאיאריטעט פון די אינסטרומענטען זיינען געמאכט געווארען אין רוסלאנד גופא.

סיטרין און די אנדערע דעלעגאטען האבען געשמועסט באזונדער מיט פארשיידענע גרופען ארבייטער. זיי אלע זיינען מעהר פון אלץ נייגעריג געווען צו וויסען, ווי שנעל רוסלאנד וועט באקומען די פארשפראכענע הילף פון ענגלאנד און אין וואס פאר א פארם די דאזיגע הילף וועט זיך אויסדריקען.

נאך דעם ווי סיטרין און זיינע חברים זיינען פארטיג געווארען מיט זייער ארבייט, האבען זיי געוואלט וואס שנעלער אומקעהרען זיך אהיים. אבער ארויספאהרען פון קויבישעוו איז איצט ניט אזוי לייכט. זיי האבען לכתחילה געזאלט פאהרען מיט'ן שיף איבער דער וואלגא און דערנאך דורכ'ן קאספּישען ים קיין פערסיע. דאס וואלט געמיינט א לאנגע און שווערע רייזע, און זיי זיינען שוין געווען גרייט פאר דעם, אבער דעם 25טען אקטאבער האט מען זיי פלוצלינג געלאזט וויסען, אז אן עראפלאן ווארט פאר זיי. אויפ'ן וועג צו דער עראפלאן סטאנציע האבען זיי געזעהן מארשירען א קאמפאניע סאלדאטען, צווישען וועלכע עס האבען זיך אויך געפונען א צאל פרויען געקליידעט אין דיזעלבע יוניפארמען ווי די מענער.

פון קויבישעוו איז דער עראפלאן געפלויגען קיין גארקי, וואס האט פריהער געהייסען ניזשני־נאווגאראד. אויף דער עראפלאן־סטאנציע פון גארקי, וואס געפינט זיך דריי מייל פון שטאט, זיינען זיי געקומען באגעגענען די בעאמטע פון די דארטיגע „פראפסאיוזען". מען האט די ענגלישע געסט אריינגעזעצט אין א ספעציעלען אוויטאמאביל און אוועקגעפיהרט זיי אין שטאט אריין. יעדע הונדערט יארד פון דעם וועג, איבער וועלכען זיי זיינען געפאהרען, זיינען געווען אויסגעשטעלט

(שלוס אויף ראמאן פעידוש)



וואָלטער סיטרין

# „אַ פאַרטנער מיט געלט"

(ערצעהלונג)

פון מרים ראסקין

אז לאפידוס'ן, דעם איינבינדער, איז אוועק שלעכט אין זיינע ביזנעס, האט ער זיך גענומען נאכפרעגען עצה'ס ביי זיינע פריינט, וואס ער קען טאן די ביזנעס אביסעל אויפצולעבען. די פריינט זיינע, וואס זיינען אויך געווען זיינע לאנגיאהריגע קאסטימער, האבען גענומען אויסלייגען פאר איהם אלערליי פלענער. איינער האט איהם געראטען, ער זאל דעם פלאץ רעמאנטירען, אפפרישען און לאזען אויסמאלען א נייע שילד. א קאסטימער האט דאך ליב אלע מאל א נייעס. אן אנדער פריינט האט פארגעלייגט לאפידוס'ן, ער זאל זיך אריבערציהען פון העגרי סטריט העכער „אפטאון", אין א נייער געביידע. נאך איינער האט איהם גע'עצה'ט צו נעמען א פארטנער מיט געלט.

אט די לעצטע עצה איז לאפידוס'ן גוט אריין אין קאפ. א פארטנער מיט געלט אין די ביזנעס — ס'וועט דאך איהם ליכטיג ווערען פאר די אויגען. ער וועט די ערשטע זאך באצאהלען א חודש דירה־געלט צום לענדלארד, וואס איז די לעצטע צייט געווארען שוין זעהר צודרינגליך. ער וועט באלד באצאהלען זיינע פאר ארבייטער וואס עס קומט זיי שוין געלט פון עטליכע וואכען נאכאנאנד. די ארבייטער זיינען וואוילע מענשען און גלויבען אים אויפ'ן ווארט, נאר שכירות צאהלען מוז מען זיי דאך אין צייט.

א פארטנער אזא האט זיך טאקע גיך אפגעזוכט. ער איז געווען א פיפיגער איד, וואס האט שוין אויסגעפרובירט אלערליי פרנסות און שוין געווען אפילו א פארמאן אין א שאפ. ער איז געווען רירעוודיג ווי א קוועקזילבער, מיט א שמאלען, לאנגען קאפ און אפגעשטאנענע אויערען, און א פאר אויגען האט ער געהאט פארשיידענע — איינס האט געקוקט אויף רעכטס און דאס אנדערע אויף לינקס, אין איין און דערזעלבער צייט. מיסטער קעץ איז געווען זיין נאמען. איז אט דער מיסטער קעץ אריינגעקומען אין לאפידוס'עס איינבינדעריי, געגעבען א ווארף מיט זיינע קוקערס אהין און אהער. דער פלאץ איז געווען גרויס, נאר אינגאנצען פארשטעלט מיט אלערליי פעק ביכער, שוין געבונדענע און וואס מען דארף נאך איינבינדען. פעק מיט געדרוקטע שריפטען און ליפלעטס, און אויך מאטעריאלען צום איינבינד, פאפירען און לייוונטען אלערליי. א וואלד א גאנצער פון פעק, ניט דורכצוגעהן. דאס האט מר. קעצ'ן געגעבען א באגריף, אז קאסטאמער זיינען דא א סך און אז מען קען דעם פלאץ ארויפארבייטען.

אז ער האט זיך גענומען פאנאנדערפרעגען ביי לאפידוס'ן, ווי עס שטעהט מיט די פינאנסען, האט זיך ארויסגעוויזען, אז קיין מזומן איז ניטא. אלץ געהט אויף בארג. די קאסטאמער צאהלען ניט גלייך ווי זיי קריגען ארוים די ארבייט. לאפידוס גלויבט זיי אויפ'ן ווארט -- אז זיי וועלען האבען וועלען זיי באצאהלען. ער אליין ווידער טוט דאס זעלביגע מיט זיינע בעלי־חובות: דעם לענדלארד, די ארבייטער, די סוחרים, וואס פארקויפען איהם די נויטיגע מאטעריאלען. זיי ווארטען און גלויבען לאפידוס'עס ווארט.

מיסטער קעץ האט אנגעשטעלט זיינע גרויסע אויערען. ס'איז איהם דאס אלץ זעהר טשיקאווע געווען צו הערען.

— „אזוי, אזוי", — האט ער מאדנע צוגעשמייכעלט, — אלץ געהט ביי אייך נאר אויפ'ן ווארט? און ביי מיר וועט מען זיך פיהרען אנדערש.

ס'איז לאפידוס'ן באלד ניט געפעלען געווארען זיין פארטנער'ס טאן. ער רעדט שוין מעשה באלעבאס. ער האט שוין חרטה געקראגען וואס ער האט זיך פארבונדען מיט דעם דאזיגען מיסטער קעץ, נאר ס'איז שוין געווען פארפאלען. ער האט ניט געקענט געהן צוריק פון זיין ווארט, און דער קאנטראקט איז אונטערגעשריבען געווארען.

מעהר פון אלץ איז לאפידוס'ן געווען דערווידער זיין פארטנער'ס רירעוודיגקייט. שוין אין ערשטען טאג האט ער דורכגענישטערט דעם פלאץ ביז די טונקעלסטע ווינקלען. געפארשט און נאכגעפרעגט זיך, און אלץ געשמייכעלט זיין סארקאסטישען שמייכעל. לאפידוס'ן האט געטיאכקעט אין הארצען: אט דער מיסטער קעץ — ער וועט דא נעמען זיך איינפיהרען נייעסן. פאר העכער צוואנציג יאהר האט לאפידוס זיינע ביזנעס געפיהרט. ער האט זיך געהאט זיינע אייגענע, איינגעשטעלטע כללים. ער האט גוט געקענט זיינע קאסטימער און זיי האבען איהם גוט געקענט. איצט האט לאפידוס זיך געשראקען, אז דער פארטנער זאל איהם מיט עפעס ניט קאליע מאכען.

די צוויי ארויסהעלפער לאפידוס'עס, וואס האבען פאר איהם געארבייט, האבען איצט דורכגעלעבט אי שרעק אי האפענונג. שרעק פאר די מעגליכע נייעסען, וואס דער נייער שותף וועט זיך נעמען איינפיהרען; און א האפנונג, אז פון איצט אן וועלען זיי אפשר קריגען זייערע שכירות אין צייט. יעדערער פון זיי האט געהאט א ווייב און קינדער, וואס מען האט באדארפט שפייזען. מיט זייער אלטען באלעבאס, מיט לאפידוס'ן, האבען די ארבייטער געלעבט ווי ברידער. זיי האבען געוואוסט, אז לאפידוס איז אן ערליכער מענש, א למדן. זיי האבען ליב געהאט אפט אין מיטען דער ארבייט כאפען א שמועס מיט איהם פון העכערע ענינים און עס האט זיך זיי דערנאך גאר געארבייט געשמאקער. אז ער האט געמוזט דורכלאזען א וואך געצאהלט פאר זיי, האבען זיי אויסגעווארט. זיי האבען זיך שטילערהייט איבערגעקוקט מיט'ן באלעבאס אויף שטום־לשון, און דאס האט געמיינט: „מיר'ן זעהן וואס עס וועט זיין ווייטער".

שוין די ערשטע וואך איז ארויסגעקומען א סכסוך צווישען מיסטער קעצ'ן און אן אלטען קאסטימער, דעם אידישען לערער וואלענסקי'ן. וואלענסקי איז געקומען ארויסנעמען א פעקעל ביכער, וואס ער האט געגעבען איינבינדען פאר זיין שולע. ביז איצט האט ער קיין שוועריגקייטען ניט געהאט. לאפידוס פלעגט איהם געבען אויף בארג און ער האט געצאהלט ווען ער האט געקענט. מיסטער קעץ אבער האט גאר אזוינס ניט געוואלט הערען. ער האט געפאדערט שוין באצאהלט — אז ניט וועט ער דעם ארדער ניט ארויסגעבען. ער האט זיך נאך צושריען אויפ'ן קול, גענומען זיך זידלען פאר כעס. זיינע האר, געלבליכע, הארטע, האבען זיך אויפגעשטעלט אויפ'ן קאפ, ווי ביי א יאזשיק, און זיינע קרומע אויגען האבען ארומגעטאנצט אהין און אהער. נאר וואלענסקי האט זיך פאר איהם ניט דערשראקען און ער האט געענטפערט קעצ'ן, אז ער קען איהם גארניט ווער ער איז, און אז ער האט אן אפמאך מיט לאפידוס'ן. און מיסטער קעץ האט געענטפערט אויף צוריק, אז לאפידוס קען צוזאגען אלץ, און אז פון איצט אן איז ער, קעץ, דער באלעבאס, און די קאסטימער וועלען האבען צו טאן נאר מיט איהם, און וועגען נעמען אויף בארג זאלען זיי פארגעסען.

וואס עס האט זיך יענעם טאג געטאן ביי לאפידוס'ן אין פלאץ, איז גאר שווער צו באשרייבען. וואלענסקי איז ארומגעלאפען פון איין ארט צום אנדערען מיט א געשריי: „וואו איז לאפידוס?" אן ארבייטער, וואס איז געשטאנען ביים פרעס־מאשין, האט אין הוילע שרעק נאר א הויב געטאן מיט די אקסלען און ניט געענטפערט. לאפידוס אליין, ווי ער האט נאר דערהערט די ערשטע געשרייען, האט ער זיך אזוי איבערגעשראקען, אז ער האט זיך פארבאהאלטען אין א טונקעל ווינקעל אונטער א גרויסען פאק ביכער. אז וואלענסקי האט איהם ענדליך געפונען און ארויסגעפיהרט איהם אין דער ליכטיגקייט, איז זיין אידעלער פנים געווען בלייך און ערנסט. ער האט זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגען וואלענסקי'ן אין א טראגישער פאזע, מיט די הענט פארלייגט אויפ'ן הארצען, ווי א העלד אין א פיעסע, דעם קאפ אויפגעהויבען, כלומר'שט ארויסרופענדיג, נאר זאגען האט ער גארניט געזאגט. דער סוף איז געווען, אז וואלענסקי איז אוועק דערוויילע אהן די ביכער און אפילו אהן א „גוד־באי" צו זיין אלטען פריינט, לאפידוס'ן.

לאפידוס'ן איז איצט געווארן זעהר ביטער אויפ'ן הארצען. דער פארטנער זיינער, ער וועט איהם נאך צוטרייבען אלע קאסטימער און ער וועט בלייבען מיט גארניט. ס'איז פון דאמאלסט אן ניט אוועק קיין איין טאג, אז עס זאלען ניט ארויסקומען קיין אמפערייען און אפילו קריג צווישען איהם און זיין שותף. לאפידוס האט כסדר געדארפט זיך איינשטעלען פאר זיינע באליבטע קאסטימער. זיי זיינען ביי איהם געווען באגליבט. זיי וועלען אויסצאהלען ביסלאכוויין.

— אט דעם אידען מוז מען ארויסגעבען זיינע ביכער — האט ער זיך געפרואווט ווענדען צו זיין שותף.

— אזוי, מען מוז? — האט מיסטער קעץ נאר חוצפה'דיג געשמייכעלט.

איינמאל, אז לאפידוס האט געהערט ווי זיין שותף שרייט און זידעלט זיינעם א קאסטימער, האט ער זיך אזש געכאפט פאר'ן קאפ. דאס איז געווען א געוויסער ראבאי, וואס האט אנגעשריבען א בוך וועגען ארץ ישראל. לאפידוס האט פאר איהם גרויס דרך ארץ געהאט.

— איהר ווייסט כאטש מיט וועמען איהר האט גערעדט? — האט ער מיט פארוואורף געפרעגט ביי מיסטער קעצ'ן.

— איך פייף אויף איהם! — האט קעץ, א צעבייזערטער, אפגעענטפערט. ער האט ניט געהאט קיין אפשיי פאר קיינעם און אלעמען פארדעכטיגט אין שלעכטס.

ס'האט פאסירט, ווי לאפידוס איז געשטאנען און גערעדט מיט א קאסטימער, אן אלטען פריינט זיינעם. ער האט איהם געוויזען די ווארע, דעם פיינעם איינבינד. לאפידוס האט ליב געהאט ארויסצוגעבען גוטע ארבייט. באלד האט ער זיך מיט איהם צורעדט וועגען העכערע ענינים. ביידע זיינען געווען ליבהאבער פון אלטע ספרים. לאפידוס האט זיך צעווארימט. ער איז באלד אוועק אין ווייטסטען ווינקעל פון זיין פלאץ, וואו אויף א פאליצע זיינען געלעגען פארגעסענע און איבערגעלאזענע ביכער, פארשטויבטע שוין פון יאהרען. ער האט געבראכט צוטראגען אן אלטען חומש, א זעלטענע אויסגאבע, געדרוקט נאך אין אלטען רוסלאנד, אן אנטיק, וואס איז איצט גאר שווער צו קריגען. ביידע האבען הנאה געהאט אריינצוקוקען אין דעם זעלטענעם עקזעמפליאר. מיט אמאל דערהערט לאפידוס פון אנדערען ווינקעל זיין פארטנער'ס קול. ער האט זיך שוין פארטשעפעט מיט איינעם פון זיינע קאסטימער, שרייט און זידעלט זיך. לאפידוס פארשעמט זיך און שמייכעלט פארלארען:

— ער איז א הונט מיט אויערען, מיין שותף, — פרואווט ער זיך א וויצעל טאן. און ביידע, ער און זיין פריינט, שאקלען מיט די קעפ אומעטיגליך.

אלטע פריינט לאפידוס'עס זיינען אויפגערודערט. מען דערצעהלט זיך איינע די אנדערע די נייעס. זיי באדויערען לאפידוס'ען, וואס ער איז אזוי אריינגעפאלען מיט זיין שותף. פאראן אזעלכע, וואס זיינען אין לאפידוס'ען אנטוישט. ווי לאזט זיך דאס א מענש אזוי פיהרען פאר דער נאז פון עפעס א מיסטער קעץ! אז לאפידוס האנדעלט לויט זיין אלטער געוואוינהייט און ער זאגט צו א קאסטימער, אז ער וועט ווארטען מיט'ן געצאהלט, קומט דער שותף זיינער און מאכט צונישט זיין ווארט. דער קאסטימער מאנט ביי לאפידוס'ן זיין ווארט:

— סטייטש? איהר האט דאך צוגעזאגט!

שטעלט ער זיך אוועק אין זיין טראגישער פאזע, מיט די הענט פארלייגט אויפ'ן הארצען, בלייך ווי די וואנט, און ער שווייגט שטיל. די אלטע קאסטימער פארלירען דעם גלויבען אין איהם און דאס איז ערגער פון אלץ. פאר העכער צוואנציג יאהר האט ער זיינע ביזנעס געפיהרט און זיין נאמען איז ניט געווען באפלעקט און זיין ווארט איז געווען א ווארט.

באזונדערס שלעכט באהאנדעלט מיסטער קעץ אזעלכע קאסטימער, וואס ווילען א י ה ם אינגאנצען איגנארירען, און זיי ווילען נאר האנדלען מיט לאפידוס'ן אליין. פון אזעלכע גלוסט זיך איהם צו נעמען נקמה. פאראן אויך אזעלכע, וואס געפינען א־וועג צו מיסטער קעצ'ס פארהארטעוועטע הארץ דורך חניפה. מיט אזעלכע קאסטימער איז ער ווייכער, און אז ער גיט זיי ארויס ארבייט אויף בארג, שרייט ער זיי נאך:

— „דאס וועט אייך זיין דאס לעצטע מאל!"

פון דער אנדער זייט, ווידער, זעהט לאפידוס ווי עפעס ענדערט זיך פאר זיינע אויגען. דער דאלאר דרעהט זיך פרייער. מיסטער קעץ זאגט איהם צו גאלדענע גליקען. ער וועט פארגרעסערען דעם פלאץ, צוקריגען נייע קאסטימער. נאר וואס קומט ארויס? ער האט פארלארען א סך פון זיינע אלטע פריינט. אין פלאץ איז שטענדיג א הו־האא, און ער, לאפידוס, פיהלט זיך ווי אריינגעדרעהט אין א ראד. זיין קאפ איז איהם ניט קלאר. און פרעמדער זיינען איהם די נייע פיהרונגען, און ווי א פרעמדער דרעהט ער זיך ארום אין זיין אייגענעם געשעפט.

# ווי אַזוי צעהנדליגע טויזענטער נאַצים לעבען אין אַמעריקע אין אונזערע קעמפּס פאַר קריגס-געפאַנגענע

**ווי זיי אַרבייטען און ווי זיי פיהרען זיך אויף. — די וועדזשעס וואָס זיי קריגען און דאָס געלט, וואָס אונזער רעגירונג שפּאָרט פאַר זיי אויף נאָך דער מלחמה. — די חוצפּה, וואָס א סך פון זיי ווייזען אַרויס. — איצט האָבען מיר שוין אין אַמעריקע זיבעציג טויזענט און אין גיכען וועלען מיר דאָ האָבען הונדערטער טויזענטער אַזעלכע קריגס-געפאַנגענע.**

פון א. שאַפּיר

אין אַמעריקע זיינען איצט פאַראַן אַרום זיבעציג טויזענט קריגס-געפאַנגענע פון דייטשלאַנד, איטאַליע און יאַפּאַן. אַרום פופציג טויזענט פון די געפאַנגענע זיינען דייטשען. זיי ווערען געהאַלטען אין פּריזאָן-קעמפּס, וועלכע געפינען זיך אין סאַמע האַרץ פון לאַנד.

אין דעם איצטיגען מאָמענט געפינען זיך קריגס-געפאַנגענע אין די פּריזאָן-קעמפּס אין די פאָלגענדע סטעיטס: אינדיאַנאַ, קאָלאָראַדאָ, אַריזאָנאַ, לויזיאַנאַ, טעקסעס, וועסט-ווירדזשיניאַ און מערילענד. די געפאַנגענע איטאַליענער ווערען געהאַלטען אין אַנדערע קעמפּס ווי די נאַצים. ווייל, ווי באַוואוסט, האָבען די איטאַליענער שטאַרק פיינט די נאַצים, און ווען מען וואָלט זיי געהאַלטען צוזאַמען אין איין פּריזאָן-קעמפּ, איז מעגליך, אַז עס וואָלט געקומען צו בלוטיגע צוזאַמענשטויסען צווישען זיי.

ערשט דאָ ניט לאַנג, מיט וואָסערע צוויי יאָהר צוריק, האָבען נאָך די נאַצים ניט געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון זיין קריגס-געפאַנגענע. זיי האָבען „געבליצט", זיך געטראָגען ווי א שטורעם איבער לענדער און אַלץ איז געפאַלען אין פייער און אין בלוט פאַר זייער ברוטאַלער מאַכט.

הונדערטער טויזענטער פראַנצויזען, פּאָליאַקען, האָלענדער, נאָרוועגיער און אַפילו ענגלענדער האָבען זיך געמאַטערט אין הונגער און אין שמוץ אין נאַצישע פּריזאָן-קעמפּס. אָבער די צאָהל פון נאַצישע קריגס - געפאַנגענע איז געוועזען זעהר קליין. זינט דאַן האָט זיך אָבער דאָס רעדעל א שאַרפען דרעה געטאָן. היטלער'ס כלומרש'טע „אי-בערמענשען" ליידען כסדר אַלץ נייע מפּלות אויף די פראָנטען און די צאָהל נאַצישע קריגס - געפאַנגענע וואַקסט מיט יעדען טאָג, מען קען זאָגען מיט יעדער שעה.

אָפּגערעדט פון רוסלאַנד, וואו איז די צוויי יאָהר בלוטיגע שלאַכטען זיינען הונדערטער טויזענטער פאַרכאַפּט געוואָרען אין פלען, נאָר אויך אין אַמעריקע, ענגלאַנד און אין קענעדע וואַקסט די צאָהל פון געפאַנגענע דייטשען און איטאַליענער.

* * *

אין לאָמיר זיך אויף א ווײַלע אַריינבערכאַפּען אין איינעם פון די אַמעריקאַנער פּריזאָן-קעמפּס און א קוק טאָן אויף די היטלער-„העלדען", וואָס האָבען זיך אונטערגעגעבען מיט האַק און פּאַק צו אונזערע אַמעריקאַנער באָיס אין נאָרד אַפריקע.

א געוועהנליכער פּריזאָן-קעמפּ איז אַרומגערינגעלט מיט צוויי צוימען פון שטעכיגען דראָט. צווישען איין צוים און א צווייטען געפינט זיך א שמאָלער וועג, וואו עס זיינען אויפגעבויט טורעמס פאַר די וועכטער, וואָס היטען די קריגס-געפאַנגענע. א פּריזאָן-קעמפּ ...

... ניט פאַרגעסען וואָס זיי זיינען אין דער וועלט און האָבען אַלע ווי איינער א שטרעק-געטאָן די הענט אין דער הויך און אויסגעשריען „האַיל היטלער", דאָס איז דאָס איינציגע מאָל, האָט דער סאַרדזשענט געזאָגט, וואָס ער האָט געהערט דעם „האַיל היטלער" סאַלוט, כאָטש מען קען נאַטירליך ניט וויסען, וואָס זיי טוען ווען זיי בלייבען אַליין אין די באַראַקען.

אין די באַראַקען זיינען אָבער די נאַצים, נאַטירליך, בלויז אין די אָוונטען, די איבעריגע צייט מוזען זיי אַרבייטען. די געפאַנגענע פון דעם קעמפּ אין טעקסעס אַרבייטען אין די דערבייאיגע קאַטען-פעלדער.

דער געוועהנליכער „וועידזש" פאַר א טאָג אַרבייט אין קעמפּ גופא איז 10 סענט. ווען די קריגס-געפאַנגענע געהען אָבער אַרויס אַרבייטען אין די קאַטען פעלדער קריגען זיי 80 סענט א טאָג. די אויפזעהער פון פּריזאָן-קעמפּ מאַנען איין די וועידזשעס ביי די אייגענטימער פון די פעלדער און צאָהלען דערנאָך אויס די וועידזשעס צו די קריגס-געפאַנגענע. די נאַצים באַקומען אָבער ניט דעם לוין אין קעש. אַנשטאָט דעם באַקומען זיי העלפט אין קופּאָנען, וועלכע זיי קענען אויסבייטען אין די קאַנטינס (קעמפּ סטאָרס) אויף סאָדאַ געטראַנקען, קענדי און סיגאַרעטס.

די צווייטע העלפט פון דעם לוין לעגט מען אַוועק פאַר די געפאַנגענע נאַצים אין א ספּעציעלען פאָנד, וואָס וועט זיי אויסגעצאָהלט ווערען נאָך דער מלחמה. עס איז אַזוי אַרום ניט אויסגעשלאָסען, אַז די געפאַנגענע נאַצים זאָלען נאָך דער מלחמה צוריקפיהרען פון אַמעריקע קיין דייטשלאַנד א קאַפּיטאַל אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַרען.

נאָך דעם טאָג אַרבייט אין די קאַטען-פעלדער קערען זיך אום די געפאַנגענע נאַצים צוריק אין קעמפּ. באַוואַכט פון אַמעריקאַנער סאָלדאַטען מאַרשירען זיי אין מיליטערישער אָרדענונג. ...

... קאַנער פּראָגראַמען. קיין שאָרט-וועיוו ראַדיאָס זיינען, פאַרשטעהט זיך, ניט ערלויבט און קיין פּראָגראַמען פון דייטשלאַנד קאָנען די געפאַנגענע דורך זייערע ראַדיאָס ניט אויפנעמען.

עס טרעפט אָפּט, אַז אין די פרייע שטונדען האַלטען די געפאַנגענע נאַצים אָפּ מיטינגען צווישען זיך. דאָס זיינען אָבער ניט קיין פּאָליטישע מיטינגען. מעהרסטענס רעדט מען אויף זיי וועגען אַנגעלעגענהייטען, וואָס האָבען צו טאָן מיט'ן לעבען אין פּריזאָן-קעמפּ. זיי אַראַנזשירען אָפּט אויך פאָרשטעלונגען. פאַראַן צווישען די געפאַנגענע אַרטיסטען, געשולטע טעכניקער, צייכענער און אַפילו גאַנץ באַגאַבטע מאָלער.

אָט די דאָזיגע צייכענער און מאָלער קענען זיך ניט באַפרייען פון זייער נאַצישער טבע צו צייכענען און אויסצואַרבייטען פאַרשיידענע נאַצישע עמבלעמען. אַזוי, למשל, האָט דער ...

... טען. ווי איינער פון די אַמעריקאַנער אָפיצערען אין דעם לאַגער פאַר קריגס-געפאַנגענע האָט זיך אויסגעדריקט: „לאָמיר פריהער געווינען די מלחמה. לאָמיר פריהער פאַרניכטען אויף די פראָנטען אַזויפיל נאַצים וויפיל עס איז נאָר מעגליך, און וועגען איבערדערציהען די לעבען-געבליבענע וועט מען זיך שוין שפּעטער זאָרגען".

... שע מערדער לעבט זיך אַזוי גוט ביי אונז אין לאַנד.

עס שטעלט זיך ניט ווילענדיג די פראַגע, צי וואָלט מען ניט געדאַרפט אָפּצאָהלען די נאַצים מיט דער זעלבער מטבע, וואָס זיי צאָהלען אַנדערע? אויב, למשל, די נאַצים פאַרבאָטען צו שיקען אַנטי-נאַצישע ביכער צו די געפאַנגענע אין דייטשלאַנד, ...



דאָס איז א בילד פון נאַצישע סאָלדאַטען, וואָס מיר האָבען גענומען געפאַנגען אין נאָרט-אַפריקע; א סך פון זיי געפינען זיך שוין אין די אַמעריקאַנער קעמפּס פאַר קריגס-געפאַנגענע.

... זען ווענען געפאַנגענע אַנטהאַלט א פּונקט, וואָס זאָגט, אַז דער געפאַנגענער מוז קריגען די זעלבע שפּייז, וואָס עס קריגען די סאָלדאַטען פון דעם לאַנד, וואו ער איז געפאַנגען.

נאָכ'ן סאַפּער, וואָס ענדיגט זיך אַרום האַלב נאָך פינף, זיינען די געפאַנגענע פריי ביז א פערטעל צו צעהן אין אָוונט, ווען עס ווערען אויסגעלאָשען די ליכט אין קעמפּ. אין די באַראַקען זיינען פאַראַן ראַדיאָס און די נאַצים קענען זיך צוהערען צו אַמערי-...

## א אידיש מיידעל פון ענגלאַנד, וועלכע איז שטאַרק באַליבט ביי די אַראַבער אין אַפריקע

פון ש. לעווין

(שלום פון פּעידזש 2, סעקשאָן צוויי)

לעגענהייט, וואַרפט זי אַראָפּ פון זיך די אַראַבישע קליידער און פּוצט זיך ווי א פּאַריזער דאַמע.

מיס שטאַרק האָט יאָהרען-לאַנג געלעבט אין איינזאַמקייט, און דערייבער שרעקט איהר ניט מעהר קיין איינזאַמקייט. ...

אַראַבערין, געהט געקליידעט ווי אַן אַראַבערין, רעדט פּונקט אַזוי אַראַביש ווי אַן אַראַבערין, לעבט אַזוי ווי זיי, און מען קען בשום אופן נישט דערקענען איהר, ווען זי איז צווישען אַראַבער, אַז זי איז עפּעס אַן אַנדערע.

מען קען אָבער זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען איהר אַרבייט פאַר דער מלחמה ...

... געוואָרפען אויף איהרע פּלייצעס א גרויסען עול און זי האָט איהם זעהר גערן אַנגענומען. וואָס זי טוט? — דאָס טאָר נישט אויפגעדעקט ווערען. עס טאָר אויך איצט אין דער צייט פון קריג נישט געזאָגט ווערען, ווי אַזוי זי טוט עס און איבערהויפּט וואו זי האַלט זיך אויף. צו דערקענען מיס שטאַרק איז אומעגליך. זי זעהט אויס ווי אַן ...

## פעני'ס שרעק

(ערצעהלונג)

פון מרים ראַסקין

יונגער מיידעל. דאָס איז געוועזען אויף אַן אָוונט אין קאַסינאָ. פעני איז, ווי איהר שטייגער, געזעסען ביי דער וואַנט מיט נאָך א פּאָר פרויען-געסט, ...

זי איז געוועזען די הויפּט סערווערין אין דעם קליינעם און באַקוועמען האָטעל אין די בערג, „קאַפּלאַן'ס האָטעל", וואָס האָט געהאַט א נאָמען מיט זיין גוטער באַהאַנדלונג און דער פריינטליכער אַטמאָספערע. ...

# אידען אין פוילען, וואָס אַנטלויפען פון דער אידישער וועלט

זיי בייטען זייערע אידישע נעמען און מישען זיך אויס מיט די קריסטען. — די געשיכטע מיט דעם באַקאַנטען אידישען שוישפּילער גאַדיק.

אַ בריף פון פוילען
פון י. צאַנין

ווי באוואוסט, האט נאַצ'ן פּאַרטריי־בען די דייטשען געבושעוועט אין פּוילען אַ רוצח'ישער אַנטיסעמיטיזם און אידען האָבען זיך געמוזט אויסבאַהאַל־טען פונקט אַזוי ווי בעת דער אַקופּא־

פאַלק. ער איז אוועק אין פּוילישען טעאַטער, וואו ער איז היינט איינער פון די גרעסטע פּוילישע אַקטיאָרען. ער שפּילט אין פּוילישען מלוכה'שען טעאַטער, שפּילט די בעסטע ראָלען און האַט די בעסטע גאַזשע. ווען איך בין געקומען קיין פּוילען, האַט מען מיר דערצעהלט, אַז גאַדיק האַט זיך אויף די עלטערע יאָהרען פּשוט אָפּגע־שמד'ט, אַז ער איז געוואָרען אַ שׂונא ישׂראל, אַז ער מיידט אויס די אידישע סביבה.

אין דעם גאַנצען טראַגישען קאַמ־פּלעקס פון איצטיגען אידישען לעבען

אַטער. איך האָב די זאַך געוואָלט זעהן פון דער נאָהענט און זיך געטראָ־פען מיט גאַדיק'ן. ער האָט מיר דער־צעהלט זיין געשיכטע, דאָס איז די זעל־בע געשיכטע פון אַלע צוּבראָכענע אי־דען אין איצטיגען פּוילען. ער האָט ניט מעהר קיין כוח — דערצעהלט ער מיר — צו קעמפען. פון די אַלע מלחמה־איבערלעבענישען איז ער שרעקליך מיד. עס האָבען איהם ניט געקלעקט קיין כוחות ווידער אַמאָל אַנצוהויבען פון דאָס ניי. ער גלויבט ניט — זאָגט ער מיר — אין דער מעגליכקייט פון אַ געזונט שעפעריש אידיש לע־

טשען, נאָר פאַרקערט: ער שפּילט אי־דען מיט ליבשאַפט און ווייזט אידישע מענשליכקייט. ער וויל, זאָגט ער, אויף אַזאַ אופן וועקען מענשליכע גע־פיהלען פון די פּאָליאַקען, וועלכע זיי־נען דורכגעפּרעסט מיט אַנטיסעמי־טיזם און זיינען פאַר'סמ'ט מיט היט־לעריזם. דאָס, זאָגט ער, איז זיין פאַר־דינסט. וואָס שייך צו שמחה, — זאָגט ער, — איז עס ניט ריכטיג. זיין פּוי־לישע פרוי האָט בלויז געפאָדערט פון איהם זייער חתונה זאָל פאַרקומען אין דער קאַטוילישער קירך. צוליב דעם — דערצעהלט גאַדיק — האָט ער זיך ניט

דער קאַרדינאַל הלאָנד, דער, וועלכער האָט פאַרטיידיגט דעם פּאָגראָם אין קעלץ, האָט געגעבען זיין הייליגע הסכמה, אַז דער איד גאַדיק, דער, וועמענס ברידער זיינען אין קעלץ גע־שאָכטען געוואָרען דורך די פרומע שע־פעלער פון קאַרדינאַל הלאָנד, זאָל מעגען איבערטרעטען די שוועל פון דער קאַטוילישער קירך און דאָרט שטעלען אַ חופּה מיט זיין נ׳יעם זיווג — דער קאַטוילישער פרוי, אָבער קאַרדינאַל הלאָנד איז גאָרנישט אַזוי גרויסצוגיק, ער האָט געפאָדערט ביים איד און גאַדיק דער איד האָט אונטערגעשריבען,

פריש אידיש לעבען, פרישע אידישע צענטערן. זיי גלויבען, די עקשנים, אַז ניט געקוקט אויף אַט די אַלע שוועריגקייטען וועט זיי דאָך געלינגען צו שאַפען אַ סטאַביל אידיש לעבען אין פּוילען, אַ שעפעריש לעבען. דערווייל ווירקט נאָך אין פּוילען דער גרויסער חורבן, וואָרים פון אַזאַ ריזיגען קאַטאַקליזם איז שווער, זעהר שווער זיך צו שטעלען אויף די פיס.

אַ טרייסט אין דעם אַלעמען איז די גרויסע צאָל אידישע געבורטען אין פּוילען. ווי באַקאַנט, האָט זיך אין פּוילען אָפּגעראַטעוועט אַ אינגערער און מיטעלער עלעמענט אידען. דער גרויסער פּרייז וואָס אידען האָבען באַ־צאָהלט פאַר ראַטעווען זיך פון טויט, דיקטירט איצט זייערע אינסטינקטען צו זוכען אַ וועג פאַר קיום האומה. דאָס קומט צום אויסדרוק אין דער וואונדערליכער צאָל אידישע געבויר־טען אין פּוילען, אין די אייגעלאַך פון זייערע ניי־געבוירענע קינדער זוכען צובראָכענע אידען די עהנליכקייט צו זייערע אומגעבראַכטע נאָהענטע, צו זייערע קינדער און מאַמעס, וואָס זיי־

# ער האָט חרטה

(ערצעהלונג)

פון מרים ראַסקין

# פון פאַלק צום פאַלק

## וועלכע אידען דאַרף מען פריהער ראַטעווען?

# „זאַקאַלאַלי קאַבאַנאַ"

פון חיים ליבערמאַן

„זאַקאַלאַלי קאַבאַנאַ" זיינען צוויי רוסישע ווערטער. אויב איהר קענט רוסיש ווייסט איהר וואָס דאָס מיינט. אויב איהר קענט ניט קיין רוסיש וועט איהר זיך דערוויסען ביים סוף פון איצטיגען אַרטיקעל.

אויסער זייער געוועהנליכער באַדייטונג קענען די דאָזיגע צוויי ווער־טער פון היינט און ווייטער דינען ווי אַ מין שלאַגוואָרט וועגען דעם צו־שטאַנד פון אידישקייט אין סאָוועטען פאַרבאַנד.

אויב מען וועט אייך פרעגען: ווי האַלט עס מיט אידישקייט אין סאָוועטען פאַרבאַנד? קענט איהר ענטפערען:

„זאַקאַלאַלי קאַבאַנאַ".

אַזוי האָט טאַקע אימיצער פון סאָוועטען פאַרבאַנד געענטפערט איינעם אין אַמעריקע.

(שלוס אויף פּעידזש 8)

משה ראַלניק

# ווי אַזוי פּרעזידענט טרומאַן האָט באַזיגט אַלע זיינע געגנער אויף דער קאָנווענשאָן

פאַרוואָס אַלע פאַרזוכען אים צו באַזייטיגען אַלס קאַנדידאַט פאַר דער פּרעזידענט נאָמינאַציע זיינען דורכגעפאַלען. — מיט „גאַרניט" קען מען ניט קעמפען געגען „עפּעס".—די טעות'ן וואָס טרומאַנ'ס געגנער האָבען געמאַכט.

פון נ. זאַלאָוויץ

די וועלט האָט א כלל: „מיט גאַרניט קען מען ניט קעמפען געגען עפּעס".

וואָלטען די פאַרשיידענע אַנטיילנעמער אין די פאַרשיידענע „אַנטי־טרומאַן" באַוועגונגען אַט דעם איינפאַכען פאַקט געהאַט באַגריפען, וואָלטען זיי אויסגעמידען דעם גאַנצען קאַצעניאַמער.

בלויז נאַאיווע מענשען, זאָג איך, האָבען זיך געקענט איינשמועסען, אַז ס'איז מעגליך צו צווינגען טרומאַנ'ען זיך פריוויליג אָפּצוזאָגען פון דער פּרעזידענט־נאָמינאַציע אויפ'ן דעמאָקראַטישען טיקעט. בלויז פּאָליטישע אַמאַטאָרען, זאָג איך, האָבען געקענט גלויבען, אַז גענעראַל אייזענהאַוער וועט איינוויליגען אַנצונעמען די דעמאָקראַטישע פּרעזידענט־נאָמינאַציע, זאָלאַנג טרומאַן גופא פאַרלאַנגט די באַטרעפענדע נאָמינאַציע. בלויז אויטאָפּיסטען, זאָג איך, האָבען געקענט מיינען, אַז סופרים קאָרט דזשאַסטיס דאָגלעס איז ביכולת צו באַזיגען פּרעזידענט טרומאַנ'ען אויף דער דעמאָקראַטישער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאַן.

דערע „רוזוועלטיאַנער" האָבען באַקעמפט — מחמת טרומאַן איז געווען אויסגעהאַלטען און עס איז פאַרטזעצען דעם ניו דיל. ... האָבען זיך געיאָוועט די גרויס־שע פּאָליטישע „באָסעס" — די ... העיגס און די דזשייק ארווים — ... האָבען צו טרומאַנ'ען געהאַט א ... טענות.

אז מ'האָט געפרעגט ביי די ... סאָוטהניקעס": טו וועמען־זשע ... איהר פאָרט? — איז זייער ... געווען:

„גענעראַל אייזענהאַוער!"

אז מ'האָט געפרעגט ביי ... דערסאָנ'ען און דזשעימס רוזוועלט ... טו יועמען־זשע ווילט איהר ... — איז זייער ענטפער געווען:

„גענעראַל אייזענהאַוער!"

און אז מ'האָט אפילו געפרעגט ... גרויסען שטאַטסמאַן, דזשייק ... און ביים גרויסען פּאַטריאָט, ... העיג: טו וועמען־זשע ווילט ... פאָרט? — איז זייער ענטפער ... געווען:

„גענעראַל אייזענהאַוער!"

דער דרויסענדיגער מענש, ... טיגער בעאָבאַכטער, האָט זיך ... לויבט צו שטעלען צוויי קלאָץ־... ערשטענס — ווי שיקט זיך ...

# אין אָפיס פון „ישראל" קאָנסול אין ניו יאָרק

דער אָפיס פאַרנעמט עטליכע צימערען ביי דער אידישער אַגענטור. — די באַאַמטע און זייערע טעטיגקייטען. — די אָפּטיילונג פון פּאַספּאָרטען און וויזעס. — די גלענצענדע באַציהונג פון דער היגער רעגירונג צו דעם ישראל קאָנסולאַט.

פון ח. וויטאל

פון די אָרומיגע לענדער לאָזט זיי ניט צושווימען צום ברעג. וועלכע אַזעלכע טראַגעדיעס שוין מעהר זיך ניט איבער'חזר'ן?

און די באַאַמטע אין דעם קאָנסולאַט פון מדינת ישראל, זיינען זיי ניט מעהר ווי פּקידים, ניט מעהר ווי אַנגעשטעלטע? זיינען זיי ניט מעהר ווי קאָנסולען און סעקרעטאַרען, וועלכע טוען מעכאַניש זייערע פליכטען, אהן הארץ, אהן נשמה, אזוי ווי אין די קאָנסולאַטען פון אַנדערע רעגירונגען?



וויצע קאָנסול משה יואוואל

טען, אויסער אויפ'ן מיליטערישען געביט.

אויב ס'איז נאָך שווער דערווייל צו געבען אַן ענטפער אויף דער פראַגע פון אידישער היימלאָזיגקייט, איז אָבער לייכט צו געבען א תשובה אויף דער פראַגע פון ישראל־באַאַמטע. דאָס זיינען די זעלבע אידעאַליסטישע אידישע בחורים און מיידלעך, וועלכע איהר קענט פון די קיבוצים און פון די שטעט אין ארץ־ישראל; די זעלביגע, וואָס שטעהען היינט אויף אַלע מיליטערישע פראָנטען און זיינען זיך מוסר נפש פאַר דער אידישער אומאָפּהענגיגקייט, פאַר דער עקזיסטענץ פון דער מדינה ישראל. זיי זיינען האַרציגע מענשען און האָבען דעם אידעאַליזם מיטגעבראַכט אויף זייערע נייע אַמטען. זיי זיינען ניט פון דעם זעלביגען טייג געקנאָטען ווי די רעגירונגס־באַאַמטע ביי אַנדערע פעלקער. זיי זיינען דאָ אויך חלוצים.

די באַאַמטע, צווישען זיך, רופען איינער דעם צווייטען מיט זיין אידישען נאָמען, און נישט מיט'ן פאַמיליע־נאָמען: משה, גדעון, לאה, ראובן. עס הערשט צווישען זיי דאָס געפיהל פון פאַמיליע צוגעהעריגקייט, די צוגעהעריגקייט פון איין פאַמיליע. און אין דער דאָזיגער פאַמיליע איז די הערשענדע שפּראַך — העברעאיש. זיי קאָנען אַלע אויך אַן אויסגעצייכנטען ענגליש.

— „אנחנו מדברים כאן רק עברית" — מיר ריידען דאָ נאָר העברעאיש — האָט זיך צו מיר אָנגערופען די שעהנע לאה, א יונגע און שלאַנקע ירושלים'ער אידישע טאָכטער, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט אויסטיילען פון איהרע חבר'טאַרינס אין אָפיס פון דער אידישער אַגענטור, וועלכע ריידען כמעט אויסשליסליך ענגליש. די דערמאָנטע לאה איז א סעקרעטאַרין אין דער פּאַספּאָרט ...

# אַ צושטערטער אָוונט

(ערצעהלונג)

פון מרים האַסקין

סעם רובין האָט ארויסגענומען פון שאַפע זיין בעסטען אַנצוג. ער האָט מיט'ן בערשטעל ארומגעפוצט א ווייטע לע דעם רעקעל און געגעבען עס א טו־אָן אויף זיין דאַרער און אויסגעבויגענער פיגור. ...

# פראַגען וועגען געזונט

בריף פון אונזערע לעזער וועגען מעדיצינישע ענינים און ענטפערס

פון דר. ב. מ. סעיקין

כתם א לעזער, שיקאַגאָ. — איהר ליידט פון קינדהייט אַן אויפ'ן האַרץ. ...

# 26 נאבעל־פרייז געווינער זיינען אידען

**דאס איז מער פון 10 פראצענט פון די אלע נאבעל־פרייז געווינער אין די לעצטע 50 יאר. — די מערקווירדיגע געשיכטע פון דעם אלטען בחור און שאפער פון דינאמיט, אלפרעד נאבעל, וועלכער האט איבערגעלאזען 8 מיליאן דאלאר פאר די פרייזען פאר וויסענשאפט, ליטעראטור און פרידען.**

פון דוד ליבערזאן

מיט עטליכע און פופציג יאר צוריק, דעם 10טען דעצעמבער, 1896, איז אין סאן רעמא, איטאליע, געשטארבען א שעכעצעדיגער אלטער בחור, וועלכער איז געווארען בארימט דורך זיין צוואה. וועגען זיך אליין האט ער איינמאל געשריבען:

**אלפרעד נאבעל** — אן אומגליקליכער האלבער מענש. ווען ער איז צורערשט געקומען מיט זיין גרילץ אויף דער וועלט, וואלט א גוטהערציגער דאקטאר גלייך געדארפט מאכען א סוף צו זיין לעבען.

**זיין גרעסטע טוגענד** איז וואס ער האלט ריין די נעגעל זיינע און פאלט קיינעם ניט צו לאסט.

**זיינע גרעסטע חסרונות** — ער האט ניט קיין פאמיליע, איז ניט גוט אויפגעלעגט און ליידט פון אומפארדייאונג.

**זיין וויכטיגסטער און איינציגער פארלאנג** — אז ער זאל ניט באגראבען ווערען לעבעדיגערהייט.

**זיין גרעסטער פארברעכען** — ער דינט ניט צו מאמאן (דער אפגאט פון געלט און עולם הזה).

**אויסערגעוועהנליכע פאסירונגען אין זיין לעבען** — ניטא אזעלכע.

אלפרעד בערנהארד נאבעל, דער שאפער פון דינאמיט, האט אפשר געהאלטען פון זיך פיל מער ווי מען לייענט עס פון זיינע שורות אויבען. עס איז אבער קלאר, אז ער איז געווען א פעסימיסט אי וועגען זיין אייגען לעבען, פאר'קעש'ט לעבען, אי וועגען דער גאנצער וועלט. דעם גרויסען פארמעגען, וואס ער האט געשאפען פון דינאמיט, איז געקומען נאכדעם ווי אן אינגערער ברודער זיינער האט פארלארען זיין לעבען ביי א פולווער־אויפרייס. האט דאס נאבעל געקענט פארגעסען? אין זיין בארימטער צוואה האט ער געפרואווט אויסקויפען זיין פעסימיזם דורך איבערלאזען כמעט זיין גאנצען פארמעגען — 8 מיליאן דאלאר — אויף צו שאפען פרעמיעס פאר די וויכטיגסטע דערגרייכונגען אויף 5 געביטען: פיזיק, כעמיע, מעדיצין און פיזיאלאגיע, ליטעראטור, פרידען.

דורך די נאבעל־פרייזען האט דער מיליאנער פאהאיביגט זיין אנדענק אויף א פאזיטיווען אופן. אנגעהויבען אויסטיילען די פרייזען האט מען אין 1901, און נאהענט צו 250 פערזאן האבען שוין באקומען די פרעמיעס אין פארלויף פון די לעצטע 50 יאר. די דערגרייכונגען, וואס זיי שטעלען מיט זיך פאר אויפ'ן געביט פון וויסענשאפט, ליטעראטור — און אפילו שלום — זיינען צווישען די וויכטיגסטע אין דער געשיכטע. נאבעל וואלט געוויס געווען שטאלץ מיט די געווינער און מיט דער ערמוטיגונג, וואס ער האט זיי געגעבען דורך די פרעמיעס, וואס באטרעפען דורכשניטליך ביי 30 טויזענט דאלאר.

א צווייטער פונקט וואלט אויך געפעלען געווארען נאבעל'ן — דאס וואס מען קריוודעט ניט קלענערע לענדער, קלענערע פעלקער ביים אויסטיילען די פרייזען. אינטערעסאנט דערביי איז, אז פון די 241 פערזאן, וואס מען האט ביז היינטיגס יאר אויסגעקליבען פאר די נאבעל־פרעמיעס, זיינען 26 געווען אידען אדער פון אידישער אפשטאמונג. דאס איז מער ווי 10 פראצענט. אידען האבען אין די לעצטע 50 יאר געהאט ווינציגער פון 1 פראצענט פון דער באפעלקערונג פון דער וועלט.

אט איז א סך הכל פון דער צאל נאבעל־פרייז געווינער ביי פארשידענע פעלקער און לענדער פון 1901 ביז 1949:

ענגלאנד—37.
פאראייניגטע שטאטען—35.
דייטשלאנד—34.
אידען—26.
פראנקרייך—23.
שוועדען—13.
שווייצאריע—11.
דענמארק—8.
האלאנד—7.
איטאליע—7.
עסטרייך—6.
בעלגיע—5.
נארוועגיע—5.
פוילען—4.
שפאניע—3.
איטאליע—3.
רוסלאנד—2.
אונגארן—2.
קענעדע—2.
אינדיע—2.
ארגענטינע (זיד־אמעריקע)—2.
טשילי (זיד־אמעריקע)—1.
איירלאנד—1.
פארטוגאל—1.
יאפאן—1.

ווי עס איז צו זעהן, פארנעמען אידען אן אויבענאן אויפ'ן צעטעל. זיי זיינען צווישען די פעלקער מיט דער גרעסטער צאל געווינער פון דער אנערקענטסטער פרעמיע. נאבעל האט אין זיין צוואה געשריבען: „עס איז מיין אויסדריקליכער וואונש, אז ביים פארטיילען פרייזען זאל מען בשום אופן ניט נעמען אין אכט די פעלקער־אפשטאמונג פון דעם קאנדידאט. אין יעדען פאל זאל די פרעמיע געגעבען ווערען דעם יעניגען וואס האט זיך אממערסטענס פארדינט דעם פרייז, צי ער איז א סקאנדינאוויער, צי ניט."

קען מען זאגען, אז דער פונקט איז גאנץ גוט אפגעהיט געווארען וואס אנבאלאנגט קלענערע לענדער. זיי זיינען ניט געקריוודעט געווארען. פארקערט, די אויסטיילער פון די נאבעל־פרייזען ווערען קריטיקירט פאר „דיסקרימינירען" געגען געוויסע לענדער.

למשל: רוסלאנד האט בלויז צוויי נעמען צווישען די נאהענט צו 250 פרייז־געווינער. זיי זיינען: דער וויסענשאפטסמאן דר. י. פאוולאוו און דער שרייבער איוואן בונין. פארוואס האט לעוו טאלסטאי ניט געקראגען דעם פרייז פאר ליטעראטור? ער איז דאך געוויס געווען וויכטיגער ווי דער פוילישער סענקעוויטש, דער נארוועגישער ביארנסאן, דער דייטש מאמזען, וואס האבען אין די ערשטע יארען פון יארהונדערט געקראגען די פרעמיע. און וואס איז מיט טשעכאוו און גארקי, שוין ניט רעדענדיג פון רוסישע וויסענשאפטסלייט? איז טאקע אמת, אז די נאבעל־פרייז אויסטיילער זיינען געווען פיינטליך צו רוסלאנד?

די זאך איז באזונדערס קשה, ווייל אלפרעד נאבעל, זיין פאטער אימאנועל און זיינע ברידער האבען א לענגערע צייט געפירט גאר גרויסע געשעפטען אין רוסלאנד. רוסיש איז געווען נאבעל'ס צווייטע שפראך, נאך זיין מוטער־שפראך שוועדיש. די נאבעלס האבען געשפילט א ריזיגע ראל אין דעם אויפבוי פון דער רוסישער אויל אינדוסטריע און אין 1900 האט רוסלאנד פראדוצירט מער ווי א העלפט פון דער גאנצער רויער אויל פון דער וועלט (שפעטער האט אמעריקע איר ווייט איבערגעיאגט). די נאבעלס האבען געמאכט א „רעוואלוציע" מיט זייער איינפירען קעראסין־לעמפלעך אין די דערפער און שטעטלעך אין רוסלאנד. זיי האבען געשאפען וואפען פאר די קריגס־אינדוסטריען און געהאלפען אויפבויען די ריזיגע פוטילאוו אמוניציע־פאבריקען ביי פעטערבורג (לענינגראד). עס קען זעהר זיין, אז זיי זיינען געווען ענטוישט מיט זייער טעטיגקייט אין רוסלאנד; א צייט זיינען זיי דארט געגאנגען באנקראט. דאס קען אבער אלץ ניט ערקלערען פארוואס די נאבעל־פרייז אויסטיילער — די שוועדישע אקאדעמיעס און דער נארוועגישער פארלאמענט — האבען אויסגעקליבען אזוי ווייניג רוסען.

און כינע — א לאנד פון איבער 400 מיליאן איינוואוינער. שיקט זיך, אז קיין איין מענש פון כינע האט אין די 50 יאר זיך ניט פארדינט קיין איין נאבעל־פרעמיע? פארוואס האבען די פרייז־אויסטיילער בכלל אזוי ווייניג זיך אפגעגעבען מיט די גרויסע לענדער אין אזיע און אפריקע?

קיין פארשטענדיגער מענש וועט ניט לייקענען, אז פון די נאבעל־פרייזען זיינען אויסגעלאזען געווארען זעהר וויכטיגע נעמען. מ'קען אבער אויך ניט לייקענען, אז אין די נאבעל־פרייזען זיינען אריינגענומען געווארען א טייל פון די גרעסטע אויפטוער אין דער מענשליכער געשיכטע: וויסענשאפטסלייט ווי איינשטיין, רענטגען, פלאנק, הייזענבערג, פאוולאוו, מאדאם מאריע קוריע (די איינציגע פערזאן וואס האט באקומען צוויי נאבעל־פרעמיעס), גוסטאוו הערץ, פריץ האבער, דר. עהרליך און דר. מעטשניקאוו; שרייבער ווי אנאטאל פראנס, ראמעין ראלאן, אנרי בערגסאן, בערנארד שאא, סיגריד אונדסעט, ראבבינדראנאט טאגאר, וו. יעיטס און יודזשין א'ניעל; שלום־זוכער ווי וואודראו ווילסאן.

לויט ווי זיינער א פריינט האט ערקלערט, האט נאבעל געוואלט, מען זאל די פרעמיעס אויסטיילען ניט צו מענשען וואס האבען שוין דערגרייכט זייער ציל, נאר צו טרוימער וואס נויטיגען זיך אין ערמוטיגונג. אויב נאבעל האט דאס באמת געהאט אין זין, קען מען ניט זאגען אז מען האט דורכגעפירט זיין פארלאנג. בערנארד שאא האט זיך אויסגעדריקט, אז מיט'ן נאבעל־פרייז איז ווי מיט'ן רעטונגס־גארטעל, וואס מען גיט א מענש אין געפערליכע וואסערען, נאכדעם ווי ער האט שוין באוויזען צו דערשווימען צו א ברעג... די פרעמיע ווערט אויסגעטיילט צו א מענשען וואס האט שוין דערגרייכט, ניט גלאט א טרוימער.

אפשר איז דאס אומפארמיידליך. א נאבעל־פרייז איז דאך עטליכע צענדליג טויזענט דאלאר. אפילו ווען דער פרייז ווערט צוטיילט צווישען עטליכע מענשען — ווי עס טרעפט צומאל — קריגט יעדער ביי 10 טויזענט דאלאר אדער מער. דאס איז א היבשע סומע, און די פרייז־אויסטיילער מוזן זיך דאריבער רעכענען מיט מענשען, וואס האבען שוין „דערגרייכט".

פון דער צווייטער זייט קען מען ניט לייקענען, אז אפילו ביי די וואס האבען שוין „דערגרייכט" איז די נאבעל־פרעמיע א גרויסער כבוד און אן ערמוטיגונג. אין געוויסע פאלען האט טאקע די פרעמיע געדינט צו העלפען וויסענשאפטסלייט און שרייבער, זיי זאלען קענען אביסעל „חלומ'ען" און ניט דארפען אפגעבען זיך מיט תכלית.

ווי געזאגט, זיינען ביז היינטיגען יאר געווען 26 אידישע נאבעל־פרייז־געווינער. לעצטענס איז צוגעקומען נאך איינער: דר. טאדעאוס רייכשטיין, א פוילישער איד, וואס וואוינט איצט אין שווייצאריע, האט באקומען דעם 1950 נאבעל־פרייז פאר מעדיצין צוזאמען מיט צוויי אמעריקאנער דאקטוירים, עדווארד קענדעל און פיליפ הענטש. די פרעמיע באטרעפט 164 טויזענט מיט 303 שוועדישע קראנען, וואס דאס איז ווערט ביי 31 טויזענט מיט 715 דאלאר. אזוי ווי דריי טיילען זיך מיט'ן פרייז, קריגט יעדער ביי 10 טויזענט מיט 570 דאלאר. דר. רייכשטיין האט ערקלערט, אז ער גיט אוועק זיין חלק צום באזעלער אוניווערזיטעט. דר. הענטש האט געזאגט, אז ער וועט זיין דריטעל חלק ווידער צוטיילען אויף דריי, ווייל צוויי קאלעגען זיינע האבען זיך באטייליגט אין זיינע אנטדעקונגען, וועט יעדער פון זיי קריגען 3,500 דאלאר.

דר. רייכשטיין און די צוויי אנדערע האבען באקומען דעם נאבעל־פרייז פאר אנטדעקונגען וואס זיי האבען געמאכט מיט די הארמאנען „קארטיזאן" און „אקטה". דאס זיינען צוויי פליסיגקייטען וואס ווערען ארויסגעבראכט פון דריזען אין קערפער און וועלכע האבען זיך ארויסגעוויזען פאר זעהר ווירקזאם געגען רומאטיזם און אנדערע קראנקהייטען.

די 26 אידען וואס האבען געוואונען דעם נאבעל־פרייז פון 1901 ביז 1949 זיינען:

**פיזיק**: אלבערט אייבערהעם מאיקעלסאן (1907), גאבריעל ליפמאן (1908), אלבערט איינשטיין (1921), נילס באהר (1922), דזשעימס פראנק און גוסטאוו הערץ (1925), אטא שטערן (1943), איזידאר אייזעק ראבי (1944).

**כעמיע**: אדאלף פאן באיער (1905), אטא וואלאך (1910), ריכארד ווילשטעטער (1915), פריץ האבער (1918).

**מעדיצין און פיזיאלאגיע**: פאול עהרליך און איליא מעטשניקאוו (1908), ראבערט באראני (1914), אטא מייערהאף (1922), קארל לאנדשטיינער (1930), אטא ווארבורג (1931), אטא לעווי (1936), דזשאזעף ערלאנגער (1944), דר. ערנסט בארים כאין (1945), הערמאן מאלער (1946).

**ליטעראטור**: פאול הייזע (1910) און אנרי בערגסאן (1927).

**פרידען**: טאביאס מיכאל אסער און אלפרעד פריד (1911).

צווישען די 26 זיינען 8 אין פיזיק, 4 אין כעמיע, 10 אין מעדיצין, 2 אין ליטעראטור, 2 אויפ'ן געביט פון שלום־טעטיגקייט. א טייל פון זיי זיינען בלויז האלבע אידען — פאן באיער, מעטשניקאוו, הייזע און באהר. זייערע פאטערס זיינען געווען קריסטען. א טייל זיינען געווען אדער זיינען גאנץ ווייט פון אידען. די מערסטע פון זיי אבער האבען אנערקענט, אז זיי זיינען פון אידישען פאלק און פיהלען טיף זייער אנגעהעריגקייט. עס איז איבעריג צו זאגען, אז ווען די נעמען פון די 26 וואלטען אויסגעלאזען געווארען פון נאבעל־פרייז צעטעל, וואלט געבליבען א ריזיגע לאך אין די וויכטיגע דערגרייכונגען פון די לעצטע 50 יאר.

אין שפעטערדיגע ארטיקלען וועלען מיר איבערגעבען מער וועגען די אידישע נאבעל־פרייז געווינער, זייער לעבען און אויפטואונגען. מיר וועלען אויך דערצעהלען עטוואס פון דעם שוועדישען מיליאנער, וועלכער האט געגלויבט, אז די אלע 63 יאר פון זיין לעבען זיינען ארויסגעווארפען און האט געהאפט, אז די מיליאנען וואס ער האט געקראגען פון אויפרייס־מאטעריאלען ביי זיין לעבען, וועלען העלפען שאפען פרידען און א בעסערע וועלט נאך זיין טויט.

## דריי אידישע נאבעל־פרייז געווינער קריגען זייערע פרעמיעס



אויף דעם בילד זעהט מען 4 נאבעל־פרייז געווינער, צווישען זיי דריי אידען — ראבי, שטערן און ערלאנגער, זיי באקומען דעם נאבעל־פרייז פון שוועדישען אמבאסאדאר באסטרעם (רעכטס) ביי א צערעמאניע אין ניו יארק. געוועהנליך פירט זיך, אז די נאבעל־פרעמיעס (אחוץ פאר פרידען) ווערען אויסגעטיילט אין שטאקהאלם, שוועדען, דעם 10טען דעצעמבער, צו אלפרעד נאבעל'ס יארצייט. אזוי ווי דאס איז אבער געווען דעצעמבער, 1944, און שוועדען האט זיך ניט געפיהלט אין א לאגע צו האבען א צערעמאניע אזא, איז עס פארגעקומען אין ניו יארק. די נעמען פון די געווינער ווערען ארויסגעגעבען טיילווייז אין אקטאבער, טיילווייז אין נאוועמבער און דעצעמבער. אויבען זיינען, פון רעכטס: דער שוועדישער אמבאסאדאר, דר. איזאדאר אייזעק ראבי, דר. אטא שטערן, דר. דזשאזעף ערלאנגער, דר. עדווארד ד'איזי. די פרייזען האבען זיי געוואונען אין 1943 און 1944.

# בערנארד שאא—דער פילאזאף

**ניט קיין „וויצלינג" איז שאא געווען, ניט קיין „לצנות־טרייבער", נאר א פילאזאף אין יעדען זין פון ווארט. — זיין חכמה און זיין שארפזין. — די דענקער וואס האבען אויף שאא'ן אויסגעאיבט א ווירקונג. — די צוויי ווערק אין וועלכע שאא'ס טיפסטע פילאזאפישע געדאנקען זיינען אויסגעדריקט געווארען. — דער לעצטער ארטיקעל פון דער סעריע.**

פון נ. זאלאוויץ

ביי דער וועלט איז אנגענומען, פיליכט מיט רעכט, פיליכט מיט אומרעכט, אז א „פילאזאף" איז אן אנגעבמורעטער מענש, א טויט־ערנסטער. פון אלע גריכישע פילאזאפען האט בלויז איינער — דעמאקריטוס — געהאט דעם צונאמען: „דער לאכינער פילאזאף". מ'האט אים אזוי באצייכענט, מחמת ער איז שטענדיג געווען גוט אויפגעלעגט, פרעהליך.

די וועלט — „דער מענש אין גאס", אזוי צו זאגען — האט בשום אופן ניט געקענט גלויבען, אז דזשארדזש בערנארד שאא איז א פ י ל א ז א ף. דער „מענש אין גאס" האט שאא'ן געהאלטען פאר א קאטאוועס־טרייבער, פאר א וויצלינג, פאר א מין פאיאץ, אין בעסטען פאל, פאר א זשורנאליסט. אבער א „פילאזאף" — דאס איז אויסגעשלאסען.

שאא איז יא געווען א פילאזאף — אין יעדען זין פון ווארט.

כ'זאג: „אין יעדען זין פון ווארט", ווייל דאס ווארט פילאזאף האט מער ווי איין טייטש.

אין צווייטען העלפט פון 18טען יארהונדערט, האט אין פראנקרייך געלעבט א גרופע אינטעלעקטואלען, א גרופע דענקער, וואס מ'האט גערופען: „פילאזאפען". צו אט־דער גרופע האט באלאנגט וואלטעיר, רוסא, דידרא, ד'אלעמבער, מאנטעסקיע, א. ז. וו. אין דער געשיכטע זיינען זיי אויך אריין אלס די „ענציקלאפעדיסטען", מחמת זיי האבען ארויסגעגעבען די בארימטע פראנצויזישע ענציקלאפעדיע. אט־די „ענציקלאפעדיסטען" — אדער „פילאזאפען", ווי זיי האבען זיך אליין אנגערופען — זיינען געווען טרעגערס פון ליכט, רעפארמאטארס, מענשען, וואס האבען קריטיקירט די סאציאלע איבלען פון זייער צייט, געפרעדיגט טאלעראנץ, באקעמפט קלעריקאליזם.

שאא איז געווען א „פילאזאף" — טאקע אין אט־דעם פראנצויזישען זין. ער איז געווען א „צווייטער וואלטעיר" — זיין ארט שרייבען האט געהאט א סך געמיינשאפטליכעס מיט וואלטעיר'ס. ער איז אויך געווען, מעג מען זאגען, א „צווייטער רוסא".

שאא איז געווען א „פילאזאף" אין א צווייטען זין אויך, און אין א דריטען זין.

א „פילאזאף" איז, מעג מען זאגען, א מענש, וואס פארמאגט א וועלט־אנשויאונג. ער איז א מענש וואס האט אן אומפאסענדען בליק אויף דעם קאסמאס, אדער וועלט־אל אלס א גאנצען. ער האט א מיינונג וועגען דעם ציל פון מענשליכער עקזיסטענץ, וועגען דער באדייטונג פון'ם מענשען אויף גאט'ס וועלטעל, וועגען דער עקזיסטענץ אדער ניט־עקזיסטענץ פון גאט, א. א. וו.

און דעם דריטען זין אין וועלכען „פילאזאף" ווערט פארשטאנען איז אט־דער: ער איז א מענש א חכם; א מענש מיט אינטערעסאנטע און טיפזיניגע געדאנקען וועגען זיינע מיטמענשען; א מענש וואס האט אייגענארטיגע און אריגינעלע צו זאגען מכח ליבע, געלט, הייראט, פריינטשאפט, גאט, פרויען, מכח קינדער, קונסט, פאליטיק, א. ז. וו.

אין וועלכען זין, זאג איך, מ'זאל ניט באנוצען דעם ווארט „פילאזאף", מוז מען אנערקענען און צוגעבען, אז שאא איז עס ווירקליך געווען.

די וואס צווייפלען צי שאא איז באמת געווען א פילאזאף, באווייזען דערמיט, אז זיי האבען קיין באגריף ניט ס'ארא געוואלדיג געלערנטער מענש, ס'ארא „ערודיט", שאא איז געווען. שאא איז געווען איינער פון די געלערנטסטע מענשען פון זיין צייט — א געלערנטער אויף צענדליגער געביטען, א ברייטער קענער און גלייכצייטיג א טיפער דענקער. פון זיינע ביכער, בראשורעס, פאמפלעטען, ארטיקלען און עסעיען וועגען סאציאליזם, למשל, זעהט מען, אז די גאנצע סאציאליסטישע ליטעראטור איז פאר שאא'ן געווען אן אפענער בוך. ניט בלויז די סאציאליסטישע ליטעראטור אלס אזעלכע, נאר אויך די ליטעראטור פון עקאנאמיקס: אדאם סמיטה, דעיוויד ריקארדא, נעסאו סיניאר, טאמאס מאלטוס, וויליאם סטענלי דזשעוואנס, דזשאן סטוארט מיל, הענרי דזשארדזש, אלפרעד מארשאל, דזשאן מעינארד קעינס, א. ז. וו. שאא'ס „אינטעלידזשענט וואומענ'ס גאיד טו סאשעליזם ענד קעפיטעליזם"; שאא'ס צענדליגע „פעיביען פעמפלעטס"; שאא'ס עסעיען איבער סאציאליסטישע פראבלעמען — זיין בקיאות אין דער סאציאליסטישער ליטעראטור איז ווירקליך צו'שטוינען.

שאא האט געפירט א „קאמף" געגען שעקספיר'ן — אזוי צו זאגען. אז מ'לייענט זיינע אויסזעצונגען געגען שעקספיר'ן, זעהט מען ווי באהאווענט ער איז געווען אין דער שעקספירישער ליטעראטור — סאי שעקספיר'ס אייגענע ווערק, סאי די גאנצע קריטיק וואס האט זיך אנגעזאמעלט אין משך פון דריי הונדערט יאר אין פארבינדונג מיט שעקספיר'ס ווערק. שאא איז געווען באהאווענט אין דער דראמאטישער ליטעראטור פון דער וועלט — האט געקענט די שריפטען פון אלע גרויסע דראמאטורגען. שאא איז געוואלדיג שטארק באלעזען געווען אין פילאזאפיע, ווי אויך אין וויסענשאפט. שאא האט ניט געשריבען וועגען קיין שום געביט, סאידען ער האט געקענט דעם באטרעפענדען געביט. און געשריבען האט שאא, ווי אלע וויסען, וועגען הונדערט געביטען.

כ'האב געזאגט, אז שאא איז געווען א „פילאזאף" אינ'ם העכסטען און טיפסטען זין, וואס ער האט געהאט א וועלט־אנשויאונג, אן אומפאסענדע מיינונג וועגען דעם קאסמאס און דעם מענשענ'ס פלאץ דערין. דער וואס וויל זיך באקענען מיט שאא'ס פילאזאפיע, וועט ער עס געפינען אין צוויי פלעצער: 1) אין דער פאררעדע צו „מען ענד סופערמען" (מענש און איבער־מענש), און אין דער „סצענע אין גיהנום" פון דער דאזיגער פיעסע; 2) אין דער פאררעדע צו „בעק טו מעטוסעלאה", ווי אויך אין דער דאזיגער פיעסע גופא.

לאמיר דערמאנען דעם לייענער, אז די „פרעפעיס" (פאררעדע) צו „בעק טו מעטוסעלאה" באשטעהט פון גאנצע הונדערט גרויסע זייטלאך. לאמיר אויך דערמאנען דעם לייענער, אז „בעק טו מעטוסעלאה" גופא באשטעהט פון דריי הונדערט גרויסע זייטלעך. „בעק טו מעטוסעלאה" (צוריק צו מתושלח'ן) האט געדויערט דריי אווענטען צו שפי־

(שלום אויף פעידזש 3)

# די פרעמדע פרוי

(ערצעהלונג)

פון מרים ראסקין

אין איינעם פון די שטילע געגענטען אין די וועסט בראנקס האט געוואוינט א פאמיליע — סעם מאסקאוויץ און זיין ווייב פעני. זיי זיינען שוין געווען ביידע מיטעל־יאריגע מענשען און זיי האבען שוין געהאט אויסגעגעבענע קינדער, שוין העכער פינף־און־צוואנציג יאר אז סעם מאסקאוויץ האט מיט זיין פעני'ן חתונה געהאט. פאר דער צייט האבען שוין א סך זאכען מיט אים פאסירט. פון אן איינפאכען בעל מלאכה ביי סטאלעריי, א פאך, וואס ער האט נאך געקענט פון אמאל אין דער היים, איז פון אים אויסגעוואקסען א גוטער ביזנעסמאן. ער איז געווארען א קאנטראקטאר ביים בויען הייזער, מיט אן אפיס, א סעקרעטארין און אלץ מיט אן אנדער.

זיין ווייב, פעני מאסקאוויץ, ווי נאר זי האט דערפילט אז איר מאן איז אוועק גוט אין ביזנעס, האט גענומען פירען איר הויז מיט א ברייטער האנט, מיט דעם גאנצען אנשטעל פון א רייכער לעידי. צו גוטס קען מען גיך געוואוינט ווערען. די קינדער פון די מאסקאוויצעס האבען זיך שוין געהאדעוועט אין וואוילטאג און קיין זאך איז פאר זיי ניט צו טייער געווען.

באטש די ביזנעס ביי סעם מאסקאוויצ'ען איז שוין געווען אזוי איינגעשטעלט, אז אלץ האט זיך שוין געקענט פירען אהן א באזונדער אנשטרענגונג, דאך איז ער פארבליבען דערזעלבער איינרייסער ווי אמאל, אין די יונגע יארען, מער שוין פון געוואוינהייט ווי פון אינטערעס. עס איז געווארען שוין ביי אים א געוועהנליכע זאך זיין רייכע, איינגעפונדעוועטע היים, מיט די ברייטע, לוקסוסדיגע פירונגען. א געוואוינהייט איז אויך שוין געווארען ביי אים פעני, זיין ווייב, א גרוצעטע, א שווער־לייביגע, מיט א פולען פארשוואומענעם פנים, פון וואנען עס האבען ארויסגעקוקט א פאר שארפע, שמאלע אויגען. זי האט געהאט א דרייסטען און זיכערען שטעל און א הויכע שטימע, וואס מען האט געקענט הערען פון א ווייטסטען צימער. און סעם, איר מאן, האט שוין געוואוסט אלץ, וואס זי האט אים צו זאגען, נאך איידער זי האט אירע רייד ארויסגערעדט. אזוי אויך האט ער שוין געוואוסט אלע אירע מאכלים, וואס זי האט צוגעגרייט פאר סאפער. סעם מאסקאוויץ האט זיין פרוי ניט פיינט געהאט און ניט ליב געהאט. זייערע געפילען איינס פאר'ן אנדערען זיינען שוין לאנג אפגעטעמפט געווארען און דורכגענומען געווארען מיט גלייכגילטיגקייט.

די פאר שעה אין אווענט, וואס מיסטער מאסקאוויץ האט פארבראכט אין דער היים, איז ער געזעסען אין א טיפען שטול און גערוהט, מיט זיין צייטונג אין האנט. די איינגעשטעלטע כללים אין זיין הויז האבען אנגעווייעט אויף אים א געפיל פון רו און געזיכערטקייט, און עס האט זיך אים געדאכט, אז ער וועט שוין אזוי דערציען די יארען ביז דעם סוף פון זיין לעבען. ביז איינמאל האט מיט אים פאסירט אזא פאל, וואס האט אינגאנצען אויפגערודערט זיין געמיט, צעטרייסעלט אים פון זיין גלייכגילטיגקייט און ער האט שוין מער ניט געוואוסט פון קיין רוה.

דאס האט זיך אנגעהויבען פון איינעם אן אווענט, באלד נאך סאפער. סעם מאסקאוויץ האט ווי געוועהנליך זיך אוועקגעזעצט רוהען אין זיין ווייכען שטול מיט א צייטונג אין האנט. האט מען אנגעקלאפט אין טיר. פעני, זיין ווייב איז געגאנגען עפענען, און עס איז אריינגעקומען א פרעמדע פרוי, א שכנה, מיסעס האלפערן, איז געווען איר נאמען. אט די מיסעס האלפערן האט זיך אפגעגעבען מיט כלל־ארבייט, און זי איז געקומען אהער בעטען א ביישטייערונג פאר זעהר א וויכטיגען צוועק. געוואונדערט האט זי זיך גלייך צו מיסטער מאסקאוויצ'ן, ווי דעם הויפט פון דער משפחה.

געוועהנליך איז סעם מאסקאוויץ ניט געווען גענייגט צו אזעלכע זאכען. ער האט ניט ליב געהאט צו ווארפען זיך מיט געלט. נאר איצט האט מען אים פונקט אנגעטראפען אויף א גוטער מינוט. ער האט אוועקגעלעגט די צייטונג אן א זייט און ער האט גוטמוטיג א שמייכעל געטאן צו דער פרעמדער פרוי און האלב אין שפאס האט ער געזאגט:

— געלט. נאר גיב זיי געלט, מען רייסט געגוג פון אלע זייטען...

עס איז שווער צו זאגען, מיט וואס אט די מיסעס האלפערן האט ביי אים אויסגענומען. צי דערפאר וואס זי האט מיט אזא ווארעמקייט און גלויבען גערעדט וועגען איר כלל־ארבייט, אדער אפשר איז איר אויסזעהן אליין אים געפעלען. זי האט אויסגעקוקט זעהר יוגענטליך, מיט א טונקעל, חנ'עוודיג פנים און מילדע, קארע אויגען און א גוטען שמייכעל. ווי די זאך זאל ניט זיין, האט ער עפעס ניט ווילענדיג גענומען זיך צו דער קעשענע, האט אויסגעשריבען פאר איר א ניש'קשה'דיגען טשעק און מיט הנאה האט ער צוגעקוקט ווי איר פנים האט דעמאלט זיך באזונדערס צעשיינט. און אפילו נאכדעם ווי די פרוי איז שוין אוועק, איז ביי אים נאך אלץ פארבליבען א גוטער געפיל פון איר פשוט'ן און הארציגען רעדען. ס'איז געווען ווי א פריש ווינטעל וואלט פון ערגעץ א ווייהע געטאן.

נאך יענעם אווענט, האט די מיסעס האלפערן גענומען אריינקומען אפטער צו די מאסקאוויצעס אין שטוב. דא האט זי געדארפט פארקויפען זיי בילעטען צו עפעס אן אונטערנעמונג און דא האט זי געוואלט זיי פאראינטערעסירען אין דער קינדער־שול, וואס געפינט זיך אין זייער געגענט. זי האט אפילו אליין געפילט זיך שולדיג פארוואס זי איז אזוי צודרינגליך, און איינמאל האט זי זיך ווי פארענטפערט:

— איך וועל אינגיכען זיך אזוי פאר'מיאוס'ן ביי מענשען, אז מען וועט מיר ניט וועלען אריינלאזען אין א אידישער שטוב, — האט זי אין א שפאס געזאגט.

ריידענדיג אזוי האט זי אפילו געפרואווט איינשמועסען דער מיסעס מאסקאוויץ, אז זי זאל אויך אנהויבען אנטייל נעמען אין געזעלשאפטליכער ארבייט. נאר פעני מאסקאוויץ איז פארבליבען קאלט צו די ריידערייען פון דער פרעמדער פרוי, ווייל זי האט פון קיין אנדערע זאכען ניט געוואלט וויסען אויסער אכטונג געבען אויף איר הויז און אויף איר מאן. נאר אויפגענומען האט זי דער מיסעס האלפערן זעהר העפליך, ווי א שכנה פון זעלביגען הויז. איר איז אנהויב ניט איינגעפאלען, אז עס קען ארויסקומען עפעס שלעכטס פון דער מרס. האלפערן'ס וויזיטען.

זאל זי טראכטען, אז איר מאן סעם קען זיך נאך אין אימיצען פארליבען? זי האט אים געהאלטען פאר א צו־שטילען מענשען, וואס איז שטענדיג פארנומען מיט זיין ארבייט אין אפיס. זי האט זיך נאר געוואונדערט אויף איר מאן, וואס ער איז מיט אמאל געווארען אזוי באריידעוודיג. ווי נאר די מיסעס האלפערן איז געקומען צוגעהן, אזוי האט זיך באלד צווישען איר און סעם מאסקאוויצ'ן פארבונדען א געשפרעך. צי דאס איז געווען וועגען עפעס א אידישער פראגע, אדער וועגען פאליטיק. זיי האבען ניט איינגעשטימט אין א סך זאכען, און זיי האבען איינע די אנדערע געוואלט איבערשפארען. פעני מאסקא־

(שלום אויף פעידזש 6)

# קאטאליקען און פראטעסטאנטען

פון חיים ליבערמאן

די פראטעסטאנטען זיינען שטענדיג געווען צעקריגט מיט די קאטאליקען וועגען יעזוס'עס מאמע, מערי. און איצט, אז דער פויפסט האט אוועקגעשטעלט א נייע דאגמע וועגען איר, וועט דער קריג נאך ווערען שארפער ווי געווען. די נייע דאגמע ערקלערט, אז ווען מערי איז געשטארבען, איז איר קערפער אויך ארויף אויפ'ן הימעל באגלייך מיט איר נשמה: דער קערפער, א גאנצער, אזוי ווי ער איז געווען אויף דער ערד, אזוי הייסט עס, איז ער ארויף אויפ'ן הימעל.

אייגענטליך, וואס ארט עס די פראטעסטאנטען, אז די קאטאליקען וועלען אזוי גלויבען?

דער ענטפער איז, אז דאס רירט אן דעם כבוד פון „אים אליין", פון יעזוס'ן. ווארים וועגען אים ווערט געלערנט אין דער קריסטליכער לערע, אז זיין קערפער איז ארויף אויפ'ן הימעל. נאך דער קרייציגונג — שרייבט דער נייער טעסטאמענט, — האט מען אים אריינגעלעגט אין א קבר און אויפ'ן קבר האט מען ארויפגעלעגט א שווערען שטיין. און אויפ'ן דריטען טאג, אז מ'האט געעפענט דעם קבר, איז דער קערפער דארט ניט געווען...

די פראטעסטאנטען טענה'ן שטענדיג, אז די קאטאליקען מאכען א צו־גרויסען ווען פון דער מאמע אין זייער קירכע. זיי טענה'ן נאך מער: אז ביי די קאטאליקען האט „די מאמע" שוין באלד אינגאנצען ארויסגעשטויסען דעם „זוהן". היינט איצט, אז מ'קומט נאך צוגעהן און מ'זאגט, אז די מאמע איז אויך קערפערליך ארויף אויפ'ן הימעל, ווערט איר פלאץ און כבוד נאך גרעסער. און דאס אלץ, זאגען זיי, איז אויפ'ן חשבון פון דעם זוהן.

די פראטעסטאנטען ווילען ניט הערען ווי די קאטאליקען רופען מערי'ן: „ג א ט ' ס מאמע". אין זיין פראקלאמאציע גופא פון דער נייער דאגמע האט דער פויפסט עטליכע מאל באנוצט דעם טיטעל: „די מוטער פון גאט". אפטמאל רופען זי די קאטאליקען אפילו: די שעפערין פון גאט („קראטריקס"). די קאטאליקען בוקען זיך צו מערי'ן, זיי ברענגען ליכט פאר איר סטאטוע, זיי זיינען מתפלל צו איר נאך הילף נאך מער ווי צו יעזוס'ן אליין.

די פראטעסטאנטען באהויפטען, אז מיט'ן גאנג פון די צייטען מערקט זיך אין דער קאטוילישער קירך א קלארע טענדענץ ארויסצושטויסען יעזוס'ן פון ערשטען ארט אלס העלפער און דערלייזער, און ארויפזעצען מערי'ן אויבענאן. און זיי גיבען אפילו אן א פסיכאלאגישע סיבה פארוואס דאס מוז אזוי געשעהן.

ביי די קאטאליקען פארנעמען א גרויסען ארט די בילדער און סטאטועס פון זייערע געטער און הייליגע. ווי אזוי ווערט אין בילד און סטאטוע פארגעשטעלט יעזוס, און ווי אזוי ווערט פארגעשטעלט זיין מאמע מערי?

אין יעדען קאטוילישען קלויסטער זיינען דא סטאטועס פון יעזוס'ן און עס זיינען דא סטאטועס פון דער מאמע. יעזוס ווערט דארט שטענדיג פארגעשטעלט אן אויסגעצויגענער אויפ'ן צלם, א געקרייציגטער, א צעקאליעטשעטער, א טויטער. אבער די מאמע מערי ווערט פארגעשטעלט א שעהנע, א בליהענדיגע, מיט ליכטיגע אויגען און ראזעווע באקען, ווי עס פאסט פאר „גאט'ס כלה". וואס איז דער סך הכל? דער סך הכל איז, אז אין די אויגען פון די קאטוילישע מאסען דערשיינט יעזוס ווי דער ס י מ ב א ל פ ו ן ט ו י ט; און מערי דערשיינט זיי ווי דער ס י מ ב א ל פ ו ן ל ע ב ע ן. דעריבער ציהט זיי בעסער צו דער מאמען...

ס'איז דערגאנגען אזוי ווייט, שרייבט איין פראטעסטאנטישער געלערטער, אז אין א סך קאטוילישע לענדער, דער עיקר אין די לאטיין־אמעריקאנער לענדער, איז ניטא קיין ק ר י ס ט ע נ ט ו ם, נאר מ א ר י ע נ ט ו ם.

אין ארגענטינע האט מען מערי'ן אפילו געמאכט פאר א גענעראל אין דער ארמיי...

די קאטאליקען האבען זיך זייערע טענות. זיי פארשטעהען די זאך פשוט'ער. זיי רעדען שטענדיג פון דער „געטליכער פאמיליע": ווי באלד ס'איז דא א טאטע און א זוהן, דארף זיין א מאמע אויך. דעמאלט איז עס א גאנצע פאמיליע, פון הימעל אראפ א משל פאר'ן מענשען אויף דער ערד...

אויסער דעם, זאגען קאטאליקען, אז יעזוס שרעקט אפ מענשען מיט זיין „געטליכער מאיעסטעטישקייט" און זיי האבען מורא צוצוקומען צו אים. דעריבער איז מערי געגעבען געווארען, כדי צו זיין א פארמיטלערין.

צו א מאמע איז גרינגער צוצוקומען ווי צו א טאטען...

און געהענדיג אין דעם דאזיגען גייסט האבען זיך אין דער קאטוילישער קירך באוויזען לערעס, וואס אפילו מאנכע קאטוילישע געלערטע האבען קריטיקירט.

אזוי, למשל, האט דער ארצבישאף פון פאריז, קארדינאל סוהאר, ניט לאנג צוריק אין א זשורנאל זיך באקלאגט, אז אין ברייטע קאטוילישע קרייזען האט זיך אנטוויקעלט א קולט, אין וועלכען:

„מערי איז געווארען אלץ, און יעזוס, איר זוהן, איז פארגעסען, און די דריי־איינינקייט ווערט אינגאנצען אויסגעלאזט".

און ווירקליך, עס זיינען דא אין דער קאטוילישער קירך אנגענומענע, אפיציעלע שריפטען, אין וועלכע עס ווערען געזאגט וועגען מערי'ן אזעלכע זאכען, לויט וועלכע עס קומט אויס, אז זי איז די אמת'ע דעה־זאגערין אין הימעל, און דער טאטע און דער זוהן, ביידע מוזען נעבאך שאפקעווען פאר איר...

„א סך זאכען ווערען געבעטען ביי גאט, און מען קריגט זיי ניט — שרייבט א קאטוילישער הייליגער (סעינט אלפאנוס ליגוארי) — אבער אז מען בעט זיי ביי מערי'ן, קריגט מען זיי."

און ווייטער שרייבט ער:

„מיר וועלען דערהערט ווערען גיכער ווען מיר וועלען זיך ווענדען צו מערי'ן און מתפלל זיין צו איר, איידער ווען מיר זאלען זיך ווענדען און מתפלל זיין צו יעזוס'ן."

אדער, למשל, אזא אויסטייטשונג:

„די זינדיגע קריגען פארגעבונג נאר דורך דער פארמיטלונג פון מערי'ן אליין."

די פראטעסטאנטען קריצען מיט די ציין ווען זיי לייענען אזעלכע זאכען אין דער לערע פון קאטאליציזם. זיי זאגען, אז דאס איז פשוט'ע לעסטערונג און מאכט א תל פון דעם אמת'ן קריסטענטום.

עס איז אבער דא נאך א דערשיינונג פון דעם מערי־קולט ביי די קאטאליקען, וואס רופט ארויס דעם גרעסטען צארן פון די פראטעסטאנטען און וואס זיי רופען אן פראסט און פשוט — געצענדינסט.

דאס זיינען די מעשות מיט פארשיידענע סטאטועס פון מערי'ן, וואס ווערען כלומרשט „לעבעדיג" און באווייזען נסים און מופתים.

פאראן אין דער וועלט היינט א גאנצע רייהע אזעלכע מערי־סטאטועס. אינטערעסאנט איז, אז זעהר זעלטען ווערען אזעלכע מעשות צונויפגעקלאפט וועגען סטאטועס פון יעזוס'ן. שטענדיג זיינען עס מערי־סטאטועס, וואס „באווייזען די וואונדער" וואס דאס איז נאך א באווייז, אז ביי די קאטאליקען שפילט מערי א גרעסערע ראלע ווי יעזוס.

געוועהנליך געהען די דאזיגע מעשות אזוי:

עס שטעהט א מערי־סטאטוע אין א קלויסטער אדער אין א קאפעלע ערגעץ ביי א שליאך אין דארף. פלוצלינג הויבט זי אן „ווייזען וואונדער". זי הויבט אן וויינען, אדער געהן, אדער רעדען. און כמעט שטענדיג באווייזט זי אירע „נסים" צו ק י נ ד ע ר.

מיט קינדער קען מען גרינגער אויפשפילען אזעלכע קונצען.

באלד ווערען די מעשות און די נסים צעפויקט, און פרומע קאטאליקען פון מרחקים הויבען זיך אן ציהען צו יענעם ארט, כדי אנצוקוקען די וואונדער־מאדאנא אדער טאקע געניסען פון איר היילענדיגער קראפט. די שטעטלאך, וואו אזא מאדאנא געפינט זיך, ווערען גיך רייך. און דאס איז אין אמת'ן דער גאנצער ציל פון דער זאך.

געוועהנליך ווערען די דאזיגע סטאטועס אנגערופען אויפ'ן נאמען פון דעם ארט, וואו זיי האבען זיך אנטפלעקט. ווייסט מען גרינגער דעם אדרעס...

די נייסטע, און איינע פון די בארימטסטע מאדאנאס פון דעם דאזיגען מין, איז די „מאדאנא פון פאטימא", אדער ווי דאס געהט אויף ענגליש: די „לעידי אוו פאטימא".

די מעשה געהט צוריק צו די יארען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

פ א ט י מ א איז דער נאמען פון א קליין דערפעל אין פארטוגאל. הינטער'ן דערפעל זיינען דא עטליכע בערגלאך, וואס גיבען אביסעל מאגערע פאשע די בהמות פון דארף. צווישען די בערגלאך איז דא א הייל. און פלוצלינג האט אויפגעפלאמט א לעגענדע, אז פון יענער הייל איז איינמאל, פלוצלינג, ארויס די יונגפרוי מערי און האט זיך באוויזען צו דריי קליינע קינדער, וואס האבען דארט געפאשעט, צוויי מיידלאך און א אינגעל. דאס זאל האבען געווען דעם 13טען מאי, 1917. מערי האט געהייסען די קינדער לויפען שנעל אין דארף אריין און זאגען דארט די טאטעס און די מאמעס, אז די מלחמה וועט זיך אין גיכען ענדיגען. אזוי ווי הערצער זיינען געווען גענוג שווער באלאדען מיט די זארגען פון דער מלחמה, איז וואוהין נאר די מעשה איז געבראכט געווארען, אזוי האט מען אנגעהויבען מתפלל זיין צו דער „מאדאנא, וואס האט זיך באוויזען אין פאטימא", אדער פארקירצט — די „מאדאנא פון פאטימא".

באלד איז געווארען פון דער זאך א גרויסע ביזנעס. מען האט געמאכט א נייע סטאטוע פון מערי'ן, און מ'האט זי א נאמען געגעבען „די מאדאנא פון פאטימא". און די סטאטוע האט זיך גענומען פארקויפען אין די הונדערטער טויזענטער. דאס דערפעל איז שנעל בארימט געווארען און טוריסטען האבען גענומען פארען אהין. דאס אלץ האט אויפגעריכט דאס ארימע דערפעל און געבראכט שעהן פרנסה קיין פארטוגאל.

אין די לעצטע פאר יאר האט מען גענומען די „לעידי אוו פאטימא" און מען פירט זי ארום איבער דער וועלט. פאראיארען האט מען זי געפירט איבער קענעדע אויך. און אומעטום וואו מען ברענגט זי פירט מען זי ארום אזוי ווי זי וואלט געווען א לעבעדיגע קעניגין, און מען בוקט זיך צו איר, און מען קושט די זוימען פון אירע קליידער. קאטוילישע פירער לייקענען עס, אבער עס איז א פאקט, אז דער דורכשניטליכער קאטאליק נעמט ניט אן די סטאטוע בלויז ווי א ב י ל ד פון דער „הימלישער מוטער", נאר טאקע ווי א לעבעדיגע געטין.

און דאס אייגענע איז מיט אנדערע „מאדאנאס" פון דעם מין, און מיט דעם גאנצען מערי־קולט.

און מער ווי יעדער אנדער זאך רופט עס ארויס די קריטיק פון די פראטעסטאנטען.

זיי זאגען, אז מיט אזעלכע זאכען ברענגט דער קאטאליציזם חרפה פאר'ן גאנצען קריסטענטום.

מיט עטליכע מאנאטען צוריק האט בישאף אקסנאם ערקלערט פאר א פארזאמלונג פון מעטאדיסטען, אז ק ר י ס ט ע נ ט ו ם שטעהט היינט צווישען צוויי סכנות: איינע איז — דער קאמוניזם, די אנדערע — דער ר ו י מ י ש ע ר ק א ט א ל י צ י ז ם...

אט אזוי טיף איז דער אפגרונט צווישען די קאטאליקען און די פראטעסטאנטען.

און איצט, אז די קאטוילישע קירך האט נאך שטארקער געמאכט דעם מערי־קולט, איז דער אפגרונט צווישען זיי נאך טיפער און ברייטער געווארען...

# 5 פראגען

**די ענטפערס געפינען זיך אויף „בינטעל בריף" פעידזש**

1. וועלכער קאנגרעסמאן איז ערוועהלט געווארען צו זיין 23טען טערמין?

2. וואס פאר א קליינער נומער פארלירט א דריטעל פון זיין ווערט, ווען מען קערט אים איבער מיט'ן קאפ אראפ?

3. אין וועלכער גרויסער שטאט האט מען דינסטאג ניט געוואוט?

4. צו וואס פאר א „ביזנעס" האט זיך די יר'ען גענומען, אום צו מאכען א פאר טאלער (א „ביזנעס" אין וועלכער דער פארשטארבענער פרעזידענט רוזוועלט איז געווען פאראינטערעסירט)?

5. געפינט זיך א פונקט וועגען גליק אין דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע?

# דער סקאנדאל מיט דער „ווידערגוטמאכונג" פאר די אידישע קרבנות אין דייטשלאנד

**די באשולדיגונג וועגען פעלשונגען און גרעפט אין פארבינדונג מיט דער „ווידערגוטמאכונג". — ווי אזוי דער סקאנדאל איז אויפגעדעקט געווארן. — די דייטשען נוצען עס אוים צו העצען געגען אידען. — דר. פיליפ אויערבאך, דער פרעזידענט פון „ווידערגוטמאכונג" אמט אין בייערן. — די אטאקעס אויף אים און זיין פארטיידיגונג.**

פון אונזער רייזענדען קארעספאנדענט
מ א ר י א ן ז ש י ד

.1

עס ווערט צוויי וואכען זינט עס איז אויסגעבראכען דער אזוי־גערופענער „ווידערגוטמאכונגס" ־ סקאנדאל אין דייטשען לאנד. די איינצעלהייטען פון דער דאזיגער אומהיימליך־טרויעריגער געשיכטע זיינען שוין באקאנט געווארן טעלעגראפיש איז דער וועלט: אין איינעם א שבת, מיט צוויי וואכען צוריק, איז דער אזוי־גערופענער „לאנדעס־אנטשעדיגונגס־אמט" אין מינכען ארומגערינגעלט און באזעצט געווארן דורך שטארקע אפטיילונגען פון דער דייטשער פאליציי. די בעאמטע פון דאזיגען אמט זיינען „באאורלויבט" געווארן אויף צוויי וואכען. עס איז ארויפגעלעגט געווארן אן ארעסט אויף אלע דאקומענטען און פאפירען. אויך דעם „פרעזידענט" פון דאזיגען אמט, וואס האט צו טאן מיט אויסצאלען „ווידערגוטמאכונג" די קרבנות פון היטלער־רעזשים, האט מען פארבאטען זיך צוצורירען צו די דאקומענטען. מען האט ארייינגעזעצט ארום 100, און אפשר מער, ספעציעלע אויספארשער פון דער קרימינאל־פאליציי, אונטער דער אויפזיכט פון דער דייטשער און אמעריקאנער פראקוראטור, כדי אויסצופארשען, און דורכצוקוקען, אלע פאלען, וואס איינער שאצט זיי אויף צוויי הונדערט טויזענט, און אנדערע — אויף א פערטעל מיליאן.

צוליב וואס איז דאס אלץ געטאן געווארן? עס האט געהייסען, ניט מער און ניט ווייניגער, אז עס איז דא א גוטער גרונט חושד צו זיין, אז אין דאזיגען אמט זיינען באגאנגען געווארן ריזיגע פעלשונגען, דאס הייסט געלט־מיסברויכען. און היות ווי עס איז דא א פארדאכט, אז אין די פעלשונגען און מיסברויכען האבען אויך אנטיילגענומען בעאמטע פון דאזיגען אמט, איז נויטיג געווען די פאליצייאישע באזעצונג, וואס דויערט נאך ער־היום.

איך וויל דא ניט ארייינגעהן אין קיין ווייטערע איינצעלהייטען ווי אזוי די פעלשונגען זיינען אנטדעקט געווארן, ווי אזוי מען איז געקומען אויף זייערע שפורען. אבער עס איז וויכטיג צו באטאנען, אז אנטדעקט האבען עס ניט די דייטשען, נאר די אמעריקאנער. דער אמעריקאנער לאנד ־ קאמיסאר פאר בייערן, דר. דזשארדזש נ. שוסטער, האט ערקלערט, אז די פארארדנונג אנצוהייבען אן אונטערזוכונג איז געקומען פון דער העכסטער אמעריקאנער מאכט (דר. שוסטער איז דער פארטרעטער פון מר. מעקלאי, דער אמעריקאנער הויך ־ קאמיסאר פאר דייטשלאנד אין בייערן). די אמעריקאנער האבען אויך געגעבען די פארארדנונג צו באזעצען פאליצייאיש די געביידע פון אמט אויף דער מינכענער ארצי־שטראסע.

דאס איז אומבאדינגט נויטיג צו באטאנען, ווייל עס זיינען דא פאראינטערעסירטע פערזאנען — זייער צאל איז א קליינע — וואס ווילען פארוואנדלען דעם ענין אין א „אידישער פראבלעם", און זאגען, אז די אקציע איז א „פראנט־אנגריף געגען אידענטום". אזא באהויפטונג איז ניט נאר ניט ריכטיג, נאר אויך געפעהרליך־נאריש. עס איז אמת, אז אייניגע רייכע דייטשע קרייזען ווילען אויסנוצען דעם סקאנדאל, כדי איבערהויפט צו פאר'מיאוס'ען דעם ענין „ווידערגוטמאכונג" אין די אויגען פון דער דייטשער מאסע, אז זיי ווילען אויסנוצען די געלעגענהייט איבערהויפט פטור צו ווערען פון דער פליכט צו צאלן „ווידערגוטמאכונג". אבער דאס איז אן ענין פאר זיך. אבער וואס איז שייך דער איצטיגער אונטערזוכונג — זי קומט פאר גלייכצייטיג אין די „ווידערגוטמאכונגס" ־ אמטען אין בייערן און אין ווירטעמבערג־העסען — איז זי ניט אהן א גרונט. דייטשע קרייזען ווילען זי אויסנוצען אויף צו שלאגען פאליטישען קאפיטאל.

די גאנצע דייטשע פרעסע ווידמעט דעם ענין פיל פלאץ. עס האט צומאל פארדרוקט אין שאטען דעם ענין קארעא און די דראענדע געפאר פון א מלחמה. עס איז הימעל און ערד און „ווידערגוטמאכונג". דער „פרעזידענט" פון בייערישען „ווידערגוטמאכונגס"־אמט פארנעמט דעם אויבען־אן אין דער פרעסע און ראדיא.

... און דא וויל איך זאגען א פאר ווערטער פארוואס איך האב ביז איצט ניט געשריבען וועגען דעם דאזיגען אומהיימליכען סקאנדאל. די סיבה: ביז איצט איז די אונטערזוכונג געווען איינגעהילט אין האלבע און גאנצע שלייערן. עס איז ניט געווען קלאר וואס און וועמען מען זוכט. עס איז אויך ניט געווען קלאר ווי אזוי עס וועט זיך אויסקריסטאליזירען די אידישע שטעלונג, די שטעלונג פון דער ארגאניזירטער אידישער געזעלשאפטליכקייט — אויף ווי ווייט מען קען איבערהויפט ריידען וועגען אן ארגאניזירטער אידישער געזעלשאפטליכקייט אין דייטשלאנד אין די איצטיגע טעג — צו די געשעענישען אין מינכענער „לאנדעסאנטשעדיגונגסאמט". ס'זיינען ניט געווען קלאר א רייע אנדערע זאכען, וועגען וועלכע עס וועט נאך אויסקומען צו דערצעהלען. דעריבער האב איך געהאלטען פאר נויטיג און ווינשענסווערט אפצואווארטען.

איך בין די גאנצע צייט געשטאנען און אן ענגען קאנטאקט מיט דער העכסטער אמעריקאנער מאכט אין בייערן, און בין אויך אנוועזענד געווען אויף באראטונגען פון אידישע פירער וועגען דער אנגעלעגענהייט. עס איז, אינצווישען, אויך קלארער געווארן די ריכטונג, אין וועלכער די אויספארשונג ווערט געפירט. איינער איז שוין אזוי ארום אין דער לאגע צו געבען אן אביעקטיווע אפשאצונג, און א פולען בילד, וועגען דער טרויעריגער געשעהעניש.

.2

פון אנהויב אן דארף געזאגט ווערען, אז דער סקאנדאל האט קיינעם ניט איבערראשט, און אם ווייניגסטען האט ער איבערראשט אידען. אידען בארוירען אים, אבער איבערראשט זיינען זיי ניט. עס האט געמוזט קומען — פריער אדער שפעטער.

מען האט געוואוסט און דערוואוסט, אז אין איינעם א טאג וועלען זיך די פאראנדקעס אין בייערישען „ווידערגוטמאכונג" אמט ענדיגען מיט א קראך, א גאר גרויסען קראך. מען האט אפען גערעדט וועגען דער קארופציע אויפ'ן געביט פון „ווידערגוטמאכונג". ניט קיין קליינע צאל אידען איז ארומגעגאנגען פארביטערט, שרעקליך פארביטערט. אידען וואס זיינען דורכגעגאנגען געטאס און קאנצענטראציע לאגערען און האבען געטראגען אויף זיך צייכענס פון די גיהנום־יארען, האבען געהאט שוועריגקייטען ביים באקומען זייער בירנע „ווידערגוטמאכונג". זייערע ביטעס זיינען אפגעלייגט געווארן פון טאג־צו־טאג מיט פארשידענע תירוצים. מען האט זיי דערנידעריגט דורך צווינגען זיי ארומצולויפען אהן אויפהער. זיי האבען געמוזט אפלייגען זייער אויסוואנדערונג מיט דער האפענונג, אז סוף־סוף וועלען זיי דאך באקומען זייער „ווידערגוטמאכונג" און וועלען קענען מיטנעמען א קליינע סומע אין נייעם לאנד אריין, אדער זיך איינקויפען פאר'ן געלט געוויסע זאכען. דער סוף איז געווען, אז ניט קיין קליינער טייל האט געמוזט אנקומען צו געהיימניספולע פארמיטלער — „מאכערס", האט מען זיי דא גערופען — וואס האבען געהאט נאך־געהיימניספולערע באציהונגען און האבען „געהאלפען" צו באקומען די „ווידערגוטמאכונגס"־געלטער. ענדליך האט דער איד באקומען דאס געלט, וואס זאל אים כלומרשט קאמפענסירען פאר זיינע ליידען. אבער דער „מאכער" האט עס ניט געטאן צוליב מצות־וועגען. ער האט זיך געלאזט גוט באצאלען. ער האט צייטענווייז צוגענומען פון פינף הונדערט ביז טויזענט מארק (פון הונדערט צוואנציג ביז צוויי הונדערט פופציג דאלאר). דער פרייז פלעגט זיך וואקלען. עס האט זיך אנגעהויבען פון א וואסערע הונדערט דאלאר און איז, וואס ווייטער, מער געשטיגען.

אפשר וועט צוויי הונדערט און פופציג דאלאר אין די אויגען פון א זייטיגען מענשען אויסזעהן ווי א קליינע סומע, דארף מען דעריבער דערמאנען, אז העכסטענס באקומט א „ווידערגוטמאכונגס"־איד דריי טויזענט מארק (ארום זיבען הונדערט און פופציג דאלער, לויט'ן אפיציעלען קורס) אין מזומנים. דאס איבעריגע באקומט ער אין אזוי־גערופענע „טשעקעס", פאפירענע פארפליכטונגען, וואס דארפען, לויט'ן געזעץ, ערשט ווערען צאלבאר אין 1953. און אויך ארום די דאזיגע „טשעקעס" האט זיך אנטוויקעלט א געשעפטליכער שרים־טאנץ. געוויסע „מאכערס" האבען זיי אויפגעקויפט פאר א דריטעל פון זייער ווערט (צייטענווייז א פראצענט מער אדער ווייניגער). אין קורצען, מען האט בארויבט דעם וואס האט געוואלט גלייך באקומען זיין „ווידערגוטמאכונג" — און ווער קען צו אים האבען טענות? — כדי זיך עפעס איינצושאפען פאר ישראל אדער אמעריקע; דעם, וואס האט אומבאדינגט געוואלט רעאליזירען זיין „טשעק", ווייל ער איז געקומען צום באשלוס, אז עס איז בעסער צו באקומען איצט א דריטעל אין מזומנים, איידער ווארטען אויף 1953. ווער ווייסט ווי די וועלט, און די דייטשע רעגירונג, וועט אויסזעהן אין 1953?

דער רעזולטאט איז געווען, אז ניט ווייניג אידען האבען געשיקט אנקלאגעס צו דער מאכט — צו דער אמעריקאנער און דייטשער — וועגען די פאראנדקעס אין ענין „ווידערגוטמאכונג". מען האט געשריבען מיט טיפער פארביטערונג און עמפערונג. מען האט אנגערופען נעמען פון פערזאנען, וואס זאלען זיין פארמישט אין דער אנגעלעגענהייט. אנקלאגעס זיינען אויך אנגעקומען פון אידען, וואס האבען שוין אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע.

עס האט געמוזט פלאצען, און עס האט געפלאצט. אבער די אויספארשונג געהט ניט דערוויל וועגען די מאכינאציעס, נאר וועגען פיל־ערנסטערע קלאגען פון דער „ווידערגוטמאכונג". עס האנדעלט זיך וועגען פעלשונגען פון דאקומענטען, אויפ'ן סמך פון וועלכע מען קען באקומען אנטשעדיגונג פאר ליידען אונטער'ן היטלער־רעזשים.

איידער איך טרעט צו צו דערצעהלען גענויער וועגען די פעלשונגען, וויל איך קלאר מאכען, אז פרינציפיעל בין איך נ י ט געגען נעמען „ווידערגוטמאכונג" פון די דייטשען. איך ווייס, אז א דאנק „ווידערגוטמאכונג" האבען אידען זיך איינגעשאפט וואוינונגען אין ישראל, אין האבען א דאך איבער'ן קאפ, אנשטאט זיך צו וואלגערען אין לאגערען און פאלען צו לאסט אויף דער ישראל־רעגירונג. איך ווייס, אז א דאנק „ווידערגוטמאכונג" האבען ארימע לאגער־אידען עולה־געווען קיין ישראל באקליידעטע און באזארגטע מיט די נויטיגע חפצים ווי א קיל־שראנק, אן עלעקטריק אויוועו, א. א. וו. אבער אויב איך האב עפעס אויסצוזעצען געגען „ווידערגוטמאכונג", טא איז עס געגען געזעץ אלס אזעלכען, וואס ענטהאלט אומגערעכטע און אומגעזעצליכע באגרענצונגען. אויך זיינען די סומעס צו־קליינע. לויט מיין מיינונג, וואלט יעדער איד, וואס האט זיך געפונען אין היטלער'ס אייראפע, אדער האט צוליב די דייטשען געמוזט אנטלויפען און איבערלאזען זיין פארמעגען אויף הפקר, געדארפט זיין בארעכטיגט צו „ווידערגוטמאכונג". אבער דאס געזעץ — יעדע דייטשע פראווינץ־לאנד האט זיך זיין אייגען „ווידערגוטמאכונגס"־געזעץ; דער סאמע גינסטיגסטער, פון שטאנדפונקט פון אידישע אינטערעסען, איז אין דער אמעריקאנער זאנע, באזונדערס אין בייערן — וויל פון דעם ניט וויסען. דאס געזעץ וויל האבען, אז בלויז די יעניגע, וואס זיינען געווען אין געטאס און קאצעטען, געהערען צו דער בארעכטיגטער קאטעגאריע. און אויך ניט אלע געליטענע, נאר בלויז די יעניגע, וואס קענען אויפווייזען, אז זיי האבען זיך געפונען אין דייטשלאנד אין יאנואר זיבען־און־פערציג. און אויב זיי האבען פארלאזען דייטשלאנד פאר יאנואר זיבען־און־פערציג, אדער זיינען ערשט געקומען נ א כ ד ע ם, זיינען זיי נ י ט בארעכטיגט צו „ווידערגוטמאכונג", און מעגען זיי האבען געווען אין צענדליגער געטאס און קאצעטען און פארניכטונגס ־ לאגערען און האבען אויף זייערע קערפערס צייכענס פון די גיהנום־יארען.

אזא געזעץ, מיט אזעלכע שרייענדיגע אומגערעכטיגקייטען, וואלט מען ניט געדארפט אננעמען. אבער מען האט אים אנגענומען און ער איז אריין אין קראפט. האבען זיך איינגעפונען „מאכערס", וואס האבען עס אויסגענוצט, כדי אויסצופילען די אייגענע קעשענעס (ווען זיי וואלטען עס געטאן אין כלל־אינטערעסען, וואלט געווען אן אנדער זאך). זיי האבען באזארגט — פאר געלט, נאטירליך — די נויטיגע באשייניגונגען. געפעלשטע, אדער באקומענע פון אונטערגעקויפטע באאמטע. מען האט געמאכט באשייניגונגען פאר מענשען, וואס עקזיסטירען איבערהויפט ניט און מען האט אפגענומען פאר זיי „ווידערגוטמאכונג", און דאס געלט אריינגעלעגט אין קעשענע.

עס איז קלאר, אז דאס אלץ וואלט ניט געקענט געמאכט ווערען, אויב די „טוערס" וואלטען ניט געהאט קיין פארבינדונגען אין די „ווידערגוטמאכונגס"־אמטען. ביים איצטיגען מאמענט איז נאך שווער צו זאגען ווי גרויס עס איז דער שווינדעל. מען רעדט וועגען מיליאנען, שווערע מיליאנען (די היינטיגע צייטונגען טיילען מיט, אז פון אויספארגעפארשטע צוויי טויזענט אכט הונדערט אקטען, זיינען קנאפע דריי הונדערט־פופציג פאלשע, און ארום פיר הונדערט צווייפעלהאפטע; דער שאדען זאל זיין דריי־פערטעל מיליאן מארק, אדער א מיליאן מיט דריי הונדערט טויזענט מארק. ביז מען וועט דורכקוקען אלע אקטען, קען דער ציפער ווערען אן אסטראנאמישער).

.3

דער „פרעזידענט" פון „ווידערגוטמאכונגס" ־ אמט אין בייערן איז א איד, דר. פיליפ אויערבאך. א דייטשער איד, וואס האט דורכגעמאכט בוכענוואלד און אוישוויץ. (עס געהען ארום פארשידענע קלאנגען וועגען זיין ראלע אין אוישוויץ, אבער דערוויל זיינען זיי נאך ניט באשטעטיגט געווארן). ער האט נאך דער מלחמה אויפגעטויכט אין אידיש ־ געזעלשאפטליכען לעבען אין דייטשלאנד — פריהער אין דער בריטישער זאנע, און שפעטער אין דער אמעריקאנישער. אן אויסערגעוועהנליך ־ פעהיגער מענש, א גלענצענדער רעדנער און אן ענערגישער ארבייטער, איז ער גיך געשטיגען אין אידיש־געזעלשאפטליכען לעבען. מען קען זעלטען געפינען א אידישע אינסטיטוציע אין דייטשלאנד, באזונדערס אין בייערן, אין וועלכער ער זאל ניט נעמען קיין אנטייל. ער איז א מיטגליד פון לעצטענס־געגרינדעטען „צענטראל־ראט פון אידען אין דייטשלאנד" און זוצט דארט אויבען־אן, אין פרעזידיום, און וועלכען ער פארטרעטט די אמעריקאנער זאנע (דער „צענטראל־ראט" פארטרעט אלע פיר זאנעס). ער איז דער פרעזידענט פון די אידישע קהילות אין בייערן, און אויב דאס איז נאך ווייניג, איז ער אויך א מיטגליד פון דער קהילה־פארוואלטונג אין מינכען. ער רעדט אויף כמעט אלע אידישע פארזאמלונגען און פאראנשטאלטונגען. ער רעדט אויפ'ן ראדיא. אויב עס איז נויטיג, קען ער זיך אויך שטעלען פאר'ן עמוד און צומאל בלאזען שופר. ער שרייבט ארטיקלען און גיט אפ אומצאליגע ערקלערונגען צו פרעסע־פארשטעהער.

ווי אלע פילזייטיגע עסקנים, האט אויך דר. אויערבאך שונאים און פריינט, מער שונאים ווי פריינט. אויך וועט איך דערצעהלען, אז ער האט, דא און דארט, אויסגענוצט זיין איינפלוס און זיינע פאזיציעס, כדי צו טאן און צו העלפען איינצעלנע אידען און אידישע אינסטיטוציעס. און אנדערע — פארקערט — רעדען וועגען אים נאר דאס ערגסטע, נאר דאס שלעכטסטע.

שווער צו וויסען, ווער פון די ביידע איז גערעכט. עס איז מעגליך, אז דער אמת ליגט ערגעץ־וואו — ווי אין פיל אנדערע פאלען — אינמיטען. יעדענפאלס איז צו האפען, אז אין צוזאמענהאנג מיט'ן איצטיגען „ווידערגוטמאכונגס"־סקאנדאל, וועט אויפגעדעקט ווערען דער אמת וועגען דער פערזענליכקייט — אויערבאך. האט ער געהאט אין זינען בלויז די אייגענע אינטערעסען, די דייטשע אדער די אידישע? — (דר. אויערבאך באהויפטעט, אז ער האט עס אויפמערקזאם געמאכט דער דייטשער מאכט אויף זיין פארדאכט, אז עס ווערען באגאנגען פעלשונגען, און דורך דעם „פארשפארט" דער בייערישער רעגירונג איבער א מיליאן דאלאר), אדער אפשר וועט מען זיך קיינמאל ניט דערוויסען דעם אינערליכען אמת וועגען דר. אויערבאך? — אלץ איז מעגליך היינטיגע צייטען.

איך דאסמאל האט זיך דר. אויערבאך אונטערגעאיילט מיט צאלרייכע ערקלערונגען אין דער פרעסע. נאך אין ערשטען, צי אין צווייטען טאג פון

(שלוס אויף פעידזש 6)

# שלעכטע בשורות איילט מען זיך אנצוזאגען

**א ווארנונג פון א קלוגער מומען.— „שרייב נאר גוטע בריף". — א גוטער מנהג, וואס ווייניג מענשען היטען אפ. — צום טרויער נעמט מען זי פאר א שותף.**

פון ב. ש ע פ נ ע ר

א היגער איד האט מיר אנומעלטען דערצעהלט, אז ווען ער איז מיט 35 יאר צוריק, געפארען פון זיין ליטווישע היים־שטעטעל קיין אמעריקע, האט אים זיין שוואך, קליין מאמעלע אנגעזאגט דאסזעלבע, וואס אלע מאמעס פלעגען אנזאגען זייערע עמיגראנטען־קינדער:

— געדענק צו שרייבען בריף!

אבער ווען ער איז שוין געזעסען אין בויד, האט זיך צו אים אריבערגעבויגען זיינע א מומע, דער מאמע'ס אן עלטערע שוועסטער, וועלכער מען האט אין שטעטעל צוליב איר קלוגשאפט גערופען „שרה קאפ" און אים איינגערוימט אין אויער־אריין, אזוי אז די מאמע זאל נישט הערען:

— געדענק צו שרייבען ג ו ט ע בריף! די שלעכטע בריף מעגסטו נישט שרייבען...

די דאזיגע ווארנונג פון זיין קלוגער מומע, אין ביי אים געבליבען איינגעקריצט אין זכרון אויפ'ן גאנצען לעבען. יעדעס מאל, ווען ער האט אין זיינע „גרינע" יארען געהערט ווי דער גראמאפאן שפילט דאס פאפולערע לידעל, „א בריוועלע דער מאמען", האט ער זיך דערמאנט אין די ווערטער פון זיין מומען און געמורמעלט צו זיך:

— א ג ו ט בריוועלע דער מאמען!

און אזוי טאקע האט ער זיך געפירט. ער האט נאר געשיקט זיין מאמע'ן גוטע בריף, די שלעכטע האט ער געלאזט פאר זיך.

די ערשטע צייט איז אים געווען זעהר שלעכט אין אמעריקע און ער האט זיך אויך דא געפילט זעהר איינזאם. האט זיך אים נישט איינמאל געגלוסט אויסצוגיסען זיין ביטער הארץ פאר דער מאמען. דערצעהלען איר, ווי עלענד ער פיהלט זיך און ווי שטארק אים בענקט זיך אהיים, אבער ווען ער האט גענומען די פעדער אין האנט, האט זיך אים געשטעלט פאר די אויגען נישט בלויז דאס פנים פון זיין מאמע, נאר אויך דאס פנים פון זיין קלוגער מומע. און איידער ער האט זיך ארומגעקוקט, האט ער שוין געהאט אנגעשריבען א ג ו ט ע ן בריף...

אמת, ער האט דארט געשריבען, אז ער בענקט נאך דער מאמען און נאכ'ן טאטען און נאך די ברידער און נאך די שוועסטער, אבער וועגען זיין ביטערער לאגע און וועגען זיין עלענדקייט אין אמעריקע איז אין בריף קיין סימן נישט געווען. פארקערט, ער האט דערצעהלט ווי גוט אים איז דא. ווי פיין ער לעבט און ווי ער איז ארומגערינגעלט פון פריינד און לאנדסלייט, וועלכע מאכען אים פיהלען, ווי ער וואלט געווען אין דער היים.

אין דעם אלעם איז, ווי געזאגט, אין אנהויב געווען זעהר ווייניג אמת. נישט ער האט געהאט שטענדיגע ארבייט און נישט ער האט געהאט פריינד. און וואס שייך לאנדסלייט, זענען געווען א פאר, אבער אנווארימען זיך ביי זיי האט ער נישט געקענט, ווייל זיי אליין איז געווען קאלט. ביי איין לאנדסמאן האט ער אפילו א שטיקעל צייט געוואוינט אלס „בארדער", אבער ער האט גיך אויסגעפונען, אז וואוינען ביי א פרעמדער קאסט ביליגער און מען פיהלט זיך היימישער...

מיט דער צייט, אבער, זיינען זיינע גוטע בריף געווארן אלץ נעהענטער צו דער ווירקליכקייט. ער האט אנגעהויבען בעסער צו פארדינען, ער האט געפונען פריינד און אויך געהאט גליק צו געפינען א מיידעל, וואס איז אים געווארן אן איבערגעגעבענע און מזל'דיגע לעבענס־באגלייטערין. ער האט מער פאר זיין מוטער נישט געדארפט אויסטראכטען קיין ליגען און דאס איז געווען זיין גרעסטע סאטיספאקציע: דאס וואס ער האט געקענט נאכקומען די פאדערונג פון זיין מומען און גלייכצייטיג אויך די פאדערונג פון אמת... די גוטע בריף צו זיין מאמען זענען אין דערזעלבער צייט געווען אמת'ע בריף.

נאך איצט גלויבט ער, אז אים האט זיך איינגעגעבען אזוי גיך זיך צו שטעלען אויף די פיס אין אמעריקע און צו ווערען דאס וואס ער איז, האט ער אין א גרויסער מאס צו פארדאנקען דעם אנזאג פון זיין מומען צו שרייבען אחיים גוטע בריף... אים איז אין די ערשטע צייטען געווען שרעקליך פיינליך צו שרייבען אזויפיל ליגענס אין די בריף צו זיין מאמען. אבער ער האט געמוזט — דער אמת וואלט זיין קראנקער מאמען אינגאנצען אוועקגעלעגט. דאס האט אמבעסטען געוואוסט זיין קלוגע מומע און דערפאר האט זי אים געווארענט פאר אהיימשרייבען שלעכטע בריף. האט ער געמוזט אלץ „דריקען אין זיך" און שרייבען בלויז גוטס. פון דער דאזיגער פאלשער סיטואציע האט ער געוואלט זיך וואס פריהער באפרייען. דאס איז געווארען זיין גרעסטע אמביציע — ארויפצוארבייטען זיך, „מאכען א לעבען" נישט אזוי ווייט צוליב'ן ארויפארבייטען זיך, ווי צוליב די בריוועלעך צו דער מאמען... באפרייען זיך פון די ליגנערישע בריף איז ביי אים געווען נאך א גרעסערער חלום, ווי באפרייען זיך פון זיין נויט און עלענדקייט. האט ער זיך פארלעגט דערויף מיט אלע זיינע כחות, דאס איז געווארען זיין איינציגע אמביציע אין לעבען און — עס איז אים געלונגען. ער געדענקט נאך איצט דעם גרויסען פארגעניגען וואס ער האט געהאט, ווען ער האט אנגעשריבען אחיים זיין ערשטען גוטען בריף און נישט געדארפט דארט ארייינפאקען קיין איין ליגען...

ביז'ן היינטיגען טאג, האט זיך דאמאלסט מיין באקאנטער פאר מיר פארטרויט, איז ביי אים געבליבען די געוואוינהייט צו שרייבען גוטע בריף. יעדעס מאל, ווען ער דארף אנשרייבען א בריף, גיט ער פריער א טראכט, צי וועט דאס זיין א גוטער בריף, אדער א שלעכטער בריף. אויב א גוטער בריף, שרייבט ער אים אן באלד און אויב דאס דארף זיין א שלעכטער בריף, לעגט ער אים אפ אויף שפעטער, אויף אן אנדער מאל. א שלעכטען בריף מיינט ער, פארשפעטיגט מען קיינמאל נישט אנצושרייבען...

* * *

ער איז זיכער גערעכט. אבער, ליידער, זענען דא ווייניג מענשען, וואס האלטען זיך ביי דעם דאזיגען גוטען מנהג. פארקערט, מענשען איילען זיך געוועהנליך מער אנצוזאגען שלעכטע בשורות, ווי גוטע.

דאס איז נישט דערפאר ווייל דער מענש איז ש ל ע כ ט, נאר נייבער דערפאר, ווייל דער מענש איז ש וו א ך. צרות איז אים שווערער אליין צו טראגען ווי פרייד. לויטווער צו מענשען זיך טיילען מיט'ן אומגליק, אראפרעדען זיך פון הארצען, אויסוויינען זיך, זוכען הילף אדער כאטש מיטגעפיל. אז מען רעדט זיך אראפ פון הארצען ווערט גרינגער...

און ווער ווייסט, צי עס זיינען נישט גערעכט די כמורנע פילאזאפען, וואס זאגען אז דער מענש האט בכלל ליבער צו הערען וועגען פרעמדען אומגליק, ווי וועגען פרעמדען גליק, ווייל פרעמדער גליק דערמאנט אים, אז ער איז אומגליקליך און פרעמדער אומגליק דערמאנט אים, אז ער איז נ י ש ט פון די אומגליקליכסטע... דאס, מיינען זיי, איז אויך די אורזאך, פארוואס די צייטונגען שרייבען מער וועגען מענשליכע אומגליקען, ווי וועגען מענשליכער פרייד; פארוואס א הויז, וואס איז פארברענט געווארן, פארנעמט א גרעסער ארט אין דער צייטונג, ווי א הויז, וואס איז שיעור־נישט פארברענט געווארן און וואס איז אין דער לעצטער מינוט אפגעראטעוועט געווארן פון פייער...

די צייטונגען ווייסען פון ערפארונג וואסערע נייעס די לעזער ווילען בעסער לייענען און זיי פאסען זיך צו צו זיי.

אבער וואס די אורזאך זאל נישט זיין: שלעכטע בשורות ווערען גיכער אנגעזאגט ווי גוטע און דאס מאכט די וועלט אויסזען נאך טונקעלער ווי זי איז.

* * *

ערשט די טעג האט זיך מיינע א באקאנטע פאר מיר דערויף באקלאגט און איך האב איר פון גאנצען הארצען מיטגעפיהלט.

זי האט צוויי לייבלעכע ערשטע קאזינס אין אמעריקע, מיט וועלכע זי איז אין דער אלטער היים צוזאמען אויפגעהאדעוועט געווארן. זיי וואוינען ווייט — אזש אין קאליפארניע און זעהר זעלטען קומט אוים זיך צו באגעגענען. ביידע קאזינס זיינען ליבע, סימפאטישע מענשען, איינער איז א רעגירונגס־באאמטער און דער צווייטער איז א קליידער־מאנופעקטשורער. און ווען איינער פון זיי גיט איין מאל אין עטליכע יאר „א פאל אראפ" קיין ניו יארק איז עס פאר איר א גרויסע איבערלעבונג. מען עסט צוזאמען, מען געהט אוים צוזאמען און מען דערמאנט זיך צוזאמען די היימישע יונגע יארען, וואס דאכט זיך אז זיי זיינען ערשט נעכטען געווען, כאטש שטרעק אויס די האנט און נעם זיי... אין די דאזיגע טעג טוט אזוי באנג די פרעמדקייט, וואס האט זיך אוועקגעלעגט צווישען ניו יארק און קאליפארניע, און מען זאגט זיך צו פון איצט אן אפט צו שרייבען איינער צום צווייטען, אבער אז ער פארט אוועק, בלייבט אלץ ווידער ווי געווען. נישט ער שרייבט און נישט זי שרייבט.

אמעריקע...

אבער די טעג האט זי פלוצלונג באקומען א בריף פון איינעם פון אירע קאזינס — פון דעם רעגירונגס־באאמטען, איר האט א קלאפ־געטאן אין הארצען: „עס מוז עפעס האבען געשעהן". און זי האט זיך, ליידער, נישט אפגענארט. אין דעם בריף זאגט איר אן איר קאזין די טרויעריגע בשורה, אז זיין ברודער איז געשטארבען. דאס איז געשעהן כמעט פלוצלונג. ער האט זיך עטליכע טעג עפעס נישט אזוי גוט געפיהלט.

אזוי ווי ער איז בכלל געווען א געזונטער מענש, וואס האט אין פארלויף פון זיינע 52 יאר זעהר ווייניג געהאט צו טאן מיט דאקטוירים, האט ער נישט גענומען ערנסט זיין איבערגעמאטערטקייט. דערצו האט ער ערשט געהאלטען ביים ליקווידירען זיינע געשעפטען, וואס דאס האט אים פארשאפט א סך פרייד און ער האט אויך נאר וואס פארענדיגט אויסבויען זיין נייע היים, איז ער געווען אביסעל פארנומען און דערפאר כסדר אפגעלעגט דאס אריינגעהן צו א דאקטאר. „אז סאי־ווי, האט ער געזאגט, וועל איך באלד געווינג זיך קענען אויסרוהען. אבער זיין ווייב איז צו אים צוגעשטאנען און ער האט זי געפאלגט. ער איז אוועק צום דאקטאר, אבער פון דארט איז ער שוין קיין לעבעדיגער נישט צוריקגעקומען. ביים דאקטאר האט ער באקומען א הארץ־אטאקע...

די בשורה האט די ניו יארקער קוזינע שווער געטראפען. זי האט ווייניג נאהענטע מענשען אויף דער וועלט. ווידער האבען די פאר צענדליג יארען צווישען דער אלטער היים און אמעריקע זיך איינגעקארטשעט און עס האט זיך אויך איינגעקארטשעט דער שטח צווישען ניו יארק און קאליפארניע. ערשט נעכטען איז עס דאך געווען, ערשט נעכטען האבען זיי זיך געהאדעוועט צוזאמען דארט אין דער היים און אוודאי דא ערשט נעכטען איז ער דאך געווען צוגאסט ביי איר אין ניו יארק און זיי האבען זיך צוגעזאגט רעגולער צו שרייבען איינער צום צווייטען...

א נאהענטער מענש געווען, א הארציגער, דאס גריבעלע ביי אים אין דער גאמבע האט אים געמאכט אזוי ענליך צו זיין מאמען און צו איר מאמען, וואס זענען געווען שוועסטער. איר טוט שטארק וועה זיין טויט, אבער דערפאר טוט איר וועה נאך עפעס: וואס צו זיין אומגליק האט מען זי געמאכט פאר א סך א גרעסערע שותפ'טע, ווי צו זיין גליק...

ער איז דאך געווען גליקליך, און גראד אין די לעצטע מאנאטען פאר זיין טויט איז ער געווען גליקליכער ווי שטענדיג. ער האט דאך, זייענדיג פארהעלטניסמעסיג יונג, זיך שוין געקענט ערלויבען צוריקצוציהען זיך פון

(שלוס אויף פעידזש 8)

# אנטוישונג • (ערצעהלונג)

פון מרים ראסקין

אידא איז געווען באזונדערס גוט אויפגעלעגט אין יענעם שפעטען פארנאכט. זי איז געשטאנען ביי זיך און צימער אנטקעגען שפיגעל און איבערגעטראכט וואס פאר א קלייד זי זאל היינט אנטאן. עס האט זיך איר געוואלט אויסזעהן באזונדערס שעהן פאר היינט אוונט. איר מאן, דזשאו קרעמער, האט איינגיכען געדארפט אנקומען פון זיין אפיס און זיי וועלען צוזאמען פארען צו א פארטי ביי זייערע פריינט, די בערמאנס.

אידא האט אין איר קרייז געהאט א נאמען פון א שעהנער, רייצענדער פרוי. נאך איידער זי האט חתונה געהאט מיט קרעמער'ן האט זי שוין געהאט א סך פארעהרער און אויך געליבטע. זי האט געהאט וואס מען רופט אן אינטערעסאנטע פארגאנגענהייט. נאר אידא האט איר איצטיגען מאן געהאלטען טייער. ער איז איר אונטערגעקומען פונקט דעמאלט ווען איינער פון אירע געליבטע איז פון איר אוועק. דזשאו קרעמער האט זיך אין איר פארליבט ווי א אינגעל און זיי האבען חתונה געהאט. און אז אידא גיט אמאל א טראכט פון דעם, שמייכעלט זי צו זיך אליין, ווי אלץ האט זיך אויסגעלאזען פאר איר גוט.

אז איר מאן קומט צוגעהן, איז ער נאך פול מיט דעם אימפעט פון גאס. ער איז אן ארויפגעארבייטער ביזנעס־מאן, אן ענערגישער און א פלינקער, און ער גיט זיך באלד א לאז־אריין צו איר אין צימער:

— נו, אידא, דו ביזט שוין פארטיג צו געהן?

די ווארעמע לופט פון איר טואלעט־צימער, מיט די איידעלע פארפיום־ריחות, האבען גערייצט זיין מענליכע נאטור. דזשאו קרעמער איז געווען ווייך און צערטליך מיט זיין ווייב. ער האט ליב געהאט זי צו פיעסטשען און נאכגעבען איר אין אלץ. אוודאי האט ער געוואוסט, אז נאך איצט אויך האט זיין ווייב א סך פארעהרער. אז ער איז ערגעץ מיט איר געקומען, איז זי באלד ארומגערינגעלט געווארן פון מאנסלייט און מען האט איר געמאכט קאמפלימענטען. נאר דזשאו קרעמער איז ניט געווען אייפערזיכטיג; ער איז נאך געווען שטאלץ צו האבען אזא פרוי, וואס נעמט אוים ביי אלעמען.

איצט איז קרעמער און זיין ווייבעל געפארען צו דער פארטי אין זייער אייגענעם אויטאמאביל. ער האט שנעל געקירעוועט דאס רעדעל מיט זיינע פלינקע הענט, און אידא איז געזעסען לעבען איר מאן איינגעוויקעלט אין איר פוטערנעם מאנטעל. זי איז געווען דורכגענומען מיט דעם פארגעפיהל פון גרויס פארגעניגען וואס האט אויף איר געווארט היינט אין אוונט. פון אלע אירע איצטיגע פארעהרער האט זי נאר איינעם גענומען ערנסט; דאס איז געווען גארין, דער מאלער. טאקע ביי די בערמאנס צו אן אוונט־פארטי האט זי זיך מיט אים באקענט. וועט ער דארט היינט זיין צו דער פארטי? גארין קען אזוי שעהן רעדען פון מאלעריי און פון אלערליי העכערע ענינים. דערצו איז ער נאך גאר יונג און זעהט אויס שעהן, הויך און שעהן געוואקסען, מיט אויגען אזעלכע צודרינגליכע, באצווינגענדיגע.

עס איז געווען נאטירליך, אז זיי ביידע, אידא און דער מאלער גארין, זאלען זיך דערנעהנטערן איינע צו די אנדערע און ווערען אינטימע פריינט. מען האט זיי שוין געזעהן צוזאמען אין טעאטער, צו א קאנצערט. מענשען פון איר אייגענעם קרייז האבען שוין דאס באמערקט. די פרויען האבען גערעדט שלעכטס אויף אידא'ן, זיי האבען איר געטאדעלט, און די מאנסלייט האבען זיך פאר איר אנגענומען. נאר אידא האט פון גארניט געוואוסט; ניט געוואלט וויסען. דאס איז געווען ביי איר א געפיהל פון אן אנדער סארט. ניט אזוי לייכטזיניג ווי אין אירע אינגערע יארען. זי איז געווען פארליבט און איז געווען זיכער, אז אויך ער, גארין, איז אין איר פארליבט.

אז אידא און איר מאן זיינען געקומען צום אוונט, איז שוין דארט די פארטי געווען אין פולען גאנג. ווי אלע מאל, איז ביי די בערמאנס געווען רואיש און פריילעך. די געסט האבען זיך דא אלע געפיהלט היימיש. דער טיש איז געווען איבערגעלאדען מיט עסענוווארג און געטראנקען. די באלעבאסטע פון הויז, ליזא בערמאן, מיט א מידען און געעלטערטען פנים, איז אידא'ן געגאנגען אנטקעגען און האט זיך מיט איר געקושט:

— און איר, אידא, זייט אלעמאל די זעלבע. איר וועט אייביג יונג זיין. — האט זי איר געגעבען א קוק־אן מיט א בליק פון קנאה.

אידא האט ניט ליב געהאט די מרס. בערמאן, ווייל אונטער די אויגען האט זי איר שטענדיג בארעדט. ווען ניט צוליב דעם מאלער גארין, וואלט זי אינגאנצען אהער ניט געקומען.

ארום אידא'ן איז דער געוועהנליכער געדרודער פון מענשען. יעדער פון די מאנסלייט וויל איר געפעלען מיט א קלוגער באמערקונג, מיט א ווארט. אידא ענטפערט אלעמען מיט איר געוועהנליכען, רייצענדען שמייכעל. נאר אירע בליקען זיינען צעשטרייט געווענדעט צום טיר. וועט ער היינט דא זיין, גארין? זי איז אנגעשטרענגט און פול מיט ערווארטונג.

ענדליך איז ער אנגעקומען. פאר אידא'ס אויגען האט זיך א מינוט־געטאן זיין שעהנער קאפ האר, די דינע, בייגעוודיגע פיגור. וואס מאכט אים אויסזעהן אזוי יונג. איר אייגענער פנים האט אויפגעלויכטען. נאר באלד האט זיך איר פנים ווי אויסגעקרימט מיט א מאדנעם שמייכעל. ער איז היינט געקומען ניט אליין. עפעס א יונג מיידעל איז מיט אים. ווי אין א טומאן זעהט זי ווי ער שטעלט־פאר די מיידעל פאר דער באלעבאסטע פון הויז, ליזא בערמאן. אידא פיהלט ווי עס לויפט איר דורך א קעלט איבער'ן לייב. זי פיהלט ווי עס בייטען זיך איר די קאלירען אין פנים. זי דרעהט אפ דעם קאפ אן א זייט. ניין, זי קען אים ניט באגריסען אפילו.

אידא פיהלט ווי גארין אליין זוכט היינט אויך ניט צו באגעגענען איר בליק. ער וויל זי אויסמיידען. ער פיהלט זיך אפשר שולדיג אנטקעגען איר. ווער איז די מיידעל? א נייע געליבטע? אדער אזוי צופעליג, א באקאנטע? וואס פאר א מאדנע לאגע? ווי אזוי זאל זי זיך האלטען? צי ווייסען אט־די אלע מענשען וואס דא קומט פאר? עס האט זיך פון אידא'ן מיט אמאל אפגעטאן די זיכערקייט אירע, איר גוטער הומאר, די לייכטקייט און שפילעוודיגקייט, וואס איז אין איר אפט געווען.

דערוויל האט זיך שוין איבער'ן שטוב איינגעשטעלט די ווארעמע, אינטימע שטימונג, וואס אידא האט אזוי ליב געהאט. אומעטום, אין די ווינקלען פון גרויסען צימער און ביים טיש, האבען זיך שוין פאנאנדערגעוויקעלט לעבעדיגע שמועסן. נאר אידא האט געהאט א געפיהל ווי אלץ טוט זיך דא איצט אפ אהן איר. ווי אין א טשאד האט זי געזעהן ווי איר מאן, דזשאו קרעמער, האט זיך צורעדט מיט דעם באלעבאס פון הויז, מיסטער בערמאן. זיי שמועסן אוודאי וועגען ביזנעס אנגעלעגענהייטען. אידא אליין האט דא זיך צוגעזעצט צום טיש און דא האט זי זיך אויפגעהויבען צוריק, ווי זי וואלט זיך קיין ארט ניט געפונען. צו איר איז צוגעקומען אן אלטער פארעהרער אירער, מינקאוו. ער האט אנגעגאסען א גלעזעל וויין.

— איך וויל איר זאלט מיט מיר היינט טרינקען, אידא, — האט ער זיך אנגעבויגען צו איר.

אידא האט צו אים א שמייכעל געטאן, נאר אירע אויגען האבען געוואנדערט איבער'ן צימער, און זי האט געזעהן ווי גארין איז כסדר מיט יענער מיידעל. ער האלט איר פאר דער האנט און ער פירט זי איבער די צימערען, צו ווייזען איר די אלערליי בילדער אויף די ווענט. זיי פארברענגען נאר צווישען זיך און זיי זעהען קיינעם ניט ארום. אידא האט געמוזט צוגעבען, אז די מיידעל איז ניט קיין מיאוס'ע; זי קוקט צו אים ארויף מיט נארישער אנטציקונג אין איר גאנצען אויסזעהן, און איר פנים רויטעלט זיך אונטער זיינע כישוף'דיגע בליקען. ווי לאנג וועט דאס אזוי אנגעהן? איז דאס ביי אים נאר א קאפריז אזא און מארגען וועט ער זיך אומקערען צוריק צו איר, צו אידא'ן?

דערוויל פיהלט זי זיך אינגאנצען פארלארען. די איפערזוכט מאכט זי קראנק. און די אלע מענשען אין הויז — זיי מאכען זיך, אז זיי זעהען גאר ניט. יעדערער איז ארייינגעטאן אין זיין אייגענעם פארגעניגען, און זיי פארברענגען און לאכען. אידא ווייס, אז זי האט דא ניט קיין איין פריינט, וואס זאל זי קענען פארשטעהן.

אין דעם גאנג פון אוונט האט אידא נאך איין מאל געפרואווט זיך דערנעהנטערען צו גארין'ען, ווען ער איז געשטאנען אליין אין א זייטיגען צימער און גערויכערט. אידא איז אים פארבייגעגאנגען כלומרשט צופעליג.

— העלא, אידא! — האט ער א זאג געטאן. זי האט זיך א ווייליל אפגעשטעלט. ער האט געהאט אזא פארטראגענעם אויסזעהן. איר האט זיך געדוכט, אז ווען זי טרעט פון אים אפ, וואלט ער דאס אפילו ניט באמערקט. אידא האט געוואוסט, אז גארין קאן האנדלען גראב אנטקעגען א מענשען, וואס איז אים מיט עפעס ניט געפעלען, אבער מיט איר! זי האט געפיהלט ווי דער גאנצער מוט האט זיך פון איר אפגעטאן. עס איז איר שווער געווען צו פארטראגען אזא דורכפאל. צו־וואס איז זי גאר היינט געקומען אהער?

עס איז שוין געווען שפעט אין דער נאכט און די געסט אלע האבען שוין גענומען זיך קלייבען געהן אהיים. אידא האט דעמאלט א קלער־געטאן, אז זי זאל אפשר נאך איין מאל פרואווען צוגעהן צו גארין'ען. איר האט זיך געוואלט אים זאגען עפעס א שארפען ווארט. זאל ער וויסען. אבער ווי נאר זי איז שוין געווען נאענט לעבען אים, האט זי געפיהלט זי ווערט סענטימענטאל, און איר האט זיך גאר נעגלוסט ביי אים א פרעג־טאן: „איר זייט עפעס היינט אין כעס אויף מיר, גארין?"

ניין, זי וועט שוין בעסער אים גארניט זאגען. ניט מאכען זיך ביליג. שטעהענדיג שוין ביי דער טיר האט גארין זיך א קער־געטאן צו אידא'ן און א זאג־געטאן „גוד־באי". ער און זיין מיידעל, שוין אנגעטאן אין די מאנטלען, האבען זיך צוזעגענט מיט אלעמען און זיינען די ערשטע ארוים פון שטוב. אידא האט געקענט הערען ווי זיי זיינען ביידע געלאפען איבער די טרעפ אראפ צום גאס. „ביידע יונגע, לוסטיגע" — האט אידא ביי זיך געגעבען א טראכט.

שפעטער, פארענדיג מיט איר מאן אהיים אין זייער אויטאמאביל, האט אידא זיך געפיהלט שטארק דערשלאגען. זי איז געווען אויסגעשעפט און האלב־קראנק. אפילו איר מאן, דזשאו קרעמער, האט שוין באמערקט ווי מיט זיין ווייבעל איז היינט עפעס ניט גלאטיג. ער האט זיך אנגעבויגען צו איר און איר א פרעג־געטאן:

— וואס איז דער מער, אידא, דו פיהלסט עפעס ניט גוט?

— ניין, גארניט. כ'האב פיינט צו געהן צו די בערמאנס. — האט זי ארויסגערעדט מיט א קאפריזנעם טאן. — עס איז דארט אלע מאל לאנגווייליג.

דזשאו קרעמער האט נאך פארוואונדערט א הויב־געטאן מיט די אקסלען. וואס שייך אים, האט ער דעם אוונט גוט פארבראכט. ער האט ניט געזעהן דארט קיין שום שלעכטס.

קומענדיג אהיים האט איר מאן באלד גענומען זיך גרייטען פאר דער נאכט. ער האט פארשלאסען די טיר און אנגעצויגען זיין האנט־זייגערל.

— נו, צייט צו געהן שלאפען, — האט ער געגעבען א לייכטען געניץ און זיך געלאזט געהן צו זייער שלאף־צימער. אידא האט געקוקט אויף איר מאן ווי מען קוקט אויף ניט קיין לעבעדיגער זאך, אויף א שטול אדער א לאמפ. זי האט אראפגענומען פון זיך איר מאנטעל און איז געבליבען שטעהן מיט איר בליק ערגעץ אין דער לופטען. איר האט זיך געדוכט, אז זי הערט נאך די טריט פון גארין'ען מיט זיין מיידעל, ווי זיי לויפען האסטיג איבער די טרעפ צום גאס ארוים — ביידע יונג, לוסטיג און הפקר'דיג.

ערשט מיט א וואך צוריק האבען זיי נאך ביידע פארבראכט, אידא און גארין. מיט זיין מבינ'ישען בליק האט ער זי באטראכט. זי געדענקט ווי ער האט גערעדט פון איר רייפער שעהנקייט. ער האט ליב די נאטור אין הארבסט, מיט זיינע וואונדערליכע, רייכע קאלירען. און וועגען די יונגע מיידלעך האט ער געזאגט, אז עס איז ניטא אין זייער אויסזעהן קיין שום אויסדרוק, און זיי האבען אלע איין פנים. „איצט האט ער שוין דאס פארגעסען" — האט אידא מיט ביטערקייט געגעבען א טראכט.

א פארטראגענע האט זי אוועקגעוואנדערט צו זיך אין שלאף־צימער. איר מאן, דזשאו קרעמער, האט שוין געהאט איינגעשלאפען. ער איז געלעגען צעווארפען איבער'ן ברייטען בעט און א געמיטליכע רוהיגקייט האט געוועהט ארום אים. אידא איז איר מאן איצט מקנא געווען. זי האט זיך געשטעלט אנטקעגען שפיגעל, פאמעלעך ארויסגענומען די שפילקעס פון אירע האר און זיי ארייינגעשטעקט צוריק. זי האט ניט געוואוסט וואס זי טוט. א מידע, פארעלטערטע פרוי האט אויף איר געקוקט פון שפיגעל ארוים. די אויגען אומעטיג, טראגיש, אז זי האט זיך אליין ניט דערקענט. זי האט אזש אויפגעציטערט. זי האט האסטיג גענומען אראפוואהרפען פון זיך די זאכען, מיט דעם איינציגען פארלאנג ארייינצוואורפען זיך וואס גיכער אין בעט. איינגראבען דעם פנים אין קישען און זיך פארגעסען, פארגעסען...

# פון פאלק צו פאלק

## סערע עלקוס איז ניט די מוטער, נאר א טאנטע פון דער אידישער פרוי, מעיאר פון רעד בייינק

ווערטער רעדאקטאר!

אין „פארווערטס" איז ניט לאנג צוריק געווען געדרוקט אין „פון פאלק צו פאלק" א בריף פון מרס. סאפיע קריגער פון ניו יארק וועגען סערע עלקוס. זי שרייבט דארט, אז זי איז די מוטער פון דער איצטיגער פרוי־מעיאר פון רעד בייינק, נ. דזש.. וויל איך זאגען אז זי האט א גרויסען טעות. סערע עלקוס איז ניט די מוטער פון דער אידישער פרוי־מעיאר פון רעד בייינק, נאר אירע א טאנטע. סערע עלקוס איז א שוועסטער פון אייבערהעם עלקוס. סערע עלקוס האט ניט קיין קינדער, ווייל זי איז ניט פארהייראט. אבער אלע שבחים וואס מרס. קרוגער גיט סערע עלקוס, האט זי פארדינט אין א פולער מאס.

מיט אכטונג,
מאליע טשער,
152 א. 171טע סט., ניו יארק

חשוב'ער רעדאקטאר!

איך האב געלעזען דעם בריף אין „פון פאלק צו פאלק" פון מרס. סאפיע קרוגער, דינסטאג, פעברואר דעם 6טען. זי שרייבט וועגען דער אידישער פרוי, וואס איז ערוועהלט געווארן אלס מעיאר פון רעד בייינק. מרס. קרוגער שטעלט פאר סארא עלקוס אלס מרס. וועהאיט'ס מוטער. וויל איך דא אויסבעסערען דעם מיסטעיק, וואס מרס. קרוגער מאכט.

סארא עלקוס איז אייבערהעם עלקוס' א שוועסטער. דאס מיינט, אז סארא עלקוס איז מרס. וועהאיט'ס א מומע. איך בין אויך איינע פון די שילערינס, וואס האבען געלערענט אין סקול, וואס סארא עלקוס האט איינגעארדענט. מיר פלעגט אויסקומען צו באגעגענען זיך מיט סארא'ן און זי האט פאר אונז פארגעשטעלט איר ברודער מיט דער שוועגערין מר. און מרס. אייבערהעם עלקוס. די אלע גוטע טאטען, וואס מרס. קרוגער דערצעהלט פון סארא עלקוס איז ריכטיג. אבער סארא איז ניט געווען פארהייראט און דערפאר האט זי זיך גערופען מיס סארא עלקוס. דאס וואס מרס. קרוגער שרייבט, אז דער עפעל פאלט ניט ווייט פון בוים איז ריכטיג. איך בין זעהר צופרידען וואס אונזערע פרויען רופען זיך אפ אויף די אינטערעסאנטע ארטיקלען וואס אייערע חשוב'ע שרייבערס גיבען אונז.

מרס. מערי וועקס,
1102 לאנגפעלאו עוו.,
בראנקס, נ. י.

# 5 פראגן

די ענטפערס געפינען זיך אויף „בינטעל בריף" פעידזש

1. וועלכע פרוי האט דער סעקרעטערי און סטעיט געפלאנט צו שיקען אלס אמבאסאדאר קיין רוסלאנד מיט עטליכע יאר צוריק?

2. וואס פאר א שייכות האבען די לידער־פארפאסער נפתלי הערץ אימבער און פרענסיס סקאט קי איינער מיט'ן אנדערען?

3. אין וועלכע פאלען נעמט מען אראפ פון די וועידזשעס יעדע וואך פאר'ן ניו יארק סטעיט אינקאם טעקס?

4. וואס זיינען די דריי וויכטיגסטע לענדער אין שטאל פראדוקציע?

5. פארוואס האט א פראנצויזישער פארמער ניט געוואלט פארקויפען זיין פראפערטי צו מאכען דארט די העדקוואדערס פון דער ארמיי פון די מערב לענדער אונטער אייזענהאוער'ס קאמאנדע?

# „האָס אַמעריקע!"

פון חיים ליבערמאַן

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די וועלט אָנגעפילט געוואָרן מיט האָס געגען דייטשלאַנד פאַר אירע ווילדע און וויסטע גרויזאַמקייטן, און מען האָט דעמאָלט געשמועסט אַזוי:

דייטשלאַנד רודפ'ט די אידען, און דייטשלאַנד וועט סוף־כל־סוף פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם אידען אַלס געגענשטאַנד פון שנאה. אויב די וועלט מוז שוין שטענדיג האָבען אימיצען אויף וועמען אויסצולאָדען איר געפיהלען פון האָס, און ביז איצט איז דער אימיצער געווען דער איד, וועט עס פון איצט אָן ווערען דער דייטש.

נאָר ווי מאָדנע זאַכען דרייען זיך אויס! ...

# די אידישע מאָמענטען אויפ'ן אויערבאַך טרייעל אין מינכען

ווי אַזוי די שטימונג אין געריכט האָט זיך געענדערט צוגונסטען פון דר. אויערבאַך. — די דייטשע עדות וואָס האָבען געלויבט דעם אידישען אָנגעקלאָגטען. — דר. אויערבאַך און זיין אידישער פאַרטיידיגער, דר. קליבאַנסקי, אין דער ראָלע פון אָנקלעגער. — דער געריכטס־פּאָרזיצער און די פּראָקוראָרען, געוועזענע נאַציס, אין דער ראָלע פון פאַרטיידיגער.

פון אונזער רייזענדען קאָרעספּאָנדענט מאַריאַן זשיד

1.

...

(שלוס אויף פּעידזש 6)

# דרייצען מיליאָן פון זיינע ביכער זיינען פאַרקויפט געוואָרען אין פיר יאָר צייט

## און דער עולם רייסט נאָך אַלץ די סחורה פון די הענט. — ווער איז דער שרייבער און וואָס האָט ער צו זאָגען?

פון פּ. בערמאַן

זעקס ביכער פון איין שרייבער האָבען זיך פאַרקויפט אין פיר יאָר צייט — אין דרייצען מיליאָן עקזעמפּלאַרען — דאָס איז עפּעס וועגען וואָס עס קען זיך צו פאַרטראַכטען. זיי זיינען טאַקע פון יענעם מין וואָלוועלע ביכער וואָס מען פאַרקויפט צו 25 סענט אין אַלע סאָדע־וואַסער קראָמען און ביי די צייטונגס־פאַרקויפער אין גאַס, און דערייבער מאַכט דער מחבר נעבעך ניט מער ווי פופציג טויזענט דאָלאַר אויף א ...

...

(שלוס אויף פּעידזש 7)

# מיסעס לעווינסאָן

(סקיצע)

פון מרים ראַסקין

מיסעס איוואַ לעווינסאָן איז געווען א פרוי פון א רייכען ביזנעסמאַן. זי האָט געפירט א שעהנע הויז און ...

...

# 5 פראַגן

די ענטפערס געפינען זיך אויף „בינטעל בריף" פּעידזש

1. האָט ניו יאָרק געשטימט פאַר דער רעזאָלוציע פון אומאָפּהענגיגקייט, וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם קאָנגרעס פון די קאָלאָניעס דעם 2טען יולי, 1776?

2. וויפיל קאָסט אָפּ דער רעגירונג די פרייע פּאָטשט (די רעכט צו שיקען בריף פריי), וואָס מען ערלויבט קאָנגרעסלייט און אַנדערע באַאַמטע?

3. וואָס איז שווערער. אַרויפצוגעהן שטיגען, צי זעגען א גרויסע שטיק האָלץ?

4. וועלכע ליד פון א אידישער דיכטערין האָט טרומאַן ציטירט אין זיין מעסעדזש געגען מעקערען אימיגראַציע ביל?

5. וואָס איז געווען דער חילוק צווישען דעם גאַלוועסטאָן פּלאַן און דער גאַלוועסטאָן באַוועגונג?

ליטעראַרישע קריטיק

# ליטעראַטור

דיסקוסיעס • נאטיצען

# „דאָס קריסטענטום פון שלום אַש"

חיים ליבערמאַנ'ס ווערק וועגען שלום אַש'ס יעזוס ביכער אין אַן ענגלישער איבערזעצונג. — די צוויי קאַפּיטלען וועגן „נאַזאַרין" און „אַפּאָסטעל". — אידישע און קריסטליכע מאָראַל־גלויבן און מעשים אין רעליגיע. — א פּאָר חסרונות אין ליבערמאַנ'ס אויסגעצייכענטען ווערק.

פון הלל ראָגאָף



חיים ליבערמאַן

THE CHRISTIANITY OF SHOLEM ASCH
by Chaim Lieberman
Published by Philosophical Library.

ווען שלום אש האט אפגעדרוקט זיין „נאזארין" (דער מאן פון נצרת) ענדע די דרייסיגער יארען, האט מען געמיינט, אז דאס איז א צופעליג ווערק. ער האט דאן ערקלערט, אז ער האט וועגען דער טעמע געטראכט א סך יארען און אז ענדליך האט ער דעם בוך אויפגעשריבען. זיינע פריינד האבען געהאפט, אז נאך דעם שטורם, וואס דער „נאזארין" האט ארויסגערופען צווישען די ברייטע אידישע מאסען, וועט ער אליין וועלען וועגען דעם וואס שנעלער פארגעסען, און אז ער וועט זיך צוריקקערען צו דעם פארט ליטעראטור וואס האט אים געמאכט בארימט און באליבט אין דער אידישער וועלט; אז ער וועט ווידער שאפען ראמאנען און ערצעהלונגען אינ'ם גייסט פון „דאס שטעטעל", „שלמה נגיד", „דער תהילים איד", „דער געזאנג פון טאל" און אנדערע.

עס איז אבער אין קורצען קלאר געווארען, אז מיט דעם „נאזארין" איז ביי אש'ן פארגעקומען אן איבערברוך — אן איבערברוך ניט נאר אין זיין שאפען, נאר אויך אין זיין דענקען און אין זיין באציהונג צו אידען און אידישקייט. א פאר יאר נאך דעם „נאזארין" איז ערשינען זיין „אפאסטל", וואס האט געשילדערט דעם לעבען און די טעטיגקייט פון דעם „הייליגען פאול", וועלכער איז געווען דער אמת'ער פאטער פון דער קריסטליכער אמונה און גרינדער פון דער קירכע. נאך שפעטער האט אש אפגעדרוקט זיין בוך „מערי", וואס שילדערט דאס לעבען פון יעזוס'עס מוטער און די קינדער־יארען פון יעזוס'ן. עס איז קלאר געווארען, אז ביי אש'ן האט עס זיך ניט געהאנדעלט בלויז פון שאפען ליטעראַרישע ווערק איבער טעמעס וואס האבען אין באשטימטע מאמענטען פארכאפט זיין פאנטאזיע און אויפגעוועקט זיין אינטערעס. פון דעם „נאזארין" און ווייטער איז אלץ וואס ער האט געשריבען, אפילו יענע ביכער וואס האבען ניט געהאט קיין שייכות מיט דער יעזוס געשיכטע און מיט דעם קריסטליכען גלויבען, אפילו זיינע ראמאנען און ערצעהלונגען פון דער היינטיגער צייט, געווען באפארבט מיט „יעזוסיזם" און האבען זיך געלייענט ווי פראפאגאנדע פאר דעם קריסטליכען גלויבען און דער קריסטליכער קירכע. מיט יעדען נייעם בוך וואס אש האט ארויסגעגעבען אין די פארגאנגענע 14־15 יאר איז דער אפגרונד צווישען אים און די אידען געווארען אלץ טיפער און זיין דערנעהענטערונג צו דער קריסטליכער קירכע אלץ ענגער. חיינט איז ער פאקטיש אויסגעשלאסען פון אידישען פאלק. קריסטליכע מיסיאנערען באנוצען זיינע ביכער אריבערצוגעווינען אידען, ספעציעל יענעם טייל פון דער אידישער יוגענט וואס האט ניט געהאט קיין געהעריגע אידישע ערציהונג.

דער „פארווערטס" איז געווען דער ערשטער וואס האט דערקענט אש'ס „נייעם וועג" און האט געווארענט זיינע לעזער וועגען דעם. וועגען יעדען נייעם יעזוס בוך האבען מיר געדרוקט ארטיקלען אויפצודעקען די פראפאגאנדע וואס ליגט אין זיי פארבארגען און אויך אנצואווייזען אויף זייערע פעלערען אלס ליטעראַרישע ווערק און זייערע טעות'ן און פאלשקייטען פון היסטארישען, פילאזאפישען און רעליגיעזען שטאנדפונקטען. געשריבען וועגען דעם אין „פארווערטס" האבען פארשידענע מיטגלידער פון דער רעדאקציע. די ערשטע צייט האט זיך מיט דעם אפגעגעבען אם מייסטענס דער רעדאקטאר אב. קאהאן. ער האט געדרוקט גאנצע סעריעס ארטיקלען צו באווייזען, אז בלויז א פרומער קריסט האט געקענט געבען אזא אויפפאסונג וועגען יעזוס'ן ווי אש האט עס געטאן אין זיין „נאזארין". שפעטער האט די ארבייט איבערגענומען חיים ליבערמאן. און ער האט עס פארגעזעצט די אלע יארען וואס אש האט זיך פארנומען צו שאפען יעזוס ביכער. יעדען נייעם בוך פון שלום אש האט ליבערמאן אנאליזירט און צוגלידערט אין ארטיקלען, וועלכע האבען געמאכט א רושם. א סך פון די ארטיקלען זיינען שפעטער אפגעדרוקט געווארען אין פאמפלעטען און ביכער.

איצטער זיינען די ארטיקלען, צוזאמען מיט צוגאבען און מיט אויסברייטערונגען איבערזעצט געווארען אויף ענגליש און ארויסגעגעבען געווארען אין א בוך פון דעם פארלאג „פילאזאפיקעל לייברערי" אונטער'ן נאמען „קריסטשיאניטי אוו שלום אש" (דאס קריסטענטום פון שלום אש).

אזוי ווי די אריגינעלע אידישע ארטיקלען, אזוי איז אויך דער ענגלישער בוך געשריבען געווארען פאר אידען צום לייענען. עס איז א טרויעריגער פאקט, אז א גרויסע צאל פון אונזער יוגענט האט געהאט א גאר שוואכע אידישע ערציהונג, און די טעמע פון יעזוס און די גרינדונג פון קריסטענטום איז זיי אינגאנצען פרעמד. זיי וועט זיין גרינג „אראפצושלינגען" אלץ וואס אש דערצעהלט און שילדערט. אט דעם עולם האט ליבערמאן געהאט אין זינען איבערזעצענדיג דעם בוך אויף ענגליש — זיי האפט ער צו דערגרייכען מיט זיין ווערק.

* * *

שלום אש האט זיינע יעזוס ביכער געשריבען ווי א פרומער קריסט. זיינע ערשטע צוויי ביכער „נאזארין" און „אפאסטל" זיינען באזירט אויף דעם „נייעם טעסטאמענט". דאס קען אויך געזאגט ווערען וועגען דעם בוך „מערי". אין דעם „נאזארין" געפינט מען אלץ וואס דער נייער טעסטאמענט דערצעהלט וועגען יעזוס'עס לעבען און טויט, וועגען אלע זיינע ניסים און אלע זיינע דרשות. אין „אפאסטל" געפינט מען אלץ וואס דער נייער טעסטאמענט שרייבט וועגען דעם הייליגען פאול. שלום אש נעמט־אן, אז וואס דער נייער טעסטאמענט דערצעהלט וועגען די צוויי שאפער פון קריסטענטום איז הונדערט פראצענט אמת. די אויפגאבע וואס ער האט זיך געשטעלט איז געווען „איבערצודיכטען" דעם נייעם טעסטאמענט, כדי אים צו מאכען מער צוגענגליך, מער פארשטענדליך און מער אנציענד פאר דעם מאדערנעם לעזער.

א קריטיק אויף אש'ס ביכער קען געשריבען ווערען פון צוויי שטאנדפונקטען: ענטוועדער פון אידישען שטאנדפונקט אדער פון וויסענשאפטליכען שטאנדפונקט. דער וואס שרייבט פון וויסענשאפטליכען שטאנדפונקט וועט זיך אפשטעלען הויפטזאכליך אויף די געשיכטליכע טעות'ן און פאלשקייטען און אויף די אבערגלויבישע נארישקייטען וואס מען געפינט אין נייעם טעסטאמענט און וועלכע אש באפוצט און טראגט אונטער דעם לעזער מיט פארגלאצטע אויגען און פאר'דבקה'טע מינעס. דער וואס קריטיקירט די ביכער פון א אידישען שטאנדפונקט וועט זיך אפשטעלען אויף די עוולות וואס דער נייער טעסטאמענט און שלום אש באגעהען געגען דער אידישער רעליגיע, אויף די בלבולים וואס ווערען אין זיי געמאכט דירעקט און אומדירעקט געגען דעם אידישען פאלק.

חיים ליבערמאן האט אויסגעקליבען די צווייטע מעטאדע פון קריטיק. ער טרעט ארויס געגען שלום אש'ן און זיינע יעזוס ביכער ווי א פאטריאטישער איד און ווי א גלויביגער איד. ליבערמאנ'ס בוך איז דערפאר ניט בלויז א קריטיק פון שלום אש'ס יעזוס ווערק, נאר אויך א ליידענשאפטליכע און באלערנדע פארטיידיגונג פון דער אידישער רעליגיע און דעם אידישען פאלק אין זייער צוויי־טויזענט־יאריגען קאמף מיט דער קריסטליכער וועלט.

אין דעם קאפיטעל וועגען „נאזארין" געהט ליבערמאן אריין גרינדליך אין דער פראגע פון דער אידישער און קריסטליכער מאראל. פאר א מאדערנעם מענש איז די פראגע איינע פון די סאמע וויכטיגסטע. די טרעגער פון קריסטענטום האבען פארשפרייט די לעגענדע, אז די קריסטליכע מאראל איז באגרינדעט אויף ליבע און די אידישע מאראל איז באגרינדעט אויף גערעכטיגקייט, און דערפאר איז די קריסטליכע מאראל העכער ווי די אידישע. די באהויפטונג מאכט אן איינדרוק אויף מענשען וואס זוכען אין רעליגיע א „מאראלע נשמה". עס פארשטעהט זיך, אז שלום אש האט אין זיין „נאזארין" באטאנט און אונטערשטראכען אט דעם „אונטערשיד" צווישען די צוויי רעליגיעס, באנוצענדיג דערביי יעזוס'עס דרשות און ווי זיי ווערען איבערגעגעבען אין דעם נייעם טעסטאמענט.

חיים ליבערמאן באווייזט, אז די באהויפטונג אז די אידישע רעליגיע איז באגרינדעט בלויז אויף'ן „חארטען, טרוקענעם געזעץ", אויף שטרענגער גערעכטיגקייט, און אז זי איגנארירט די מאראל פון ליבע איז אבסאלוט פאלש. ער ברענגט צענדליגע ציטאטען פון אידישע הייליגע ספרים דאס צו באווייזען. ער גיט־צו, אז אין יעזוס'עס תורה זיינען פאראן געוויסע עלעמענטען וועגען „ליבע" וואס די אידישע תורה האט ניט. אבער יענע עלעמענטען זיינען ניט „העכערע מאראל" נאר „נידעריגערע מאראל". ער באווייזט, אז אזא לערע ווי „אויב איינער פאטשט דיר אויף איין באק, זאלסטו אים אונטערשטעלען די צווייטע", מיט וועלכער די קריסטען שטאלצירען אזוי און וועלכע זיי שטעלען ארויס אלס א באווייז אז זייער תורה שטעהט העכער ווי די אידישע, אז דער געבאט איז אוממאראליש; אויב דער מאראלער פרינציפ וואלט דורכגעפירט געווארען אין לעבען, וואלט ער אומגעבראכט און רואינירט אלץ וואס איז גוט און שעהן און ערהאבען אין לעבען און איבערגעגעבען די געזעלשאפט אין די הענט פון די ערגסטע, פארדארבענסטע הערשער. אן ענליכען אנאליז מאכט ליבערמאן פון די אנדערע „מאראלע געזעצען", מיט וועלכע די קריסטליכע קירכע שטאלצירט און מיט וועלכע זי בארימט זיך אז זיי שטייען העכער איבער דער אידישער מאראל.

* * *

אין דעם קאפיטעל וועגען דעם „אפאסטל" צוגלידערט ליבערמאן דעם גרונט־געדאנק פון קריסטליכען גלויבען, ווי ער איז פארמולירט געווארן פון דעם „הייליגען פאול". דער אפאסטל פאול האט געלערענט, אז מיט יעזוס'עס קומען איז די אידישע תורה אפגעשאפט געווארען, און אז אנשטאט אפצוהיטען די תורה פארדערט איצט גאט בלויז איין זאך — גלויבען אין יעזוס'ן. פאול האט אויך געלערענט, אז יעזוס איז געקומען צו די גויים, און אז אידען וואס האבען זיך אנטזאגט אנצונעמען יעזוס'ן האבען זיך דערמיט אליין פארשאלטען אויף אייביג.

ליבערמאן באווייזט, אז פאול איז אייגענטליך געווען דער ערשטער אנטיסעמיט, אז ער האט פארזייט די קערענדלעך פון אידען־האס אין דער קריסטליכער אמונה. ער באווייזט אויך, אז פאול'ס לערע, אז גלויבען איז דער עיקר און וויכטיגער ווי מעשים און אז דורך גלויבען ווערען זינד און פארברעכענס פארגעבען, איז אוממאראליש און געפערליך. און דריטענס באווייזט ליבערמאן, אז אלץ וואס פאול זאגט וועגען דער אידישער תורה, וועגען איר גייסט און אינהאלט איז דורכאויס פאלש און עם הארצ'יש.

די צוויי קאפיטלען זיינען די וויכטיגסטע אין בוך, וויל זיי געהען אריין טיף אין דעם ענין פון קריסטענטום און אידענטום און דעקען אויף די פעלשונגען און בלבולים וואס די באגרינדער פון קריסטענטום האבען געמאכט אויף אידען און אויף דער אידישער רעליגיע.

אין די צוויי קאפיטלען רעדט ליבערמאן וועגען אש'ן פארהעלטנים־מעסיג ווייניג. ער ווייזט בלויז אן, אז אש האט אנערקענט און אונטערשטראכען די אלע בלבולים און פעלשונגען. אין די ווייטערדיגע דריי קאפיטלען וועגען די ביכער „מערי", „מאזעס" און „איסט ריווער" איז שוין די הויפט טעמע אש גופא. די דריי ביכער זיינען אש'ס אייגענע שאפונגען, ניט בלויז אן איבערדיכטונג פון דעם נייעם טעסטאמענט. און אין זיי געהט ער נאך ווייטער מיט זיינע מיסרעפרעזענטאציעס און פארלוימדונגען אויף אידען און אידענטום.

די טענות און ארגומענטען אין חיים ליבערמאנ'ס בוך זיינען אלע גוט באגרינדעט. די קעיס, וואס ער מאכט געגען אש'ן, איז אייזען שטארק. ליידער אבער איז דא איין גרויסער חסרון, דער טאן אין וועלכען דער בוך איז געשריבען, די מעטאדע ווי אזוי חיים ליבערמאן לעגט פאר זיינע טענות. וועלען אויף א סך לעזער מאכען א שלעכטען איינדרוק, און אויף מאנכע זאגאר אן אפשטויסענדען איינדרוק. ליבערמאן איז צו־אויפגערעגט, צו־בייז. ער שרייט און זידעלט און צייטענווייז רייסט זיך ביי אים אפילו ארויס א קללה. איך שטעל מיך פאר, אז ווען ער וואלט גערעדט מיט אזא שפראך פאר א דזשורי פון אומפארטייאישע ריכטער וואלט ער דערמיט אריינגעשפילט אין די הענט פון דעם געגנער.

נאך א חסרון האט דער בוך — א חסרון פון פארקערטען סארט. עס פאסירט אפט, אז אין מיטען פון אן ארגומענט דערמאנט זיך ליבערמאן אן א אידישער מעשה'לע אדער וויץ. שטעלט ער זיך אפ און דערצעהלט עס דעם לעזער. ניט אלע מאל פאסט זיך דער וויץ אדער די מעשה'לע צום ענין. און אפילו דארט וואו עס פאסט יע שטערט עס די שטימונג פון דעם לעזער; עס נעמט אוועק אויפ'ן מאמענט פון דער ערנסטקייט פון דער טעמע.

ליבערמאנ'ס בוך וואלט דאן א סך געוואונען, ער וואלט געווען נאך מיין מיינונג א פאלקאמענער ענטפער אויף שלום אש'ס יעזוס־ווערק, ווען די צוויי חסרונות וואלטען עלימינירט געווארען. און דאס האט מען געקענט טאן זעהר לייכט, באנוצענדיג בלויז א רויטען פענסיל.

# ביכער וואָס האָבען איצט ערפאָלג אין דייטשלאַנד

פּאָליטישע מעמואַרען־ליטעראַטור וועגען היטלער'ס „דריטען רייך". — ווי אַזוי זיי באַלייכטען יענע צייט.

פון אונזער קאָרעספּאָנדענטקע
מאַריאַן זשיד

.1

די בעסט־פארקויפטע ביכער איצט אין דייטשלאנד — די „בעסט־סעלערס" — זיינען ביכער, וואס אנטהאלטען זכרונות פון געוועזענע פירער פון היטלער'ס „דריטען רייך". די דאזיגע פאליטישע מעמוארען־ליטעראטור פארפלייצט ממש דעם דייטשען ביכער־מארק און ווערט ארויסגעגעבען דורך די בעסטע פארלאגען. עס געהט ניט פארביי קיין וואך אהן א ניי בוך פון דעם דאזיגען מין. די ביכער זיינען זעהר טייער און דאך ווערען זיי פארקויפט.

וואס פאר א מין ביכער זיינען עס? — זיי קענען פארטיילט ווערן אויף צוויי גרופעס. איין גרופע באשטעהט פון ביכער, אין וועלכע די מחברים באמיהען זיך פולשטענדיג ריין צו וואשען — מיט גרויס פארשפעטיגונג. די אנדערע גרופע האט דעם ציל די געשיכטליכע פאקטען אזוי צו דערצעהלען, אז די יעניגע דייטשע פאליטיקער און גענעראלען, וואס האבען צוליב וועלכע־עס־איז סיבות שפעטער זיך געשטעלט אין אפאזיציע צו די נאצים, זאלען דערשיינען אין אן איבערטריבענעם־גינסטיגען ליכט. צו דער ערשטער גרופע געהערען, א שטייגער, די ביכער פון רודאלף דיעלס, דעם ערשטען שעף פון דער „געשטאפא"; פון האנס פריטשע, דעם באקאנסטען פאליטישען ראדיא־קאמענטאטאר פון „דריטען רייך"; פון פאול שמידט, דעם איבערזעצער פון נאצישען אויסערן־מיניסטעריום און היטלער'ס שטענדיגער באגלייטער צו געשפרעכען מיט אויסלענדישע מלוכה־מענער; פון אטא אבעץ, דעם אמאליגען דייטשען אמבאסאדאר אין פאריז; פון האנס פראנק, דעם נאצישען גענעראל־גובערנאטאר אין פוילען; פון גראף שווערין פאן קראסיגק, דעם לעצטען נאצישען פינאנץ־מיניסטער און פיל, פיל אנדערע. — צו דער צווייטער גרופע קענען צוגערעכענט ווערען די ביכער פון די אמאליגע דייטשע דיפלאמאטען ווי ערנסט פאן ווייצעקער, עריך קארדט און ענא פאן רינטעלען, ווי אויך די ביאגראפיע פון אדמיראל קאנארים (דער לעצטער איז געווען דער שעף פון נאצישען קעגען־שפיאנאזש און איז דערשאסען געווארען אלס באטייליגטער אין דער פארשווערונג געגען היטלער'ן, דעם 20טען יולי, 1944).

די אלע ביכער, סאי פון דער ערשטער גרופע און סאי פון דער צווייטער, האבען איין געמיינזאמען שטריך: זיי זאגען צו אויפצודעקען נאך ניט קיין אויפגעדעקטע פאקטען און פרעטענדירען אויף געשיכטליכער ערנסטקייט. זיינען זיי? — וועגען דער ערשטער גרופע איז דאך שוין אפגערעדט, אבער אויך די צווייטע האלט זיך ניט אפ פון פארדרייען, און אפילו פון פעלשען, געשיכטליכע פאקטען. דערביי ווילען די מחברים זייערע געבען דעם איינדרוק, אז זיי האבען זיך געשטעלט אין אפאזיציע צום נאצי־רעזשים צוליב ספיקות אין דער דיקטאטור און כדי צו פארטיידיגען די דעמאקראטיע. אין דער אמת'ען איז עס ניט אזוי געווען דער פאל. זיי האבען זיך געשטעלט געגען נאצי־רעזשים און האבען זיך מיטבאטייליגט אין דער פארשווערונג געגען היטלער'ן צוליב דעם, וויל זיי זיינען געווען געגען דעם אדער יענעם פירער פון דער נאצישער פארטיי, אדער געגען א געוויסען שריט פון דער נאצישער אויסערן־פאליטיק.

דאס איז — אויף ווי ווייט די מעמוארען־ליטעראטור איז נוגע. דאן איז דא נאך א קאטעגאריע ביכער, וואס זיינען א געמיש פון מעמוארען און א ריינוואשונג פון נאצישען רעזשים און פון דייטשען פאלק. צום באקאנטסטען בוך פון דער דאזיגער קאטעגאריע געהערט ערנסט פאן סאלאמאנ'ס „דער פראגע־בויגען", וואס איז פארקויפט געווארען מיט אן אומגעהויערען, ממש־פאנטאסטישען דערפאלג. עס איז א נאצי־בוך אהן פרעטענזיעס און אין דער זעלבער צייט אן אנגריף קעגען די אליאירטע. — נאך א בוך פון דער זעלבער קאטעגאריע, וואס איז לעצטענס דערשינען און וואס איז דיסקוטירט געווארען אין דער דייטשער עפענטליכקייט, איז פעטער קלייסט'ס „אויך דו ביזט געווען דערביי": דאס בוך איז באזונדערס אויסגעקאכט געווארען דורך יענע דייטשע קרייזען, וואס ווילען געשפייזט ווערען אין זייער געגנערשאפט צו די אליאירטע. די הויפט־כוונה פון מחבר פון איבער פיר הונדערט־זייטיגען בוך איז צו פארוואנדלען די שולד פון דייטשלאנד אין דער שולד פון אנדערע. דערביי פארנעמט ער זיך אויך מיט דער צאל אומגעקומענע אידען אין דער צייט פון נאצי־רעזשים. ער פאראורטיילט די אידען־פארניכטונגען אלס א „שוידערליכען פארברעכען", אבער ער באהויפטעט, אז זייער צאל ווערט „איבערטריבען אויף אן אומווירדיגען אופן, כדי צו דערשטיקען די אנקלאגע פון דייטשען פאלק וועגען מיליאנען פון זיינע קרבנות נאכ'ן קריג". ער מאכט א רעכענונג, אז די צאל אידישע קרבנות האט באטראפען בלויז איבער א מיליאן און ניט קיין זעקס מיליאן. אין אלגעמיין איז קלייסט'ס בוך פון די סאמע־העצערישע, וואס זיינען ביז איצט דערשינען.

אן אנדער בוך, וואס איז א קאטעגאריע פאר זיך און אויך א „בעסט סעלער", איז „היטלער'ס טיש־געשפרעכען" פון דר. גערהארד ריטער, וואס האט אים ארויסגעגעבען אין אויפטראג פון „אינסטיטוט צו פארשען די נאציאנאל־סאציאליסטישע צייט" אין מינכען. דאס בוך איז כלומר'שט ארויסגעגעבען געווארען צוליב טעמים פון אביעקטיוו־היסטארישער נוצליכקייט, אבער ווען פשוט'ע דייטשען לייענען אים — פשוט'ע אין ניט קיין קריטישע לייענער — בלייבט ביי זיי א בייגעשמאק פון פארהערליכונג פאר'ן נאציישען „פירער". וואס האט דר. ריטער געטאן? — ער האט גענומען היטלער'ס אפערריסענע און אומלאגישע גערייידערייען, וואס ער האט אויפגעכאפט ביי זיין טיש, און זיי פארטיילט אויף טעמעס, געבראכט אין א לאגישער ארדענונג. פאר א קריטישען לייענער בלייבט, טראץ די רעדאקציאנעלע פארבעסערונגען, „ד י י ט ל י ך" די משוגעת, מיט וועלכער היטלער האט באטראכט געוויסע וועלט־געשעהענישען, אבער ניט פאר די הונדערטער טויזענטער, וואס האבען ס'בוך געלייענט (אויסצוגען פון „היטלער'ס טיש־געשפרעכען" האבען זיך אויך געדרוקט, אלס א סעריע ארטיקלען, אין איינעם פון די פארשפרייטסטע דייטשע אילוסטרירטע זשורנאלען). זיי האבען אויפגענומען היטלער'ס גערייידערייען מיט זיינע נאהענטע מיטארבייטער גאנץ אנדערש.

„היטלערס' טיש־געשפרעכען" זיינען שארף קריטיקירט געווארען דורך דער דעמאקראטישער פרעסע און אויך אין אויסלאנד אלס א בוך, וואס העלפט אויפצוהאלטען די היטלער־לעגענדע. עס איז באזונדערס קריטיקירט געווארען דער פאקט, וואס דער מחבר האט געפונען פאר נויטיג איבערצוגעבען היטלער'ס באמערקונגען און קאמענטארען, אט אזוי ווי זיי זיינען געמאכט געווארען אין דער צייט פון זיין הערשאפט (א באדייטענדען פלאץ אין „היטלער'ס טיש־געשפרעכען" פארנעמען, זעלבסט־פארשטענדליך, אויך אידען).

אן אנדער בוך, וואס איז לעצטענס ארויסגעגעבען געווארען מיט אנטי־נאצישע כוונות, אבער האט דערגרייכט א פארקערטע ווירקונג איז פעליקס קערסטענ'ס „היינריך הימלער אהן אן אוניפארם". קערסטען איז ניט קיין דייטש — ער איז א פינלענדער, וואס לעבט אין דייטשלאנד. ער איז געווען דער לייב־דאקטאר פון היינריך הימלער.

פעליקס קערסטען, הגם ער האט זיך געפונען אין דער סביבה פון די נאצישע הויפט־רוצחים, איז געווען איינער פון די ווייניגע מענשליכע רעטער אין יענער צייט פון אידישען אומקום. און וועגען דעם דארף מען דערצעהלען א ביסעל גענויער. דר. קערסטען האט געראטעוועט טויזענטער אידען. ווי אזוי? דאס איז א דראמאטישע געשיכטע. ער האט, נאך לאנגע באמיהונגען, און ערשט ביים סוף פון נאצישען צוזאמענברוך, געווירקט אויף הימלער'ן, אז ער זאל זיך טרעפען מיט'ן פארשטעהער פון אידישען וועלט־קאנגרעס, נארבערט מאזור. דאס איז געשעהן אין דער נאכט פון צוואנציגסטען אויף'ן איין־און־צוואנציגסטען אפריל, 1945, בלויז א פאר וואכען פאר דעם סוף פון דער מלחמה. די באגעגעניש איז פארגעקומען אין דר. קערסטענ'ס הויף „שווארצוואלדע". א חוץ הימלער, דר. קערסטען און נארבערט מאזור איז אויף דער באגעגעניש אויך אנוועזענד געווען גראף שעלענבערג, דער נאצישער אמבאסאדאר אין מאסקווע ביז דער מלחמה.

דר. קערסטען באשרייבט די דאזיגע באגעגעניש צווישען דעם נאצישען רוצח און דעם פארשטעהער פון א פאלק, וואס האט נאך דאן — אין יענער נאכט — ניט געהאט קיין באגריף וועגען גרויליגען פארנעם פון אידישען אומקום אונטער די נאצים. צוויי טעג נאך דער באגעגעניש שרייבט דר. קערסטען א פארטרויליכען באריכט צום שוועדישען אויסערן־מיניסטער, גינטהער: „...אויף דעם סמך פון מיינע געשפרעכען מיט הלל שטארך (לייטער פון דער שוועדישער אפטיילונג פון אידישען וועלט־קאנגרעס) האט הימלער, נאך לאנגע אונטערהאנדלונגען אין חודש מערץ דעם יאר, ענדליך פארזיכערט די אפשטעלונג פון ווייטערדיגע טויט־אורטיילען. ער האט אויך פארזיכערט, אז די לאגערן וועלען, אויף ווי ווייט מעגליך, ניט עוואקואירט ווערען, נאר וועלען איבערגעגעבען ווערען אין די הענט פון די אליאירטע — א פארזיכערונג, וואס איז שפעטער געגעבען געווארען אויך שריפטליך און איז געהאלטען געווארען. אלס א באווייז וויל איך ברענגען די לאגערן בערגען־בעלזען, בוכענוואלד און אנדערע, וואס זיינען ניט עוואקואירט געווארען..."

אזוי דערצעהלט הימלער'ס לייב־דאקטאר, וועמען עס איז געלונגען צו ראטעווען טויזענטער אידישע לעבענס אין סאמע לעצטען מאמענט. די צרה איז אבער, וואס דאס בוך אלס גאנצעס לאזט איבער א פרא־הימלערישען געשמאק. דר. קערסטענ'ס כאראקטעריסטיק פון הימלער'ן אלס מענש „אהן אן אוניפארם" איז ניט קיין אומפריינטליכע. דעריבער איז דאס בוך, בפרט נאך פון אזא מענשען ווי דר. קערסטען, וואס גילט אלס אביעקטיוו, באזונדערס שעדליך, נאך שעדליכער ווי די ביכער פון די געוועזענע נאצישע פירער: ווייל דר. קערסטען גופא, און דער פאקט, וואס ער האט געראטעוועט טויזענטער אידען, אינטערעסירט ניט די נעא־נאצישע קרייזען. זיי אינטערעסירט בלויז אויסצוגען דר. קערסטענ'ס אלגעמיינע כאראקטעריסטיק פון היינריך הימלער'ן.

.2

עס וואלט גענומען צו־לאנג דא אויסצורעכענען כאטש א קליינעם טייל פון די אלע ביכער פון דעם מין, אבער די פריער־דערמאנטע זיינען די באקאנטסטע און פארשפרייטסטע (דערביי איז אינטערעסאנט צו באמערקען, אז ווייניגסטענס אויף איינעם פון די מחברים פון די דאזיגע ביכער, האנס פריטשע, איז ארויסגעלייגט געווארען א פארבאט זיך פארנעמען מיט פובליציסטיק און שרייבען ביכער; אבער פריטשע האט געפונען אן אויסוועג: ער האט זיין בוך, „דאס שווערד אויף דער וואג", אין וועלכען ער שילדערט דעם ערשטען נירענבערגער קריגס־פארברעכער־פראצעס — ער איז געווען איינער פון די אנגעקלאגטע — פארעפענטליכט אונטער זיין ווייב'ס נאמען — הילדעגארד שפרינגער.)

אין דער זעלבער צייט פעהלען אויף'ן דייטשען ביכער־מארק ערנסטע ביכער וועגען דער נאצישער עפאכע. יארען זיינען שוין פארביי זינט עס איז דערשינען אויגען קאגאנ'ס „ס.ס.־שטאט" און א פאר אנדערע גוטע, אנטי־נאצישע ביכער. (דער מאנגעל אין ערנסטע ביכער וועגען דער נאצי־צייט, און די פארפלייצונג פון ביכער פון געשילדערטען מין, איז שארף קריטיקירט געווארען אין א באריכט, וואס איז לעצטענס ארויסגעגעבען געווארען דורך דער אמעריקאנער קאנגרעס־ביבליאטעק).

ווערט מען פרעגען: דערשיינען איצט איבערהויפט ניט קיין אנטי־נאצישע ביכער? געוויס, און אויך ניט ווייניג. אבער זיי זיינען ניט קיין באזונדערס־גוטע און זיינען אויך ניט געווארען — און דאס איז וויכטיג — קיין „בעסט סעלערס". עס איז דערשינען אין א דייטשער איבערזעצונג מאלאפארטע'ס „קאפוט", אבער וויפיל דייטשען האבען דאס בוך געלייענט? עס זיינען אויך דערשינען א ריי באקאנטע ביכער פון אידישע אינטערעס: דזשאן הערסי'ס „די וואנט", דר. חיים ווייצמאנ'ס זכרונות, אלע געזאמעלטע ווערק פון מארטין בובער א. א. — אבער זיי פארקויפען זיך קוים. אם־בעסטען פארקויפט זיך איצט דער „דריטער רייך"...

# זייער „האָנימון"

(ערצעהלונג)

פון מרים ראַסקין

עס איז א הייסער, זומערדיגער טאג אין די בערג. אין האטעל „מאדזשעסטיק" רוישט מיט לעבען און באוועגונג. צוליב די גרויסע היצען זיינען א סך געסט אנגעקומען אהער פון שטאט. דער האטעל שטעהט הויך אויף א בארג. ברייטע מירמעל־שטיינערנע טרעפ פירען צום פאראדנעם אריינגאנג. ארום האטעל הויבע, צעוואקסענע ביימער, לאנקעס מיט פעטע, טיפע גראזען. אלץ גרינט און רייפט זיך אויף דער זון; אלץ גלעט און דערפרעהט דאס אויג.

די שטאט מיט אירע האוועכישען און זארגען איז ווייט. און די געסט פון האטעל דערפיהלען זיך דא פריי, ווי מען וואלט איצט איבערגעטראטען אלע גרענעצען, אלע צאמען.

אינדערפרי באלד נאכ'ן אנבייסען גרופעס געסט זיינען צעווארפען אויף דער טעראסע. מען שמועסט הילכיג. מען איז גוט אויפגעלעגט. עס פאלען לוסטיגע, וויציגע ווערטלעך פון איינעם צום אנדערען. א סך פרויען, שעהנע און רייצענדיגע, זיינען דא פאראן. נאר מער פון אלעמען זעהט זיך דא אן איינע א פרוי שוין נאהענט צו די מיטעלע יארען, מאטילדא ראזען איז איר נאמען.

זי איז שעהן מיט א רייפער שעהנקייט, מיט פולע, אויסגערונדיגטע גלידער. א טונקעל־הויטיג פנים און אירע האר ציגיינעריש־שווארץ. ווי נאר זי באווייזט זיך אויף דער וועראנדע, אזוי ווערט זי באלד ארומגערינגעלט פון מענשען. יעדערען פון די מאנסלייט גלוסט זיך זיין נעהנטער צו איר, ארויסרעדען מיט איר א פאר ווערטער. מיט איר שעלמישען שמייכעל און לוסטיגען געלעכטער קען זי פארטונקלען א סך אנדערע פרויען דא אין האטעל.

מאטילדא ראזען איז אהער געקומען אינאיינעם מיט איר מאן. ער איז א קליין, שטיל מענשעל. ער האט ליב צו האלטען זיך ווי אין שאטען, ער זאל קיינעם ניט זיין אין וועג. אז זיין ווייב שטעהט מיט א גרופע מענשען און פלאפלט פרעהליך, קען מען אים זעהן אן א זייט מיט אימעצען פון די געסט ערנסט פארטאן אין א שמועס.

עס איז שבת אינדערפרי, באלד נאכ'ן אנבייסען. מער געסט זיינען זיך אנגעפארען אין האטעל צו פארברענגען דא דעם „וויק־ענד". די שטימונג איז ביי אלעמען א געהויבענע, א יום־טוב'דיגע. צווישען די געסט קען מען דא זעהן נאך גאר א יונגע פאר־פאלק, ווייזט אויס, ערשט ניט לאנג נאך זייער חתונה. ער — א קרעפטיגער יונג, הויך און שעהן געוואקסען. עס זעהט זיך ווי ער האט א סך פון זיינע טעג פארבראכט אין ספארט־שפילען. און זי איז דין און בוויגיג, ווי א יונג בוימעל, א קליין, כמעט קינדעריש פנים'ל און אויגען — צוויי בלויע טייבעלעך.

די געסט, די מיטעל־יאריגע, קוקען אויף דעם יונגען פארעל מיט ליבשאפט, מיט צערטליכקייט:

„אט זיינען צוויי יונגע מענשען. זיי הויבען ערשט אן צו לעבען..."

נאר זיי, די יונגע מאן און ווייב, האלטען זיך אן א זייט פון אלעמען. זיי ווילען נאר זיין מיט זיך אליין. זיי זיינען, ווייזט אויס, נאך פול מיט זייער ליבע, מיט זייער יוגענטליכקייט. זיי זעהען קיינעם ניט. זיי דארפען קיינעם ניט האבען. איבערהויפט דאס יונגע ווייבעל, ראזאלין. זי זעהט אויס אביסעל מיד. זי וויל רוהן. עס קאן זיין, אז איר איז שווער אנגעקומען דאס יאגען זיך צו קרייגען איר באשערטען. און איצט, נאך דער חתונה, אז זי איז שוין איבערגעקומען דעם יאריד, דארף זי א סך רוהען.

און מיסעס ראזען? זי, מאטילדא, איז איצט אויפגעלעבט מער ווי ווען עס איז. אויף איר פנים זעהט זיך ניט קיין סימן פון מידקייט. איר קומט אן גרינג צו באקענען זיך מיט נייע מענשען. צו דעם א ווארט, צו דעם א שמייכעל. איר שטימע קלינגט הילכיג, איר געלעכטער רייצענד, כישוף'דיג. און זי איז ווי גרייט אויף אלערליי אוואנטורעס.

אפילו דער יונגער בען, דער מאן פון ראזאלין, האט ניט פארפעהלט מאטילדא'ן צו באמערקען. ער שטעהט דא מיט זיין יונג ווייבעל אן א זייט אויף דער טעראסע. ער זעהט פונדערווייטען איר רייפע שעהנקייט, די פולע, אויסגערונדיגטע גלידער, איר שעלמישען שמייכעל. מיט ברייט צעעפענטע אויגען קוקט ער איר אן שטארק נייגעריג.

„סעי, ווער איז עי מינוט. ווארט א ווילע, לאמיך דיך גוט אנקוקען!" — ווילט זיך אים אויסרופען. ער לאזט איבער אויף א מינוט זיין יונג ווייבעל און ער טרעט צו נעהנטער צו דער פרעהליכער גרופע מיט מאטילדא'ן אינמיטען. עס דויערט ניט לאנג און זיי זיינען שוין באקאנט. מאטילדא האט ניט ליב, אז מען רופט איר מיסעס ראזען:

— איר קענט מיך רופען מאטילדא, — זאגט זי צו אים היימיש אזוי.

— מאטילדא? גוט, איך וועל געדענקען, — איז ער אויך עפעס ניט ווילענדיג אריין אין איר לוסטיגער שטימונג. זי בעט ביי אים א פאפיראס און ער כאפט ארויס פון קעשענע א פעקעל פאפיראסען און שוועבעלעך און ביידע פארריכערען.

זיי געהען אפ אביסעל אן א זייט. איצט שמועסען זיי א ווילע און שמועסען. זי דערוויסט זיך, אז בען האט ליב אלערליי ספארט־שפילען, איבערהויפט טעניס. און זי, מאטילדא, האט שוין לאנג געוואלט קענען שפילען טעניס. זי רופט זיך אפ מיט א טאן א שפילעוודיגען און מיט א קאקעטישער מינע.

— איר מוזט זיך מאכען צייט און אויסלערנען מיך שפילען טעניס, בען.

— פאר אזא לעידי ווי איר וועל איך אלע מאל האבען צייט, — גיט ער א רייד ארויס עפעס ווי אומגעריכט פאר זיך אליין.

ער האט זיך דערפיהלט אויפגעוועקט מיט אלע חושים און אביסעל הפקר'דיג.

און מאטילדא אליין איז איצט געווען איינער פון אירע בעסטע שטימונגען. זי האט געפיהלט, אז זי איז געפעלען. זי האט אויפגעבליהט מיט יונגשאפט, מיט ווייבליכקייט. זיי האבען גערעדט איצט אלץ פון ניט וויכטיגע זאכען, נאר זייערע אויגען האבען געפירט א באזונדערען געשפרעך. עס איז געווען אזוי פיל סודות'דיגס און צוזאגענדיגס אין איר בליק. בען איז געווען ווי פארכישוף'ט. עס האבען אין דער מינוט זיך אין אים געוועקט נייע באגערען, געפיהלען נאך ניט קיין דורכגעלעבטע. ער האט פארגעסען אן אלץ, אלץ ארום אים איז פארשוואונדען. עס איז געווען נאר מאטילדא און ער, בען.

ווען ער איז געקומען צו זיך האט ער דערזעהן נאענט לעבען אים זיין יונג ווייבעל ראזאלין. ער איז פארמישט געווארען און אינגאנצען א פארלארענער האט ער ארויסגערעדט:

— דאס איז מיין ווייב. און דאס איז מאטילדא. זייט באקאנט.

ביידע פרויען האבען זיך קאלט געגריסט. ראזאלין האט א קוק געגעבען אויף איר האנט־זייגערל און מיט א פארשטייפטער שטימע האט זי זיך אפגערופען צו איר מאן:

— האני, דו האסט פארגעסען. מיר האבען אפגערעדט צו געהן אויף א שפאציר.

— א, שור, שור, — האט בען ארויסגערעדט ווי א פארטשאדעטער.

מאטילדא א־ז באלד אפגעטראטען פון זיי און ראזאלין האט דערפיהלט אין זיך דעם שטאך פון אייפערזוכט, וואס איז שטארקער פון אלע וועהטאגען...

עס איז שבת אין אוונט. אלע געסט זיינען אין א יום־טוב'דיגער שטימונג. מען גרייט זיך צו א שעהנעם קאנצערט אין קאסינא. און דערנאך וועלען זיין טענץ. ראזאלין און בען שטייען אן א זייט אויף דער טעראסע. מאטילדע טראגט זיך פארביי אינאיינעם מיט א גאנצער כאלאסטערע געסט, א צושפילטע, א לוסטיגע. זי שטעלט זיך אפ לעבען יונגען פארעל:

— איר געהט צום קאסינא? — גיט זי ביי זיי א פרעג.

— ניין. איך בין צו־מיד, — ענטפערט איר אפ ראזאלין.

— און איר, בען? — וויל מאטילדע וויסען.

— ניין, איך געה אויך ניט, — רופט זיך אפ בען. ער וועט דאך ניט איבערלאזען זיין יונג ווייבעל און אליין געהן פארברענגען פרעהלעך אין אוונט.

שפעטער זיינען דאס יונגע פאר־פאלק אוועק צו זיך אין צימער און געקליבען זיך געהן שלאפען. זיי זיינען שוין געלעגען אין בעט. ראזאלין האט שוין גענומען איינדרעמלען, נאר בען האט נאך לאנג ניט געקענט אנטשלאפען ווערען. דורך דעם אפענעם פענסטער האט אריינגעקוקט אהער די נאכט. עס איז געווען אן אויסגעשטערענטער הימעל. דער לבנה'ס מאטער שיין האט זיך געוויסט איבער די דעכער פון די אנטקעגענדיגע בונגאלאוס און איבער די ווייטע בערג, און בען'ען האט דא אלץ אויסגעזעהן איצט פאנטאסטיש.

פון קאסינא האבען זיך דערטראגען אהער די קלאנגען פון מוזיק. מען האט איצט געשפילט א וואלס. דארט איז איצט פרעהליך, און עס האט אים געצויגען אהין. ער האט שטיל אין זיך נאכגעזונגען די טענער פונ'ם וואלס, וואס זיינען געווען אי זיס, אי מעלאנכאליש. פאר זיינע אויגען האט זיך פארבייגעטראגען מאטילדא'ס געשטאלט. זי טאנצט איצט געוויס מיט אימיצען. ער האט געזעהן אין געדאנק אירע רייפע, אויסגערונדיגטע גלידער, איר שעלמישען שמייכעל. עס איז פאראן עפעס סודות'דיגס און צוזאגענדיגס אין איר. און ער האט איצט געטראכט פון אלערליי אוואנטורעס, פארגעניגענס נאך ניט קיין דורכגעלעבטע, און ער האט לאנג ניט געקענט אנטשלאפען ווערען.

אויף מארגען, זונטאג, איז שוין ביי א סך פון די געסט די לוסטיגע שטימונג געפאלען. דער וויק־ענד דערנעהנטערט זיך שוין צום סוף. די שטאט איז שוין ווידער ביי אלעמען אין די געדאנקען. מען פאקט די זאכען. מען טראגט די וואליסעס. אין האטעל איז שיטערער געווארען פון מענשען. א סך זיינען זיך שוין צעפארען.

אויך דאס יונגע פאר־פאלק, ראזאלין און בען, האבען באשלאסען צו פארען צוריק אהיים, נאר עס איז נאך דא צייט. אין אוונט וועט קומען דער "אויטאמאביל, וואס דארף זיי נעמען צו דער באן־סטאנציע. דערווייל זיצען זיי אין דער גרויסער לאבי — ער איז איין ווינקעל און זי אין אנדער ווינקעל אויף א סאפקעלע, וואס רופט זיך א „לאוו־סיט". ער, בען, קוקט אריין אין א צייטונג און ראזאלין איז פארטיפט אין לייענען א בוך.

זיי ריידען ווייניג צווישען זיך. ארום זיי הויערט א מאדנע שטילקייט, אזוי אז פרעמדע מענשען קוקען זיך אום אויף זיי. בען האט זיך היינט פארזינדיגט פאר זיין יונג ווייבעל. ער איז היינט, באלד נאך אנבייסען, אוועק מיט מאטילדע'ן צום „טענים קאורט". געלערענט איר שפילען טענים. ראזאלין האט ניט געוואלט מיטגעהן, איז זי פארבליבען אליין. איצט איז זי אין כעס אויף בען'ען, איר מאן. און זי קוקט ניט אין זיין זייט.

עס איז גארניט געשעהן צווישען מאטילדע'ן און אים, בען'ען. נאר ראזאלין פיהלט זיך געקרענקט, באליידיגט. עס ליידט אין איר דער שטאלץ. זי איז ניט אייפערזיכטיג. ניין. ס'וואלט געווען קאמיש. נאר א שווערקייט ליגט איר אויף'ן הארצען. זי רייסט אפ אירע בליקען פון דעם בוך, וואס זי האלט אין האנט, און זי פארקוקט זיך אין דער הויך צום באלקאן. זי טראכט ביי זיך אומעטיג:

„אזוי פארברענגט זי דאס די ערשטע טעג פון איר ,האנימון'".

— האני! — רופט זיך ראזאלין אפ צו איר מאן מיט א קאלטען טאן — באלד קומט שוין נאך אונז די קאר. שוין צייט פאקען די זאכען.

— א, יעס, שור, — גיט זיך בען א כאפ ווי פון שלאף.

## ליטעראַרישע נייעס

### ניי בוך פאַר קינדער

עס איז איצט ערשינען א ניי בוך אין העברעאיש מיט דעם נאמען „ספורים לנעורים". דאס בוך אנטהאלט פופצען ערצעהלונגען וועגען פערזענליכקייטען און פאסירונגען, וואס זיינען פארבונדען מיט די אידישע ימים טובים. דאס בוך, פארפאסט פון דעם העברעאישען פעדאגאג, הרב משה קארענפעלד, אנטהאלט אויך אן איינלייטונג פון דעם העברעאישען שריפטשטעלער, דניאל פערסקי.

דאס בוך איז אילוסטרירט פון דעם באוואוסטען קינסטלער י. לאלא. מען קען דאס בוך באקומען אין אלע בעסערע בוכהאנדלונגען.

# פראפעסאר ארטור שלעזינגער, דזשוניאר — דער היסטאריקער און שרייבער

## א געשפרעך מיט אים

**א באזוך אין זיין אפיס אין הארווארד אוניווערסיטעט, וואו ער איז א פראפעסאר פון אמעריקאנער געשיכטע. — ער זאגט, אז אין זיינע אדערן פליסט אידיש בלוט. — זיין דראמאטישע באגעגעניש מיט עדלעי סטיווענסאן.**

פון ס. רעגענסבערג

מיט 30 יאר צוריק האט א זיבען-יאריגער, שעהנער אינגעלע, זיך געשפילט אויפ'ן קעמפוס פון הארווארד יוניווערסיטי, אין קעמברידזש, מאססאטשוזעטס. זיין נאמען איז געווען ארטור. דער טאטע זיינער, ארטור שלעזינגער, וועלכער איז שוין אין יענער צייט געווען בארימט אלס א פראפעסאר אין אייאווא יוניווערסיטי, איז געבראכט געווארען אין הארווארד אוניווערזיטעט צו לערנען מיט די סטודענטען אמעריקאנער געשיכטע.

ארטור, אדער ווי די סטודענטען פלעגען אים רופען „דזשוניאר", איז געווען דער ליבלינג פון קעמפוס און אפטמאל האט דער בארימטער פאטער זיינער אים מיטגענומען אין קלאס און האט אים אוועקגעזעצט ביי דער טיר.

דאס אינגעלע האט געאטעמט די אקאדעמישע לופט פון דעם יחוס'דיגען אמעריקאנער אוניווערזיטעט. ער האט געזעהן דעם גרויסען רעספעקט וואס סטודענטען האבען ארויסגעוויזען צו זיין פאטער, דעם פראפעסאר. דאס אלץ האט אויף דעם קינד געמאכט אזא שטארקען איינדרוק, אז ווען מ'האט אים געפרעגט וואס ער וועט זיין, ווען ער וועט אויסוואקסען, האט ער געענטפערט: איך וועל זיין א פראפעסאר „לאיק דעדי" (ווי מיין טאטע).

פאראן א ווערטעל, אז „דאס עפעלע פאלט נישט ווייט פון דעם ביימעלע". אין דעם פאל פון פראפעסאר שלעזינגער און זיין זוהן, איז דאס עפעלע געפאלען אזוי נאהענט צום ביימעלע, אז אין די אקאדעמישע קרייזען פארגלייכט מען דעם יונגען שלעזינגער צו זיין פאטער, וועלכער איז איינער פון די בארימטסטע היסטאריקער אין אמעריקע, און מאנכע געהען אזוי ווייט ווי זאגען, אז דער זוהן איז פונקט אזוי גרויס ווי זיין פאטער, און אפשר נאך גרעסער.

דער יונגער פראפעסאר שלעזינגער, פראפעסאר פון אמעריקאנער געשיכטע אין דעמזעלבען הארווארד אוניווערזיטעט (דער פאטער האט זיך איצט צוריקגעצויגען), איז אין 1946, ווען ער איז אלט געווען בלויז 28 יאר, געווען דער אינגסטער היסטאריקער, וועלכער האט געוואונען דעם פוליצער פרייז פאר זיינס א ווערק „די עפאכע פון דזשעקסאן". אין די אקאדעמישע קרייזען באטראכט מען אים אלס איינעם פון די גאר בארימטע אמעריקאנער היסטאריקער, און ניט לאנג צוריק האט די „ניו יארק טיימס" אים באצייכענט אלס „איינער פון די פארנעמסטע און קרעפטיגסטע סאציאלע דענקער פון איצטיגען דור".

אבער דער יונגער פראפעסאר שלעזינגער איז נישט נאר א סאציאלער דענקער, נאר אויך א טיפזיניגער פאליטישער טעארעטיקער און שרייבער. זיינער א וועכענטליכער קאלום „די געשיכטע פון דער וואך," ווערט דורך א סינדיקאט געדרוקט אין פילע צייטונגען און זשורנאלען איבער'ן לאנד. (אין ניו יארק ווערט זיין קאלום געדרוקט אין דער „ניו יארק פאוסט"). ער איז איינער פון די פירער פון דער גרעסטער ליבעראלער פאליטישער ארגאניזאציע אין לאנד. אין די לעצטע פרעזידענט-וואהלען איז שלעזינגער געווען די רעכטע האנט פון דעם דעמאקראטישען קאנדידאט, עדלעי סטיווענסאן.

ווען איך האב אים געשריבען, אז איך וויל קומען אין „הארווארד" האבען מיט אים א געשפרעך, האב איך ערהאלטען פון אים א בריף, אין וועלכען ער האט זיך נאכגעפרעגט צי ווערט דער פאקט וואס ער איז ניט קיין איד אים נישט פסל'ען פאר אזא אינטערוויו. זיין העפליכער און אויפריכטיגער בריף האט אויף אונז אלעמען, אין דער רעדאקציע, געמאכט א שטארקען איינדרוק און דער רעדאקטאר האט אים, נאטירליך, געלאזט וויסען, אז ס'וועט זיין כבוד פאר'ן „פארווערטס" צו דרוקען אן אינטערוויו מיט אים.

און אט בין איך ביים אריינגאנג צו דער פרעכטיגער „ווידענער הויז", וואו עס געפינט זיך די הארווארד קאלעדזש לייברערי, וואס ווערט פאררעכענט צווישען די גרעסטע קאלעדזש-לייברעריס אין לאנד. דער וועכטער ביי דער טיר לאזט מיך אריין און זאגט מיר, אז איך וועל זיך דארפען דרעהען צווישען די פאליצעס מיט ביכער, וואס ציהען זיך פון דער סטעליע ביז צום פלאר, איידער איך וועל געפינען צימער נומער 95, וואו איך דארף זיך טרעפען מיט פראפעסאר שלעזינגער. קום איך אריין אינוועניג, און עס דוכט זיך מיר, אז איך בין אריין אין א וואלד פון ביימער. צווישען איין רייה ביכער-שראנקען און דער צווייטער איז דא א שמאלער דורכגאנג. בלאנדזשע איך אזוי ארום, קוק אויף די ביכער און זשורנאלען, וואס זיינען אויסגעלעגט אויף די פאליצעס, און מיין בליק פאלט אויף אונזער „פארווערטס", וואס פארנעמט א חשוב'ען ארט צווישען די פיל-שפראכיגע אויסגאבען. איינער פון די סטודענטען ווייזט מיר אן אויף „יענער זייט וואנט". דארט האב איך געפונען דעם נומער 95. איך קלינג אן. די טיר עפענט זיך און עס באווייזט זיך א יונגערמאן אין א בלויער העמד, מיט אן אויסגעבונדענעם קראוואט, א קאפ פעך-שווארצע האר און שווארצע אויגען. אין איין האנט האט ער געהאלטען א קליינע ליולקע און די צווייטע האט זיך אויסגעשטרעקט צו מיינער. זיין ליבליכער שמייכעל האט עדות געזאגט אויף זיין צופרידענקייט מיט אונזער באגעגעניש.

אנגעפאנגען זיין שמועס מיט מיר האט ער מיט א „הקדמה" וועגען „פארווערטס". אים זיינען, האט ער געזאגט, גוט באקאנט די פארדינסטען פון „פארווערטס" אלס בויער פון יוניאנס און אלס לערער און וועגווייזער פון צוויי דורות אידישע אימיגראנטען, וועלכע האבען דורכ'ן „פארווערטס" זיך באקאנט מיט דער [illegible]



פראפ. ארטור שלעזינגער, דזשוניאר

אונזערע איז אין דער ליבעראלער, פאליטישער דערציהונג פון אידישע ארבייטער און פאלקס-מאסען. נאכדעם האט ער מיר געזאגט:

„איידער מיר געהען ווייטער, וויל איך עפעס קלאר מאכען פאר אייך. איר דארפט זיך נישט וואונדערען וואס איך האב אייך געשריבען אזא בריף. איך ווייס, אז אין פילע קרייזען באטראכט מען מיך און מיין פאטער אלס אידען. אביסל אמת איז דא אין דעם, ווייל אין אונזערע אדערען פליסט אידיש בלוט צוליב דעם, וואס די שלעזינגערס, וועלכע האבען געלעבט און זיינען געבליבען אין דייטשלאנד, זיינען געווען אידען. גאנץ אנדעריש איז עס אבער מיט די שלעזינגערס, וועלכע האבען אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע. מיין זיידע פון פאטער'ס צד, וואס איז געקומען אהער אין די 1850גער יארען, איז געווען א לוטעראנער. מיין פאטער איז ערצויגען געווארען אלס א קאנגרעגעישאנאליסט. איך בין א יוניטאריער. אט דער הינטערגרונד, צוזאמען מיט דעם פאקט, וואס צוויי דורות שלעזינגערס האבען געהייראט עסטרייכישע און ענגלישע פרויען, מיינט, אז די שלעזינגער משפחה אין אמעריקע איז מער אדער ווייניגער אידענטיפיצירט מיט דער פראטעסטאנטישער קאמיוניטי. איך האב געפונען פאר נויטיג דאס אלץ אויפצוקלערען פאר אייך, כדי נישט צו מאכען קיין פאלשען איינדרוק אויף די, וועלכע באטראכטען אונז פאר אידען."

עס איז געבליבען זיצען א פארטראכטער, מיט אן אראפגעלאזטען קאפ, ווי איינער וועלכער געפינט זיך אין א סיטואציע, איבער וועלכער ער אליין האט קיין שום קאנטראל נישט. איך האב אים איבערגעשלאגען מיט א פראגע. כ'האב אים געבעטען ער זאל מיר דערצעהלען עפעס וועגען זיך, זיין לעבען, און וועגען דעם, ווי אזוי ער האט א שפרונג געטאן צו 37 יאר, צו דער מדרגה פון פראפעסאר, היסטאריקער און פאליטישער דענקער. האט ער מיר דערצעהלט אט וואס:

ער איז געבוירען געווארען אין קאלאמבוס, אהייא, און איז ערצויגען געווארען אין אן אקאדעמישער פאמיליע, וואס האט געוואנדערט פון דער אהייא סטעיט יוניווערסיטי צו דער יוניווערסיטי פון אייאווא און פון דארט צו דער הארווארד יוניווערסיטי. אין 1938, ווען ער איז 20 יאר אלט געווען, האט ער געענדיגט הארווארד אוניווערזיטעט מיט די העכסטע אויסצייכענונגען. ער האט שטודירט נאכדעם א יאר אין דער קעמברידזש יוניווערסיטי פון ענגלאנד, און איז געווארען א מיטגליד פון דער „סאסייעטי אוו פעלאוס" אין הארווארד יוניווערסיטי, וואס האלט נישט דערפון, אז א סטודענט מוז קרוינען זיין שטודיום מיט א דעגרי פון דאקטאר-פילאסאפיע. ער האט שטודירט אויף דער „פעלאושיפ" דריי יאר צייט. אין פארלויף פון דער צווייטער וועלט-מלחמה האט ער געארבייט אין דעם מלחמה-אינפארמאציע דעפארטמענט, און שפעטער פאר דעם „אפיס און סטרעטידזשיק סורוויסעס" (א-עס-עס), וואס האט געטאן אונטערערדישע ארבייט פאר דער אמעריקאנער ארמיי. אין דעם דעפארטמענט איז ער געווען דעפיוטי-טשיף און ער האט געטראגען דעם מונדיר פון א קארפאראל. ער האט געארבייט אין לאנדאן, פאריז און דייטשלאנד. אין דערזעלבער צייט האט ער געשריבען ביכער. איך האב אים געפרעגט וויפיל ביכער ער האט אנגעשריבען. האט ער ארויסגענומען פון זיין רעסק א פאפיר, וואס זיין פארלעגער, וועלכער דרוקט די ביכער, האט פארעפענטליכט. האב איך זיך באקאנט מיט פיר פון זיינע ביכער:

„ארעסטעס א. בראונסאן: א פילגרים'ס פראגרעס", געשריבען אין 1939 און פראקלאמירט פון קאטוילישען ביכער-קלוב אלס דער בעסטער בוך פון יאר. אלע קריטיקער האבען דעם בוך שטארק געלויבט.

„די עפאכע פון דזשעקסאן", א בוך וועלכען די קריטיקער האבען געזונגען לויב-געזאנגען.

„דער וויכטיגער צענטער". א בריליאנטענע אפהאנדלונג וועגען די היינטיגע סאציאלע און פאליטישע פראבלעמען, ארויס פון דרוק אין 1949.

„דער גענעראל און דער פרעזידענט", געשריבען צוזאמען מיט ריטשארד ראוויער, פון דעם זשורנאל „ניו יארקער", געדרוקט אין 1951. דער בוך אנאליזירט אמעריקע'ס אישוס וואס זיינען ארויסגעשוואוימען ווען פרעזידענט טרומאן האט אוועקגעשיקט גענעראל מעקארטור. איצט שרייבט ער א פינפטען בוך וועגען דער „עפאכע פון פרענקלין ד. רוזוועלט".

אין 1947 איז ער געקומען צוריק אין הארווארד, וואו ער איז געווארען אסאשיאייט פראפעסאר פון אמעריקאנער געשיכטע. די לעצטע פאר יאר איז ער א פולער פראפעסאר. ער האט געשריבען און שרייבט נאך איצט אפט פאליטישע ארטיקלען אין „לאיף", „פארטשון", „אטלאנטיק מאנטלי", „הארפער'ס", און „סאטורדעי איווינינג פאוסט". ער איז פארהייראט און א טאטע פון פיר קינדער, צוויי אינגלער און צוויי מיידלער. זיין פרוי איז מעריאן קענאן. זי שרייבט ביכער פאר קינדער און אילוסטרירט זיי אליין. זיין טאטע וועט בלייבען וואוינען אין קעמברידזש און ער שרייבט איצט א ווערק וועגן דער סאציאלער געשיכטע פון אמעריקע. די וועלכע דענקען אז מיין פאטער וועט ריטאיערען, האט ער געזאגט מיט שטאלץ, קענען נישט מיין טאטען. דאס ווערק אויף וועלכען דער פאטער ארבייט איצט, וועט זיין דאס מאנומענטאלסטע ווערק פון זיין לעבען.

זיין, שלעזינגער'ס ברודער, טאמאס, פירט איצט אן מיט דער רעסטאווראציע פון וויליאמסבורג. דאס איז א פראיעקט אויפצולעבן צוריק די שטאט וויליאמסבורג, ווי זי האט אויסגעזעהן, ווען זי איז געווען די קעפיטאל פון דער קאלאניע ווירדזשיניא. דער דאזיגער פראיעקט ווערט פינאנסירט פון דער ראקעפעלער משפחה.

איך האב געפרעגט פראפעסאר שלעזינגער, ווי אזוי ער האט געשלאסען באקאנטשאפט מיט עדלעי סטיווענסאן, דעם דעמאקראטישען קאנדידאט פאר פרעזידענט, וועלכער האט אים, שלעזינגער'ן, „איינגעשפאנט" צו העלפען אים אין זיין קאמפעין. האט ער מיר דערצעהלט א דראמאטישע געשיכטע וועגען זיין ערשטער באגעגעניש מיט סטיווענסאן'ען. געווען איז עס אין יאר 1946. סטיווענסאן איז געווען גאווערנאר פון איליניאי און מ'האט גערעדט וועגען דעם, אז ער וועט זיין א קאנדידאט פאר סענאטאר. ער, שלעזינגער, איז געפארען אויף א באהן, וואו ער איז געזעסען פארטיפט איבער א פאליטישען דאקומענט, ווען זיינער א באקאנטער האט אים באמערקט און געזאגט, אז ער וויל אים פארשטעלען פאר א זעהר אינטערעסאנטער פערזענליכקייט. זיי זיינען אריין אין א צווייטען וואגאן, וואו שלעזינגער'ס באקאנטער האט אים פארגעשטעלט גאווערנאר עדלעי סטיווענסאן פון איליניאי. פון יענעם מאמענט אן האט זיך אנגעפאנגען א פריינטשאפט צווישען פראפעסאר שלעזינגער און דעם מאן, וועלכער איז מיט צוויי יאר שפעטער געווען דער דעמאקראטישער קאנדידאט פאר פרעזידענט.

„מען זאגט — האב איך אים א פרעג געטאן — אז איר האט עס געשריבען די רעדעס וואס סטיווענסאן האט געהאלטען. איז עס טאקע אזוי געווען?"

„אביסעל איז עס אמת און אביסעל נישט — האט ער געענטפערט — אמאל האב איך געשריבען און ער האט רעדאקטירט און אמאל האט ער געשריבען און איך האב רעדאקטירט".

פראפעסאר שלעזינגער האפט, אז סטיווענסאן וועט זיין דער קאנדידאט פאר פרעזידענט אין 1956 און אז ער, שלעזינגער, וועט ווייטער קענען שטיין ביי זיין זייט. ער איז פעסט איבערצייגט, אז דאס מאל וועט סטיווענסאן ערוועהלט ווערען. ווען איך האב אים געפרעגט אויף וואס ער בויט זיין אפטימיזם, האט ער, מעשה-פראפעסאר, מיר געגעבען א גאנצע לעקציע פון וועלכער איך קאן, צום באדויערען, נישט איבערגעבען מער ווי בלויז א קורצען אינהאלט.

מיט יעדען חודש וואס די אייזענהאואר אדמיניסטראציע ווערט עלטער, האט ער געזאגט, ווערען אלץ קלוגער די בירגער. זיי זעהען איין, ווי שטארק זיי האבען זיך באנארישט, ווייל זיי קריגען נישט דאס, פארוואס זיי האבען געשטימט. זיי בענקען נאך הערי ס. טרומאן, ווייל ערשט איצט זעהען זיי איין, וואס פאר א גוטער פרעזידענט טרומאן איז געווען. די איצטיגע רעפובליקאנער רעגירונג אין וואשינגטאן פארטרעט אפען און אומפארשעמט בלויז די אינטערעסען פון ביזנעס און גרויס-קאפיטאל. א העלפט פון אייזענהאואר'ס קאבינעט-מענשען זיינען מיליאנערען. ביי רוזוועלט'ן זיינען בלויז זיבען פון 25 מענשען אין זיין אדמיניסטראציע געווען מיליאנערען. און ביי טרומאן'ען זיינען זעקס פון 32 קאבינעט-מיטגלידער געווען פון מיליאנערסקען קלאס. די דעמאקראטישע פארטיי, האט דער פראפעסאר ווייטער גע'טענה'ט, איז שטענדיג געווען די פארטיי וואס האט גערעדט פאר פארשידענע טיילען פון פאלק, פאר דעם פארמער, דעם ארבייטער, דעם קלענערען ביזנעסמאן. אויב די דעמאקראטישע פארטיי וועט קריגען די שטיצע פון אט די אלע עלעמענטען און פון די ליבעראלע בירגער, וועט זי, אין די קומענדע וואלען, זיכער קענען ערוועהלען סטיווענסאן'ען פאר פרעזידענט.

איך האב אים געפרעגט צו וועט, לויט זיין מיינונג, ארויסקומען עפעס גוטס פון די טעלעוויזיע-הירינגס וועגען די מעקארטי-ארמיי קלאגען. דענקט ער, אז דאס אמעריקאנער פאלק האט עפעס געלערנט דערפון?

„אביסעל — איז געווען זיין ענטפער — די הירינגס זיינען געווען גוט אויף אזוי פיל, וואס דאס פאלק האט געהאט די מעגליכקייט צו זעהן די בעסטיע אין איר אמת'ן געשטאלט". פלוצים האט ער א פרעג געטאן: „וואס דענקט אייער רעדאקטאר וועגען דעם?"

איך האב אים איבערגעגעבען דעם געדאנק וואס דער רעדאקטאר פון „פארווערטס" האט ארויסגעבראכט אין זיין „איצטיגען מאמענט", נעמליך, אז וואס עס זאל נישט פאסירען מיט מעקארטי'ן, האט דער „מעקארטיאיזם" שוין געוואונען, ווייל ער האט זיך איינגעפרעסען אין יעדען ווינקעל.

„קארעקט — האט ער א פאטש געטאן מיט דער האנט אויף זיין רעסק — זעהר א קארעקטע אפשאצונג. מען דארף בלויז זעהן און פיהלען דעם ביטול מיט וועלכען מען באציהט זיך צו אינטעלעקטואלען און אלץ וואס איז א פראדוקט פון דעם אינטעלעקט. עס איז געשאפען געווארען א שטימונג פון שרעק אין די אינטעלעקטועלע קרייזען פון לאנד. וויסענשאפטסלייט, און די וועלכע שטודירען איצט אלע געביטען פון דער וויסענשאפט, זיינען ווי פאראליזירט געווארען. זעהענדיג וואס עס איז געטאן געווארען צו איינעם פון די גרעסטע וויסענשאפטסלייט אין דער וועלט, דר. אפענהיימער, וועמעס מח האט אויפגעטאן אזוי פיל פאר דער פארטיידיגונג פון אונזער לאנד. איך לייען ארונטער די שרעק און די פאניק פון די פנים'ער פון פראפעסארען און דער שטודירענדער יוגענט אין „הארווארד". איצט, ווען די אמעריקאנער פרעסע רעדט אפען וועגען דעם, אז סאוועט רוסלאנד דערמוטיגט די וויסענשאפטסלייט, טאר אזא שטימונג נישט הערשען דא אין לאנד. די לופט מוז גערייניגט ווערען, ווייל אקאדעמישע פרייהייט איז קיינמאל ניט געווען אין אזא געפאר ווי זי איז איצט".

פראפעסאר שלעזינגער איז דאס צווייטע יאר איינער פון די קא-טשערלייט פון דער גרויסער ליבעראלער פאליטישער ארגאניזאציע „אמעריקענס פאר דעמאקראטיק עקשאן", וואס האט העכער פופציג טויזענט מיטגלידער און א ברענטש פון הארווארד סטודענטען. איך האב אים דערצעהלט, אז איך האב געהערט זיין מייסטערהאפטע רעדע ביים צענטען יובילעאום באנקעט פון דער ליבעראל פארטי אין ניו יארק, אין וועלכער ער האט קאמפלימענטירט דעיוויד דובינסקי'ן, וועלכער איז געווען איינער פון די רעדנער ביים באנקעט. איך האב געהערט, האב איך אים געזאגט, ווי מאנכע טייטשען אויס דובינסקי'ס רעדע אלס אן אנדייטונג אויף דעם, אז די ליבעראל פארטי וועט אויפגעלייזט ווערען. וואס דענקט ער, פראפעסאר שלעזינגער, וועגען דעם?

זיין מיינונג, האט ער מיר געזאגט, איז, אז דובינסקי האט געפיהלט, אז מען דארף דער „ליבעראל פארטי" „געבען א נידעל" און ער האט, אלס פאליטישער עקספערט, געמאכט די נויטיגע איינשפריצונג. מען טאר ניט צולאזען דעם געדאנק, אז די „ליבעראל פארטיי" וועט ארונטער פון דער פאליטישער ביהנע. זי איז א געוואלדיגער כח אין ניו יארק סטעיט און דער סטעיט ניו יארק איז פון דער גרעסטער באדייטונג אויב מען וויל געווינען די פרעזידענטשאפט. די „ליבעראל פארטיי" מוז געשטארקט ווערען. זי מוז ווערען גרעסער אין דער צאל פון מיטגלידער, ווייל דאס מיינט, אז זי וועט ווערען נאך איינפלוסרייכער ווי זי איז עס איצט.

אונזער געשפרעך האט זיך פארצויגען צו לאנג. אויף יענער זייט טיר האבען געווארט גראדואירטע סטודענטען, וועלכע זיינען זיך געקומען געזעגענען מיט זייער פראפעסאר. ביים זאגען „גוד באי" צו פראפעסאר שלעזינגער, האב איך אים צוגעוואונשען, אז מיין נעקסטער אינטערוויו מיט אים זאל זיין אין וואשינגטאן, וואו ער זאל זיין א מיטגליד פון פרעזידענט סטיווענסאן'ס קאבינעט. האט ער זיך פונאנדערגעשמייכעלט, געדאנקט מיר פאר דעם וואונש מיינעם און געענטפערט, ווי מען זאגט ביי אידען: „פון אייער מויל אין גאט'ס אויערען".

פארענדיג צוריק פון באסטאן קיין ניו יארק, האב איך נישט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען דעם זיבעניאריגען אינגעלע, וועלכער האט, מיט דרייסיג יאר צוריק, געהאלטען אין איין טרוימען צו זיין א פראפעסאר „לאיק דעדי", ווי זיין פאטער, און וועמעס חלום איז אזוי שנעל און אזוי וואונדערבאר פארווירקליכט געווארען.

# אונזערע אידישע פירער

**דער איצטיגער מאנגעל אין פירערשאפט. — אמאליגע און איצטיגע אידישע פירער.**

פון א. מענעס

איז געווען אזא צייט, ווען מענשען האבען זיך געקלאגט באנעהן אהן פירער און אהן א מלוכה? די אלטע אידישע טראדיציע דערצעהלט אונז, אז אין לויף פון א סך דורות, אין דעם פעריאד צווישען יהושע בן נון און דעם קעניג שאול, זיינען אין ישראל קיין מלכים ניט געווען, און איטליכער האט זיך געפירט, ווי אים איז געפעלען (בימים ההם אין מלך בישראל, איש הישר בעיניו יעשה).

איז עס געווען גוט, אדער איז עס געווען שלעכט, וואס קיין קעניג איז אין ישראל ניט געווען? ליינענט מען אויפמערקזאם די ספרים שופטים און שמואל, דאן זעהט מען, אז וועגען דעם זיינען שוין ביי אידען אין דער צייט פון תנ"ך געווען פארשיידענע מיינונגען. געווען אזעלכע וואס האבען געהאלטען, אז אין א לאנד מוז זיין אן ארדענונג, און אהן א פירער, אהן א הערשער מיט אויטאריטעט, קען קיין ריכטיגע ארדענונג ניט געמאלט זיין; אנדערע, פארקערט, האבען געבענקט נאך דער גוטער אלטער צייט, ווען קיין קעניג איז אין ישראל נאך ניט געווען.

אן אלטע רוסישע לעגענדע דערצעהלט וועגען דעם ערשטען פירשט וואס האט געהערשט איבער רוסלאנד. ניט געווען קיין שלום און קיין ארדענונג אין דעם גרויסען לאנד; מען האט זיך כסדר צווישען זיך געקריגט און דעם וועג צו אחדות האט מען ניט געפונען. איז סוף-כל-סוף געבליבען, מען זאל שיקען שלוחים אין דער פרעמד און ברענגען זאלען זיי א פירשט פאר'ן לאנד. און געזאגט האבען די שלוחים: „אונזער לאנד איז גרויס און פול מיט שפע, אבער קיין ארדענונג איז אין איר ניטא, קומט הערשען און אנפירען מיט אונז!" אזוי האבען פעלקער געזוכט פירער און אזוי זיינען אויפגעקומען מלוכות.

צייטענווייז האט פאסירט, אז עס האט זיך טאקע איינגעגעבען צו געפינען דעם ריכטיגען מנהיג, און צייטענווייז האט מען אויך געמאכט טעות'ן: ד י  פ י ר ע ר  ז י י נ ע ן  ג ע ו ו א ר ע ן  פ א ר פ י ר ע ר. האט דאס פאלק געמוזט זוכען מיטלען, ווי פטור צו ווערען פון די ברוטאלע הערשער.

איז מען איינגעפאלען אויף א מערקווירדיגען איינפאל: עס האט זיך איינגעשטעלט א מינהג ביי א סך פעלקער, אז נאך א באשטימטער צייט ווערט דער אלטער קעניג אראפגעזעצט פון טראן און זיין פלאץ פארנעמט א נייער מלך. געשעהן איז עס אויף אן אופן וואס אפעלירט אוודאי ניט צו אונזערע היינטיגע מאראלישע געפיהלען. דעם אלטען קעניג פלעגט מען איינפאך אומברענגען, כדי צו באפרייען זיין פלאץ. א ברוטאלער מיטעל, אבער צייטענווייז, ליידער, דער איינציגער וועג אין לענדער פון טעראר און דיקטאטור.

* * *

דער באקאנטער קולטור-פארשער דזשעימס דזש. פרייזער האט געשאפען א גאנצע טעאריע וועגען אט-דעם אלטען און זעהר פארשפרייטען מינהג צו באנייען פון צייט צו צייט די פירערשאפט. זיין מאנומענטאל ווערק (אין צוועלף בענד) „דער גאלדענער צווייג" („דער גאלדענער באו") איז אייגענטליך אן אויספירליכער פירוש צו אט-דעם מינהג. פרייזער הויבט-אן מיט דער רוימישער טראדיציע וועגען א טעמפעל אין א הייליגען וואלד, וואו דער פריסטער איז געווען א מערדער און א קעניג צוגלייך. דער מינהג איז דא געווען: דער פריסטער, וואס האט אויך געטראגען דעם טיטל פון א קעניג, האט געקענט פארנעמען זיין אמט נאר — ווען ער האט אומגעבראכט מיט זיינע אייגענע הענט די פריי-ה ע ר ד י ג ע  ה ע ר ש ע ר. און דאס איז אויך געווען דער וועג, ווי זיין נאכפאלגער האט געקענט פארנעמען דעם אמט פון פריסטער. האט אזוי דער מערדער און קעניג טאג און נאכט געמוזט זיין אויף דער וואך, כדי אפצוהיטען זיין קרוין און זיין לעבען. ניט געווען אזוי גרינג צו זיין א פריסטער און א הערשער אין דעם הייליגען וואלד. ניט געווען קיין זיכערקייט בייטאג און ניט געווען קיין אפרו אין דער פינסטערער נאכט.

אט-די גרויליגע געשיכטע פון דעם מערדער דעם פריסטער, וואס איז געווארען קעניג פון וואלד, איז אונז היינט נענטער און פארשטענדליכער נאך די טרויעריגע ערפארונגען פון אונזער צייט. עס וואלט פונדעסטוועגן געווען אוודאי געווען גלייכער, און מער יושר'דיג אויך, צו געפינען א מער ציוויליזירטען מיטעל, ווי צו בייטען די פירערשאפט. און לאמיר זיך מודה זיין, אז ס'איז גארניט אזוי גרינג אפילו אין אונזער דעמאקראטישער וועלט, אראפצוזעצען א מאשין אויף אן איידעלען אופן. קיין בלוט, אמת, גיסט זיך ניט, אבער דעמאגאגיע און געמיינסטער שמוץ גיסען זיך אהן א שיעור. און אויב מיר האלטען זיך ביים כלל פון תלמוד, אז ווער עס פארשעמט זיין חבר פאר מענשען איז געגליכען, ווי ער וואלט פארגאסען זיין בלוט (המלבין פני חברו ברבים כאילו שופך דמים), גיסט זיך אויך געוויס בלוט אין די פאליטישע קאמפען פון אונזער צייט.

* * *

וואס פאר א שייכות האט דאס אלץ צו די פראבלעמען פון אידישער פירערשאפט אין אונזער דור? עס האט, דוכט מיר, יע א שייכות. איך גלויב, אז די געשיכטע פון א פאלק אהן א מלוכה, האט אונז געוויזען אן אנדער וועג פון פירערשאפט. דאס איז דער וועג פון א גייסטיגער און מאראלישער פירערשאפט.

דער וויכטיגסטער שריט צו באגרעניצען די ראלע פון די מנהיגים איז געווען די אידעע פון א קאנסטיטוציע, פון א פאלקס-געזעץ. ו ו א ס  א י ז  א י י ג ע נ ט ל י ך  פ א ר'ן  א י ד י ש ע ן  מ ע נ ש ע ן  ד י  ת ו ר ה?  ע ס  א י ז  ד א ס  ה ע כ ס ט ע  ג ע ז ע ץ,  ד א ס  ג ע ז ע ץ  פ ו ן  ד ע ר  ו ו ע ל ט, מוזען אלע מענשליכע הערשער זיך בייגען פאר דער אויטאריטעט פון גאט'ס געזעץ. די תורה איז אבער נאך מער. די באצייכענונג אין חומש איז — „ספר הברית", דאס בוך פון בונד. די תורה שטעלט מיט זיך פאר דעם אייביגען בונד צווישען גאט און פאלק. און דאס פאלק וואס האט פרייוויליג געענטפערט ביים בארג סיני „נעשה ונשמע" (מיר וועלען אפהיטען און פאלגען), איז בפירוש א גלייכער שותף אין דער תורה.

האט די תורה, דער ספר, אפט פארביטען די פערזענליכע אויטאריטעט פון דעם פירער. האבען אונזערע עלטערן געקענט פירען א אידיש לעבען אין גלות, אהן א לאנד, אהן א מלוכה און אהן מלוכה-פירער, ווייל זיי האבען מיט זיך געהאט די תורה. פון די טעג פון די נביאים האט דער איד געוואוסט, וואס ער דארף טאן, ווי ער דארף זיך אויפפירען, וואס זיינען זיינע אויפגאבען און וואס איז ער מחוייב צו טאן אויף זיין וועלט. אין לויף פון דורות און דורות האט דער אידישער מענש געלעבט מיט זיין תורה. געווען אבער איין פראבלעם: וואס זאל טאן דער פראסטער איד, וואס קען אפילו קיין עברי ניט? האט דאס פאלק אנגעהויבען צו בענקען נאך א מענשליכען פירער, נאך א וועגווייזער אין צייטען פון צעטומלעניש און א טרייסטער אין צייטען פון נויט.

עס איז געקומען די חסידות-באוועגונג, ר' ישראל בעל שם טוב און זיינע תלמידים. עס הויבט זיך אן דער גרויסער וויכוח וועגען דעם, וואס איז וויכטיגער — דער ספר אדער דער רבי? די חסידישע מנהיגים האבען גע'טענה'ט: די גרויסע מענשליכע פערזענליכקייט איז אויך א ספר, אפשר דער טיפסטער ספר, לאמיר לערנען פון דעם רבי'ן, ווארים אלץ וואס דער גרויסער רבי טוט איז תורה.

* * *

חסידות האט מיט זיך געבראכט אהן א שיעור אויפלעבונג אין דער אידישער וועלט. חסידות האט אריינגעבראכט ווארימקייט, הארציגקייט, און דער עיקר — פשטות, איינפאכקייט און אפילו פראסטקייט. געווען אבער אויך א גרויסע סכנה אין חסידות, און דערפאר איז עס געקומען צו אזא ביטערער מלחמה צווישען די תלמידים פון ר' ישראל בעל שם טוב און די תלמידים פון דעם ווילנער גאון.

אין וואס איז באשטאנען די סכנה? עס איז געווען די געפאר פון א נייעם קולט פון פערזענליכקייטען. מען קען ניט און מען טאר ניט פארבייטען דעם ספר מיט א רבי'ן. דער רבי איז דאך ניט מער ווי א יחיד, אן איינצעלנער מענש, בעת דער ספר רעפרעזענטירט מיט זיך געוועהנליך די מיינונג פון כלל. חסידים האבען פארגעווארפען די מתנגדים, וואס זיי קלאמערן זיך אזוי ליידענשאפטליך אין דעם ספר. „א מתנגד — זאגט א חסידיש ווערטעל — האט ניט מורא פאר'ן ריבונו של עולם, ער האט מורא פארן שולחן ערוך". דער מתנגד וואלט מן הסתם פונקט אזוי געקענט ענטפערען: „דער חסיד האט אייגענטליך נאך ניט אזוי מורא פאר גאט, ער האט מורא פאר'ן רבי'ן." ווי עס זאל ניט זיין, איז דער וויכוח זעהר א וויכטיגער און נאך ביז צום היינטיגען טאג ניט פארענדיגט.

א באקאנטער תלמיד חכם האט אמאל באמערקט מכוח אט-דעם וויכוח צווישען חסידות און מתנגדות. ביידע זיינען גערעכט און ביידע מאכען א טעות. אוודאי באדארף מען א ספר און מען באדארף אויך א רבי'ן. די חסידים האבען אבער א טעות, ווען זיי מיינען, אז זיי האבען א רבי'ן און די מתנגדים האבען א טעות ווען זיי מיינען, אז זיי האלטען זיך טאקע ביים ספר.

סיי דער רבי און סיי דער ספר רעפרעזענטירען מיט זיך מאראלישע אויטאריטעטען. אין דעם באשטעהט דער גרויסער צושטייער פון דער אידישער קולטור צו דער אלגעמיינער קולטור. וואס איז אייגענטליך געווען די ראלע פון די נביאים? פארוואס האבען זייערע ווערטער איבערגעלאזען אזא אויסערגעוועהנליכען רושם אויף דורות און דורות? דער ענטפער איז קלאר: זייער מאכט און זייער איינפלוס איז אויסשליסליך געווען א רעזולטאט פון זייער מאראלישער אויטאריטעט און זייער מארא-

(שלוס אויף זייט 3, סעקשאן 1)

# צוויי ברידער • ערצעהלונג

פון מרים ראסקין

צוויי ברידער זיינען זיי געווען. איינער האט געהייסען משה, און דער אנדערער — יאסל. אין די יונגע יארען, ווען זיי זיינען אריבערגעקומען אהער אין לאנד פון דער ווייטער ליטע, זיינען זיי ביידע געווען פול מיט פלענער און אמביציעס. זיי האבען גע'חלומ'ט וועגען אויפטאן גרויסע זאכען דא, אין דעם לאנד פון אזוי פיל מעגליכקייטען.

דער אינגערער ברודער, יאסעל, האט זיך דא באלד פארדרעהט מיט א מיידעל. ער האט מיט איר חתונה געהאט. עס זיינען געקומען קינדער אויף דער וועלט און עס האט זיך שוין אזוי געמאכט, אז ער האט קיין גרויסע זאכען ניט געקענט אויפטאן און ער איז פארבליבען אין אן ארימען שטאנד. דער עלטערער, ווידער, משה, האט זיך דא באלד גענומען צום לערנען. ער האט גרינטליך שטודירט די ענגלישע שפראך. ער איז אנגעקומען אין קאלעדזש, געענדיגט אויף אינזשעניר און האט באלד געקראגען א שטעלע ביי דער שטאט-רעגירונג.

אט דער משה האט ניט אויפגעהערט צו לערנען און צו לייענען. ער האט זיך אינטערעסירט מיט אלערליי וויסענשאפטען. ער האט זיך איינגעשאפט א סך ביכער. ער האט גערעדט א פערפעקטען ענגליש און ער האט איבערגעמאכט זיין נאמען פון משה אויף מארטימער. און ער איז געווארען אינגאנצען אמעריקאניזירט.

דורך דער צייט האט מיט אים פאסירט א געשעהעניש. ער האט זיך באקענט מיט א מיידעל, וואס איז געווען שעהן, קלוג און געראטען. זיי האבען זיך געליבט. נאר זי האט אים דערנאך פארראטען און זי האט חתונה געהאט מיט אן אנדערען. פון דעמאלט אן האט ער אנגעהויבען האסען אלע פרויען און ער האט שוין קיינמאל ניט געטראכט וועגען חתונה האבען. ער האט זיך נאך מער פארנומען מיט זיינע ביכער, מיט לייענען און שטודירען.

איינמאל, ווען ער איז געזעסען ביי זיך אין צימער איבער א בוך (ס'איז געווען א ביאגראפיע פון א געוויסען וויסענשאפטסמאן), איז אים איינגעפאלען א פלאן, אז ער וועט זיך נאר נעמען אליין אנשרייבען א בוך, די געשיכטע פון זיין אייגען לעבען. אט דער איינפאל האט אים אויפגעלעבט. ער האט זיך איינגעשאפט אזעלכע ביכער, וואס זאלען אים דינען פאר מוסטערן, און יעדע פרייע מינוט וואס ער האט נאר געהאט איז ער געזעסען ביי זיך אין צימער און געארבייט אויף זיין בוך.

ער האט שוין געהאט אנגעווארפען אויפ'ן פאפיר נאטיצען פון זיין ארבייט. זיין שרייב-טיש איז געווען פארלייגט מיט אלערליי ביכער, פאפירען און מיט בערג נאטיצען. וואס ער האט געהאלטען אין איין סארטירען, איינטיילען אין קאפיטלען און מאכען חשבונות וואס עס דארף קומען פריהער און וואס שפעטער. ביז איצט האט ער ליב געהאט צו באגעגענען אמאל א פריינט, פארפירען מיט אים א דיסקוסיע. איצט, וואס ער איז געווען אזוי געלערענט און זיין מוח איז געווען אזוי אויסגעשארפט, איז גרינג געווען אין א דיסקוסיע יענעם צו באזיגען. נאר איצט האט ער זיך פון אלע זיינע פריינט דערווייטערט. זיין ארבייט האט אים אזוי פארכאפט, אז ס'איז אים קיין צייט נים געבליבען צו באגעגענען מענשען.

ער האט אפילו אויפגעהערט צו געהן עסען אין א רעסטאראן. די באלעבאסטע, וואו ער האט געוואוינט, אן ארימע עלטערע פרוי, האט צוגעגרייט פאר אים די מאלצייטען. ער פלעגט אויך זעלטען-ווען ארויס אויף א שפאציר צו כאפען פרישע לופט. ווי נאר ער פלעגט קומען אהיים פון זיין דזשאב, פלעגט ער אפעסען זיין סאפער, כאפען א דרימעל און באלד נאכדעם האט ער זיך אוועקגעזעצט ביי זיין שרייב-טיש. אזוי ביז שפעט אין דער נאכט. די באלעבאסטע פלעגט אים צוטראגען א גלאז טיי מיט לימענע. האט ער געטרונקען די טיי און ווייטער געארבייט. ער האט אויסגעזעהן עלטער ווי זיינע יארען, שווערלייביג, מיט א מיושב'דיגען טראכט, מיט שיטערע האר אויפ'ן קאפ און טיפע ווינקלען אויף זיין שטערן. נאר ער איז געווען פול מיט מוט און אמביציע. זיין בוך, האט ער געטראכט, וועט ווערען אנגענומען, וועט אים מאכען א נאמען צווישען דעם ענגלישען עולם, און ער וועט ווערען באוואוסט.

אין איינעם א טאג איז משה, אדער מארטימער, אויפגעשטאנען גאנץ פרי. דאס איז געווען אין א זונטאג און ער האט דעם גאנצען טאג געהאט פריי. ער האט זיך אנגעטאן, אפגעגעסען אנבייסען און באלד זיך געזעצט ביי זיין שרייב-טיש, געוואלט שוין זיך ארייננטאן אין זיין ארבייט. האט ער דערפיהלט, אז עפעס ארבייט זיך אים היינט ניט מיט דעם זעלבען חשק ווי אלעמאל. ער האט זיך אויפגעהויבען, א שפאן געטאן איבער'ן צימער הין און צוריק. פאר זיינע אויגען האט ער געזעהן זיינע פאליצעס מיט די ביכער ארום די ווענט. דערנאך איז ער צוגעגאנגען צום אפענעם פענסטער.

עס איז געווען פרילינג, און ווארימע ווינטלעך האבען אריינגעווייעט אהער פון גאס. פון א נאהענטען פארק האט זיך דערטראגען אהער דער ריח פון פריש-אפגעשניטענע גראז. עפעס האט דאס אים געשטערט. ער זאל צוריק קענען זיך אוועקזעצען צו זיין שרייב-טיש און ארבייטען. עס איז געווען ארום ניין דער זייגער אין דער פרי. עס איז אים איינגעפאלען, ער וועט גאר נעמען און אפרופען זיין ברודער יאסל. שוין יארען אז זיי האבען זיך ניט געזעהן.

דעם אמת געזאגט, האט ער פון אלע מאל געקוקט מיט גרינגשעצונג אויף זיין ברודער יאסל: ער האט פארטאכלעוועט זיינע יארען אויף נארנישט, אויף קלייניגקייטען, בשעת ער אליין, מארטימער, האט שוין דערגרייכט גרויסע זאכען. נאר עס איז דאך פארט געווען אייגענע בלוט. עס איז אים געווען טשיקאווע ווי לעבט זיך אים איצט, זיין ברודער.

ער איז באלד צוגעגאנגען און אפגערופען אים אין טעלעפאן. אין א ווייל'ע ארום האט ער שוין געהערט זיין ברודער יאסל'ס שטימע:

— דאס ביזטו, משה? — האט ער זיך געוואונדערט. — וואס עפעס פלוצלונג רופסטו מיך? עפעס האט מיט דיר פאסירט? ביזט חלילה ניט געזונט?

— ניין, נארניט. כ'האב נאר אזוי געוואלט וויסען וואס דו מאכסט.

— ווייסטו וואס? קום צונעהן היינט פארנאכט. דו וועסט עסען מיט אונז סאפער — האט יאסל פארגעלעגט. — מיר וועלען שוין דערמאלט שמועסען א ביסעל.

— גוט, איך וועל קומען — האט מארטימער באלד איינגעשטימט.

דארטען, ביי זיין ברודער יאסל אין שטוב, האט מען זיך שוין דערווייל גענומען גרייטען אויפצונעמען דעם גאסט. יאסעל איז געווען אן ארבייטער אין א שאפ און ער האט געפירט א פשוט'ען און א שעהנעם לעבען מיט זיין ווייב און די פינף קינדער וואס ער האט געהאט. דריי פון זיינע קינדער זיינען שוין געווען אויסגעגעבען — צוויי זיהן און איין טאכטער. אין דער פאמיליע האט מען זיך מיט מארטימער'ן געגרויסט, וואס ער איז אזוי געלערענט און ער שרייבט איצט א בוך אין ענגליש.

יאסל'ס ווייב, וועלכע איז געווען א גרויסע באלעבאסטע, האט אנגעגרייט א באזונדער גוטען מאלצייט צוליב דעם גאסט. יאסל אליין, א ברייט-פלייציגער, א רירעוודיגער, מיט א גוטמוטיג, אפען פנים, האט זיין ברודער באגעגענט מיט א פרעהליכען „העלאו". אלע קינדער, אפילו די אויסגעגעבענע, מיט די שניר און דעם איידעם, זיינען דא אויך געווען. מען האט מארטימער'ן ארומגערינגעלט מיט א ווארימען אינטערעס. יעדערער האט געוואלט צו אים ארויסריידען א ווארט, און מארטימער, שוין אפגעוואוינט פון מענשען, האט זיך דערפיהלט עפעס ניט באקוועם און ער האט קארג און טרוקען צוגעשמייכעלט.

באלד האבען זיך אלע אויסגעזעצט ארום טיש און יאסעל'ס ווייב האט גענומען צוטראגען די אלע גוטע מאכלים, וואס זי האט צוגעגרייט. דאס עסען איז אריבער אין גערויש און אין פריילעכקייט, נאר איין מארטימער האט זיך עפעס געפיהלט ווי א זייטיגער, א פרעמדער. איינע פון יאסעל'ס שניר, א חנ'עווריגע און א דרייסטע ווייבעל, האט געפרואווט אים ארייננציהען אין א שמועס, זי איז גראד געזעסען לעבען אים.

— מען זאגט, אז איר שרייבט א בוך — האט זי צו אים גערעדט אין איר גוטען ענגליש.

— יע — האט ער אפגעענטפערט אהן חשק. ער איז געווען זיכער, אז זי איז א פוסטער קאפ און פארשטייט גארניט. האט ער ניט געוואלט זיך ארייננלאזען מיט איר אין א שמועס.

דאס יונגוואַרג, וואס איז אין אנהויב געווען שטארק נייגעריג מיט אים זיך צו באקענען, האבען באלד נאך דעם עסען אים איבערגעלאזט און אריין אין „ליווינג רום", און דארט האט מען אנגעשטעלט די ראדיא. עס האבען זיך דערהערט פון דארטען זייערע פריילעכע שמועסען און געלעכטער און מארטימער האט געקוקט אהין מיט א קריטישען בליק, ווי ער וואלט זאגען: „אט דאס איז זייער פארגעניגען? ווי בילינג, ווי נאריש!"

עס האט זיך געעפענט די טיר און

(שלוס אויף זייט 3, סעקשאן 1)




# אידען גיבען דא אויס 400 מיליאן דאלאר אויף סינאגאגען

פון בארים סמאליאר

(שלוס פון עדיטאריעל-זייט)

איצט, און אויף וועלכע מען גיט אויס אזוי פיל הונדערטער מיליאנען דאלארס, זיינען אן אויסדרוק פון דער דאזיגער טענדענץ. די נייע סינאגאגען זיינען ניט קיין „בתי-תפילה" — קיין געבעט-הויז. זיי זיינען א קאמבינאציע פון א „בית מדרש", א הויז וואו מען האלט לעקציעס, און א „בית הכנסת", א הויז וואו אידען פארזאמלען זיך. דער טראפ אין די נייע סינאגאגען ווערט געלעגט מער אויף די געזעלשאפטליכע פונקציעס פון דער סינאגאג, ווי אויף די רעליגיעזע. — בכילא, ווען איינער איז א מיטגליד פון א סינאגאג, קען ער דאן אויך ניט אויסמיידען צו קומען צום דאווענען ראש השנה, יום כיפור, אן אנדער יום-טוב, אדער אפילו אמאל א פרייטאג-צו-נאכט. דאס איז דער געווינס, וואס די נייע סינאגאגען האבען איבער די לאנג-עקזיסטירענדע קאנסערוואטיווע סינאגאגען און רעפארם טעמפלען אין די גרויסע שטעט, וואו די מיטגלידער קומען ניט צו קיין סאציאלע פונקציעס און נאכמער ניט צו קיין גאטעס-דינסט, אויסער ראש השנה און יום-כיפור...

# ליטעראטור

ליטעראַרישע קריטיק

דיסקוסיעס • נאָטיצען

# נחום יוד

אַן אָפּשאַצונג פון זיין ליטעראַרישען טאַלאַנט צו זיין 65־יאָריגען יובל.

פון ל. פאַגעלמאַן

די אידישע ליטעראטור איז א יונגער בוים פון דער אלטער אידישער קולטור; און די אידישע פאעזיע איז דער גרעסטער צווייג פון אט דעם יונגען בוים.

מיר קענען זיך ניט באקלאגען, דוכט מיר, אויף דער ארימקייט פון דער אידישער פאעזיע, ווען מ'זאל מעסטען איר פארמעגען מיט דער צאל אידישע דיכטער. פראפארציאנעל איז די צאל אידישע פאעטען גאנץ גרויס. עס פיהלט זיך ביי אונז ניט חלילה קיין מאנגעל אין לידער. יערענפאלס, שאפט זיך אזא איינדרוק, ווען מ'פארגלייכט עס מיט די אנדערע צווייגען פון דער אידישער ליטעראטור.

אפשר איז עס אזוי אין דער ליטעראטור אויך פון אנדערע פעלקער; אבער ביי אונז, אידען, פיהלט זיך עס געוויס. עס שטראמט ממש ביי אונז מיט לידער פון אלע זייטען, — לידער מיט גראמען און לידער אהן גראמען; לירישע לידער און פילאזאפישע לידער; לידער קלארע און איינפאכע, און וועלכע עס שיינט ארויס דייטליך דעם דיכטער'ס געפיהל און געדאנק; און, פארקערט, לידער, וועלכע סיי דער געפיהל, סיי דער געדאנק איז נעפעלדיג און פארדעקט הינטער א טיפען שלייער; לידער, וואו עס בליצען־אויף פונקען פון דעם דיכטער'ס נשמה; און לידער, וואו איר פיהלט בלויז פאמפע און אנשטעל.

פאקטיש האט, דוכט זיך, כמעט יעדער איינער, וואס האלט נאר א פען אין דער האנט, אמאל געשריבען אדער שרייבט אויך איצט לידער. אפילו קינדער פראבירען זיך שפילען מיט גראמען.

ס'איז ניטא קיין אנדער געביט פון ליטעראטור, וואו ס'איז מעגליך אזוי פיל גראפאמאניע ווי אין פאעזיע; ווייל דורך א גראם, דורך א פארפירערישען ריטם און קלאנג קען מען לייכט אפנארען דעם לעזער און פארקויפען אים בלישצענדיגע שטיינדלעך אלס אמת'ע דימענטען.

אין יעדען דור און ביי יעדען פאלק איז, ווייזט אויס, פאראן א גרויסע צאל פאעטען, וואס שרייבען לידער, דרוקען לידער און דעקלאמירען לידער; און א חיבשע צאל פון זיי שאפט זיך אויך א נאמען ביים עולם נאך דעם ווי מ'זעהט די לידער אין דרוק און מ'הערט זייער קלאנג פון דער פלאטפארמע יארענלאנג. אבער עס בלייבען פאר די קומענדיגע דורות בלויז געצעהלטע פאעטען, וועמעס לידער עס שיינען ארויס פון אונטער'ן שטויב פון דער צייט ווי אמת'ע בריליאנטען און דערקוויקען אונז לאנג נאך דעם ווי די דיכטער אליין זיינען שוין אוועק פון דער וועלט.

אויך ביי אונז, אידען, קומט פאר די זעלבע זאך. פון דער גרויסער צאל פאעטען, וואס רייסען זיך צו דער אייביגקייט, זיינען ביי אונז פאראן אין דער אמת'ן בלויז איינצעלנע, וועמעס שאפונגען עס וועלען פארבלייבען אין דער פאעזיע אזוי לאנג ווי עס וועט אפקלינגען א אידיש ווארט.

צו אזעלכע געצעהלטע אידישע דיכטער, וואס פארמאגען אן אמת'ן פאעטישען טאלאנט, באלאנגט נחום יוד, וועמעס 65־יאריגער יובילעי עס ווערט איצט געפייערט אויף א כשר־פארדינטען אופן.

שוין איבער פיר צענדליג יאר ווי נחום יוד האט זיך באוויזען אין דער אידישער ליטעראטור מיט זיין אייגענארטיגען ווארט, מיט זיין פאבעל און ליד, און ער שיינט אין איר ארויס ביז'ן היינטיגען טאג. פאר די אלע יארען האט ער זיך גוט ענטוויקעלט און איז הויך אויסגעוואקסען, ביז וואנען ער האט ענדליך פארנומען זיין אנערקענטען וויכטיגען פלאץ אין דער אידישער ליטעראַרישער וועלט. דורך זיין לאנגען, שווערען וועג איז נחום יוד געקומען צו דער שטופע ניט בלויז פון איינעם פון די אידישע פאבעל־שרייבער, נאר פון ד ע ם בעסטען אידישען פאבעל־שרייבער, וואס קען זיך פארמעסטען מיט זיינע פאבלען מיט די קלאסישע פאבעל־שרייבער אין דער וועלט־ליטעראטור; און מיט זיין אויפריכטיגען, געטאקטען און געשליפענעם לירישען ליד האט נחום יוד אויך אריינגעטראגען זיין אייגענעם טאן און גייסט אין דער אידישער פאעזיע; אזוי אז ביי דעם היינטיגען פייערליכען מאמענט, ווען עס ווערט, נאטירליך, אונטערגעפירט א קורצער סך־הכל פון נחום יוד'ס ליטעראַרישער ארבייט, שטעהט ער פאר אונז אין זיין פולער גרויס אלס שרייבער, וועמעס שאפונגען עס וועלען פארבלייבען אין דער אידישער ליטעראטור אויף שטענדיג.

נחום יוד האט פאר די איבער פיר צענדליג יאר פון זיין ליטעראַרישער ארבייט א סך געשריבען. ער האט געדרוקט זיינע לידער און פאבלען אין פארשידענע צייטונגען, זשורנאלען, אלמאנאכען, אנטאלאגיעס און פארשידענע אנדערע אויסגאבען סיי אין אייראפע, סיי אין אמעריקע; אבער אין בוך־פארם, אויב איך מאך קיין טעות ניט, זיינען זיינע לידער און פאבלען ערשינען בלויז מיט א פאר צענדליג יאר צוריק.

ס'איז זעהר כאראקטעריסטיש, וואס פאר די לעצטע צוויי צענדליג יאר האט נחום יוד ניט באוויזען ארויסצוגעבען קיין נייע ביכער, ניט געקוקט אויף דעם, וואס ער האט פאר דער צייט אפגעדרוקט אין צייטונגען און זשורנאלען הונדערטער לידער און פאבלען. אנדערע שרייבער, וואס קענען בשום אופן זיך ניט פארגלייכן מיט נחום יוד'ן אין טאלאנט, האבען פאר דער צייט ארויסגעגעבען א סך ביכער; און דער אידישער בוך־מארק איז פאר דער צייט ממש פארפלייצט געווארען פון א מבול גראפאמאנישע ביכער, וואס האבען קיין שום בארעכטיגונג ניט צו זעהן די ליכטיגע וועלט; אבער אזוינע ליטעראַרישע פערל, ווי נחום יוד'ס פאבלען און לידער, זיינען גראד צעווארפען און צעשאטען אין פארשיידענע צייטונגען און זשורנאלען און פאר די לעצטע יארען זיינען גארניט געזאמעלט געווארען צווישען טאוולען אין א בוך־פארם.

דאס באווייזט דעם הפקר'דיגען צושטאנד פון דעם אידישען בוך. דאס באווייזט, אז עלענבויגענס שפילען א גרעסערע ראלע ווי טאלאנט אין אונזער ארימער ליטעראַרישער וועלט.

ס'איז אונמעגליך צו געבען דא, אין אן איילענדיגען צייטונגס־ארטיקעל, די פארדינטע פולע אפשאצונג פון נחום יוד'ס שאפונגען. איך וויל דא דעריבער געבען בלויז אן אלגעמיינע כאראקטעריסטיק פון זיין טאלאנט.

אין זיינע פאבלען צייכענט זיך אויס נחום יוד מיט א מערקווירדיגער פאלקסטימליכקייט פון שפראך און סטיל, מיט א געצאמטקייט און טרעפליכקייט פון ווארט און מיט א שארפזיניגען, הומאריסטישען אופן פון שילדערען א בילד און אויך פון ציהען דעם קורצען מוסר השכל פון דעם בילד.

א פאבעל איז א קורצע אלעגארישע מעשה'לע, דערצעהלט מערסטענס אין א פארמע פון א דיאלאג, מיט א סאטירישען גייסט און מאראלישען אויספיר, מיט א מוסר השכל, וואס דער שרייבער דריקט אויס, אדער וואס קומט ארויס אליין פון דער מעשה'לע, אהן דעם שרייבער'ס באמערקונג.

א פאבעל מוז זיין געצאמט, דראמאטיש און ריטמיש, זי זאל קענען פארכאפען דעם לעזער; זי דארף זיין מיט איר אינהאלט אזוי צוגעשפיצט, אז דער לעזער זאל זיך לייכט אנשטויסען וואס פאר א געדאנק עס ליגט באהאלטען הינטער דער געשיכטע, אזוי אז עס זאל גארניט נויטיג זיין די אויסטייטשונג פון דעם שרייבער. דעם שרייבער'ס שלוס, אדער זיין אויספיר, דארף זיין בלויז א לאגישע דערגענצונג צו דער געשיכטע; און זיין באמערקונג מוז זיין זעהר קורץ און שארפזיניג, עס זאל טראגען דעם כאראקטער פון אן אפאריזם, פון א טרעפליכער פראזע, אדער ווערטעל, וואס קריצט זיך איין אין זכרון.

א פאבעל איז, אין גרונד גענומען, א מין סקיצע, וואס פארמאגט מער דראמאטישקייט, מער געצאמטקייט און שפאנונג ווי א סקיצע און וואס האט אויך אן אייגענע פאעטישע פארמע, וועלכע א סקיצע האט ניט.

אין איר פרימיטיווער פארמע איז א פאבעל געווען א דראמאטיזירטער משל, וואס ווערט דערצעהלט, כדי ארויסצוברענגען א געדאנק; אבער אין איר ווייטערדיגער, מער ענטוויקעלטער ליטעראַרישער פארמע איז עס פארוואנדעלט געווארען אין א קונסטלעריש־געמאלען בילד, וואס שפיגעלט אפ פארשיידענע טיפען, האנדלונגען, געפיהלען און געדאנקען.

די פאבלען פון אמאל האבען באלאנגט צו דעם ערשטען, צו דעם מער־פרימיטיווען ארט שאפען; אבער די מאדערנע פאבעל האט זיך דערהויבען צו דער שטופע פון א קונסט־ווערק. זי שטעהט שוין זייט־ביי־זייט מיט אנדערע קונסטלערישע שאפונגען און האט פארנומען א גלייכבארעכטיגטען פלאץ מיט אנדערע פאעטישע ווערק. א מאדערנער פאבעל־שרייבער פאראייניגט אין דער אמת'ן די קונסט פון אן ערצעהלער און פאעט אין זיין פאבעל.

נחום יוד'ס פאבלען זיינען אלע פון אן אמת'ען קינסטלערישען ווערטה. זיי פארמאגען די בעסטע אייגענשאפטען סיי פון א קורצער ערצעהלונג, סיי פון א ליד; זיי זיינען דערצו באחויכט מערסטענס מיט א פילאזאפישען גייסט, אין וועלכען עס פיהלט זיך אויך א פסיכאלאגישער אנאליז פון מענשליכען כאראקטער און פון מענשליכער האנדלונג אין לעבען.

זיינע פאבלען פארשאפען דעם לעזער א גייסטיגען פארגעניגען. זיי האלטען אים געשפאנט מיט זייער קורצען, מערסטענס דראמאטישען אינהאלט, מיט זייער פאלקסטימליכער, ריטמישער, פאעטישער שפראך און מיט זייער הומאריסטישען, שארפזיניגען, סאטירישען גייסט. וועמען ער זאל ניט שילדערען אין די פאבלען — צי חיות, צי מענשען — ווילט זיך אונז הערען וואס זיי זאגען און טוען, וואס זיי פיהלען און וואס זיי דענקען; ווייל מיר דערפיהלען גלייך פון אנפאנג אן, אז אין זיי, אין זייערע רייד און האנדלונגען, שפיגעלט זיך אפ אין דער אמת'ן אונזער אייגענער „איך", מיט אלע חסרונות און שוואכקייטען, און אונזער אייגענער לעבען, מיט אלע זיינע קאמישע און טראגי־קאמישע סיטואציעס.

און ווען מיר צולאכען זיך, אדער ווען מיר שמייכלען פון דעם ווארט אדער פון דער האנדלונג פון די העלדען אין דער פאבעל, דערפיהלען מיר אפט, אז מיר לאכען דא פאקטיש פון זיך אליין, פון אונזער אייגענער שוואכקייט, וואס ווערט דא ארויסגעבראכט אויף א הומאריסטישען, אדער סאטירישען, אבער גוטמוטיגען אופן. דאס דערלייטערט אונז, דאס בעסערט אונז אויס; ווייל באווייזען אונז אונזערע אייגענע חסרונות מיינט פירען אונז אויפ'ן וועג פון אונזער אויסבעסערונג.

אין דעם ליגט די קראפט און באדייטונג פון דער פאבעל, ניט נאר אלס א קינסטלעריש ווערק, נאר אויך אלס א מאראלישען וועגווייזער.

אין נחום יוד'ס לידער פיהלט זיך אויך זיין אייגענארטיגער דיכטערישער טאלאנט. זיי זיינען דורכגעדרונגען מיט א שטילען, אינערליכען ליריזם, וואס גיט זיך אונז איבער ביים לייענען. זיי שאפען א פאעטישע אטמאספערע, א שטימונג, וואס שטעקט אונז אן און וואס געפינט אין אונז אן אפקלאנג.

אפטמאל איז נחום יוד עלעגיש, פעסימיסטיש, אדער אפילו מעלאנכאליש אין זיין ליד; אבער גאנץ אפט ווערט ער מיט אמאל אין זיין ליד אפטימיסטיש, לעבענס־לוסטיג און אפילו באגייסטערט; אט איז ער פול מיט יוגענטליכער פרייד; און אט דערזעהט איר אין זיינעם א ליד א מענשען, וואס איז שוין ענטוישט און מיד פון לעבען און וואס רעדט מיט רעזיגנאציע וועגען „לעצטען וועג"; אט איז ער אן עפיקורעער, וואס וויל געניסען פון לעבען; און אט איז ער אן אסקעט, וואס דארף קיין זאך ניט און וויל גארנישט ניט. אבער א שטענדיגע באגייסטערונג ווייזט ער ארויס פאר דער נאטור, אין וועלכער ער איז ממש פארליבט.

די אלע פארשיידענארטיגע שטימונגען און איבערלעבונגען דריקט אויס נחום יוד אין זיינע לידער אויף אן אויפריכטיגען און דייטליכען אופן, מיט א קלארער, עכט־אידישער שפראך, מיט א דורכזיכטיגע, ריטמישע, מוזיקאלישע פערזן, אין וועלכע עס פיהלט זיך שטענדיג דער לעבעדיגער אטעם פון פאעזיע.

נחום יוד איז ביז א געוויסער מאס באאיינפלוסט אין זיינע ליטעראַרישע שאפונגען פון דער רוסישער פאעזיע. אבער אין זיינע פרעמדע מאטיוון, אפילו אין זיינע איבערזעצונגען פון רוסיש פיהלט זיך גארניט קיין שום פרעמדקייט, ווייל ער באווייזט צו פאראידישען דעם אריגינאל אזוי, אז עס ווערט ביי אים אן עכט־אידישער ליטעראַרישער פראדוקט. זיינע איבערזעצטע פאבלען און לידער קאנקורירען דעריבער אין זייער קינסטלערישען ווערטה מיט'ן אריגינאל און קענען זיך פארמעסטען מיט'ן אריגינאל. און דאס איז די העכסטע דערגרייכונג פון אן איבערזעצער.

אויך די פרעמדע מאטיוון האט נחום יוד אזוי אסימילירט, אזוי פארדייעט, אז זיי זיינען געווארען א טייל פון אים גופא; ס'איז צייטענווייז גאנץ שווער צו געפינען אין די אלע מאטיוון דעם שפור פון א פרעמדען איינפלוס, ווייל נחום יוד לעבט אליין דורך די אלע עמאציעס און געדאנקען איידער ער פארוואנדעלט א פרעמדען מאטיוו אין אן אייגענער שאפונג.

נחום יוד איז א מייסטער פון דער אידישער שפראך, צו וועלכער ער פיהלט א חייםע ליבשאפט און טיפע אכטונג. ער האלט אין איין באארבייטען און איבערארבייטען, אין איין פיילען און שלייפען יעדען אויסדרוק, יעדען פערז און ווארט, ביז וואנען ער דערגרייכט די פאלקאמענע גאנצקייט און הארמאניע. ער פארמאגט א שארפען חוש פאר לשון און איז זעהר סענסיטיוו צו שפראך.

דעריבער איז אזוי אנגענעם צו לייענען די פאלקסטימליכע אויסגעהאמערטע, ריטמישע פערזען פון זיינע פאבלען און די דעליקאטע, איידעלע און שטימונגספולע פערזען פון זיין ליד, צי מיט א גראם, צי אהן א גראם.

כ'האב איצט ווידער דורכגעלייענט א סך פון נחום יוד'ס פאבלען און לידער; עס האבען מיך ווידער דורכגענומען זייערע פילפארביגע שטימונגען און געדאנקען; איך האב געוואלט דא באגרינדען מיינע מיינונגען מיט ביישפילען, מיט אויסצוגען פון זיי; אבער ס'איז געווען פשוט אונמעגליך, ווייל איך האב אנגעצייכענט ביים לייענען צענדליגער און צענדליגער אזעלכע מוסטערען, וואס מיר האט זיך געוואלט דא ברענגען פאר'ן לעזער; און דאס וואלט געווען אונמעגליך צו טאן אין א צייטונגס־ארטיקעל.

דער איינציגער אויסוועג איז, אז מיר זאלען וואס שנעלער ארויסגעבען א פולע זאמלונג פון נחום יוד'ס פאבלען און לידער, כדי מיר זאלען קענען ריכטיג אפשאצען זיין גרויסען גייסטיגען אוצר, וואס ער האט פאר אונז אנגעזאמעלט אין פארלויף פון די לעצטע פיר צענדליג יאר פון זיין וויכטיגער ליטעראַרישער ארבייט.

דאס וואלט, אגב, געווען די בעסטע, די פאסיגסטע מתנה צו דער איצטיגער פייערונג פון זיין 65־יאריגען יובל.

# אידישע קולטור אין אַמעריקע

די שטילע רעוואָלוציע. — דער אַרבייטער אין אַמעריקע און דער אידישער אַרבייטס־מענש דאָ אין לאַנד זיינען ניט מער קיין פּראָלעטאַריער. — דער מעדיצינישער קאָלעדזש אויפ'ן נאָמען פון אַלבערט אַיינשטיין. — די אויפגאַבען פון דער אידישער קולטור אין אונזער צייט.

פון א. מענעס

פאר די לעצטע פאר צענדליג יאר האט אמעריקא דורכגעמאכט א ש ט י ל ע ר ע וו א ל ו צ י ע. עס וועט אפשר זיין ניט קיין גוזמא צו זאגען, אז די שטילע רעוואלוציע אין אמעריקע האט געבראכט מער פאזיטיווע רעזולטאטען ווי די שטורמישע רעוואלוציעס אין א ריי אנדערע לענדער. עס איז געווען א רעוואלוציע אהן באריקאדען, אהן ברוטאלע קאמפען און אהן בלוט־פארגיסונג, און דאך האט זיך דאס פנים פון אמעריקע ראדיקאל געענדערט, און נאך ראדיקאלער האט זיך געענדערט אידיש לעבען דא אין לאנד.

אין לויף פון אט דער שטילער רעוואלוציע האט אמעריקע באוויזען צו פארענטפערען א ריי פראבלעמען פון סאציאלער נויט און עקאנאמישער אומזיכערקייט, וואס זיינען געווען אזוי כאראקטעריסטיש פאר דער פרייער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט מיט א דור צוריק. צוזאמען מיט דעם האבען זיך אויך געענדערט א סך פון אונזערע אלטע באגריפען און פארשטעלונגען. מיר זיינען נאך אוודאי ווייט פון דעם אידעאל פון משיח'ס צייטען. פאראן גענוג סיבות פאר אומרוהיגקייט און אומצופרידענהייט אויך אין אונזער צייט: די מורא פאר מלחמה באאומרוהיגט אונז אבער א סך מער ווי די מורא פאר קאפיטאליסטישער עקספלואטאציע. דערמיט האב איך אבסאלוט ניט בדעה צו זאגען, אז די אינעווענדיגסטע סאציאלע פראבלעמען זיינען שוין ביי אונז געלייזט. עס איז אבער יא וויכטיג פעסטצושטעלען, אז מיר זעהען היינט אין גאר אן אנדער ליכט די סאציאלע און עקאנאמישע קאנפליקטען אין דער מאדערנער געזעלשאפט.

עס איז, דוכט מיר, קודם כל וויכטיג פעסטצושטעלען דעם פאקט, אז דער ארבייטער דא אין לאנד — יעדענפאלס אויף וויפיל עס האנדעלט זיך וועגען די ארגאניזירטע ארבייטער — האט אויפגעהערט צו זיין א פראלעטאריער. קען מען דען נאך היינט ערנסט ריידען וועגען דעם, אז דער ארבייטער האט מער ניט וואס צו פארלירען א חוץ זיינע קייטען? דער ארבייטער אין אמעריקע האט היינט־צו־טאג א סך וואס צו פארלירען, און אויב ער פיהלט זיך פון צייט צו צייט באַעוולה'ט, פיהלט ער זיך זיכער ניט הילפלאז און פארצווייפעלט.

מיר פלעגען אמאל קוקען פון אויבען אראפ אויפ'ן מיטעלשטאנד און דער אויסדרוק „קליינבירגער" איז געווען שיער ניט א זידלווארט. היינט צו טאג געהערט די גרויסע מערהייט פון ארבייטער קלאס פראקטיש, פסיכאלאגיש און אויך סאציאל, צום מיטעלקלאס. די אמביציעס פון דעם ארבייטער זיינען צום גרעסטען טייל די זעלבע ווי די אמביציעס פון דעם „קליינבירגער": אן אייגענע היים, זיכערקייט אויפ'ן פאל פון קראנקהייט, פארזארגונג אויף דער עלטער א. אז. וו. און עס האט זיך דעם ארבייטער אויך איינגעגעבען א היפשען טייל פון זיינע אמביציעס צו פארווירקליכען.

און אין אט־דער אלגעמיינער אנטוויקלונג איז די אידישע באפעלקערונג דא אין לאנד זיכער ניט געבליבען הינטערשטעליג. גראד פארקערט, מיר זיינען אוועק ווייט פאראויס. מיר האבען נאך אוודאי א היפש ביסעל אידישע ארבייטער. עס זיינען אבער כמעט ווי נישטא מער קיין אידישע פראלעטאריער. ווי ווייט מיר זיינען היינט פון דעם עלענד און דער נויט אויף דער איסט סאיד מיט א האלבען יארהונדערט צוריק!

* * *

מיר זיינען געווארען א פאלק פון מיטעלשטאנד, א פאלק פון „קליינבירגער". עס איז ניטא קיין שום גרונד מיט דעם זיך צו שעמען. דאס שטעלט אונז אבער פאר א צאל זעהר און זעהר ערנסטע פראבלעמען.

א פאלק פון „קליינבירגער" זיינען מיר אייגענטליך תמיד געווען. האט א איד חתונה געהאט, איז ער געווארען א בעל הבית. עס וועט אפשר זיין ריכטיג צו זאגען, אז דער מענש בכלל איז לויט זיין נאטור א קליינבירגער. ווער פון אונז איז אינגאנצען פריי פון דער „בעל־הבית'ישער" פסיכאלאגיע צו האבען אן אייגענע ווינקעל פאר זיך? די צרה איז אבער, וואס אונזער אידישע קולטור, ווי זי איז באשאפען געווארען דא אין לאנד במשך פון די לעצטע צוויי דריי דורות, איז ווייניג צוגעפאסט פאר די פאדערונגען פון דעם אידישען מענשען פון אונזער צייט.

מיט א האלבען יארהונדערט צוריק איז פאר אידיש לעבען אין אמעריקע געווען כאראקטעריסטיש דער תהום צווישען די „יאהודים" און דער גרויסער מאסע פשוט'ע אידען. געווען פון איין זייט א רעפארם־אידישקייט, וואס איז געווען אינגאנצען צוגעפאסט צו די באגריפען פון דעם רייכערען פון דעם בורזשואזען שיכט אידען, און פון דער אנדערער זייט האבען אידישע ארבייטער און אידישע פאלקס־מענשען געפרובירט שאפען נייע פארמען פון א אידישער פאלקס־קולטור, צוגעפאסט צו די פאדערונגען און באגריפען פון דער גרויסער פראלעטארישער מאסע פון אימיגראנטען. אויב די טעמפעל־אידישקייט איז געשטאנען דער עיקר אין דינסט פון די פארמעגליכע, זיינען די קינסטלערישע שאפונגען פון עדעלשטאדט און באוושאווער, ראזענפעלד און ווינטשעווסקי געשטאנען אין דינסט פון די ארימסטע פאלקס־מענשען. אנטקעגען דעם האבען מיר ניט באוויזען צו שאפען א געהעריגע קולטור פאר'ן מיטעלשטאנד, פאר'ן בעל־הבית'ישען ארבייטער, אויב מ'קאן זיך אזוי אויסדריקען. גראד היינט נויטיגען מיר זיך אממייסטען אין א קולטור, אין פארמען פון אידיש לעבען, וואס זאלען פארענטפערען די זארגען און פראבלעמען פון דעם מיטעלען מענשען. מיר נויטיגען זיך אין א אידישקייט, וואס איז נ י ט ג ב י ר י ש און נ י ט פ ר א ל ע ט א ר י ש, נאר ט י ף מ ע נ ש ל י ך, א ל ג ע מ י י ן מ ע נ ש ל י ך.

עס לאזט זיך אין דער לעצטער צייט מערקען א שטארקערע זוכעניש נאך אידישקייט, נאך א אידישען אינהאלט פאר'ן אידישען ישוב אין אמעריקע. פאר די לעצטע עטליכע יאר זיינען אויסגעבויט געווארען צענדליגער און צענדליגער נייע אידישע צענטערס, טעמפלען און שוהלען. די צאל קינדער, וואס קריגען א אידישע ערציהונג איז באדייטענד אויסגעוואקסען. פאראן א גרעסערער אינטערעס פאר די טראדיציאנעלע פארמען פון אידישקייט און באזונדערס פאר אידישער יום־טוב'דיגקייט. אין דער זעלבער צייט אבער הערשט אין אונזער אידיש לעבען די גרעסטע גייסטיגע פארלארענקייט. דער אידישער מענש ווייזט ארויס מער פארשטענדעניש פאר טראדיציע, עס האבען זיך פארשטארקט די רעליגיעזע שטימונגען אין די ברייטסטע קרייזען, מיר זיינען אבער נאך ווייט פון א טיפער רעליגיעזער תשובה־באוועגונג. און גראד די ערנסט־דענקענדיגע צווישען אונזערע רעליגיעזע פירער גיבען זיך אפ וועגען דעם א חשבון.

מען דארף בכלל ניט איבערטרייבען די ראלע פון דער רעליגיעזער אויפלעבונג וואס קומט פאר איצט אין אמעריקע בכלל. עס קאן פארלויפיג ניט זיין קיין רייד וועגען א טיפער רעליגיעזער אויפרודערונג. עס איז מער אן אויפלעבונג אין אויסערליכע פארמען ווי אין גייסטיגען אינהאלט. און דאס זעלביגע איז אויך וויכטיג אין אונזער אידישער וועלט.

* * *

עס איז אבסאלוט ניט קיין צופאל, וואס גראד אזא רעליגיעזע אינסטיטוציע ווי דער ישיבה־אוניווערזיטעט האט זיך גענומען פאר דער אויפגאבע צו גרינדען א מעדיצינישען קאלעדזש, די ערשטע מעדיצינישע שול אונטער אידישער השגחה. א פיאנערישער פרואוו פון אן ענליכען פארנעם איז דער בראנדייס אוניווערזיטעט. פון די צוויי עקספערימענטען, און נאך א צאל אנדערע, וואס זיינען דערוויילע אין דעם צושטאנד פון פלאנירען, קאנען מיר, גלויב איך, א סך לערנען וועגען די וועגען פון אידישען קולטור־לעבען אין אמעריקע. אידישע קולטור אין אמעריקע איז זעהר און זעהר א קאמפליצירטער ענין. מיט וואס זאל זיך די אידישע קולטור אויסטיילען אין פארגלייך מיט דער אלגעמיינער קולטור?

דער איינפאכסטער ענטפער איז רעליגיע. דא איז דער אונטערשייד צווישען אידען און ניט־אידען קלאר. אזא ענטפער איז פארשטענדליך סיי פאר אונז און סיי פאר אונזערע ניט־אידישע שכנים. דער רעליגיעזער ענטפער האט נאך איין גרויסע מעלה. ער לאזט איבער גענוג פלאץ פאר אידישער שותפות אין אלגעמיינעם לעבען פון אמעריקע. עס איז אבער פאראן איין גרויסע שוועריגקייט — וואס זאל טאן א אידישער מענש, וואס איז ניט רעליגיעז?

דער צווייטער ענטפער איז: אידיש לשון איז דער וויכטיגסטער סימן פון אידישער קולטור. שפראך איז אוודאי אן אויסערגעוועהנליך וויכטיגער ענין. שפראך גיט אויך מעגליכקייט פאר וועלטליכע פארמען פון אידיש קולטור־לעבען. און באמת איז אונזער קולטור שעפערישקייט אין אידיש געגאנגען הויפטזעכליך אין דער ריכטונג פון וועלטליכקייט. אבער דא זיינען די שוועריגקייטען נאך גרעסער. אין פרט פון א וועלטליכער קולטור איז קוים מעגליך אויסצוהאלטען די קאנקורענץ מיט דער רייכער אלגעמיין־אמעריקאנישער קולטור אין ענגליש. און צווייטענס, וואס זאלען טאן אידען, דער צווייטער און דריטער דור, וואס אידיש איז ניט מעה זייער שפראך פון לעבן און דענקען?

פאראן נאך א טיפערע סיבה פארוואס דער רעליגיעזער ענטפער אפעלירט צו א ברייטערען קרייז. מיר האבען שוין געזעהן: ניטא היינט קיין אידישער קלאס פון פראלעטאריער. דער בעסער באצאלטער ארבייטער, דער מיטעלקלאס געשעפטסמאן, דער דאקטאר, דער לאיער — זיי זיינען כאראקטעריסטיש פאר'ן אידישען לעבען אין אמעריקע אין דער איצטיגער צייט. זיי פיהלען די נויטיגקייט אנצוהאלטען די פארבינדונג מיט'ן אידישען כלל. זיי זוכען אבער א וועג, וואס זאל זייער אידישקייט פארשאפען דעם געהעריגען פרעסטיזש. אידען האבען דאס העכסטע דערגרייכט אויפ'ן געביט פון רעליגיע. איז נאטירליך און פארשטענדליך, וואס עס איז אונז שווער זיך צו שיידען מיט'ן וויכטיגסטען טייל פון אונזער גייסטיגען פארמעגען.

רעליגיע ברענגט א חוץ דעם אריין אינהאלט אין דער היים, אין דער פאמיליע. אידיש גלויבען פארשטארקט אין אונז דעם געפיהל פון פארבונדענקייט מיט דורות. מיר פיהלען זיך ניט אזוי פארלארען אין

(שלוס אויף זייט 6, סעקשאן 1)



# סוזי

(ערצעהלונג)

פון מרים ראַסקין

דאס איז געווען אין איינעם א פארנאכט. די דינסטמיידעל איז געשטאנען אין קיך און האט מיט פלינקע, געשיקטע באוועגונגען פארענדיגט צוגרייטען דעם סאפער. זי האט געפרעגעלט קאטלעטען, צוגעשטעלט קאכען קארטאפעל און צוגעגרייט די גרינסען. דערנאך האט זי די מאכלים גענומען טראגען צום טיש אין „דאינינג רום".

ביים טיש זיינען נאר צוויי מענשען געזעסען: סוזי'ס מאדאם און איר גאסט, איינער א מיסטער סטאון. סוזי, אנגעטאן אין איר ווייסען יוניפארם, האט פון דער זייט געווארפען אומרוהיגע בליקען אויף זיי ביידען. זי האט געוואוסט, אז ווען אט דער מיסטער סטאון קומט, וועט זיך שוין דער סאפער פארציהען לאנג און זי, סוזי, וועט דארפען ווארטען ביז זי וועט קענען אראפנעמען פון טיש, צעוואשען דאס געפעס און צוראמען די קיך.

א כעס האט איר ארומגענומען. אז זי איז אריין צוריק אין קיך, האט זי פון אויפרעגונג געווארפען און געקלאפט מיט די טעלער און טעפלער. זיי ריידען דארט צווישען זיך און עסען. זיי ריידען מער ווי זיי עסען. עס נעמט גאר קיין סוף ניט צו זייערע רייד. און זי, סוזי, האט גראד היינט א „דעיט" מיט איר געליבטען, מיט דזשאני'ן. באלד וועט זי זיך דארפען אנטאן און גהען אים באגעגענען. דזשאני וועט שוין אויף איר ווארטען.

זי ווייס, אז זי וועט פארשפעטיגען דעם „דעיט" און איר דזשאני וועט ניט גלויבען אז עס איז ניט איר שולד, אז עס איז די שולד פון דעם מיסטער סטאון, וואס אז ער קומט און הויבט־אן צו ריידען, ווייס ער ניט ווען אויפצוהערען. זי געהט ווידער אריין אין „דאינינג רום" מיט א נייעם מאכל און זי זעהט ווי איר מאדאם און דער גאסט אירער זיצען זיך אזוי געמיטליך און שמועסען, עסען זיך אזוי פאמעלער און עס ארט זיי גארניט.

ער איז, ווייזט אויס, זעהר געלערענט, אט דער מיסטער סטאון. ער רעדט פון אלערליי ביכער, פון טעאטער, אדער פון די מוזעאום, און די מאדאם איז צופרידען. זי שמייכעלט צו אים און שאקעלט־צו מיט'ן קאפ.

סוזי ווייס, אז ער ער קומט, לעבט זי גאר אויף, די מאדאם. איר פנים ווערט אינגער, אירע באוועגונגען לייכטער, און מער גראציעז. די מאדאם איז א חויבע, א גלייבע, זי האט ווייסע הענט, מיט דינע, לאנגע פינגער, אן אמת'ע „לעידי". איר גאנצע פיגור איז דאר, די באַקען איינגעפאלען, נאר עס זעהען זיך אין איר סימנים פון געוועזענער שעהנקייט. אירע בלאנדע האר זעהען אויס ווי פארנעצטע זאנגען אויפ'ן פעלד און זי פרעסט זיי אין אין מארישע לאקען.

סוזי ווייס ווייניג וועגען דעם לעבען פון איר מאדאם. זי זעהט נאר אפט ווי די מאדאם איז אומעטיג און פארטראכט. ווייזט אויס, זי האט געהאט א מאן, וואס האט איר איבערגעלאזען און איז ערגעץ אוועק שוין „פאר גוד", און איצט וואוינט זי איינע אליין דא, אין דעם רייכען, שעהנעם הויז.

נאך פאר סוזי'ן איז דאס א גוטער דזשאב. זי ווייס וואס וואס זי האט צו טאן. זי דארף וואשען און פרעסען און אויסוועקסען דעם פלאר עס זאל גלאנצען, און ארויסהעלפען אין קיך מיט די מאלצייטען. די מאדאם פון איר זייט איז צופרידען מיט סוזי'ן און זי שענקט איר אפט קליידער, וואס זעהען נאך אויס ווי נייע, א סאמעטענעם מאנטעל, אביסעל אפגעריבען, אן „איווינינג גאון" מיט עטוואס אפגעשאטענע, בלישטשענדיגע פליטערלער. און אז סוזי טוט עס אן, זעהט עס אויס ווי נייע.

ווען די מאדאם איז אין א גוטער שטימונג, פארהאלט זי זיך היימיש מיט סוזי'ן. און סוזי, אין א שמועס מיט אירער א חבר'טע, קען זיך דערנאך בארימען ווי זי און איר מאדאם עסען אמאל אינאיינעם אנבייסען זיצענדיג אין קיך ביי איין טיש.

— אט אזוי ווי איך זיץ דא מיט דיר, אנעסט, — דערצעהלט זי איר חבר'טע.

אט איז א פרימארגען אזא. די מאדאם האט זיך צוגעלייגט אין „ליווינג רום" אויפ'ן סאפקעלע. סוזי ראמט און רייניגט די הויז, מיט אירע פלינקע און פרייע באוועגונגען. אירע שטייפע, יונגע ברוסטען צייכענען זיך אפ פון אונטער דעם בלויען, געפרעסטען הויז קלייד. די מאדאם קוקט איר נאך. זי באַוואונדערט סוזי'ס בויגיגע, אויסגערונדיגטע גלידער, די פרישע, ברוינע הויט פון איר פנים, פון איר האלז, אירע ארעמס, און ווי גרינג זי גיט א רוק א שווערע שטיק מעבעל, אז זי זאל צוקומען וואו נאר א שטויבעלע.

עס שלאגט מיט ווארימקייט, מיט יוגענט פון יעדען קער איר'ן, די מאדאם קען די אויגען ניט אפרייסען פון איר. מסתמא איז זי אין הארצען איר מקנא. סוזי איז נאך יונג, זי ווייס נאך אזוי ווייניג פון דעם שלעכטס, וואס דאס לעבען פארמאגט.

— דו זאלסט ניט חתונה האבען, סוזי, — ווילט זי ווארענען סוזי'ן.

— יעס, מע'ם, — ענטפערט איר סוזי און דרעהט קאמיש מיט די אויגען־ווייסלער.

סוזי'ן טוט באנג פאר איר מאדאם, וואס רעדט שטענדיג מיט אזא שטילער, אומעטיגער שטימע. זי קוקט אויס פארבענקט און זי האט ווייניג פריינט און זעלטען ווען זי געהט ערגעץ פארברענגען. זי לייענט נאר ביכער, אדער זי זיצט אזוי שטיל און פארקלערט. בלויז איין גוטען פריינט האט די מאדאם, און דאס איז דער מיסטער סטאון. דעמאלט געהט אוועק דער אומעט פון איר פנים. זי פוצט זיך אויס דעמאלט, זי ווערט פרעהליך און זי קוקט אפילו אויס שעהן.

נאר סוזי האט ניט ליב אט דעם מיסטער סטאון. ער איז א קליינגעוואקסיגער און א דארער און זעהר א רירעוודיגער. אט זעצט ער זיך אוועק און באלד גיט ער זיך א הויב אויף צוריק און נעמט ארומגעהן איבער'ן צימער. ער טראגט גרויסע אויגען־גלעזער און די האר זיינען ביי אים אנטלאפען אויף צוריק פון הויכען שטערען. אבער ערגער פון אלץ איז ווען ער נעמט ריידען, אז עס נעמט גאר קיין סוף ניט.

א סך מאל האט אפילו סוזי גענוג שפאס, ווען זי זעהט ווי ער און די מאדאם זיצען ביידע אזוי און ריידען און ריידען און קוקען זיך אן און גארניט. עס ווילט זיך איר אזש לאכען. קיינמאל האט זי נאך ניט געזעהן, אז דער מיסטער סטאון זאל ארומנעמען דער מאדאם, ער זאל איר געבען א קוש — דזשי! — גיט זי א הויב מיט די אקסלען. ווען איר דזשאני וואלט אזוי געווען, וואלט זי אים שוין לאנג אוועקגעווארפען.

נאר היינט איז סוזי שטארק אויפגערעגט אויף זיי ביידען, — אויף דער מאדאם און דעם מיסטער סטאון. עס מוז דאך נעמען א סוף פון זייער ריידען און פון דעם סאפער. זי וועט פארשפעטיגען דעם „דעיט" מיט איר דזשאני'ן. וואס טוט מען?

זי געהט־צו צו דער טיר פון דאינינג רום, לעגט־צו אן אויער: וואו האלטען זיי איצט אין זייער שמועס? און זי הערט ווי מר. סטאון, רייידענדיג אזוי, רעכענט אויס א צעטעל פון גרויסע שרייבער, וואס די נעמען פון זיי האט נאך סוזי געהערט ווען זי איז געגאנגען אין סקול. אט דערמאנט ער דעם נאמען פון דעם שרייבער שעקספיר.

— גוד נאיט! — גיט סוזי א מורמל ארויס צו זיך אליין מיט כעס. זי ווייסט, אז ווען מר. סטאון הויבט אן ריידען וועגען שעקספיר'ן, וועט ער שוין אזוי גיך ניט אויפהערען. וואס זאל זי טאן? זי קוקט אויף דעם קיך־זייגער. עס ווערט אלץ שפעטער און איר דזשאני ווארט שוין געוויס דארטען, אין „אייז־קרים פארלאר", וואו זיי האַבען אפגערעדט.

עס זידט אין איר דער כעס, ווי עס זידען איצט די טעפלער אויפ'ן אויוועז. זי האט פארגלענדיג די קאטלעטען געמאכט א צו־גרויסען פייער, עס האט זיך פארשפרייט פעטס איבער'ן הייסען אויוועז און עס איז געווארען א טשאר. זי ווייס, די מאדאם האט ניט ליב קיין טשאר, זי קריגט א קאפ־ווערטאג דערפון. נאר סוזי'ן ארט שוין איצט גארניט. זי ווארפט מיט די טעלער און טעפלער, אז עס קלינגט אפ דארטען, אין אנדערען צימער, וואו עס זיצען איר מאדאם און איר גאסט.

* * *

זי האט שוין צוגעגרייט דעם „דעזוירט" און זי גיט עס א טראג אריין אין דאינינג־רום און גיט עס האסטיג א שטעל אוועק אויפ'ן טיש. זי שטעהט נאך און ווארט אומישנע, אז זיי זאלען עס שוין אנהויבען עסען. פשוט זי רייסט פון די הענט דעם טעלער מיט דער פארציע פלייש, וואס דער מיסטער סטאון האלט נאך אינמיטען עסען. זי כאפט פון טיש די טעלער און די לעפעל און טראגט עס שנעל אין קיך צו וואשען עס, אזוי, אז מיסטער סטאון וואונדערט זיך. ער פארשטעהט ניט און הויבט מיט די פלייצעס און די מאדאם פיהלט אויך שלעכט און זי מוז זיך שוין פארענטפערען פאר אים.

— די סוזי, זי האט גארניט קיין גוטע מאניערען, וויפיל איך לערען איר און עס איז אומזיסט.

— נו יע, וואס קען מען דערווארטען... — גיט צו דער מיסטער סטאון.

* * *

סוזי ווייסט, אז זיי ריידען איצט שלעכטס וועגען איר, נאר איר ארט ניט. זי ווייס נאר, אז דזשאני ווארט

(שלוס אויף זייט 6, סעקשאן 1)

# געבענטשט...

פון מאַני לייב

(צו זיין צווייטען יאָרצייט)



מאַני לייב

געבענטשט זאָל זיין די ערד פון אונטער מיינע טריט,
און איבער מיר די זון, וואָס צייכענט מיינע טעג;
די ווינטען אין די רוימען, וואָס איך זעה זיי ניט,
נאָר ווי דאָס גראָז באַרירען מיך אויף זייער וועג;

די ביימער, וואָס זיי וואַקסען פאַר דער הייסער זעג;
די חיות, שטומע, וואָס איך פיהל ווי ברידער מיט;
די פייגעל, וואָס זיי רופען צו מיין גרויען ברעג
אַרויף נאָך זייער הויכען פליגעל מיין געמיט.

געבענטשט, געבענטשט. נאָר טויזענט מאָל געבענטשט זאָל זיין
פון מיין געבאָרען יענער ערשטער טאָג,
ווען איך האָב אַלדי וואונדער אויף דער וועלט דערזען.
איך זאַמעל זיי דורך טעג און וואַרעם זיי און טראָג

צו לייגען זיי ביים קבר, וואו די פיין שלאָפט איין
פאַר גליקליכע ווי איך, וואָס וועלען קומען ווען.

# ליטעראַטור

ליטעראַרישע קריטיק

דיסקוסיעס • נאָטיצען

## „אַמעריקע אין אידישען וואָרט“

• אַן אַנטאָלאָגיע, אַרויסגעגעבען פון דעם „איקוף“, רעדאַקטירט פון נחמן מייזיל. •

פון הלל ראָגאָף

„וואָס זיינען מיר אויסען מיט דער אַנטאָלאָגיע „אַמעריקע אין אידישען וואָרט“? — פרעגט נחמן מייזיל, דער רעדאַקטאָר פון דעם ווערק, אין דער פאָררעדע וועלכע ער האָט אליין אָנגעשריבען. און זיין ענטפער איז: „קודם כל ווילען מיר דורך פאַרשידענע שאַפונגען פון אידישע דיכטער און ערצעהלער באַווייזען ווי אַזוי די אַלגעמיינע און אידישע אַמעריקע, מיט איר ליכט און שאָטען, מיט אירע פּאַסירונגען און געשעהענישען, פּאָליטישע און סאָציאַלע קאַמפען, מיט איר רייכער און קאָלירפולער נאַטור, ווי דאָס אַלץ איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען, באַזונגען און געשילדערט געוואָרען אין דער אידישער ליטעראַטור.“

מיר ווילען זאָגען גלייך אין אָנהויב פון דער רעצענזיע, אַז מיר צווייפלען זעהר שטאַרק צי מר. מייזיל האָט אונז געגעבען דעם ריכטיגען ענטפער אויף זיין פראַגע. מיר זיינען חושד, אַז ער האָט געוואוסט אַז די אויפגאַבע זיינע איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע און אַז מיט דער ערקלערונג זיינער האָט ער געזוכט צו פאַרדעקען דעם אמת. מיר קומען צו דעם שלום אויפ'ן גרונד פון דעם אינהאַלט פון דער אַנטאָלאָגיע, פון דעם אויסוואַל וואָס מר. מייזיל האָט געמאַכט בנוגע די שרייבער און בנוגע די אויסצוגען פון די שרייבער'ס ווערק.

ערשטענס, וועגען די שרייבער. אין דער פאָררעדע באַרימט זיך מר. מייזיל, אַז אין דער אַנטאָלאָגיע זיינען פאַרטראַטען עטליכע הונדערט שריפטשטעלער. אַ סך פון די נעמען, וואָס מען געפינט דאָרטען, זיינען פרעמד דעם אַלגעמיינעם אידישען לעזער, אפילו אַזוינע לעזער, וועלכע האָבען אַ גוטע ידיעה אין דער אידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק. וויפיל לעזער האָבען געהערט פון אַזוינע נעמען ווי משה קיש, יודיקאָ, שלמה וואַסערמאַן, שמואל דן, ברכה קודלי, שלמה בעלסקי, אַבאַ קליגער, בן שלום, זעליג העלער? זיי אַלע און אַ סך פון זייער גלייכען פאַרנעמען אַ בכבוד'יגען אָרט אין דער אַנטאָלאָגיע. אָבער דאָרט איז ניטאָ קיין אָרט פאַר אַזוינע שריפטשטעלער און זשורנאַליסטען, ווי: אַב. קאַהאַן, צביון, דוד איינהאָרן, יצחק באַשעוויס. פון שטאַנדפּונקט פון טאַלאַנט, פון שטאַנדפּונקט פון וויסען וועגן אַמעריקע, פון שטאַנדפּונקט פון פּאָפּולאַריטעט און באַרימטקייט האָט דער מינדעסטער

## צווישען צוויי וועלטען

דאָס פאַרשוויגענע אידישע לעבען פון ווייסרוסלאַנד. — דער פאָלקשער נאָמען „ליטוואַקעס“. — די דריי פעלקער אין ווייסרוסלאַנד און זייערע באַציהונגען צווישען זיך און צו די רוסען. — די מאָלערישע צווישען די דורות אין דער צייט פון דעם איבערבראָך אין אידישען לעבען.

פון דוד איינהאָרן

## אַ צושטערטע פריינטשאַפט

(ערצעהלונג)

פון מרים ראַסקין

# קען סאָוועט־רוסלאַנד „דעריאָגען און איבעריאָגען" אַמעריקע?

**כרושטשעוו'ס באַרימערייען און דער אמת וועגען דעם צושטאַנד פון סאָוועט־רוסלאַנד און פון אַמעריקע. — ווי האַלט עס איצט מיט דער פאָלקס־בילדונג אין סאָוועט־רוסלאַנד? — דער סאָוועטישער „פּאַרלאַמענט" און די אמת'ע געזעצגעבער פון סאָוועטישען פאַרבאַנד.**

פון ד. שוב

לעצטען הערבסט האָט ניקיטאַ כרושטשעוו זיך באַרימט, אַז „אַרום דעם יאָר 1970, אָדער אפשר נאָך פריהער" וועט סאָוועט־רוסלאַנד, אין איר אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג דעריאָגען און אַפילו אַריבעריאָגען די פאַראייניגטע שטאַטען. דאָס הייסט, אַז סאָוועט־רוסלאַנד וועט דעמאָלסט יערליך פּראָדוצירען מער סחורות און פּראָדוקטען פער קאָפּ פון דער באַפעלקערונג, ווי די פאַראייניגטע שטאַטען.

וואַשינגטאָנער עקאָנאָמישע עקספּערטען האָבען דאַן אָנגעוויזען, אַז כרושטשעוו'ס באַרימעריי איז געבויט אויף צוויי פאַלשע באַהויפּטונגען. כרושטשעוו זאָגט, ערשטענס, אַז סאָוועט־רוסלאַנד'ס אינדוסטריעלע פּראָדוקציע איז היינט צו טאָג פופציג פּראָצענט פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען, בעת אין אמת'ן איז זי נאָר פערציג פּראָצענט פון דעם וואָס די פאַראייניגטע שטאַטען פּראָדוצירט.

צווייטענס, בויט כרושטשעוו זיין נביאות אויף דעם, אַז דער אינדוסטריעלער וואוקס פון די פאַראייניגטע שטאַטען וועט שטייגען יערליך נאָר אויף צוויי פּראָצענט, בעת אין דער אמת'ן איז אין די לעצטע זיבען יאָר דער אינדוסטריעלער וואוקס פון די פאַראייניגטע שטאַטען געשטיגען אויף דריי מיט זעקס צענטעל פּראָצענט יעדען יאָר, דאָס הייסט, כמעט אויף צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי די ציפער, אויף וועלכער כרושטשעוו האָט געבויט זיין פאָר־אויסזאָגונג.

די פּראָדוקציע פון דער סאָוועטישער אינדוסטריע וועט פילייכט אין יאָר 1965 זיין אַרום 55 פּראָצענט פון דער פּראָדוקציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען און אין 1970, אויב אַלעס זאָל געהן אַזוי ווי עס איז געגאַנגען אין די לעצטע זיבען יאָר, וועט די יערליכע אינדוסטריעלע פּראָדוקציע פון סאָוועט־רוסלאַנד זיין אונגעפער אַרום 60 פּראָצענט פון דער אַמעריקאַנער.

פון 60 פּראָצענט ביז די איבער 100 פּראָצענט, וועלכע כרושטשעוו האָט פאַראויסגעזאָגט אין זיין רעדע אויפ'ן לעצטען קאָנגרעס פון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז אַ זעהר גרויסער מהלך.

די וואַשינגטאָנער עקספּערטען האָבען אויך געמאַכט די פאָלגענדע פאַרגלייכונגען צווישען די סאָוועטישע און די אַמעריקאַנער עקאָנאָמישע אַנטוויקלונגען:

סאָוועט ־ רוסלאַנד פאַרברויכט באַלד צוויי מאָל אַזוי פיל פון איר גאַנצער נאַציאָנאַלער פּראָדוקציע פאַר מיליטערישע צוועקען, ווי די פאַראייניגטע שטאַטען. זי גיט אויס יעדען יאָר אויף איר מיליטערישער מאַשין אונגעפער אַזוי פיל, וויפיל די פאַראייניגטע שטאַטען — בעת איר גאַנצע יערליכע נאַציאָנאַלע פּראָדוקציע איז ווייניגער ווי אַ העלפט פון דער אַמעריקאַנער.

דאָס איז מעגליך נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס די סאָוועט־רעגירונג צווינגט אַרויף אויף דער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד אַ סך אַ נידעריגערען לעבענס־סטאַנדאַרד, ניט נאָר ווי אין די פאַראייניגטע שטאַטען, און די אַנדערע מערב־לענדער, נאָר אַפילו ווי אין דער קאָמוניסטישער יוגאָסלאַוויע.

די אורזאַך פון סאָוועט־רוסלאַנד'ס שנעלער עקאָנאָמישער און אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג איז ניט וואָס איר אינדוסטריעלע סיסטעם איז אַ בעסערע, ווי די אינדוסטריעלע סיסטעם אין די פאַראייניגטע שטאַטען. זי איז אַהן צווייפעל אַ סך אַן ערגערע. דער סוד פון דעם שנעלען סאָוועטישען פּראָגרעס איז וואָס די סאָוועט־רעגירונג אינוועסטירט אַ פיל גרעסערען פּראָצענט פון דעם נאַציאָנאַלען איינקונפט אין דער שווערער אינדוסטריע און אויף צו פאַרשטאַרקען איר מיליטערישע מאַשין. סאָוועט־רוסלאַנד אינוועסטירט אין דעם אַרום 30 פּראָצענט פון איר יערליכער פּראָדוקציע, בעת די פאַראייניגטע שטאַטען לעגט צוריק אַריין אין אירע אינדוסטריען נאָר אַרום 20 פּראָצענט פון איר יערליכער פּראָדוקציע און דערביי רעכענט זיך סאָוועט־רוסלאַנד אַ סך ווייניגער מיט די באַדערפענישען פון איר באַפעלקערונג, ווי אַמעריקע, אָדער ווי אירגענד וועלכע אַנדערע פרייע לאַנד.

אַזוי צ. ב. האָט סאָוועט־רוסלאַנד אין פאַרגאַנגענעם יאָר פּראָדוצירט נאָר איין אויטאָמאָביל פאַר יעדע 50, וואָס זיינען פּראָדוצירט געוואָרען אין די פאַראייניגטע שטאַטען. אין דערזעלבער צייט, אָבער, האָט זי פּראָדוצירט 4 מאַשין־געצייג פאַר יעדער איינציגער מאַשין־געצייג, וואָס איז פּראָדוצירט געוואָרען אין די פאַראייניגטע שטאַטען. דאָס לעצטע ערקלערט זיך מיט דעם, וואָס די פאַראייניגטע שטאַטען האָט גענוג מאַשין־געצייג פון פריער, בעת רוסלאַנד דאַרף זיי ערשט איצט שאַפען.

אַ צווייטער ביישפּיל: אַמעריקע גיט אויס יעדען יאָר אויף צו פאַרבעסערען דעם טראַנספּאָרט און די קאָמוניקאַציעס מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי סאָוועט־רוסלאַנד. די פאַראייניגטע שטאַטען האַלט כסדר אין בויען נייע וועגען פאַר אויטאָמאָבילען, וועלכע ציהען זיך אויף אַ שטרעקע פון 15 אָדער 20 מאָל לענגער, ווי די סאָוועטישע וועגען. אָבער סאָוועט ־ רוסלאַנד אינוועסטירט יערליך אין די אייזענבאַנען אַ סך מער ווי די פאַראייניגטע שטאַטען. דאָס איז דערפאַר, וואָס די פאַראייניגטע שטאַטען פאַרמאָגט שוין פון לאַנג אַן אויסגעצייכענטע נעץ פון אייזענבאַן־ליניעס, וואָס ציהען זיך פון איין עק לאַנד ביז'ן צווייטען. און רוסלאַנד בויט נאָך ערשט אירע אייזענבאַנען.

די ערנסטע און אויטאָריטעטע „נויע ציריכער צייטונג" האָט ניט לאַנג צוריק, ריידענדיג וועגען כרושטשעוו'ס באַרימערייען, אַז סאָוועט־רוסלאַנד וועט אינגיכען אַריבעריאָגען אַמעריקע און אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד וועט אין דער גאָר נאָהענטער צוקונפט אַלעס זיין לרוב, פאַרגליכען כרושטשעוו'ס סטאַטיסטישע מעטאָדען מיט דער באַרימטער מעטאָדע פון די אַמאָליגע גריכישע פּלפּול'ער, אָדער „סאָפיסטען", ווי מען האָט זיי גערופען, וועלכע פלעגען קאָנען „באַווייזען", אַז אַ טשערעפּאַכע, אָדער אַ קראַט, לויפט שנעלער ווי אַ האָז.

כרושטשעוו האָט פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון דער פּראָדוקציע פון די מערב־לענדער זיך באַנוצט מיט די ציפערען פון 1957 אין די פאַראייניגטע שטאַטען, ווען אין די פאַראייניגטע שטאַטען האָט געהערשט אַ ריסעסיע, אָדער אַ געוויסער אינדוסטריעלער שטילשטאַנד. אָבער די דאָזיגע ריסעסיע איז שוין איצט פאַראיבער און די אינדוסטריעלע און לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען איז איצט גרעסער, ווי זי איז געווען אין 1956.

אין זיינע אויסרעכענונגען וועגען דער צוקינפטיגער הויכער שטופע פון דער סאָוועטישער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע פער קאָפּ פון דער באַפעלקערונג אָפּערירט כרושטשעוו מיט דער ציפער פון דער באַפעלקערונג פון סאָוועט־רוסלאַנד פון יאָר 1957. דאָס הייסט, ער נעמט־אָן, אַז אין יאָר 1965 און אַפילו אין יאָר 1970, וועט די באַפעלקערונג פון סאָוועט־רוסלאַנד זיין ניט גרעסער ווי זי איז איצט און דאָס איז דאָך אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען.

די שווייצאַרישע צייטונג באַמערקט אויך, אַז כרושטשעוו איגנאָרירט אויך דעם פאַקט, אַז דער פּראָצענט פון דעם צואוואוקס פון דער פּראָדוקציע אין סאָוועטען־פאַרבאַנד ווערט מיט יעדען יאָר אַלץ קלענער. אין 1925טען יאָר איז די יערליכע אינדוסטריעלע פּראָדוקציע אין סאָוועט־רוסלאַנד געשטיגען אויף 66 פּראָצענט; אין 1936טען יאָר — אויף 28 פּראָצענט. אין 1948טען יאָר — אויף 26 פּראָצענט; אין 1954 — אויף 13 פּראָצענט און אין 1957 — נאָר אויף 10 פּראָצענט.

כרושטשעוו האָט אויך ניט דערמאָנט, אַז די פאַראייניגטע שטאַטען האָט אַפילו אין 1957 פּראָדוצירט מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל שטאָל און צעמענט, דריי און אַ האַלב מאָל אַזוי פיל עלעקטרישע ענערגיע, פערצען מאָל אַזוי פיל נאַטירליכען גאַז און 15 מאָל אַזוי פיל אויטאָמאָבילען, ווי סאָוועט־רוסלאַנד.

פלייש און מילך פּראָדוצירט די פאַראייניגטע שטאַטען צוויי מיט אַ האַלב מאָל אַזוי פיל, ווי סאָוועט־רוסלאַנד און די באַפעלקערונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען איז מיט דרייסיג מיליאָן מענשען קלענער ווי די באַפעלקערונג פון סאָוועט־רוסלאַנד.

די „נויע ציריכער צייטונג" ווייזט אַן אויך אויף דעם, אַז אין יאָר 1958 האָט די פאַראייניגטע שטאַטען פון אירע פעלדער אַרונטערגענומען 205 מיליאָן טאָן תבואה פון אַ קלענערען שטח פאַרזייהטע ערד און מיט דער באַנוצונג פון בלויז אַ זעקסטעל אַרבעטס־כוחות ווי אין סאָוועט־רוסלאַנד. לויט די אָפיציעלע מאָסקווער ציפערען האָט סאָוועט־רוסלאַנד אין זעלבען יאָר אַרונטערגענומען פון אירע פעלדער נאָר 115 מיליאָן טאָן תבואה. דאָס הייסט, גאָר עטוואָס מער ווי אַ העלפט פון דעם, וואָס די אַמעריקאַנער פאַרמערס האָבען פּראָדוצירט.

פאַרגלייכענדיג אָט די און אַנדערע פאַקטען און ציפערען, וועלכע כרושטשעוו האָט אין זיינע רעדעס פאַרזיכטיג אויסגעמיטען צו דערמאָנען, קומט די „נויע ציריכער צייטונג" צום אויספיר, אַז כרושטשעוו'ס פּלענער צו „דעריאָגען און אַריבעריאָגען" אַמעריקע זיינען פּונקט אַזוי ניט אויספירבאַר ווי סטאַלין'ס נביאות און פאַרשפּרעכענס אין דער עפּאָכע פון די ערשטע „פּיאַטילעטקעס" (פינף יאָר פּלענער).

די „נויע ציריכער צייטונג" האָט נאָך געמעגט צוגעבען, אַז עס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע, צי די אַנגעגעבענע סאָוועטישע ציפערען וועגען דעם אינדוסטריעלען און עקאָנאָמישען פּראָגרעס פון סאָוועט־רוסלאַנד זיינען ריכטיגע. פון ערפאַרונג ווייסען מיר, אַז צו סאָוועטישע סטאַטיסטיקס קאָן מען ניט האָבען קיין צו גרויסען צוטרוי.

אָט איז איינער פון פילע ביישפּילען.

איר געדענקט דאָך געוויס, ווי אַזוי עס האָט זיך פאַראיאָרען געטומלט אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע, און אַפילו אין קאָנגרעס פון די פאַראייניגטע שטאַטען מיט די באַריכטען, וואָס עס האָבען געבראַכט פון סאָוועט־רוסלאַנד אַ גרופּע אַמעריקאַנער פּראָפעסאָרען וועגען דעם צושטאַנד פון דער אַלגעמיינער און טעכנישער בילדונג דאָרט.

אויף דעם גרונד פון די ציפערען און פאַקטען, וואָס זיי האָבען באַקומען פון סאָוועטישען בילדונגס־מיניסטעריום און פון אַנדערע סאָוועטישע אינסטיטוציעס, זיינען אַ טייל פון די אַמעריקאַנער פּראָפעססאָרען געקומען צום שלוס, אַז סאָוועט־רוסלאַנד האָט אויף דעם געביט פון פאָלקס־בילדונג, אויב נאָך ניט אַריבערגעיאָגט די פאַראייניגטע שטאַטען, וועט זי אין אַ גאַנץ קורצער צייט אונז אַריבעריאָגען.

אָבער איידער דער טומעל וועגען דעם אין די פאַראייניגטע שטאַטען איז נאָך פאַראיבער, האָט די מאָסקווער „פּראַוודאַ" (אין נומער פון 21טען סעפּטעמבער, 1958) פאַרעפנטליכט כרושטשעוו'ס אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכען ער האָט מודה געווען, אַז מיט דער פאָלקס־בילדונג אין סאָוועט־רוסלאַנד האַלט עס גאָר ניט אַזוי פויגעלדיג.

כרושטשעוו שרייבט דאָרט פאָלגענדעס:

„מיר קאָנען ניט פאַרגעסען וועגען דעם, אַז אין דער איצטיגער צייט, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס אַלע קינדער מוזען דורכגעהן די זיבען־יאָריגע פאָלקס־שול, באַקומט ניט אַ באַדייטענדער טייל פון דער יוגענט ניט נאָר ניט קיין פולע מיטעל־שול בילדונג, נאָר פאַרענדיגט אַפילו ניט די זיבען קלאַסען".

פון די, וואָס פאַרענדיגען שוין די מיטעל־שולע, זאָגט כרושטשעוו, האָבען נאָר ווייניגע פון זיי שאַנסען ווייטער פאָרצוזעצען זייער בילדונג.

„פון די, וואָס האָבען פאַרענדיגט די מיטעל־שולען, בלויז אין יאָר 1957 אַליין, שרייבט כרושטשעוו, זיינען ניט אַנגעקומען אין די אוניווערזיטעטען, טעכניקומס, אָדער אַנדערע הויך־שולען, איבער 800 טויזענט מענשען".

לעצטענס זיינען דורכגעפירט געוואָרען געזעצען, וואָס מאַכען נאָך שווערער פאַר דעם גרעסטען טייל פון דער יוגענט אַפילו צו פאַרענדיגען אַ מיטעל־שולע. זיי מוזען געהן אַרבעטען בייטאָג און פאַרזעצען זייער בילדונג, אויב זיי ווילען, אין די אָוונט־שולען פאַר אַרבעטער.

ווי איר זעהט, האַלט סאָוועט־רוסלאַנד נאָך זעהר ווייט אַפילו פון דעריאָגען די פאַראייניגטע שטאַטען אויפ'ן געביט פון פאָלקס־בילדונג.

און אָט איז אַ ביישפּיל פון דעם „גרויסען פּראָגרעס" פון סאָוועט־רוסלאַנד אין פאַרגלייך מיט אַמעריקע אויף אַן אַנדער געביט. אין אַ לייט־אַרטיקעל וועגען די לעצטע וואַהלען אין העכסטען סאָוועט שרייבט די מאָסקווער „איזוועסטיאַ" פון 6טען מערץ 1959:

„צום רודער פון דער רעגירונגס־פאַרוואַלטונג זיינען געקומען נייע דעפּוטאַטען, מענשען פון פאָלק, פאָרטרעטער פון די אַרבעטענדיגע מענשען, וועלכע שטעהען ביי דעם ווערקשטאַט אויף די פאַבריקען און זאַוואָדען, טרייבען די טראַקטאָרס... גאַנץ אַנדערש איז דאָס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אין קאָנגרעס פון די פאַראייניגטע שטאַטען געפינט זיך ניט קיין איין אַרבעטער".

אין טאַקע אמת, אַז צווישען די דעפּוטאַטען פון דעם העכסטען סאָוועט זיינען פאַראַן אַרבעטער און קאָלכאָזניקעס. אָבער זיי האָבען דאָך ניט קיין שום דעה אין דער פירונג פון לאַנד. זיי קענען אַפילו ניט אַרויסזאָגען פריי זייער מיינונג וועגען אַ וועלכער־עס־איז פראַגע, וואָס ווערט כלומר'שט פאַרהאַנדעלט אין דעם העכסטען סאָוועט. די רעדנער, וועלכע טרעטען אַרויס אויף די זיצונגען פון העכסטען סאָוועט, ווערען אין פאַראויס באַשטימט פון דער רעגירונג און די רעגירונג באַשטימט אויך אַפריהער וואָס יעדער איינער פון זיי זאָל זאָגען. די געזעצען פון לאַנד ווערען געשאַפען ניט פון דעם העכסטען סאָוועט, נאָר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ריכטיגער געזאָגט, פון דער „פּאָליטביוראָ" אָדער פון דעם „פּרעזידיום" פון צענטראַל־קאָמיטעט. אויך דער מיניסטאָרען־קאָבינעט פון גאַנצען סאָוועטען־פאַרבאַנד, ווי די מיניסטאָרען פון די באַזונדערע סאָוועטישע רעפּובליקען ווערען באַשטימט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, די פאַקטישע רעגירונג פון סאָוועט־רוסלאַנד. אונטער סטאַלין'ען האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אַליין אויך קיין שום מאַכט ניט געהאַט. סטאַלין אַליין פלעגט באַשטימען ווער עס זאָל זיצען אין צענטראַל־קאָמיטעט. כרושטשעוו שטרעבט אויך צו דעם, אָבער דערווייל האָט ער קענטיג נאָך ניט די מאַכט, וואָס סטאַלין האָט געהאַט.

און פון וועמען באַשטעהט אָט דער צענטראַל־קאָמיטעט, פון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס צעהלט 124 מיטגלידער? 118 פון זיי זיינען די העכסטע טשינאָווניקעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און די העכסטע ביוראָקראַטען פון סאָוועטישען מלוכה־אַפּאַראַט. די איבעריגע 6 מענשען זיינען באַאַמטע פון די „פּראָפסאָיוזען" (טרייד יוניאָנס) און שרייבער. ניט נאָר אין פּרעזידיום און אין סעקרעטאַריאַט פון צענטראַל־קאָמיטעט, נאָר אַפילו אין גאַנצען צענטראַל־קאָמיטעט איז ניטאָ קיין איינציגער אַרבעטער אָדער קאָלכאָזניק.

ניט נאָר די עקאָנאָמישע לאַגע, נאָר אויך די סאָציאַלע לאַגע פון די אַרבעטער און פויערים אין דער אַזוי־גערופענער „אַרבעטער און פויערים רעפּובליק" איז ניט אין אַן ערך פיל ערגער, ווי אין די אַזוי גערופענע 'קאַפּיטאַליסטישע' פרייע לענדער שוין דערמיט אַליין, וואָס די סאָוועטישע אַרבעטער און פויערים זיינען באַרויבט פון די אַלע דעמאָקראַטישע פרייהייטען, וואָס עס האָבען די אַרבעטער און די פאַרמערס אין אַלע פרייע לענדער.

אפשר וועט אַמאָל רוסלאַנד טאַקע דעריאָגען אַמעריקע אויף דעם אָדער יענעם געביט. קיינער קען ניט פאָראויסזאָגען ווי אַזוי רוסלאַנד און די איבעריגע וועלט וועלען אויסזעהן אין פופציג יאָר אַרום. דערווייל אָבער זעהט עס ניט אויס, אַז רוסלאַנד, אונטער דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור, זאָל קענען ניט נאָר אין צעהן יאָר אַרום, נאָר אַפילו אין פינף און צוואַנציג יאָר אַרום דעריאָגען און אַריבעריאָגען די פאַראייניגטע שטאַאַטען. מען טאָר אָבער ניט אונטערשעצען סאָוועט־רוסלאַנד'ס מ י ל י ט ע ר י ש ע מאַכט. סאָוועט ־ רוסלאַנד פאַרמאָגט איצט די גרעסטע אַרמיי אין דער וועלט און זי האַלט כסדר אין פאַרשטאַרקען איר מיליטערישע מאַכט.

# די לויכטענדיגע פיש אין די טיפענישען פון ים

**צו וואָס לייכטען זיי מיט אַזעלכע וואונדערליכע ליכט? — פאַרשידענע מיינונגען, אָבער דאָס רעטעניש איז נאָך אַלץ ניט געלייזט.**

פון א. יאַקובזאָן

### אַ „באַלעט" אין דער טיפעניש פון ים

צום ערשטען מאָל האָט די דאָזיגע „וואונדערליכע" דערשיינונג דערזעהן דער באַרימטער פּראָפעסאָר אויגוסט פּיקאַר, וועלכער האָט זיך אין טאָג פון 29טען סעפּטעמבער, 1953, אַראָפּגעלאָזט אויף אַ גאָר גרויסער ים־טיפעניש אין אַ ספּעציעלען אַפּאַראַט, וועלכער האָט זיך גערופען באַטיסקאַף. ווען דער אַפּאַראַט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ טיפעניש פון אַ האַלבן מייל האָט דער פּראָפעסאָר ניט געזעהן מעהר ווי פולשטענדיגע און שוואַרצע פינצטערניש, אָבער פּלוצלונג איז געשעהן אַן אומבאַשרייבליכע, וואונדערליכע זאַך: אין די געדיכטע טיפענישען פון וואַסער האָט זיך אָנגעהויבען אָפּצושפּילען אַן אמת'דיגער באַלעט פון ליכטיגע באַשעפענישען, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי פאַנטאַסטישע, פאַרשידענפאַרביגע שטערענס, לאַמטערנס, זונען און קאָמעטען. פאַר די אויגען פונ'ם וויסענשאַפטלער האָבען זיך ווי אין אַ פאַר'כישוף'טען חלום אָנגעהויבען צו באַוועגען מיט טאַנצענדיגע טריט פאַרשידענע פיש, מעדוזעס, שטראַל־פיש און אַנדערע וואַסער־באַשעפענישען. יעדעס באַשעפעניש האָט פון זיך אַרויסגעגעבען אַן אַנדער ליכט קאָליר און דערביי איז דאָס ליכט ניט געווען קיין געוויינליכע, נאָר אַ „קאַלטע". (די דאָזיגע קאַלטע ליכט פון פאַרשידענע לייכטענדיגע באַשעפענישען האָט פון שטענדיג אַן פאַרוואונדערט די וויסענשאַפטלער. מענשען האָבען פון אייביג אַן געוואָלט שאַפען אַזאַ ליכט, וועלכע זאָל ניט פאַרלירען קיין ענערגיע דורך אַנוואַרימען זיך, ווי עס געשעט אין יעדער עלעקטרישער לאָמפּ. אָבער דאָס, וואָס קיין מענש האָט ביז איצט ניט געקאָנט דערגרייכען, האָט זעהר לייכט באַוויזען די נאַטור. די בעסטע לאָמפּ, וואָס איז פּראָדוצירט געוואָרען דורך אַ מענש, פאַרנוצט בלויז 5 פּראָצענט ענערגיע אויף ליכט און דאָס איבעריגע ווערט פאַרלוירען אויף וואַרימקייט. די קאַלטע ליכט פון די דערמאָנטע ים ־ באַשעפענישען נוצען אויס גאַנצע 92 פּראָצענט אויף ליכט. דאָס איז דאָס קאַלטסטע ליכט, וואָס איז באַקאַנט אין דער נאַטור).

הונדערטער געלערענטע האָבען פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבען אויסצופאָרשען דאָס ליכט פון די לייכטענדיגע ים־באַשעפענישען און זיי זיינען דערגאַנגען צו דער סענסאַציאָנעלער אַנטפּלעקונג, אַז דאָס ליכט פון די לויכטענדיגע ים־באַשעפענישען איז געבויט לויט דעם זעלבען פּריציפּ ווי דאָס ליכט אין די אַטאָמאָבילען. דער קוואַל פון ליכט נעמט זיך פון אַ גרופּע אַזוי־גערופענע „פאָטאָגענישע" קעמערלעך, וועלכע טיילען פון זיך אויס אַ ליכטיגקייט. די דאָזיגע קעמערלעך געפינען זיך אויף אַ מין רעפלעקטאָר, וועלכער איז צוגעדעקט מיט אַ זילבערנער קאָליר און אַרום דעם „רעפלעקטאָר" איז פאַראַן אַ שוואַרצע רעם. פון פאָרענט זיינען די „פאָטאָגענישע" קעמערלעך צוגעדעקט מיט אַ מין „גלאָז" פון ספּעציעלע צעלעס, וועלכע פאַרשטאַרקען דאָס ליכט. דער דאָזיגער זעהר קאָמפּליצירטער מעכאַניזם איז נאָך אַ חוץ דעם אַלעם צוגעדעקט מיט אַ מין פאַרבען־פילטער, וועלכער קען טוישען די פאַרב פונ'ם ליכט. און דאָס איז נאָך ניט אַלץ. אַ טייל באַשעפענישען האָט נאָך אַ מין באַוועגליכע קורטינע, מיט וועלכער זיי קאָנען אויפדעקען און פאַרשטעלען די ליכט. דאָס איז אַלזאָ אַ ליכט־מאַשינעריע, וועלכע קען פאַרשטאַרקען, אָפּשוואַכען, באַפאַרבען, אָנצינדען און אויסלעשען די ליכטער.

### צו וואָס דינט דאָס ליכט?

דאָס גרעסטע רעטעניש, וואָס איז נאָך ביז איצט כמעט אינגאַנצען ניט געלייזט געוואָרען, איז די פראַגע: צו וואָס באַנוצען זיך די אונטערוואַסערדיגע פיש און אַנדערע באַשעפענישען מיט די דאָזיגע ליכטער? עס זיינען פאַראַן אַזעלכע געלערענטע, וועלכע זאָגען, אַז די דאָזיגע ליכט איז נויטיג די פיש, וועלכע לעבען אין דער טיפעניש פון עטליכע מייל, ווייל עס איז דאָרטען שטאָק פינסטער און עס דערגרייכט דאָרט ניט דער מינדעסטער אָפּשיין פון דרויסענדיגען טאָג. דער דאָזיגער ענטפער איז אָבער ניט קיין ענטפער, ווייל וויסענשאַפטלער האָבען שוין זינט דעמאָלט געפונען פיש, וועלכע לעבען אין נאָך גרעסערע טיפענישען, וואו די פינצטערניש איז נאָך אַ גרעסערע און דאָך גיבען זיך די דאָרטיגע פיש אַן עצה אָהן דער קינסטליכער באַלויכטונג. און נאָך מערקווירדיגער איז דאָס, וואָס געוויסע לייכטענדיגע פיש זיינען פולשטענדיג בלינד און דאָך לויכטען זיי. טאָ צו וואָס איז זיי נויטיג די דאָזיגע וואונדערליכע ליכט, אויב זיי קענען עס איבערהויפּט ניט זעהן?

עס זיינען אויך פאַראַן געוויסע פיש, וועלכע האָבען דעם לייכטענדיגען אַפּאַראַט האַרט אונטער די אויגען און ניט בלויז העלפט זיי ניט די ליכט זייערע ביים זעהן, נאָר פאַרקערט — די ליכט פאַרבלענדט זיי נאָך פולשטענדיג די אויגען. אויך זיינען פאַראַן פיש, וועלכע האָבען דעם לייכטענדיגען אַפּאַראַט אויפ'ן סאַמע שפּיץ פון עק און דאָס העלפט זיי אינגאַנצען ניט ביים זעהן. די פראַגע פאַרבלייבט דעריבער נאָך אַלץ די זעלבע: צו וואָס דאַרפען די אונטערוואַסערדיגע פיש צו האָבען אַזעלכע רייכע און קאָמפּליצירטע „לאָמפּען"?

### עטליכע ענטפערס

וויסענשאַפטלער האָבען אָבער ניט ליב קיין פראַגען, אויף וועלכע מען קאָן ניט ענטפערען. עס זיינען פאַראַן געוויסע ביאָלאָגען, וועלכע האָבען אויף דער דאָזיגער פראַגע געענטפערט אַזוי: די דאָזיגע לייכטענדיגע באַשעפענישען האָבען אוודאי אין זייער אָרגאַניזם זעהר אַ סך ענערגיע, וועלכע זיי נוצען ניט אויס! זיי גיבען דעריבער אַרויס פון זיך די דאָזיגע ניט־אויסגענוצטע ענערגיע אין געשטאַלט פון ליכט. דער דאָזיגער ענטפער איז אָבער אַ „הינקענדיגער" ענטפער. די ליכט־אַפּאַראַטען פון די לייכטענדיגע באַשעפענישען מיט זייערע „רעפלעקטאָרען", „פאַרגרעסער־גלעזער", „קורטינעס" און „קאָליר־פילטערן" זיינען צופיל קאָמפּליצירט, אַז זיי זאָלען ניט דינען מער ווי אַן אויסלאָדונג פון ענערגיע.

דער באַרימטער געלערטער, דער פּראָפעסאָר בערטען, האָט געענטפערט, אַז די דאָזיגע קאָלירינגע ליכטער זיינען ניט עפּעס אַנדערש ווי פאַרבענרייכע חתונה־קליידער, מיט וועלכע די פיש פוצען זיך אויס אין די טעג פון זייערע געשלעכטליכע אַקטיוויטעטען, פּונקט ווי געוויסע פייגעל, וועלכע פוצען זיך אויס אין קאָלירטע פעדערען. לויט דעם דאָזיגען פּראָפעסאָר דערקענען זיך די „ער'ס" און די „זי'ס" פון זעלבען מין לויט דער קאָליר און לויט דער פאָרם פון ליכט. און דער פּראָפעסאָר בערטען גיט דערביי אַ זעהר איבערצייגענדיגען ביישפּיל: אויף די פעלדער אונזערע לעבט אַ געוויס ווערימעל, וואָס ווערט אָנגערופען „לאַמפּיר". די „זי" פון דאָזיגען ווערימל האָט אויפ'ן קערפּערל עטליכע פאָטאָגענישע קעמערלעך, מיט וועלכע זי גיט פון זיך אַרויס ליכט־סיגנאַלען. דער „ער" האָט ניט די דאָזיגע אייגענשאַפט צו לייכטען. ווען עס קומט דער פּעריאָד פון „ליבע" פליט דער „ער" אַרום איבער די פעלדער און מיט צוויי אומגעהויער גרויסע אויגען זוכט ער אויס די „זי", וועלכע ליגט באַהאַלטען צווישען פלאַנצען און גיט פון זיך אַרויס אָפּגעריסענע ליכט־סיגנאַלען (די דאָזיגע חיה'לעך „ווייסען" פון דעם פּרינציפּ, אַז אַן איבערגעריסענעם ליכט־שטראַל באַמערקט מען אַ סך ווייטער ווי אַ געוויינליכען). ווען דער „ער" באַמערקט דאָס לייכטענדיגע לאַמטערענדל, נידערט ער אַראָפּ אויף דער ערד און דערנענטערט זיך צו דער „זי", וועלכע לעשט דאַן אויס דאָס ליכט, אַזוי ווי מען לעשט אויס די ליכט אין שלאָף־צימער... נאָכ'ן באַפרוכפּערונג־אַקט פליט דער „ער" אַוועק און די „זי" הויבט אַן ווידעראַמאָל אַרויסצוגעבען ליכט־סיגנאַלען און אַזוי ציט זי צו אַ צווייטען, אַ דריטען און אַ פערטען. די דאָזיגע ליבע־צערעמאָניעס געדויערן אַזוי ביז פאַרטאָג, ווען די „זי" לעשט אויס ענדגילטיג די ליכט און לייגט זיך שלאָפען. מיט צוויי טעג שפּעטער לייגט זי אייערלעך, וועלכע האָבען אויך די זעלבע אייגענשאַפט: זיי לייכטען אין דער פינצטער.

פון דער דאָזיגער שילדערונג דרינגט אַלזאָ אַרויס, אַז די ליכט־אַפּאַראַטען ביי די באַשעפענישען האָבען אַן אויסגעשפּראָכען־סעקסועלע באַדייטונג. אָבער ניט אַלע וויסענשאַפטלער שטעלען זיך צופרידען מיט דעם דאָזיגען ענטפער. ביים באַשרייבענעם ווערימעל איז עס טאַקע אַ מיטעל, מיט וועלכען די „זי" ציט צו דעם „ער", וועלכער האָט ניט די זעלבע ליכט־אייגענשאַפט. אָבער ביי דער גרעסטער טייל פון די פריער־געשילדערטע ים באַשעפענישען איז ניט פאַראַן קיין שום אונטערשיד צווישען דעם „ער" און די „זי", ביידע לייכטען אויפ'ן זעלבען אופן און עס קאָן ניט זיין קיין רייד, אַז דער „ער" זאָל בלויז דורך דער ליכט דערקענען די „זי". טאָ צו וואָס זשע האָבען זיי די דאָזיגע קאָמפּליצירטע ליכט־אָרגאַנען, וועלכע זיינען פאַר זיי אַ סך מער שעדליך ווי נוצליך, ווייל מיט דער הילף פון דער דאָזיגער ליכט ציהען זיי דאָך די אויפמערקזאַמקייט פון זייערע צאָלרייכע בלוטיגע פיינט.

### שווימענדיגע שיפען מיט באַלויכטענע קאַבינעס

עס זיינען פאַראַן אין די וואַסער־טיפענישען געוויסע באַשעפענישען, ווי, צום ביישפּיל, אויסטערס און געוויסע „קרעוועטקעס", וועלכע האָבען אויף זייערע קערפּערס ביז 150 „לאָמפּען". עס איז פאַראַן אַ פיש, וועלכער הייסט „שאַליאַדוס", וועלכער זעהט אויס ווי אַ שווימענדיגע שיף מיט הונדערטער אָנגעצונדענע קאַבינעס, איינס פון די אַממייסטען מערקווירדיגע באַשעפענישען פון ים איז אַ ריזיגער שנעק, וועלכער רופט זיך „דיאַדעם" און לעבט אין דער טיפעניש פון אַ צוויי מייל. דער דאָזיגער שלימאַק שטעלט מיט זיך פאָר איינס פון די העררליכסטע ספּעקטאַקלען פון די ים־טיפענישען. דער דאָזיגער גרויסער שנעק האָט אויפ'ן קערפּער 22 בלענדענדיגע ליכטער. אויף די אַרויסהענגענדיגע „לאַפּקעס" האָט ער פיר גרויסע, ווייסע לאָמפּען. אויפ'ן קאָפּ האָט ער צען לאָמפּען פון אַ בלויער פאַרב. פיר ווייסע לאָמפּען אויפ'ן בויך, צוויי בלויע אויף די בראַנכען און צוויי רויטע אויפ'ן רוקען. אַ שנעק וועלכער לעבט ניט ווייט פון די ברעגעס פון ניי־זעלאַנד, האָט 90 ליכטער, וועלכע זעהען אויס ווי פינקעלדיגע רובינען, טאָפּאַזען, שמאַראַגדען און דיאַמאַנטען. קיין שום טעאַטער־בינע אין דער וועלט קען זיך ניט באַווייזען מיט אַזעלכע וואונדערליכע ליכט־ספּעקטאַקלען, ווי די ליכט־בינע אונטער'ן ים. און די דאָזיגע פאַרביגע וואונדערליכקייט איז פאַר די וויסענשאַפטלער, ווי געזאָגט, איינע פון די גרעסטע מיסטעריעס.

אַלץ, וואָס עס עקזיסטירט אין דער נאַטור, האָט אַ באַשטימטען און נוצליכען ציל. צי קאָנען אַלזאָ גערעכט זיין די געלערטע, וועלכע זאָגען, אַז די ליכט זיינען ניט נוצליך, נאָר פאַרקערט, אַז זיי זיינען שעד־

(שלוס אויף זייט 3, סעקשאַן 1)

# אַן אומרוהיגער זומער

ערצעהלונג

פון מרים ראַסקין

ווייט פון דער גרויסער און רוישיגער שטאָט ניו יאָרק, אין דער געגענט אַרום האַדסאָן, האָט זיך געפונען די זומער־קאָלאָניע, וואָס מען האָט גערופען „וואודלענד". אַ גרופּע אידען פון דער שטאָט האָבען די קאָלאָניע געבויט און שפּעטער איז עס אויסגעוואַקסען אין אַ שעהנעם ישוב פון לויטער אידען.

גרינע לאַנקעס און וואַלד האָבען אַרומגערינגעלט דעם ישוב. די ווייס־געפאַרבטע הייזלעך האָבען זיך געטונקט אין אַ ים פון גרינסען און די אַלט־צוואַקסענע בוימער האָבען מיט זייערע צווייגען געשפּרייט שאָטענס אַנטקעגען דער בלענדענדיגער זון.

די איינוואוינער פון דער קאָלאָניע זיינען געווען שטאָלץ מיט זייער אויפטו. אין די הייסע זומערדיגע טעג, אַז מען איז אַנגעקומען פון שטאָט נאָך אַ טאָג פון אימפּעטיגער אַרבעט, איז געווען גוט אָפּצופרישען זיך דאָ אויף דעם לאַנד, באָדען זיך אין דעם טייך, וואָס מען האָט אויסגעברייטערט און פאַרטיפט. מיט דער צייט איז אויסגעבויט געוואָרען אַ „קאַסינאָ" פאַר די פאַמיליעס צו פאַרוויילען זיך אין די אָוונטען.

איינער אַ איד, שמואל סיגאַלאָווסקי, וואָס ער איז געווען איינער פון די ערשטע צו באַזעצען זיך דאָ אויפ'ן לאַנד, איז געווען, קען מען זאָגען, די נשמה פון דער קאָלאָניע. ער האָט אַלץ געטאָן דעם ישוב צו פאַרשענערען און פאַרבעסערן. ער איז געווען אַן אַרבעטער אין אַ שאָפּ און ער האָט נאָך געטראָגען אין זיך דעם חלום פון אַ בעסערער און שענערער וועלט. ער האָט צוגעצויגען צו זיך נאָך עטליכע מענשען, אַ קאָמיטעט, און עס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרען כללים פון אַ מין קאָנסטיטוציע, לויט וועלכער מען זאָל זיך פירען, אַז אַלץ זאָל צוגעהן ווי עס באַדאַרף צו זיין. זיי זיינען אַלע געווען מענשען מיט וואַרימע געפיהלען פאַר עפּעס בעסערס און שענערס אין לעבען. אין די פרייטאָג ־ צו ־ נאַכטען איז איינגעפירט געוואָרען מען זאָל זיך צונויפקומען אין קאַסינאָ, אַלע ווי איין גרויסע משפּחה. מען האָט זיך פריילעך געמאַכט, געזונגען אידישע לידער און פאַרפירט שמועסען וועגען העכערע ענינים. מ'איז דעמאָלט ווי אויסגעטאָן געווען פון דער טאָג־טעגליכער וואָכעדיגקייט.

אַזוי האָט מען זיך געפירט אַ סך יאָרען אין שעהנקייט און אין רוה, נאָר דעם לעצטען זומער האָט עפּעס אַזוינס פּאַסירט, וואָס האָט יעדען איינעם אויפגערודערט און די רוהיגקייט אין דער קאָלאָניע איז צעשטערט געוואָרען. געשעהן איז דאָס צוליב איינעם אַ נייעם איינוואוינער אין דער קאָלאָניע, וואָס זיין נאָמען איז געווען מאַרי וואַלקאָוויץ. ער האָט דאָ אָפּגעקויפט אַן אַקער לאַנד. זיך אויסגעבויט אַ הויז און זיך דאָ באַזעצט מיט זיין פאַמיליע.

אָט דער מאַרי וואַלקאָוויץ האָט פריהער געוואוינט אין ריווערטאָן,

שען, אמת'ע אַמעריקאַנער. זיי האָבען וואַלקאָוויצ'ן געהאַלטען פאַר אַ קלוגען קאָפּ און אַ גוטען ביזנעסמאַן. ער האָט פאַר דער צייט דאָרטן אויפגעלעבט די געגענט. אויסגעבויט אַפּאַרטמענט ־ הייזער דאָרטן, וואו עס זיינען ביז איצט נאָר געווען ליידיגע „לאָטס". וואַלקאָוויץ האָט זיך פאַרהאַלטען פריינטליך מיט זיינע גוי'אישע שכנים. אויסער דעם „האָו דו יו דו" ביים באַגעגענען זיך, איז מען אַמאָל נאָך געגאַנגען איינע צו די אַנדערע צו גאַסט.

מיט דעם אידישען לעבען איז ער געווען ווייניג פאַרבונדען. עס קאָן זיין, אַז ער איז גאָר געווען צופרידען וואָס ער איז פאַרטראָגען געוואָרען אין ריווערטאָן, וואו זעלטען ווער עס דערמאָנט זיך, אַז ער איז אַ איד. ער האָט זיך גענוג אָנגעליטען אַמאָל און אין זיין יוגענט אין דער ווייטער היים און ער האָט געוואָלט רוה.

איז וואָס האָט געמאַכט, אַז מאַרי וואַלקאָוויץ זאָל מיטאַמאָל וועלען זיך באַזעצען צווישען לויטער אידען? עס קאָן זיין, אַז די אומרוה פון דער צייט, די לויפענדיגע אַ שטעטעל ווייט פון ניו יאָרק. ער האָט דאָרט געהאַט אַן אָפיס פון ריעל־עסטעיט אויף „מעין סטריט". ער איז דאָרט רייך געוואָרען און געפירט אַ ברייטען און רוהיגען לעבען מיט זיין ווייב און זיינע דריי דערוואַקסענע קינדער.

די איינוואוינער פון ריווערטאָן זיינען געווען שטילע, רוהיגע מענ־

טעגליכע נייעס האָט אים געמאַכט עפּעס דערפיהלען אומזיכער. ער האָט מיט אַמאָל זיך דערפיהלט עלענט, און עס האָט זיך אין אים דערוועקט אַ בענקשאַפט זיין צווישען אידישע מענשען, הערען אַ אידיש וואָרט, האָבען אַ האַרציגען שמועס מיט אייגענע. איצט, צו די עלטערע יאָרען, איז שוין צייט פאַר אים צו אָפּלאָזען אַ ביסעל פון זיינע האַוועניששען און יאָגען זיך אין ביזנעס. וויפיל איז דער שיעור?

סעידי, זיין ווייב, האָט נאָך מער פון אים זיך פאַרבענקט צו לעבען צווישען אידישע מענשען. עס איז איר די אַלע יאָרען שווער געווען צו אַריינפּאַסען זיך אין דעם רייכען, ברייטען לעבען, וואָס זיי האָבען געפירט. זי איז פאַרבליבען אַן איינפאַכע, היימישע פרוי און קיין גרויסע דעה האָט זי ביי איר מאַן ניט געהאַט, האָט זי זיך איצט געפרעהט וואָס זי וועט קענען וואוינען צווישען לויטער אידען.

די איינוואוינער פון דער קאָלאָניע „וואודלענד" זיינען אוודאי געווען צופרידען מיט זייער אָנקומען. די משפּחה פאַרגרעסערט זיך. מען האָט זיי אויפגענומען מיט וואַרימקייט. אַריינגענומען זיי אין זייער מיטען ווי אייגענע מענשען. אַז עס איז געקומען פרייטאָג־צו־נאַכט, האָט מען דאָ געפּראַוועט אַ באַזונדערען יום־טוב מיט וויין און מיט צובייסען. מען האָט געהאַלטען רעדעס צו באַגריסען די נייע איינוואוינער. גאָר אַ וואַרימע רעדע האָט געהאַלטען דער פּרעזידענט, שמואל גאַלאַווסקי און ער האָט זיך געווענדעט צו מאַרי וואַלקאָוויטש און געזאָגט:

— מיר האָפען, אַז איר וועט אונז העלפען בויען אונזער קאָלאָניע אַלץ בעסער און שענער.

מאַרי וואַלקאָוויץ און זיין ווייב סעידי זיינען געזעסען אויבן־אָן ביים גרויסען טיש, צעוואַרימטע און פאַרוואונדערטע צו הערען אַרויסריידען אַ אידיש וואָרט נאָך די אַלע יאָרען צווישען פרעמדע מענשען. און לאַנגפאַרגעסענע געפיהלען האָבען זיך געוועקט אין הערצען ביי זיי. סעידי'ס פּנים האָט איצט גאָר באַזונדערס געשיינט.

באַלד נאָך זיין אָנקומען אין קאָלאָניע האָט מאַרי וואַלקאָוויץ זיך אַ נעם געטאָן צו בויען זיין הויז. ער האָט אָנגעשטעלט אַ סך באַלמעלאָכעס און דאָס הויז איז גיך פאַרטיג געוואָרען. און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט ביים בויען זיך פאַרנומען צו־ברייט. ער האָט אָפּגענומען מער באָדען ווי עס האָט אים געקומט לויט די אויסגעאַרבעטע כללים פון דער קאָלאָניע. די פירערשאַפט פון ישוב האָט באַלד וועגען דעם פאַררופען אַ צוזאַמענקונפט און די זאַך אַרומגערעדט.

— מיר געפעלט דאָס גאָרניט — האָט איינער פון די פירער זיך אָפּגערופען — איך האָב מורא, אַז מיר וועלען האָבען צרות מיט דעם וואַלקאָוויץ'ן.

— ער פרעגט זיך גאָרניט אַז ביי קיינעם. פאַרנעמט באָדען וויפיל ער וויל, — מען דאַרף דאָס אים אויסריידען — האָט געזאָגט אַן אַנדערער.

נאָר דער פּרעזידענט פון דער קאָלאָניע, שמואל סיגאַלאָווסקי, איז געווען אַן איידעלער מענש, ער האָט אַלעמען געגלויבט, האָט ער זיך אָפּגערופען:

— לאָזט אים טאָן וואָס ער וויל. לאַנד איז דאָ פאַראַן גענוג. אפשר מיט דער צייט וועט ער זיך ביי אונז אויסמענשלען. אַז ער וועט זעהן אונזערע פירונגען.

טעג און וואָכען זיינען אַוועק. דער זומער איז שוין איצט געווען פאַנאַנדערגעבליהט אין פולען פּראַכט. אַרום די הייזער האָבען די בוימער און גראָזען זיך גערייפט, אַנגעטרונקען מיט זון. ביים טייך האָט אין אַ שבת און זונטאָג דאָרט געראַשט מיט לעבען. גאַנצע פאַמיליעס, יונג און אַלט האָבען זיך געבאָדען און געוואַרימט אין ליכט און זון, און זייערע פרעהליכע שטימעס האָבען זיך צעטראָגען ווייט אַרום. יעדערער פון די איינוואוינער האָט געזעהן זיין הויז צו פאַרשענערן. מען האָט אויסגעבויט גאַנעקלעך מיט געשניצטע שטאַכעטען, ווי אַמאָל אין דער היים ביי די פּריצים.

— ווער עס האָט פאַרזייט בלומען אַרום הויז און ווער אַ גערטענדעל, וואו עס איז געוואַקסען אוגערקעס און רעטעכלעך און גרינע ציבעלעכעס און וואָס ניט? סערע, די ווייב פון שמואל סיגאַלאָווסקי, וואָס האָט אַמאָל אין דער היים זיך געהאָדעוועט אין אַ דאָרף, האָט געלערענט די פרויען ווי בעסער אַכטונג צו געבען אויף זייערע געוויקסען.

אין די פרייטאָג צו־נאַכטען האָט מען אָפּטמאָל אַראָפּגעבראַכט אַ גאַסט פון ניו יאָרק, אַ שרייבער, אַ געלערענטען צו האַלטען אַ לעקציע. מאַרי וואַלקאָוויץ איז אויך געזעסען און געהערט, נאָר עס האָט אים געצויגען צום דרימעל און זיין ווייב סעידי האָט אים געדאַרפט אַ טורקע טאָן ביים עלענבויגען ער זאָל ניט איינשלאָפען.

מאַרי וואַלקאָוויץ האָט שוין דאָ אין קאָלאָניע זיך געפיהלט ווי אַן אייגענער מענש און ער האָט גענומען זוכען חסרונות: — „פאַרוואָס זאָל מען דאָ ניט איינאָרדענען אַמאָל אַ קאָרד־פּאַרטי און מענשען זאָלען זיך ענגדזשאָיען". עס איז אים אויך ניט געפעלען געווען וואָס דאָ זיינען ניטאָ קיין קראָמען. מען דאַרף פאָרען אין דעם נאָענטען שטעטעל אַלץ איינקויפען:

— ווי אַזוי איז דאָס אַ געגענט אָהן סטאָרס, אָהן ביזנעס? עס איז אַ טויטע געגענט.

— ביזנעס האָבען מיר גענוג אין שטאָט. דאָ איז נאָר אַ פּלאַץ צום רוהען — האָט מען אים געענטפערט.

דעם אמת געזאָגט, האָט מאַרי וואַלקאָוויץ געקוקט פון אויבען־אַראָפּ אויף די איינוואוינער דאָ אין קאָלאָניע. ער האָט זיי געהאַלטען פאַר שלים־מזל'ס. קיין איינער פון זיי האָט זיך ניט אַרויפגעאַרבעט, ניט געוואָרען רייך; יאָלדען — האָט ער גע'טענה'ט צו זיין ווייב — איך וואָלט זיי געוויזען ווי זיך צו פירען. ער וואָלט דאָ אויסגעבויט אַפּאַרטמענט הייזער, מענשען וואָלטען אָנגעקומען פון שטאָט זיך דאָ צו באַזעצען, די קאָלאָניע וואָלט רייך געוואָרען.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, אַז ער איז מיט זיין ווייב אַרויס אויף אַ שפּאַציר אַרום הויז, איז אים איינגעפאַלען אַ גוטער פּלאַן. מען קען דאָ מאַכען פּלאַץ פאַר אַ שטיקעל ביזנעס. אַ „גאַראַדזש און אַ גזאָליך סטעישאַן". כמעט אַלע איינוואוינער דאָ האָבען קאַרס. עס וועט אַריינברענגען גוטע פאַרדינסטען.

מאַרי וואַלקאָוויץ האָט דאָ געהאָט אין זינען זיין אינגסטען זוהן סעם. די עלטערע צוויי קינדער זיינע האָבען שוין חתונה געהאַט און זיי וואוינען פאַר זיך, נאָר מיט דעם אינגסטען האָט ער צרות. עס [illegible] ביי אים אַ זוהן שוין דריי און צוואַנציג יאָר אַלט, אַ צעווילדעוועטער יונג, טוט גאָרניט און פון זיין לערנען זיך אין קאָלעדזש איז אויך גאָרניט אַרויסגעקומען. אַלץ, וואָס ער וויל, איז נאָר האָבען פאַרגעניגען, אַרומלויפען מיט מיידלעך. ער האָט שוין דאָ געהערט ריידען שלעכטס אויף אים. שוין צייט צו מאַכען אים פאַר אַ לייט. ער וועט איבערנעמען דעם גזאָלין־סטעישאַן. ער וועט זיך סעטלען און אפשר חתונה האָבען מיט איינער פון די מיידלעך דאָ.

ביי וואַלקאָוויץ'ן האָט זיך צעשפּילט דער אונטערנעמערישער גייסט.

(שלוס אויף זייט [illegible], סעקשאַן 1)

ליטעראַרישע קריטיק

# ליטעראַטור

דיסקוסיעס • נאָטיצן

## דער וועג־ווייזער ווי אַזוי אויסצולייגן אידיש

פון יצחק וואַרשאַווסקי

**פון דר. מאַקס ווײַנרײַך און דר. מרדכי שעכטער. — תקנות וואָס זײַנען שווער צו געדענקען. — לאָגיק און קאַפּריזן. — פאַרוואָס די נײַע אָרטאָגראַפיע ווערט ניט אָנגענומען אײַנשטימיג.**

דר. מאַקס ווײַנרײַך האָט מיר צוגעשיקט אַ בוך מיט'ן נאָמען „ידישער אָרטאָגראַפישער וועג־ווײַזער", אַרויסגעגעבן דורך דער „קאָמיסיע דורכצופירן דעם אײַנהייטלעכן ידישן אויסלייג".

דאָס בוך באַשטעהט פון צוויי טיילן: „דאָס אָרטאָגראַפישע ווערטער־בוך", צונויפגעשטעלט דורך מרדכי שעכטער און „די יסודות פון אײַנהייטלעכן אויסלייג", צונויפגעשטעלט פון מאַקס ווײַנרײַך, צו דער קאָמיסיע דורכצופירן...

אָבער ווען עס קומט צו ווערטער, וואָס דאָס פאָלק באַנוצט אַלעמאָל באַזונדער, מיט אַ קורצן איבעררײַס, דעמאָלט פאַרלאַנגען די תקנות מען זאָל זיי שרייבן צוזאַמען ווי איין וואָרט. אָט זענען בײַשפּילן: אַזעלכע ווערטער וואָס מיר שרייבן באַזונדער אָדער באַהאַפטן מיט אַ בינדשטריך, ווי: אָרבעטס־מענטש, גלאַנץ־פּעריאָד, נײַע־חסידות, אײַנשרײַב־געלט, קאָנגרעס־דייטש, בירגער־רעכט...

## ער האָט ליב הויכע ערטער

פון אליעזר ווייזעל

**יורם קאַניוק, אַן 31־יאָריגער סאַברע, איז געווען אַ מאָלער. — זײַן ערשטער ראָמאַן איז אַן אַבסטראַקטע שאַפונג. — אויסטערלישע פּאַסירונגען און געשטאַלטן. — דער מירער און אַנטוישטער העלד.**

THE ACROPHILE; By Yoram Kanyuk
(Atheneum, $3.50)

ליטעראַטור איז, אין אַ געוויסן זין, אַ חשבון וואָס דער שרייבער מאַכט מיט גאָט, מיט דער וועלט, מיט זיך אַליין. ווער ס'איז צופרידן מיט'ן באַשאַף, ווער עס גלויבט אַז אַלץ איז אמת, אַלץ א'ז אָרדנונג, אַלץ איז גערעכטיגקייט — דער פיהלט ניט דעם באַדאַרף אָנצוהייבן אַלצדינג פון בראשית און זיך אָפּגעבן מיט קונסט, מיט שאַפונג. שרייבן באַדייט פאַר אַלעמען: איבעראָנדערשן, שטעלן אָנגענומענע באַזעצן אונטער...

אויסטערליש: ער רעדט מיט מתים, הערט שטימען וועלכע דערגעהען בלויז צו זײַן אויער און פאַרשטעהט די שפּראַך פון אָביעקטן. אַלץ וואָס עס פּאַסירט מיט אים איז ניט טאָג־טעגליך: זײַן ווייב באַשולדיגט אים, אַז ער האָט דערמאָרדעט איר מוטער; זײַן געליבטע האָט ער באַגעגנט אויף דעם בית־הקברות וואו זי איז געקומען באַוויינען איר באַד־ניט געשטאָרבען קינד. צוזאַמען מיט זײַנס אַ קרוב, נתן דער נביא, וואַרט ער אויף משיח'ן; אין אוניווערסיטעט, וואו מען רעספּעקטירט אים אַלס אַ גרויסען געלערנטען, באַשליסט ער מיטאַמאָל צו ווערן אַן אײַנפאַכער אַרבעטער וואָס גרעהט אַרום מיט אַ ...

## מיט לייטען גלייך

ערצעהלונג

פון מרים ראַסקין

...

ניט דאָס ווייסן צו פאַרפיהרן דיסקוסיעס מיט אויטאָריטעטן אויף אַ געביט וואו ער אַליין, דער שרייבער, איז אפילו ניט קיין אַמאַטאָר. מיר ווילן בלויז אָנווײַזן אונזערע לייענער פאַרוואָס דער „פאָרווערטס" און אַ רייע שרייבער האָבן ביז איצט ניט אָנגענומען אָט־די תקנות.

אַז די תקנות האָבן ערגיץ אַ שטיקעל לאָגיק — ווענען דעם קאָן ניט זײַן קיין פראַגע. אָבער אַז די לאָגיק פון פילאָלאָגן קאָן אַמאָל דערפיהרן צו קרומע רעזולטאַטן — דאָס ווערט אויך קלאָר פון דעם בוך.

ס'איז גוט, זאָגען מיר, וואָס די תקנות זענען פראַן און עס איז פראַן אַ וועגווייזער. אָבער עס איז אויך גוט וואָס מיר לעבען אין אַ פרייער מדינה און מיר האָבן די רעכט צו שרייבן אַזוי ווי מיר זענען געוואוינט און ווי אונזערע לייענער זענען געוואוינט. מען דאַרף געדענקען, אַז די מעהרסטע אידישע לייענער זענען שוין ניט קיין יונגעלייט און עס וואָלט זיי געווען זעהר שווער זיך צוגעוואוינען צו דער נײַער אָרטאָגראַפיע.

...

דאַרף מען שרייבן „אַ דאַנק", כאָטש אַלע זאָגן „אַדאַנק". יעדער איד זאָגט אין איין אָטעם „פאַרנאַכט", „אינדערפריה". אָבער די תקנות ווילען מען זאָל שרייבן „פאַר נאַכט", „אין דער פריה".

יאָ, ווען עס קומט צו ווערטער וואָס דער איד זאָגט אין איין אָטעם, באַהאַפטען — ווילען די תקנות מען זאָל די ווערטער פונאַנדערריקען.

**FORWARD**

A JEWISH DAILY

Published by
THE FORWARD ASSOCIATION

Adolph Held, President
Dr. A. Seldin, Sec.-Treas.

Publication Office:
175 East Broadway, New York 2, N.Y.

# ליטעראַטור

דיסקוסיעס • נאָטיצען

ליטעראַרישע קריטיק

# אויפ'ן ראַנד פון קאַטשערגינסקי'ס בוך „איך בין געווען אַ „פּאַרטיזאַן"

פון
יצחק וואַרשאַווסקי

**די ראָל פון פויער, פון דער פרוי און פון איד. — די נייטראַליטעט פון די שוואַכע. — פאַרוואָס אידען האָבען ניט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד. — פולשטענדיגע פאַרניכטונג אָדער דער טריאומף פון אידישקייט.**

איך האָב ערשט נאָר איבערגעלייענט אַ בוך וואָס שטעהט שוין אין מיין ביכער־שראַנק — ניט געלייענטערהייט — אַכט יאָר צייט. עס איז ש. קאַטשערגינסקי'ס „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן". מ'האָט ווענכען דעם בוך אַ סך געשריבען ווען ס'איז אַרויס. דער מחבר איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אומגעקומען אין אַן עראָפּלאַן־קאַטאַסטראָפע.

וואָס פאַר'אַ אומגערעכטע טאַט פון גורל איבערצושניידן קאַטשערגינסקי'ס יונג לעבען נאָכדעם ווי דער מענטש איז דורכגעגאַנגען אַזאַ גיהנום! דייטשלאַנד שוויבעלט און גריבעלט ביז היינט מיט נאַציש מערדער, וואָס לעבען אין וואוילטאָג און די דעמאָקראַטישע וועלט אַרבעט מעשים צו פאַרטיידיגען זייערע רעכט, זייער פרייהייט, זייער וואוילזיין. מ'האָט ביי אונז געריסען הויכע שטייערען צו שיקען ביליאָנען דאָלאַרס צו די דייטשע רוצחים. אָבער דער קרבן פון די דאָזיגע רוצחים ליידט־אָפּ זיינע יונגע יאָרען און ווערט פריה פאַרשניטען.

קאַטשערגינסקי'ס בוך קלערט אויף פאַר דעם לייענער דאָס רעטעניש; ווי אַזוי קאָנען מענטשען לעבען אין וואַלד? וואו נעמט מען אין וואַלד עסען? ווי אַזוי קאָן מען אויסהאַלטען אין וואַלד ווינטער? אָבער דאָס איז נישט אַלץ. עס קלערט אויף ענינים וואָס האָבען צו טאָן מיט דער גאַנצער טרויעריגער געשיכטע פון דעם מין מענטש. אין אַ געוויסען זין איז קאַטשערגינ־...

מאַגט. דער פויער האָט געהאַט איין באַשיצונג; באַהאַלטען שפייז. אָבער הונגעריגע סאָלדאַטען שלאָגען אַזוי לאַנג ביז דער פויער שלעפּט אַרויס דאָס לעצטע. עס פּאַסירט נאָר אַמאָל. אַז די פויערים אַליין שטאַרבען פון הונגער נאָכדעם ווי די קעמפערישע צדדים האָבען ביי זיי אַלץ צוגענומען.

אום ס'זאָל זיין ביי וועמען צו רויבען, האָט דער פויער אין אַלע דורות געמוזט זיין מעהר־ווייניגער אַ נייטראַלער צד, אַ נישט־קעמפער. די פּאָזיציע פון פויער, זיין לעבען אין אַ קליין דערפעל, אונטער אַ שטרוי־דאַך, אָהן שיך, אָהן שום באַקוועמליכקייטען און פּריווילעגיעס, האָט אים אַלעמאָל געגעבען דאָס געפיהל, אַז ס'איז אין תוך דאָס איינענע ווער עס זיגט און ווער עס פאַרלירט. דער פויער איז ביז נישט לאַנג געווען אַ קנעכט, און ס'איז אים געווען אַלץ איינס וועמען ער דינט און ווער עס רויבט ביי אים. די באַפרייאונג פון די פויערים האָט אַריינגעבלאָזען אין פויער אַ קאַפּעלע פּאַטריאָטיזם. אָבער בלויז אַ קאַפּעלע. אין די פוילישע אויפשטאַנדען האָבען די פויערים כמעט נישט גענומען קיין

אַנטייל. וואָס האָט דער פויער געקאָנט געווינען אויב פוילען וועט זיין זעלבסטשטענדיג? סתמא דער פויער האָט געמוזט שפּייזען אַלע קעמפער, אַלע צדדים, אונטער אַלע אומשטענדען, האָט אים דאָס לעבען אַליין פאַרוואַנדעלט אין אַ נייטראַלען, אַ דרויסענדיגען. ער האָט נישט טריאומפירט ווען דער אָדער יענער צד האָט געזיגט. ער האָט נישט געטרייערט אויף קיין מפּלות. ער, דער פויער, איז אַלע מאָל געווען דער פאַרלירער.

אַזוי ווי דער פויער איז אין אַ געוויסען זין געווען די פרוי. דאָס מענשליכע מין קאָן נישט עקזיסטירען אויב די ווייבער קינדלען נישט. ווייבער מוזען קינדלען אונטער אַלע אומשטענדען. מ'האָט געקאָנט אומברענגען אָהן אַ צאָהל מענער, אָבער ווי לאַנג עס זענען געבליבען יונגע פרויען, האָבען זיי אויפגעשטעלט אַ נייע דור. די קעמפער האָבען אויך גענוצט די פרויען פאַר זייער פאַרגעניגען. די פרוי איז אין משך פון אומצאָליגע דורות געבליבען אַ נייטראַל באַשעפעניש. ווער ס'האָט געהאַט כוח, דער האָט זי גענומען. די זיגער פלעגען פאַנגען די יונגע פרויען פון די באַזיגטע און זיי מאַכען פאַר זייערע ווייבער אָדער קעפּסווייבער. נאַטירליך, די פרויען פון די גרויסע שררות זענען נישט געווען נייטראַל. די אַלטע ווייבער האָבען זיך אויך געשראָקען פאַר'ן שונא, ווייל זיי האָט מען פאַרטיליגט. אָבער די יונגע פרוי איז געווען ווי די תבואה אין פויער'ס שייער, אָדער ווי זיין בהמה אין שטאַל. זי איז ניצליך

...

# ישׂראל זעצט־איבער פאַר אַמעריקע רוסישע וויסענשאַפטליכע ווערק

**אַמעריקאַנער רעגירונג באַשטעלט ביי אַ ספּעציעלען ישׂראל'דיגען אַמט איבערזעצונגען פון רוסיש ביכער וועגען מעדיצין, כעמיע, פיזיק, ביאָלאָגיע און אַנדערע וויסענשאַפטען. — די רוסען בעטען ביי ישׂראל עקזעמפּלאַרען פון די איבערזעצונגען.**

פון אונזער ישׂראל קאָרעספּאָנדענט
ליב ראַכמאַן

פריער פאַר אַלץ וויל איך בעטען די לייענער, זיי זאָלען זיך ניט דערשרעקען: עס האַנדעלט זיך דאָ ניט אין „אויפדעקען" געהיימע טעטיגקייטען פון ישׂראל'דיגע, אַמעריקאַנישע, צי פון רוסישע „אינטעלידזשענס דעפּאַרטמענט". אַזעלכע סודות ווייס איך אויך ניט, און איך וואָלט זיי מורא געהאַט צו וויסען. עס רעדט זיך דאָ וועגען אַ לעגאַלער, כשר'ער זאַך, דאָך איז זי זעהר אינטערעסאַנט: אין ישׂראל געפינט זיך אַז אָפיציעלער רעגירונגס־אַמט, וואָס

...

# זומער־ליבע

ערצעהלונג

פון
מרים ראַסקין

...

# ווינסטאן טשוירטשיל

פון
ל. פארעם

**זיין פאטער אן ענגלענדער, די מוטער — אן אמעריקאנערין. — זי האט געהייסען דזשעני. — איר פאטער האט איר געגעבען דעם נאמען ווייל ער איז געווען פארליבט אין דער בארימטער שוועדישער זינגערין דזשעני לינד. — ווינסטאנ'ס פאטער, ראנדאלף טשוירטשיל, איז אויך געווען א קאליר־פולע פערזענליכקייט. — ווינסטאן טשוירטשיל'ס ראלע אין די צוויי וועלט־מלחמות. — זיין אנטייל אין דער מלחמה מיט די בורען פון סאוט אפריקע. — קריגספירער, דיפלאמאט, פאליטישען, שריפטשטעלער, מאלער און רעדנער.**

ס'כאפט אן א שווינדלעניש אין קאפ, ווען מען וועט זיך שרייבען וועגען ווינסטאן לעאנארד ספענסער טשוירטשיל, אדער „ווינני", ווי די, וואס האבען געוואלט אויסדריקען זייער ליבע צו אים, האבען אים גערופען אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. נישט נאר איז וועגען אים אנגעשריבען געווארען א ליטעראטור א גאנצע, נאר ער אליין האט שיער ניט אנגעשריבען א ליטעראטור. היינט זיין לעבען, זיינע גילגולים, זיינע אוואנטורעס און עטאפען. ס'איז פשוט נישטא וואו אנצוכאפען און ביי וואס פריער אנצוהויבען.

פרעגט היינט אן ענגלענדער ווער עס איז דער גרעסטער מענש אין ענגלאנד, און ער וועט ענטפערען:

— ווינני.

אדער:

— סער ווינסטאן.

אדער:

— דער מלחמה־פרעמיער.

און עס וועט מיינען איין־און־דערזעלבער מענש.

אבער דאס איז נישט אלעמאל אזוי געווען. עס איז געווען א צייט, אדער צייטען, ווען דער איצט־בארימטער און באליבטער 78־יאריגער טשוירטשיל איז נישט געווען בארימט און זיכער נישט באליבט. דער גרויסער מאן האט געדארפט שווער ארבעטען צו דערגרייכען זיין איצטיגע פאזיציע, און ווען נישט די קאטאסטראפע, די צווייטע וועלט־מלחמה, איז א גרויסע פראגע, צי ער וואלט זי ווען עס איז דערגרייכט. אין דאך אנגענומען, אז גרויסע געשעהענישען שאפען דעם גרויסען מענש.

און דאס נישט דערפאר ווייל ער האט נישט געהאט די פאטענץ פאר גרויסקייט. עס איז זיכער געווען דערפאר וואס זיינע אייגענע ענגלענדער, אין די רעגירונגס־קרייזען, האבען אים נישט ליב געהאט און האבען אים נישט געטרויט. ער איז געווען צו־אגרעסיוו פאר זיינע קאלעגען פון דער טארי־פארטיי, צו־נעוואגט, צו־אוואנטוריסטיש, צו־ליבעראליש, צו־שארף, צו־בליציג, צו־שטעכיג. א פארטיי פון סטענלי באלדווין און נעוויל טשעמבערליין האט נישט געקאנט פארדייען אזא פרי ווי ווינסטאן טשוירטשיל.

וואלט ער, ווי געזאגט, קיין פרעמיער־מיניסטער נישט געווארען, ווען נישט די שוידערליכע קאטאסטראפע. די פראגע איז: וואס וואלט געווען, ווען טשוירטשיל ווערט נ י ש ט דער פרעמיער־מיניסטער פון ענגלאנד אין יענעם פאטאלען יאר 1940 און עס בלייבט וואוינען אויף 10 דאונינג סטריט טשעמבערליין מיט'ן שירעם? סאי'ן א מורא וועגען דעם א טראכט צו טאן.

• • •

ווען איר קוקט אויף ווינסטאן טשוירטשיל מיינט איר, אז דאס איז דזשאן בול פערזאניפיצירט. א טיפישערען ענגלענדער איז ווי שווער פארצושטעלען. דאך, ווי אלע ווייסען, איז טשוירטשיל ניט קיין גאנצער ענגלענדער. זיין מוטער איז געווען אן אמעריקאנערין. ווען מען זאל אננעמען דעם אידישען איינשטעל, אז קינדער ווערען פארערכענט לויט דער מוטער'ס אפשטאם, איז ווינסטאן לעאנארד ספענסער טשוירטשיל אן אמעריקאנער.

אט איז די געשיכטע פון זיין אפשטאם. מיר וועלען דארפען צוריקגעהן א ווילע.

עס איז געווען אין יאר 1873. ווען דער יונגער דיוק פון מארלבארא האט פלוצלינג באקומען א בריוו פון איינעם פון זיינע זיהן, לארד ראנדאלף טשוירטשיל, אז ער האט זיך פארליבט אין אן אמעריקאנער מיידעל, דזשעני דזשעראום, און אז ער וועט מיט איר חתונה האבען. דער דיוק, דזשאן ווינסטאן, איז געווען פריי־טשמעליעט פון דער נייעס. ווי יעדער שטאלצער פאטער, האט ער געהאלטען, אז זיינע זיהן זיינען די קלינסטע און גראציעזסטע פון אלע אנדערע זיהן. האט ער דעריבער בעדיינגט גרויסע האפענונגען אויף דעם איינגערען זיהן זיינעם, ראנדאלף, אז ער וועט טאן א בעסערען שידוך איידער דער עלטערער, וועלכען מען האט גערופען דער מארקיז פון בלענפארד, און וועלכער האט זיך פארבונדען מיט א גרויסער שעהנהייט און נאך א גרעסערער פראסטקייט.

ווען דער דיוק האט אנגעפרעגט זיין זיהן ראנדאלף ווער אזוינס עס איז זיין אויסדערוויילטע, האט ער דערהאלטען אן ענטפער, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר יעדען יונגענמאן פון אלע צייטען:

— ווארט און דו וועסט עפעס זעהן.

ווער איז געווען דזשעני דזשעראום, די מוטער פון דעם איצטיגען „ווינני", די מוטער פון איינעם פון די קאלירפולסטע פרעמיערען פון דער בריטישער אימפעריע?

זי איז געווען די מיטעלסטע פון דריי טעכטער פון אן אמעריקאנער אוואנטוריסט און לעב־יונג, לעאנארד דזשעראום. איר עלטערע שוועסטער איז געווען שענער פון איר; די אינגערע שוועסטער — ראפינירטער פון איר. דזשעני האט אבער פארמאגט די שטארקסטע פערזענליכקייט און איז געווען די געוואגטסטע פון אלע.

איר מוטער, קלאריסא, האט געשטאמט פון אן אלטער אמעריקאנער פאמיליע און איז געווען אן „אכטל" אינדיאנערין. דער פאקט איז, אז די טאכטער, דזשעני, האט אויסגעקוקט מער אינדיאניש איידער איר מוטער. זי האט געהאט פעך־שווארצע האר און גרויסע שווארצע אויגען. עס איז מעגליך, אז ראנדאלף טשוירטשיל איז פארכאפט געווארן פון דער דאזיגער עקזאטישקייט אין איר אויסזעהן.

דזשעני'ס פאטער, לעאנארד, איז געקומען פון ניו ענגלאנד, אבער געהאדעוועט האט ער זיך אויף א פארם אין ניו יארק סטעיט. ער איז געווען איינער פון אכט זיהן, און אומרוהיגער פון געבורט. איינער וואס האט געצויגען צו אוואנטורעס און אזארט שפילען. ער האט אנגעהויבען שטודירען לאא (יורי) אין ראטשעסטער און איז באלד איבערגעגאנגען צו זשורנאליזם. אין 1854 האט ער זיך אריבערגעצויגען קיין ניו יארק, וואו ער און זיין ברודער אדיסאן, האבען געעפענט א ביזנעס אפיס אויף וואל סטריט. מיט א פאר יאר שפעטער איז ער געווען א מיליאנער.

און ער האט געלעבט ווי א מיליאנער. צו זיין אויסברענגערישקייט איז טיילמאל ניט געווען קיין גרעניץ. ווען זיין קליינע טאכטער דזשעני האט איינגעדריקט א פארלאנג זיך צו גליטשען אין סענטראל פארק, האט ער געהייסען בויען א ספעציעלען אפגעצאמטען גליטש־פלאץ פאר איר. ער האט אויך נישט פארזעהן זיינע אייגענע פארגעניגענס. ער איז געווען א גרויסער ליבהאבער פון טעאטער און (איך האט געטראפען) אקטריסעס. וועגען זיין געהיימער ליבע מיט דער רעמאלט־בארימטער שוועדישער זינגערין, דזשעני לינד, איז א סך געשריבען געווארען. ער איז געגאנגען אזוי ווייט אין זיין פארערהרונג פאר דער „שוועדישער נאכטיגאל", אז ער האט זיין באליבטסטער טאכטער א נאמען געגעבען דזשעני, די וועלכע דזשעני וואס איז שפעטער געווארען די מוטער פון אונזער היינטיגען סער ווינסטאן טשוירטשיל.

ארום צען יאר צייט האט לעאנארד דזשעראום געבריענט א וועלט. ער האט ניט פארפעלט אויסצואיכען אן איינפלוס אויף'ן פאליטישען לעבען פון לאנד. אין יאר 1860 האט ער אפגעקויפט א היבשען חלק פון דער „ניו יארק טיימס" און ער האט אין א מאס קאנטראלירט די עדיטאריעל־זייט פון דער צייטונג. ווען עס האט אויסגעבראכען דער בירגער־קריג איז ער געווען אויף דער זייט פון אייבראהעם לינקאלן.

אבער ווען ראנדאלף טשוירטשיל האט באגעגענט דזשעני'ן, איר מוטער און די צוויי אנדערע מיידלעך אין ענגלאנד, איז לעאנארד דזשעראם שוין געגאנגען בארג־אראפ. די פאמיליע איז שוין געווען האלב־פארארימט, און דאס איז געווען איינע פון די אורזאכען פארוואס דער דיוק פון מארלבארא איז געווען געגען דעם שידוך.

— אויב מיין זוהן, — האט ער געזאגט צו באקאנטע — מוז שוין יא חתונה האבען מיט אן אמעריקאנערין, זאל זי כאטש זיין רייך...

אבער רייך, צי נישט — ראנדאלף איז געווען פארליבט און דזשעני איז


ווינסטאן טשוירטשיל

געווארען זיין ווייב. דעם 30טען נאוועמבער, 1874, איז געקומען דאס ערשטע קינד, וועלכער איז מיט זעקס־און־זעכציג יאר שפעטער, אין 1940, געווארען דער פרעם־מיניסטער פון ענגלאנד.

• • •

ווינסטאן טשוירטשיל'ס פאטער, ראנדאלף, איז אזוי פארטונקעלט געווארען פון זיין בארימטען זוהן, אז ווייניג מענשען ווייסען, אז ער איז געווען א שטארקע און קאלירפולע פערזענליכקייט. ער האט פארמאגט א וועלט מיט קוראזש, וואס זיין בארימטער זוהן האט געירש'נט אין גאר א גרויסער מאס. פריער, איידער ער האט געהייראט דזשעני'ן, האט מען אים געקענט פאר א פלעגמאט, א פוילענצער און בכלל פאר איינעם וואס נעמט קיין זאך נישט ערנסט. ווען דער פאטער זיינער האט אים געהייסען „לויפען" אלס דעפוטאט אין פארלאמענט, האט ער געענטפערט:

— צו וואס? ס'פעלען דארט אידיאטען?

אבער זיין ווייב איז געווען א אמביציעזע פרוי און זי האט געוואלט, אז איר מאן זאל זיצען אין פארלאמענט. מסתמא האט זי געשטרעבט העכער ווי דאס. פאר איר ווילען האט זיך ראנדאלף טשוירטשיל געבויגען. ער איז ערוויילט געווארען, און צו זיבען־און־דרייסיג יאר איז ער געווארען בריטישער פינאנץ־מיניסטער, וואס איז בלויז איין שטאפעל נידעריגער פון דעם פרעמיער.

זיינע טארי־קאלעגען האבען פון אים קיין נחת נישט געהאט. ער האט געוואלט איינפירען ליבעראליזם אין דער טארי־פארטיי און זיך כסדר געקריגט מיט זיינע קאלעגען. ער האט אפילו, איידער ער איז אריין אין קאבינעט, זיך געטשעפעט צום פרעם־מיניסטער פון זיין אייגענער פארטיי, דעם גרויסען וויליאם גלאדסטאון, וועלכער איז שוין אלט געווען איין־און־אכציג יאר און איז איצט געווען פרעמיער צום צווייטען מאל.

ראנדאלף טשוירטשיל וואלט אפשר יא און אפשר נישט געווארן פרעם־מיניסטער פון ענגלאנד. אויב יא, וואלט עס געווען מיט דער אקטיווער הילף פון זיין ווייב, די אומערמידליכע דזשעני. אבער ער איז געשטארבען יונג, ווען זיין זוהן ווינסטאן איז אינגאנצען אלט געווען צוואנציג יאר.

• • •

ווינסטאן טשוירטשיל'ס בארימטקייט האט זיך אנגעהויבען פרי. דער פאקט איז אז קיינער געדענקט נישט די צייט, ווען ער איז נישט געווען בארימט, באטש נישט אלע האבען עס געוואלט אנערקענען. דער אוסצוטריט צו ווינסטאנ'ען פון זיין אייגענער קאנסערוואטיווער פארטיי האט אין א גרויסער מאס געשטאמט צוליב זיין פאטער'ס ווידערשפעניגקייט. און ער אליין, ווינסטאן, האט גארניט געטאן אפצושוואכען דעם אנטאגאניזם געגען דעם עלטערען טשוירטשיל. ווייל ער אליין איז אויך נישט געווען קיין לייכטער פאסאזשיר און עס איז נישט געווען גרינג מיט אים דורכצוקומען. ווי זיין פאטער, איז ער געווען צר־אומאפהענגיג, נישט אונטערגעווארפען זיך קיין פארטיי־דירעקטיוען און געטאן וואס ער האט געוואלט.

אלס יונגערמאן, האט ער געברויזט מיט ענערגיע און אונטערנעמערישקייט. זיין צוקונפט איז נאך נישט געווען קלאר צו אים. ער האט מסתמא גע'חלומ'ט פון ווערען א שרייבער, און ער האט טאקע צו צוואנציג יאר אנגעשריבען א בוך. אבער ווען די מלחמה צווישען אמעריקע און שפאניע איז אויסגעבראכען, איז ער געפארען קיין קיובא סאי אלס זשורנאליסט און רעפארטער, סאי צוליב דעם ווייל עס האט אים געצויגען צו מיליטערישע אוואנטורעס.

ווען ענגלאנד האט געפירט א מלחמה געגען די בורען פון דרום אפריקע, איז ווינסטאן טשוירטשיל דארטען געווען — כלומרשט אלס קארעספאנדענט פון דער גרויסער לאנדאנער קאנסערוואטיווער צייטונג, „דהי מארנינג פאוסט". די מלחמה איז געגאנגען שלעכט און טשוירטשיל האט עס באריכטעט אויף אן אפענעם, כמעט ברוטאלען אופן. אבער ער האט לאנג נישט געקאנט שפילען די ראלע אלס זייטיגער באאבאכטער און ער איז איינמאל ארויף אויף א מיליטערישער באן, וואס איז ארומגערינגעלט געווארען פון די בורען און מען האט זי אנגעהויבען באשיסען פון אלע זייטען. עס זענען געפאלען עטליכע פערוואונדעטע און עס איז געווארען א צעמישעניש צווישען מיליטער. דא האט טשוירטשיל איבערגענומען די קאמאנדע.

דער אינזשינער, וועלכער איז געווען פארוואונדעט, האט געוואלט אפשטעלען די באן און זיך און די אנדערע איבערגעבען אין געפאנגענשאפט. ווינסטאן האט אים איבערגערעדט דאס נישט צו טאן. ער האט אים אנגעהויבען איינרעדען, אונטער די פליענדיגע קוילען, אז עס דערווארט אים א מעדאל פאר בראוועקייט נאכדעם ווי די מלחמה וועט זיין געוואונען. דער אינזשינער האט געפאלגט און דער קארעספאנדענט, וואס איז פארוואנדעלט געווארען אין א קאמאנדיר, האט אנגעהויבען ארויסגעבען באפעלען ווי אזוי זיך צו פארטיידיגען. אבער עס איז שוין געווען צו־שפעט. טשוירטשיל און די אנדערע זענען גענומען געווארען געפאנגען. דער בורישער אפיציר, וואס האט געפאנגען טשוירטשיל'ן, האט געהייסען לואיס באטהא, וועלכער איז מיט יארען שפעטער געווארען דער ערשטער פרעזידענט פון סאוט אפריקע — און טשוירטשיל'ס פערזענליכער פריינט.

באלד איז לאנדאן אויפגעטרייסעלט געווארען פון דער נייעס, אז ראנדאלף טשוירטשיל'ס זוהן, דער קארעספאנדענט פון „דהי מארנינג פאוסט", איז גענומען געווארען געפאנגען. אבער נאך איידער די טינט פון דער נייעס איז פארטריקענט געווארען איז אנגעלאפען די נייעס, אז ער איז אנטלאפען פון זיין געפאנגענשאפט און ער געפינט

(שלוס אויף זייט 3, סעקשאן 1)

# צוואנציג טויזענט אידען אין ישראל ווילען אויסוואנדערען קיין אמעריקע

**דאס איז ניט קיין גרויסע צאל. — די צאל קאנדידאטען אויסצוואנדערען ווערט אלע מאל קלענער. — ווער זענען די וואס ווילען עמיגרירען?**

פון אונזער ישראל קארעספאנדענט
לייב ראכמאן

אין פלוג ווירקט דאס איבערראשענדיג, ווען מען גיט פלוצים א דערהער, אז 20 טויזענט אידען, איינוואוינער פון ישראל, זענען פארשריבען אין די אמעריקאנישע קאנסולאטען אין ישראל אויף אויסוואנדערונג אין די פאראייניגטע שטאטען. און זיי ווארטען אויף זייער ריי. אבער ווען מען פרואווט צונעמען די ציפערען אויף פראצענטען, ווייזט זיך גיך ארויס, אז 20 טויזענט אויף העכער 2 מיליאן אידען, וואס געפינען זיך אין דער אידישער מדינה, באדייט גאר ניט קיין סך. דאס איז א נאטירליכער פראצעס. עס איז שטענדיג אזוי געווען אין ארץ־ישראל, אז א געוויסער טייל פון די עולים פאלט שפעטער אפ, און פארלאזט צוריק דאס לאנד. פארקערט, אין די לעצטע יארען, זינט עס האט זיך פארבעסערט די עקאנאמישע לאגע אין לאנד, פארקלענערט זיך כסדר די צאל קאנדידאטען אויף אויסוואנדערונג אין די פאראייניגטע שטאטען.

דאך איז אינטערעסאנט צו אנאליזירען די סיבות, וואס ברענגען איינוואוינער פון דער אידישער מדינה צו עמיגרירען קיין אמעריקע. מען קאן געפינען הויפטזעכליך דריי סיבות. נומער איינס, איז א פאקט, אז טייל עולים, צי פון צפון־אפריקע, צי פון מזרח־אייראפע — קומען קיין ישראל, באלד פון אנהויב, מיט דער כוונה, פון דאנען צו קאנען פארען ווייטער קיין אמעריקע. פון זייערע לענדער איז דאס אוממעגליך צו טאן, נוצען זיי אויס די מעגליכקייט פון עליה קיין ישראל, מיט דעם געדאנק, ישראל זאל פאר זיי דינען אלס שפרינג־ברעט פאר ווייטערדיגער עמיגראציע. אזוי שנעל ווי זיי קומען נאר קיין ישראל, פארשרייבען זיי זיך גלייך אין אמעריקאנישען קאנסולאט אויף צו באקומען אן אמעריקאנער וויזע. זיי מאכען נאכדעם ניט קיין שום ערנסטען פרואוו זיך איינצוארדענען אין לאנד. אזעלכע מענשען „זיצען אויף די וואליזעס" און ווארטען. זייער צאל איז אבער אלעמאל א קליינע, נאך מער, עס טרעפט אפט, אז אזוי ווארטענדיג, נעמט זיי געפעלען דאס לעבען אין ישראל, עס עפענען זיך פאר זיי מעגליכקייטען; בפרט נעמען זיך דא צוגעוואוינען צום לאנד זייערע קינדער, וועלכע ווילען מער ניט פארען ווייטער. דער רעזולטאט איז אין אזעלכע פאלען אפט, אז מען פאקט ביסלעכווייז אויף די וואליזעס און מען פארגעסט וועגען פלאן אויסצוואנדערען.

די אנדערע קאנדידאטען אויף אויסוואנדערונג זענען דאס רוב מענשען, וואס האבען נאענטע קרובים אין אמעריקע. די קרובים שרייבען זיי, אז אין אמעריקע שטעהט פאר זיי אפען די וועלט. זיי העלפען זיי אויך העלפען גיך זיך איינצוארדענען. צווישען דער קאטעגאריע קאנדידאטען אויף עמיגראציע געפינען זיך אויך גוט־סיטואירטע מענשען, וואס האבען דא זיכערע פרנסות און שעהנע דירות. זיי ליקווידירען אלץ, זיי „צעבראכען זיך", און פארען אוועק. צווישען זיי געפינען זיך, פארשטעהט זיך, אויך אלט־איינגעזעסענע ישראל־בירגער; מענשען, וואס מען רופט דא „ותיקים". ניט איינמאל געשעהט, אז אזעלכע קריגען חרטה, ווען זיי זענען שוין אין אמעריקע; עס געהט זיי דארט ניט אזוי לייכט, ווי מען האט זיי געשריבען און ווי זיי האבען זיך פארגעשטעלט. אין אזעלכע פאלען דרעהט מען צומאל אויס דעם „דישעל" און נאך גרויסע וואקלענישען פארט מען צוריק קיין ישראל. דא מוז מען דאן אנהויבען אלץ פון דאס ניי. מען שעמט זיך דא אויך פאר די פריערדיגע באקאנטע און פריינט. מיט איין ווארט; עס איז ניט אזוי לייכט.

ווי געזאגט, געשעהט דאס בלויז מיט א קליינער צאל משפחות. די איבעריגע בלייבען שוין אין אמעריקע, מען מאכט דורך אלע שוועריגקייטען פון „אויסגרינען" זיך און מען ארדענט זיך ביסלעכווייז דאך איין.

די דריטע קאטעגאריע קאנדידאטען אויף אויסוואנדערונג פון ישראל קיין אמעריקע, באשטעהט פון מענשען, וואס עס איז זיי באמת שווער עקאנאמיש זיך איינצוארדענען אין ישראל. עס געהט זיי דא ניט. זיי גלויבען, אז אין אמעריקע וועט זיך פארבעסערען זייער מערבה. צוליב דער פארבעסערונג פון דער עקאנאמישער לאגע אין ישראל, פאלט, ווי געזאגט, זייער צאל פון יאר צו יאר.

**וועמען גיט אמעריקע וויזעס?**

ביז איצט האבען מיר דא בלויז גערעדט וועגן די אויסוואנדערונגס־קאנדידאטען, וועלכע זייער ווילען אריינצוקומען קיין אמעריקע. וואס איז אבער מיט'ן צווייטען צד, ד. ה. מיט אמעריקע? ווי איז דער מצב אויף דעם געביט פון געבען אמעריקאנער וויזעס פאר איינוואוינער פון ישראל? וועגען דעם האבען מיר געהערט אינטערעסאנטע אינפארמאציעס פון דער ערשטער קוועלע, פון דעם ראטגעבער פון דער אמעריקאנער אמבאסאדע אין תל אביב, ה' ערנליאט האלטבערג. ה' האלטבערג האט אונז די זאך פארגעשטעלט אויף אזא אופן:

לויט'ן אמעריקאנישען אימיגראציע „געזעץ", קאנען דארט אריינקומען יעדעס יאר ישראל־מענשען — בלויז הונדערט. פאקטיש אבער גיט דער אמעריקאנער קאנסולאט אין ישראל ארויס יעדען חודש 300 וויזעס. ווי אזוי געשעהט דאס? פשוט: אמעריקע טיילט איין די וויזעס צו די מענשען, וואס ווילען אהין פארען — ניט לויט די לענדער, וואו זיי לעבען איצט, נאר לויט די לענדער וואו זיי זענען געבוירען. אזוי ווי דער רוב מענשען אין ישראל זענען דאך אפשטאמיגע פון פרעמדע לענדער, ניט קיין געבוירענע אין לאנד, קומט אויס, אז זיי באקומען די וויזעס, ניט אויף דער באגרענעצטער קוואטע פון ישראל, נאר אויף די קוואטעס פון זייערע אפשטאם־לענדער. און דא שאפט זיך טאקע א מאדנער פאראדאקס; עס קומט, למשל, אויס, אז אנדערש זענען די איינוואנדערונגס־מעגליכקייטען פון ישראל קיין אמעריקע — פאר אידען פון פוילען, אנדערש פאר אידען פון רומעניע, צי פאר אידען פון טשעכאסלאוואקיע, און גאר אנדערש פאר אידען פון דייטשלאנד.

עס איז וויכטיג דאס אויפצוקלערען: אין אלגעמיין קענען אריינקומען קיין אמעריקע, יעדעס יאר, אויף צו באזעצען זיך — צוזאמען פון אייראפע, אזיע און אפריקע — 156 טויזענט מענשען. לויט'ן „שליסעל" צו די קוואטעס פון די באזונדערע לענדער (דער „שליסעל" שטיצט זיך אויף דעם צוזאמענשטעל פון דער באפעלקערונג אין די פאראייניגטע שטאטען אין די צוואנציגער יארען), האט יעדעס לאנד רעכט אויף א געוויסער צאל וויזעס. געבוירענע אין רומעניע, אידען און ניט־אידען, וועלכע לעבען אין דער גאנצער וועלט, האבען, למשל, רעכט אויף 289 וויזעס קיין אמעריקע יעדען חודש. פארשטעהט זיך ממילא, אז די אויסזיכטען פאר א רומענישען איד אין ישראל צו באקומען אן אמעריקאנישע וויזע, זענען זעהר שוואכע. פוילישע, געבוירענע, האבען רעכט א יאר אויף 6,488 וויזעס קיין אמעריקע. אזוי לאנג ווי פוילען איז געווען, צוליב איר קאמוניסטישען רעזשים, א געשלאסען לאנד, איז פאר פוילישע אידען אין ישראל לייכטער געווען צו קריגען אן אמעריקאנער וויזע. לעצטענס אבער, פארלייכטערט די פוילישע רעגירונג פאר אירע בירגער די ארויספאר־מעגליכקייטען קיין אמעריקע. די פוילישע קוואטע איז ממילא איבערגעפילט — איז איצט זעהר שווער פאר א פוילישען איד אין ישראל צו באקומען א וויזע קיין אמעריקע.

לייכטער איז אין דער הינזיכט דער מצב פון טשעכישע אידען. טשעכאסלאוואקיע איז געבליבען א געשלאסען לאנד. עס איז שווער פון דארט ארויסצופארען. פון דער טשעכישער קוואטע, 2,859 א יאר, זענען אין פארגאנגענעם יאר אויסגענוצט געווארען בלויז 2,236. קנאפע זעקס הונדערט טשעכישע וויזעס זענען געבליבען צו דער דיספאזיציע פון טשעכישע בירגער איבער דער וועלט. פאר זיי, אויך אין ישראל, איז פארשטענדליך, לייכטער זיך אריינצובאקומען קיין אמעריקע אויף זייער קוואטע. גאר לייכט איז אויף דעם געביט פאר אפשטאמיגע פון דייטשלאנד. אזוי האט לעצטענס זיך בעשאפען א לאגע, אז יעדער דייטשער איד אין ישראל, וואס בעט א וויזע קיין אמעריקע, באקומט זי כמעט אהן שוועריגקייטען.

דער גרעסטער פאראדאקס איז מיט ישראל־געבוירענע, מיט „סאברעס". צווישען די 20 טויזענט רעגיסטרירטע אין ישראל אויף אויסוואנדערונג קיין אמעריקע, געפינען זיך זיבען טויזענט געבוירענע אין ישראל (א סך פון זיי זענען קינדער פון נייע עולים, ניט־לאנג געקומענע אין לאנד). אזוי ווי פאר „סאברעס" זענען אין דער קוואטע באשטימט בלויז הונדערט אמעריקאנישע וויזעס א יאר, קומט אויס, אז א טייל פון זיי וועלען ערשט באקומען וויזעס קיין אמעריקע ניט פריער ווי אין א זיבעציק יאר ארום...

אין דער אונטערשטער שורה האט זיך איינגעשטעלט אזוי, אז דער אמעריקאנישער קאנסול אין ישראל גיט דא יעדען חודש ארויס בערך דריי הונדערט עמיגראציע־וויזעס קיין אמעריקע. דאס מאכט אויס, א יאר 3,600. אויב מען זאל אננעמען, אז אלע נוצען אויס די וויזעס (דאס איז ניט זיכער) — קאן מען אויף אזא אופן פעסטשטעלען, אז 3,600 ישראל־אידען פארלאזען יעדעס יאר דאס לאנד און פארען קיין אמעריקע.

פון ה. האלטבערג האבען מיר געהערט נאך אן אינטערעסאנטען פרט; ניט אלע — זאגט ער — וואס רעגיסטרירען זיך אין אמעריקאנישען קאנסולאט אין תל־אביב אויף עמיגראציע, האבען טאקע ברעה אויסצוואנדערען פון ישראל. א סך פון די רעגיסטרירטע 20 טויזענט — גלויבט ער — גיבען בלויז אן די ווענדונגען, כדי צו זיין רעגיסטרירט. ווי מען זאגט, „אויף יעדען פאל". דער אמעריקאנער קאנסולאט האט זיך איבערצייגט, אז ניט אלע וואס ווענדען זיך נאך וויזעס, מיינען דאס ערנסט. נאך א געהעריגען קאנטראל, האט דער קאנסול, אין די לעצטע צוויי יאר, מבטל געמאכט ביי א פופצען־טויזענט ווענדונגען. עס איז פעסטגעשטעלט געווארען, אז די מענשען האלטען ניט ביי עמיגרירען.

נאך א וויכטיגער פאקט;

**ישראל־מענשען, וועלכע האבען ניט קיין קרובים אין אמעריקע, האבען כמעט ניט קיין אויסזיכט צו באקומען אן אמעריקאנער וויזע, (אידען; טעכניקער און ספעציאליסטען, וואס די אמעריקאנער ווירטשאפט נויטיגט זיך אין זיי.**

# א וואנדערער

ערצעהלונג

פון
מרים ראסקין

אין איינעם א זומער איז דאס געווען אין די בערג.

ער איז צוגעקומען צו דער הינטערגע פון זומער־האטעל מיט צוויי וואליזקעס אין די הענט. ער האט פארקויפט טישטעכער, פארהאנגען, האנטיכער און נאך אנדערע שטוב־ארטיקלען. דער באלעבאס פון האטעל האט וועגען אים געוואוסט, אז ער איז א וואנדערער. א געוועזענער פליכטלינג, וועלכער האט מיט יארען צוריק זיך ארויסגעראטעוועט פון יענעם פינסטערען לאנד, וואס מען האט גערופען נאצי־דייטשלאנד, און אז ער פארדינט איצט אויף צום לעבען דורך פארקויפען די אלערליי ארטיקלען.

עס איז געווען אין א נאכמיטאג. אויף דער וועראנדע פון האטעל האבען א סך געסט זיך פארזאמעלט. פרויען האבען אים נייגעריג ארומגערינגעלט. ער האט באלד צעעפענט זיינע וואליזעס און געוויזען זיינע סחורות. גערעדט האט ער א געבראכענעם ענגליש, געמישט מיט דייטשע ווערטער. דאך האט ער גרינג געקענט זיך צונויפרעדען מיט מענשען. ער איז געווען זעהר געשיקט און פארשטאנען אויפ'ן ווונק וואס מען וויל.

לויט זיין אויסזעהן האט מען אים געקענט אננעמען פאר א געוויינליכען אמעריקאנער סעילסמאן. נעט און ציכטיג אנגעטאן און זעהר העפליך. נאר זיין רעדען איז געווען איינגעהאלטען און אין זיין בליק האט זיך נאך אלץ געטוקט א טרויער. אויגען אזעלכע, וואס האבען שוין געזעהן פאר זיך פארניכטע און צעשמעטערטע לעבענס. יעדערער פון די געסט האט זיך געוואלט אים דערנעהנטערן צו זיך, אים מקרב זיין, און דערווארעמט פון דער פריינטליכער אויפנאמע, האט ער זיך דא היימיש דערפיהלט. ער האט זיך צוגעזעצט אויף דער וועראנדע לעבען זיינע צעעפענטע וואליזעס און אז מען האט אים גענומען פונאנדערפרעגען מער פון זיין לעבען, האט ער זיך צערעדט און גענומען דערצעהלען, וואס מיט אים איז געשעהן ביז איצט.

צופאלען און ניסים האבען אים געהאלפען, ער זאל בלייבען לעבען. אין די צייטען פון היטלער־גיהנום איז ער דורך א טעות באפרייט געווארען פון די נאציסטישע הענט אין דער מינוט, ווען ער איז שוין געווען אויף דער גרענעץ צווישען לעבען און טויט. צופאלען און ניסים האבען אים כסדר געהאלפען, ער זאל קענען זיך אויסבאהאלטען. ער האט דערנאך ארומגעוואנדערט פון איין לאנד צום אנדערן. אין פראנקרייך האט ער אפגעוואוינט א סך יארען. נאר ער האט זיך ניט געקענט דערשלאגען צו עפעס א מענשליכען לעבען ביז ער איז אנגעקומען אהער, צו די ניבערע, אמעריקאנער ברעגען.

ער האט איצט דאס אלץ דערצעהלט קורץ און אפגעהאקט, ווי ער וואלט שוין וועלען פארגעסען, וואס מיט אים איז געשעהן. די מענשען ארום אים האבען פארשטילטע זיך איינגעהערט, קוקענדיג אויף אים, האט ניט איינער פון זיי ביי זיך געפרעגט: צי וועלען אים סטאיען כוחות אנצוהויבען בויען דא א נייעם לעבען? נאר מען האט געזעהן זיין רירעוודיגע פיגור. איינגעשפארטקייט און שטארקער ווילען האט זיך געפיהלט אין זיין רעדען און אין זיין גאנצען וועזען. און עס האט זיך געדאכט, אז די חושים זיינע זענען באזונדערס פארשארפט, מיט א גרייטקייט אנצוהויבען אלץ אויף דאס ניי.

— וואס מיר פעלט איז צו דערלערנען די ענגלישע שפראך — האט ער דא פאר אלעמען זיך מודה געווען. — פעדלעריי איז א שלעכטע פרנסה. ער וועט זוכען עפעס בעסערס. ער וועט זעהן דערשלאגען זיך צו א גרעסערע ביזנעס, אן אייגענער סטאר אפשר.

זיינע טיפע, קלוגע אויגען האבען געקוקט איצט פאר'חלומ'ט אין דער ווייטקייט.

ער האט ארויסגעזאגט זיין מיינונג, אז אויב מען וויל גרינגליך דערלערנען די ענגלישע שפראך, מוז מען וואוינען נאר אין א געגענט, וואו עס זיינען פאראן ווייניג אידען. ער אליין זוכט צו באזעצען זיך אין אזא געגענט, וואו קיין אידען זיינען ניטא. הערענדיג אים אזוי רעדען, האט מען זיך געוואונדערט.

— פארוואס ניט וואוינען צווישען אייגענע, צווישען אידען?

— ווייל דאס איז א גוטער וועג צו דערלערנען די ענגלישע שפראך, די שפראך פון לאנד — האט ער ארויסגערעדט מיט א מאדנער ווייבערקייט אין זיין שטימע.

ניט ווילענדיג, האבען אלע דא זיך איבערגעקוקט. עס האט זיך געדוכט ווי אין אים רעדט דער סארט איד, דער אייביג־געיאגטער, דער וואס וויל אפווישען פון זיך אלע סימנים פון זיין אפשטאם, צוליב וועלכען ער קען קיין רוה ניט געפינען אזוי לאנג ווי ער לעבט.

נאך געסט פון האטעל זיינען ארויסגעקומען אויף דער וועראנדע. יעדע איינע פון די פרויען האט געפונען ביי אים עפעס צו קויפען. צווישען איין „סעיל" (פארקויף) אין דעם אנדערען האט ער דערווייל געמאכט נייע באקאנטשאפטען. ער האט א נאטיץ־ביכעלע פארשריבען די אדרעסען. ער איז אלץ מער אריינגעצויגען געווארען אין א שמועס. די געמיטליכקייט און זארגלאזיגקייט פון די געסט ארום אים האט אזוי ווי אים אויך זיך איבערגעגעבען אין זיין פנים, וואס איז ביז איצט געווען ערנסט, האט זיך באלויכטען מיט א מער ווארעמען שמייכל.

— אמעריקע! — האט ער א פיר געטאן מיט זיין האנט אין דער לופט.

ער האט געהאט גאר א גוטען געפיהל פאר אט דעם לאנד. שוין באלד מער ווי א יאר ווי ער געפינט זיך דא און ער הערט ניט אויף צו וואונדערען זיך און צו לערנען פון אלץ, וואס ער זעהט ארום זיך. אים געפעלט אמעריקע. איר אונטערנעמונגס־גייסט, די זאכליכקייט און די פראקטישקייט, וואס ער זעהט דא ביי די מענשען. און מער פון אלץ געפעלט אים, וואס מען קען דא נעמען יעדע זאך גרינג, אוועקגעהן פון די זארגען און האבען פארגעניגען.

— אזוי דארף דאס זיין — האט ער ארויסגערעדט מיט עפעס א מין בענקשאפט אין זיין שטימע. און עס איז געווען, ווי ער אליין קען זיך נאך אזוינס ניט ערלויבען. עס איז נאך צו פרי פאר אים צו נעמען זאכען גרינג, צו האבען פארגעניגען.

אפילו איצט, ווען ער איז דא געזעסען צווישען די געסט און מיט זיי געשמועסט האט ער זיך איינגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאמקייט און באלד עס פארשריבען אין זיין נאטיץ־ביכעלע. יעדע שמועס האט ער אין זיך אלץ אריינגעזאפט, געזאמעלט קענטשאפט און וויסען.

— ביטע? — האט ער העפליך איבערגעפרעגט, ווען ער האט עפעס ניט פארשטאנען.

ווען ער האט געזעהן ווי א פרוי טראגט א טיכעל, אדער א שאל פון א אויסטערלישען קאליר, האט ער זיך צו איר א ווענד געטאן און געוואלט וויסען: [illegible]

גאנצען זיכער מיט זיך צי ער וועט זיין אימשטאנד צו זארגען פאר דעם וואוילזיין פון זיין פאמיליע, צו באזארגען זיי מיט אלץ וואס זיי דארפען, צו געבען זיינע קינדער א ריכטיגע ערציאונג? אדער עס קאן זיין, אז רעדענדיג פון זיין דורכגעגאנגענעם לעבען, זיינען אים געקומען אויפ'ן זינען יענע מורא'דיגע טעג, ווען ער האט געדארפט אנווענדען איבערמענשליכע כוחות צו אנטלויפען פון גיהנום און דורכשלאגען זיך א וועג צוריק צום לעבען?

א שאטען פון טרויער איז דורכגעלאפען דורך זיין פנים. ער האט מיט אמאל גענומען זיך אייליגען. ער האט צונויפגעלייגט די פונאנדערגענומענע סחורות און פארפאקט זיי צוריק אין די וואליזעס. ווען דער באלעבאס פון האטעל האט אים פארבעטען ער זאל זיך אפשטעלען דא עסען סאפער צוגלייך מיט אלעמען, האט ער זעהר שעהן באדאנקט אים און זיך אפגעזאגט פון דעם. עס ווערט שוין שפעט און ער מוז נאך היינט אנקומען אהיים צו זיין פאמיליע. ער וואוינט דא ניט ווייט אין דערבייאיגען שטעטעל. — מען טאר ניט אויסברענגען צופיל צייט. — האט ער גוטמוטיג א שמייכעל געטאן און ער האט באנוצט דאס אמעריקאנער ווערטעל: — טאים איז מאני (צייט איז געלט).

ער איז ווידער רירעוודיג געווארען און געשיקט און קורץ געענטפערט אויף אלץ, וואס מען האט ביי אים געפרעגט. אין אים האט געלעבט דער וואונדערליכער כוח פון צופאסען זיך צו אלע אומשטענדען; צו לערנען אויסקומען מיט אלערליי סארטען מענשען. ער האט עפעס באלאנגט צו א באזונדערען מין מענשען, וואס די דורכגעלעבטע ליידען האבען אים ניט צעבראכען און ניט אפהענטיג געמאכט. נאר פארקערט, ער איז נאך ווי געשטארקט געווארען מיט נייעם בטחון און מיט א ווילען אנצוהויבען אלץ אויף דאס ניי. ווי דער פויגל פון ווייטען, וואס ווען ער דערזעהט ווי זיין נעסט איז צעשטערט, דורך עפעס א שטורם, נעמט ער זיך בויען אן אנדער נעסט אלץ אויף דאס ניי.

— וואס מיר פעלט, איז די ענגלישע שפראך. — האט ער צום סוף נאך אמאל איבערגערעדט און זיינע אויגען האבען חלום'דיג געקוקט אין דער ווייטקייט.

עס האט אויסגעזעהן ווי אהן דער שפראך איז אים שווער געווען צו פונאנדערנעמען די הענט. אז מען האט אים געפרעגט, ווען ער האט צייט צו לערנען, האט ער דערצעהלט, אז ער טראגט מיט זיך אלע מאל א ווערטער־בוך און ער קוקט אהין אריין ביי יעדער געלעגענהייט, און אז אין דער היים ביי אים שטודירט ער די שפראך אינאיינעם מיט זיין ווייב. אויך די זיהן זיינע, וואס געהען אין סקול, העלפען אים ארויס.

א סך פון די געסט דא אין האטעל, איינגעזעסענע אידען, וואס שטרעבען שוין ניט צו קיין זאך; וועלכע, וואס אין זייערע יונגע יארען האט זיי אויסגעפעלט קוראזש צו שטייגען העכער אין לעבען, האבען איצט אנגעקוקט דעם פרעמדען וואנדערער מיט א באזונדערען געפיהל פון אפשיי און באוואונדערונג. איינער פון די געסט, וואס האט אלע זיינע יארען אפגעגעבען פאר דער ארבעט אין שאפ און איצט, אז אפגעשוואכטער, אז אויסגעשעפטער, איז ער געקומען אהער אין האטעל רוהען, האט זיך אפגערופען;

— יע, יע, מען דארף דאס קענען. וואו נעמט דער מענש די כוחות צו דעם?

ביים זעגענען זיך מיט די געסט פון האטעל האט דער וואנדערער זיך שוין געפיהלט ווי ער וואלט דא אן איינגענער געווען. די פרויען האבען אים געגעבען זייערע שטאטישע אדרעסען און אים אנגעזאגט, אז ער זאל זיי באזוכען, און אז זיי וועלען פאר אים קריגען נאך נייע „קאסטימערס" (קונים). עטליכע יונגע בחורים און מיידלעך, וואס זיינען פארבייגעגאנגען, זיך אפגעשטעלט און געהערט אים רעדען, האבען איצט אים געזאגט אין וועלכע ענגלישע ביכער ער וועט געפינען דעם שנעלסטען וועג צו דערלערנען זיך די ענגלישע שפראך.

איינער פון די עלטערע געסט, אן אלטמאדישער, פרומער איד, האט ביים זעגענען זיך מיט אים א צווארעמטער אים געדריקט די האנט און ר'האט אים פאראויסגעזאגט, אז דער זעלבער נס, וואס איז מיט אים געשעהן צו בלייבען לעבען נאך דעם דורכגעגאנגענעם גיהנום, וועט אויך אים בייזשטיין, אז ער זאל האבען ערפאלג אין זיין ווייטערדיגען וועג.

# דער מאסקווער רב טאנצט א מצוה־טאנץ

פון אליעזר וויזעל

**די סאוועטישע מאכט האט גע־פרואווט אפשרעקן די יוגענט ניט צו קומען שמחת־תורה זיך פרייען מיט אידן. — אבער די יוגענט איז פארט געקומען. — די שטימונג אינדרויסן און שוהל. — שמיני־עצרת ביי די חסידים. — דער מצוה־טאנץ.**

אין דער יורען האט ערשט נישט לאנג צוריק א סאוועטישער דעלע־גאט ערקלערט, אז די רוסישע אידען לעבען אין פרייהייט, און אלס באווייז, האט ער ציטירט פרעסע־באריכטען וועגען די טוי־זענטער אידישע יונגעלייט, וואס האבען געזונגען און געטאנצט שמחת־תורה, אין מאסקווער גאסן.

דער אמת איז אבער, אז די סאַ־וועטישע מאכט האט געפרואווט אפשרעקן די אידישע יוגענט, נישט צו קומען זיך משמח־זיין מיט'ן אידישען יום־טוב. ערשטענס, האט מען געזארגט דערפאר, אז אלע אידען זאלען וויסען, אז גע־היימע אגענטען האבען פאטאגרא־פירט יעדען איינעם, וואס איז געקומען דאווענען ראש־השנה און יום־כיפור. צווייטענס, האט מען געשיקט א גרעסערע צאל „קאמ־סאמאל"־מיטגלידער אין שוהל צו שמיני־עצרת. דריטענס, האט מען ערב יום־טוב אויפגעהאנגען צוויי ריזיגע רעפלעקטארען איבער'ן אריינגאנג צו דער שוהל, כדי צו באלויכטען די גאנצע גאס; ואלך די אידישע סטודענטען נישט מיי־נען, אז מ'וועט זיי נישט האלטען אויפ'ן אויג, זאלען זיי נישט מיי־נען, אז ס'איז הפקר אין מאסקווע. נאכמער: זאלען זיי צוויי מאל טראכטען, איידער זיי וועלען באַ־שליסען צו קומען זיך פרייען מיט אידען צוזאמען.

ס'האט אבער גארנישט געהאל־פען. צי די יוגענט האט גענומען אין באטראכט די פארשידענע ווארנונגען, צי נישט, דאס ווייס איך נישט. אבער — זי האט זיך אפגערופען. זי איז געקומען. און — געבראכט האט זיי דער דראנג צו הערען אידישע לידער, און זיך טובל'ען אין אידישער פרייד.

אינעווייניג, אין דער שוהל גופא, האבען העכער צוויי טויזענט אידן זיך צונויפגעפרעסט. פיל פון זיי האבען מיטגעבראכט זייערע קינ־דער און אייניקלעך; זאלען זיי אויך פיהלען דעם טעם פון שמחת־תורה.

א יום־טוב'דיגע שטימונג, אן ערהויבענע, האט געהערשט איז זאל. טויזענט ליכטער האבען זיך אפגעשפיגלט אין אלע אויגען. די עזרת־נשים איז געווען איבער־פולט. זענען א סך פרייען, הויפט־זעכליך יונגע מיידלעך, אראפגע־קומען און זיך אויסגעמישט צווישן די מענער. קיינער האט נישט פראַ־טעסטירט. היינט מעג מען אלצ־דינג טאן. גאט וועט מוחל זיין; מ'וועט אים שיכור מאכען מיט געזאנג. שמייכלען טאקע מענשן איינער צום אנדערען. ס'ווילט זיך זיי פרעגען: מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות? דער ענטפער איז א פשוט'ער: אלע אנדערע נעכט, קען מען זיך פון פחד נישט באפרייען; היינט אוונט, איז יעדער א פרייער מענש. א פרייער איד. היינט אוונט מעג מען אפילו צו אויסלענדער אויך שמייכלען.

אויפ'ן באלעמער זיצט דער אל־טער רב, ר' יהודה־לייב לעווין. אפילו זיין פנים שטראלט איצט פון צופרידענקייט. ס'דריקט אויס אז אינערליכע ר.: זאל זיין וואס ס'דארף זיין — אויב אזא שמחת־תורה פייערונג איז מעגליך, איז אלץ כדאי.

אט, שטעהט אן אלטער איד פון דער ערשטער באנק און דער־נענטערט זיך צו דער ספעציעלער לאזשע, וואו ס'זיצען די ישראל־געסט. ער ווענדעט זיך צו א קינד און בעט ביי אים זיין פאן; פאר זיין אייניקעל. דאס ישראל'דיגע מיידעלע גיט אים די מתנה. דער זיידע איז אויסער זיך פון גליק. אבער — איינער פון די מוסרים שטעהט אויף דער וואך. ער איז פארכמורעט. ער פאדערט פון זיידע, ער זאל צוריקגעבען די פאן. דער אלטער איד קווענקעלט זיך א מינוט, מסתמא מאכט ער כל'ערליי חשבונות וועגן פרייז, וואס ער קען אמאל באצאלען פאר זיין דרייסטקייט. אבער דאן באַ־שליסט ער נישט צו פאלגען. דער מוסר בייזערט זיך. אבער — אנ־דערע אידען מישען זיך אריין. האט דער מסור קיין ברירה נישט; ער בויגט דעם קאפ. א באזיגטער.

ווען הויבט מען אן די הקפות? מ'האט שוין מעריב לאנג אפגע־דאווענט. אויף וואס ווארט מען? אויף וועמען? מ'ווארט סתם אזוי. אין דער וועלט אריין. מ'ווארט — ווייל. דאס ווארטען אליין איז אנגענעם. מ'ווארט דאך צווישען אידען. צווישען אזויפיל אידען. און אזויפיל יונגווארג דערצו. און נאך וואס זיך איילען? אויב מ'הויבט אן, מוז מען שוין טראכטען וועגען סוף, וועגען דער לעצטער הקפה. איז בעסער נישט אנצוהייבען. אזוי ארום איז דער יום־טוב מער שלמות'דיג. די ערווארטונג איז א טייל פון דער געשעהעניש. ציט מען זי טאקע נאך און נאך, עס ווילט זיך פארציען אויף מער ווי איין אוונט, אויף מער ווי איין מעת־לעת; אי, ווען מ'וואלט גע־קענט דא פארבלייבען, ווי א גע־שלאסענע אידישע קהילה קדושה, ביז איבעראיאר!

— אין דרויסען איז שוין פריי־ליך! — מעלדען אונז אידען, וואס קומען פון דער גאס. — אין דרויסן האט זיך די שמחה שוין אנגעהויבן!

נו, אויב אזוי, באשליסט דער הויפט־גבאי, אז ס'איז טאקע צייט זיך צו נעמען צו די הקפות. מ'סען פארט נישט האלטען קהל ביז מאר־גען. מ'קען יא. אבער מ'טאר ניט. ווער ווייסט וואס אידען קענען נאך אפטאן. אויב דער מאמענט פון שרעקלאזיגקייט וועט צולאנג דויערען. איז געזינסטער אנצוהויבן. קלאפט דער גבאי אין טיש. אויף דעם באלעמער: שטיל זאל זיין! שטיללל! ווער הערט אים דען? נישט אים איז מען געקומען הערן. אפשר איז מען בכלל קיינעם נישט געקומען הערען. מ'איז געקומען — כדי צו זיין דא. און דערמיט זיך איינפעדימען פונדאסניי אין כלל ישראל.

דער גבאי שרייט ווייטער. אומ־זיסט. באלד גיט ער אויף זיין קאמף, טראגט דעם געריוש פון די טויזענטער שישקריען, געהט מען צו די הקפות. דער מרא דאתרא זאגט דעם ערשטען פסוק פון „אתה הראית לדעת". דיכט זיך, אז דער אלטער רב איז איינגער געווארען מיט צוואנציג יאר. זיין טיפע שטים קלינגט מער מעלאַ־דיש. וויפיל אידען אין זאל האבען פארשטאנען דעם באדייט פון זיין ערקלערונג. אז „גאט איז דער איינ־ציגער, און קיינער אויסער אים איז נישטא פאראן?". איך ווייס נישט וויפיל. איך ווייס אבער, אז מיט זייער געפיהל האבען זיי דעם פסוק באנומען. נאר די מוסרים האבען נישט פארשטאנען און נישט געפיהלט. אבער — ווער האט זיך דען אויף זיי אומגע־קוקט?

— אין דרויסען קערט מען וועלטען — איז מען אונז מודיע פון גאס.

דא אינעווייניג אויך. אט, איז מען מכבד דעם ישראל־אמבאסאַ־דאר בתריאל כ"ץ (דער געוועזענער גענעראל־קאנסיל אין ניו יארק) צו זאגען א פסוק; כהניך ילבשו צדק וחסידיך ירננו. אויך זיין שטים ווערט פארלוירען אין רוישיגען ברום. אבער, מענשען האבען אויפ־געכאפט דעם טיטול זיינעם. איז די התלהבות געשטיגען מיט הונדערט גראד. ס'טייטש! ס'איז א זעל־טענער זכות צו זעהן אן אפיציעלן פארשטעהער פון דער אידישער מדינה.

מ'עפענט דעם ארון־קודש. מען נעמט ארויס די ספרים. אלערליי בכבוד'יגע אידען ווערען אויפגע־רופען צו דער ערשטער הקפה. זיי ווינשען זיך איינער דעם אנדערן: מיר זאלען איבערלעבען ביז אי־בעראיאר.

נעכטען אוונט, שמיני־עצרת, בין איך געווען אויף הקפות, ביי חסידים. דארט האט מען אונז אלע — דאס הייסט: די געסט — מכבד געווען, צוזאמען מיט הרב לעווין, מיט דער ערשטער הקפה. מיר האבען געטאנצט און גע־טאנצט, ביז מיר האבען קיין כוח מער נישט געהאט צו טאנצען. און געזונגען האבען מיר, ביז מיר האבן קיין בית צו זינגען מער נישט געהאט.

מיטאמאל איז א פעסט־געבוי־טער הויך־וואוקסיגער איד צוגע־שפרונגען צום אלטען רב, איז אנ־געכאפט ביי די פלייצעס און גע־שריען: מאסקווער רב! קומט טאנצען! קומט, לאמיר טאנצען. ווייל יעדער טאנץ איז א מצוה־טאנץ! קומט, לאמיר זיך משמח זיין, וואס מיר האבן אונזער תורה; זי האט אונז נישט פארלאזט! און — מיר זי אויך נישט! טראַץ זיין אלטקייט, טראַץ זיין שוואַכ־קייט, האט הרב לעווין זיך נישט געלאזט לאנג בעטען. מיר האבען געקלאפט מיט די הענט און זיי צוויי האבען געטאנצט, מיט צע־פלאמטע פנים'ער און פארמאכטע אויגען. נאך און נאך, העכער און העכער. דער רב איז מיד געווארן, אבער זיין שותף האט אים כמעט ווי געצוואונגען זיך נישט אפצו־שטעלען. איז קלאר געווארען פאר יעדען, אז זיי טאנצען נישט פאר זיך אליין, נאר פאר'ן גאנצן אי־דישען פאלק. אפשר דערפאר איז דעם הויך־וואוקסיגען איד'ס שמחה געווען אן אויסטערליש־בייזע; דער גאנצער כעס פון א גאנץ יאר האט אין איר זיך אנגעזאמעלט. כעס — אויפ'ן שיקזאל, אויפ'ן לעבען, אויף מענש און שאטען צו־גלייך. ווען דער רב האט פארט געמוזט אפשטעלען, האט דער איד אויפגעהויבען ביידע הענט און גע־פרעגט דעם עולם: נו, איך בין נישט מיד. פאר'ן אפענעם ארון־קודש וועל איך קיינמאל נישט מיד ווערען, איז ווער וויל מיט מיר טאנצען? עמיצער האט אים גע־געבען א ספר־תורה, האט ער ווייי־טער געטאנצט.

דאס איז געווען נעכטען, שמיני־עצרת, ביי די חסידים. היינט אוונט איז שמחת־תורה און מיר געפינען זיך צו הקפות אין דער גרויסער שוהל. שוין צוויי מאל ווי איך גרייט זיך זיי צו באשריי־בען. יעדעס מאל, שטעל איך זיך אפ ביי א פריהערדיגער געשעהעניש. ס'איז דא אזויפיל צו דערצעהלען. יעדער איד וואס איז געקומען אהער היינט אוונט, איז א מעשה פאר זיך, מיט א מוסר־השכל דערצו. יעדעס קינד וואס געפינט זיך אין זאל, איז ווערט מ'זאל עס באשרייבען און באוואונדערען. וואס טוען דא אזויפיל אידען? ווער זענען זיי? איינפאכע אידען, פרומע און נישט־פרומע, יונגע מיידלעך און זקנים מיט בערד, מלחמה־עגונה'ס און סטודענטען. געקומען זענען זיי אפצוגעבן כבוד דער תורה, און גלייכצייטיג זיך איבערצייגען, אז מ'קען זיין א איד און געפינען אן אורזאך זיך צו פרייען. אדער זיך צו פרייען אהן שום אורזאך. איך געדענק שוין נישט צי מ'האט ביי אונז אמאל צוגעשריבען א ספעציפישן נס צו שמחת־תורה. אויב נישט — דארף מען ערשט איצט צושרייבן. גרויס און פרעכטיג איז דער נס: ער טראגט דעם צייכען פון אי־דישער אייביגקייט.

נו. איז שוין טאקע צייט מ'זאל געהן צו הקפות.

# נאך קאנצלער ערהארד'ס באזוך אין וואשינגטאן

**וואס קאנצלער ערהארד האט געזוכט אין וואשינגטאן און ניט געפונען. — דער פרעזי־דענט האט בלויז צוגעזאגט, אז „מען וועט רעדן". — וואס עס דערציילט א העכער וועגן היטלער'ס געהילף אדאלף הויזינגער, שפעטער קאמאנדיר פון צפון־אטלאנטישען בונד.**

פון שלמה בן ישראל

צוויי טעג האט דייטשלאנד'ס קאנצלער לודוויג ערהארד פאר־בראכט אין וואשינגטאן מיט פרע־זידענט דזשאנסאן. אורטיילענדיג פון דעם שותפות'דיגען קאמוניקאט. וואס די צוויי האבען פארעפנטליכט ביים שלוס פון די פארהאנדלונגען. איז ערהארד צוריקגעפארען מיט ליידיגע הענט. אין איין זאץ קען מען דעם אינהאלט פון קאמוניקאט פארמולירען ווי פאלגענד: „מיר האבען גערעדט און באשלאסען, אז מען דארף נאך רעדען". עס מיינט, דערעדט האט מען זיך צו גאר־נישט.

און גערעדט האט מען וועגן גע־פינען א וועג צו ערמעגליכען מערב דייטשלאנד האבען א צוטריט צו אטאמישע וואפענס. דייטשלאנד אליין טאר נישט פראדוצירען אדער באזיצען אטאמישע וואפענס. אבער היינט צו טאג איז א לאנד אהנמעכ־טיג, נישטיג, אומווירקזאם, אויב זי באזיצט ניט קיין אטאמישע וואַ־פענס. ווייל קאנווענציאנעלע וואַ־פענס האבען נישט קיין ווערט אין פאל דער שונא באזיצט די אטאם באמבע. דייטשלאנד וויל שפילן א וויכטיגע ראלע, זי קען זיך עס פארגינען. זי איז רייך, זי פראָ־ספערירט. זי באזיצט די סאמע אנטוויקעלטסטע אינדוסטריע אין דער וועלט נאך אמעריקע. זי שפילט א פירענדע ראלע אין אייראפע און נעמט אריינדרינגען איר איינפלוס אויך אין אזיע און אפריקע. דייטש־לאנד האט אויך אנטוויקעלט א היבשע ארמיי און א היבשע וואפען אינדוסטריע. אבער דאס אלץ איז ווערטלאז כל זמן דייטשלאנד קען נישט האלטען א פינגער אויף דעם „אטאמישען צינגעל". און דאס קען זי דערגרייכען נאר אין די ראמען פון צפון אטלאנטישען בונד. וואו זי פארנעמט דעם סאמע בכבוד'יגסטן פלאץ. איינפאך דערפאר, וואס זעהר וועניג ניט־דייטשען דינען אין „נעיטא". די דייטשען האבען זיך ציגעכאפט צו נעיטא ווי צו הייסע לאקשען; א מחנה דייטשע גענע־ראלען, וואס האבען געדינט היט־לער'ן, זיינען היינט קאמאנדירען אין „נעיטא". איינער פון זיי, גע־נעראל אדאלף הויזינגער, וואס איז געווען היטלער'ס רעכטע האנט און האט געהאט די זעלטענע ערלוי־בעניש צו חתמ'ענען היטלער'ס נאַ־מען אויף באפעלען — איז אפילו באשטימט געווארען זיינערצייט אלס הויפט פון נעיטא. ווען ער איז געקומען קיין אמעריקע האט פרע־זידענט קענעדי אים אויפגענומען אין ווייסען הויז. און דער פענטאַ־גאן האט ציגעשטעלט פאר הויזינ־גער'ן א באזונדערען אפיס און אים געגעבען פרייען צוטריט צו אלע אונזערע מיליטערישע שוץ געהיימ־נישען.

אט דער הויזינגער געהערט צו דער גרופע דייטשע מיליטאריסטען, וואס האבען גענומען חלומ'ען און פלאנעווען אויפצובויען א נייע דייטשע ארמיי, באווארענט מיט אטאם וואפענס. נאך איידער די טינט האט אפגעטריקענט אויף דעם דאקומענט פון דייטשלאנד'ס אונ־טערגעבונג זיך צו די עלאיס. עהנ־ליכעס איז געשעהן נאך דייטש־לאנד'ס מפלה אין ערשטען וועלט קריג. און מיר האבען געזעהן ווי עס האבען די דייטשען געלונגען צו ברענגען די צווייטע וועלט מלחמה. איצט גרייטען זיי זיך צו דער דריי־טער. און זיי טוען עס כיטרע און געשיקט, דורך הינטערטירלעך. וואו עס לאזט זיך. צי דאס איז עקספע־רימענטירענדיג ביי נאסער'ן אין עגיפטען, אדער מיט חנ'דלען זיך צים פענטאגאן אין וואשינגטאן. אדער צום פרעזידענט אין ווייסען הויז.

ערהארד איז נישט קיין מיליטאַ־ריסט. ער איז אבער א דייטש וועמען די הויזינגערס האבען איינגע־רעדט אז אהן א שטארקער ארמיי, באוואפענט מיט אטאמישע מיסילס האט דייטשלאנד נישט קיין צו־קונפט. די זעלבע כבא מעשה וויל מען איינריידען אויך אמעריקע און די אנדערע מערב עלאיס; אבער אונזערע אייראפעאישע עלאיס. הויפטזעכליך. פראנקרייך. ווילען נישט הערען פון געבען דייטשלאנד א צוטריט צום אטאם. דעריבער איז גארנישט געווארען פון דעם פלאן וועגען א „פארשידענלאנדיגען אטאמישען כוח". פון שיפען און סאבמארינס באוואפענט מיט אטאַ־מישע מיסילס; עס איז גארנישט גע־ווארען דערפון ווייל עס וואלט גע־מיינט א מיליאנענע ארמיי פון דייטשען, מיט א צוטריט זיך צו איבען אין באנוץ פון אטאמישע וואַ־פענס. עס האט נישט געהאלפען אפילו דייטשלאנד'ס טרייסקייט ניט צו האבען די דעה אויף ווען און וואו א „קיוטש טאן אויפ'ן קנעפל". דער גאנצער פלאן פון א „מולטי־לאטעראל אטאמיק פארס" איז גע־שטארבען צוליב דער געגנערשאפט פון די אייראפעאישע לענדער אין „נעיטא" — אלע אויסער דייטש־לאנד. איז ערהארד געקומען צופלי־הען קיין וואשינגטאן פועל'ן ביים פרעזידענט. בעטינען עפעס א מיר־לישען צוטריט צום אטאם וואפען. א סימבאל וואלט סיי ווי סיי נישט צופרידענגעשטעלט די דייטשע גע־נעראלען. אבער עס וואלט געהאל־פען ערהארד'ן מאכען א בכבוד'יגען אנשטעל. עס זעהט אבער אויס. אז אויך דאס האט ער נישט באקומען.

עס נעמט איינזעהן, אז אמעריקע'ס עלאיס אין אייראפע האבען ענד־ליך געמאכט אנקעל סעמ'ען איינ־זעהן די לאגע מיט א ניכטערן בליק.

עס קלינגט קאמיש. אונזערע עלאיס זיינען דאך אויך דייטש־לאנד'ס עלאיס. פונדעסטוועגען טרייען זיי איר נישט. זיי האבען זי אריינגענומען אין בונד. אבער מיט דער אייסייכט זי צו רעפארמירען, איבערדערציהען. מאכען פאר א פארטנער אין דעמאקראטיע אבער נישט דערלאזען מעהר דעם טעות פון די צוואנציגער און אנהויב דרייסיגער יארען.

אז די גרופע דייטשע מיליטאַ־ריסטען שטרעבט איבער'חזר'ן די אלטע געשיכטע, ווערט בולט ארויס־געבראכט אין א בוך וואס איז דא לעצטענס ערשינען; דער נאמען פון בוך: „הויזינגער פון דעם 4טען רייך". דער פארפאסער איז טשארלז ה. אללען.

הויזינגער איז טאקע קיינמאל ניט געווען אנגעשלאסען אין דער נאצי פארטיי. אבער אויך יאדל און קייטעל זיינען נישט געווען קיין נאצי־פארטיי־לייט. פונדעסטוועגען האט מען די צוויי גענעראלען אויפ־געהאנגען אלס קריג פארברעכער (פארוואס הויזינגער, וועלכער איז געווען דער הייפט פון היטלער'ס מיליטערישער הויך קאמאנדאטור פון 1940, איז נישט אויפגעהאנגען געווארען איז ביים מחבר פון בוך פארבליבן א מיסטעריע). ניט זייענ־דיג קיין פארטיי מענש, האט הויז־ינגער פונדעסטוועגען געזעהן אין היטלער'ן (10 יאר איידער יענער איז געקומען צו דער מאכט) „דעם מאן, וואס גאט האט געשיקט צו ראטעווען דייטשלאנד"... און ניט זייענדיג קיין נאצי פארטיי־מאן האט הויזינגער פונדעסטוועגען אונ־טערגעשריבען די סאמע ברוטאל־סטע באפעלען צו פארניכטען אי־דען. צווישען זיי זיין באפעל צו פארניכטען אלע אידען פון נאר־וועגיע און דענמארק. הויזינגער איז עס געווען דער, וואס האט איינ־פלאנירט די מלחמה געגען רוסלאנד און די פלענער אומצוברענגען אלע אידען דארט זיינען געווען א טייל פון הויזינגער'ס „הויפט פלאן".

הויזינגער איז עס געווען דער, וואס האט זיך געווענדעט צו אמע־ריקע'ס האי־קאמישאנער אין דייטשלאנד מיט א ביטע ער זאל באגנעדיגען די ערגסטע שטורם טרופער גענגסטערס וועמען מען האט געהאלטען ביים אויפהענגען, צווישען די פאר וועמען הויזינגער האט זיך איינגעשטעלט, איז געווען אויך דער עס־עס קוירנעל בלאבעל. וועלכער האט אליין צוגעגעבען. אז אין קיעוו האט ער אויסגעשאסען „נישט מער פון 16 טויזענט אידען". אט אזעלכע פארשוינען האט הויז־ינגער געוואלט ראטעווען (און עס איז אים געלונגען) מיט'ן אויסרייד אז מען דארף זיי האבען צו קענען אויפבויען א דייטשע ארמיי און אויב זיי וועלען ניט באפרייט ווער־רען, וועט דייטשלאנד נישט קענען אנטייל נעמען אין צפון אטלאנטיק בונד. אזוי ארום איז אים געלונגען צו באפרייען די גענעראלען קעסעל־רינג און פאן מאנשטיין. ווייסט איר ווער עס איז פאן מאנשטיין? אין איינעם פון זיינע באפעלען צו די סאלדאטען אויפ'ן פראנט האט ער געהייסען אומברענגען, פארניכטען די אידען. „דער דייטשער סאלדאט דארף באגרייפען די נויטווענדיג־קייט צו באשטראפען דעם יודע ווי אמשטארקסטען, ווייל ער איז דער טרעגער און פארשפרייטער פון באלשעוויסטישען טעראר".

הויזינגער האט נישט נאר „ריינ־געוואשען" אט די נאצי גענעראלען, נאר ער האט אויך געשאפען די נייע דייטשע „בונדעסווער" (ארמיי) און האט באוויזען אריינשטופען אין „נעיטא" א היבשע צאל באפרייטע קריגס פארברעכער. איצט איז די דייטשע ארמיי נישט נאר די גרעסט־טע אין אייראפע (זי ציילט ארום א מיליאן סאלדאטען) נאר אין איר שפיץ שטעהען אפיצירען וועמענ'ס נעמען האבען זיך געפונען אויף דעם געקליבענעם צעטעל פון היט־לער'ס מיטהעלפער אין קריג.

טשארלז אללען שרייבט אין זיין בוך, אז דורך ערמעגליכען דייטשע הענט א צוטריט צו אטאמישע וואַ־פענס, וואלטן מיר אין די וועלט גע־שטאנען פאר א געפאר. ווייל דייטש־לאנד איז א פאלק וואס די געשיכ־טע האט בעוויזען אז עס פארמאגט נישט קיין איינזעהן, ווייסט נישט פון רחמנות און באזיצט נישט קיין גערעכטיגקייט. זייטע מיליטערישע און פאליטישע פירער זיינען אנט־שלאסען צוריקצוקערען דעם אמאַ־ליגען רוהם צו זייער היימלאנד און איינשטעלען די אמאליגע גרעניצען אפגעזעהן פון פרייז אין מענשלי־כען בלוט.

מיר דארפען נישט העלפען דייטשלאנד דערין. א רעאליזירונג פון דער לאגע נעזעהן מיט ניכטערע

(שלוס אויף בינטעל בריוו זייט)

# דער קינסטלער

ערצעהלונג

פון מרים ראסקין

דער יונגער בחור לעא בלומפעלד איז עפעס, ניט ווילענדיג, אריינגע־צויגען געווארען אין דעם רוישיגען און לוסטיגען לעבען פון בראדוועי, צווישען די אלערליי קינסטלער, מוזיקער, זינגער און אקטיארען. און נאר אומגעריכט איז ער גע־ווארען צווישען זיי באוואוסט און אנערקענט.

געשעהן איז דאס צוליב דעם, וואס איינמאל, אין א געהויבענער מינוט, האט ער פארפאסט א ליד וועגען א יונג מיידעל, וואס האט פארלוירען איר געליבטען; ווי זי בענקט און טרויערט נאך אים. לעא האט געקענט גוט שפילען אויף דער פיאנא, האט ער צוגעפאסט א מע־לאדיע צו דעם ליד און עס איז ארויסגעקומען גוט.

—

א פאר פריינט לעא'ס האבען גע־זעהן, אז דאס ליד זאל אנקומען אין א מוזיק־סטודיא. אויך דארט איז עס שטארק געפעלען געווארען. און מען האט געמאכט פון דעם א רעַ־קארד. ס'ליד האט „אנגעריסען", און באוואוסטע זינגער האבען עס גענומען זינגען אויף ראדיא און אויף טעלעוויזשאן. און לעא איז ווי איבערנאכט געווארען באוואוסט.

כאטש לעא איז געווען אן אמע־ריקאנער געבוירענער, האט אין דער מעלאדיע פון זיין ליד זיך געפילט עפעס א פרעמדע בענקשאפט און אומעט. וואס איז אפשר איבערגע־געבען געווארען צו אים דורך אַן עלטער־זיידען. אדער א באבען. און אט די אויסטערלישקייט האט גע־ווירקט שטארק אויף די פיל צו־הערער און זיי האבען ליב געהאט עס צו הערען.

לעא האט דערנאך געקראגען אמ־ביציע צו פארפאסען נאך לידער און צופאסען צו זיי מעלאדיעס. גאנצע טעג איז ער איצט געזעסען ביי דער פיאנא, מיט די פינגער אויף די ביינדלעך, זוכענדיג צו שאַ־פען א מעלאדיע צו דעם ליד, וואס ער האט אנגעשריבען. זיין מאמע, א פשוט'ע, מיטל־יאריגע פרוי, אז זי האט געזעהן איר זוהן זיצען ביי דער פיאנא א פארקלערטער, איז זי ארומגעגאנגען איבער דער שטוב אויף די שפיץ פינגער. זי האט גע־קוקט אויף איר זוהן מיט א ציטער־דיגען הארץ. און זי האט ניט גע־וואוסט. אויב זי זאל זיך פרייען אדער ניט; פרייען מיט'ן ערפאלג פון איר איינציגען זוהן, דעם מוזי־קער, לייבעלע; איר האט זיך גע־דוכט, ווי ער ווערט עפעס אפגע־פרעמדט פון איר; דערווייטערט.

דער טאטע לעא'ס, הערש בלומ־פעלד, אן ארבעטער אין א שאפ, זעהענדיג וואס עס טוט זיך אפ מיט זיין זוהן, האט נאר געהויבען מיט די אקסלען. ווען מען פרעגט ביי אים, וואלט ער, לייבל, בעסער געדארפט לערנען זיך אין קאלעדזש, כדי אויסצושטודירען עפעס א פראַ־פעסיע. אכצען יאהר איז איצט לעא אלט געווען, ניט לאנג פאר־ענדיגט הייסקול. און ער האט זיך טאקע שוין געקליבען אין קאלעדזש. נאר צוליב דער געשעהעניש מיט זיינע לידער, איז דאס דערוויול אפ־געלייגט געווארען. ער האט אן דעם ווי פארגעסען.

און אזוי האבען פאר לעא'ן זיך איצט אנגעהויבען וואונדערליכע טעג. ער איז ווי איבערנאכט גע־ווארען באוואוסט. ער איז מיט אמאל אריינגעצויגען געווארען אין עפעס א פאר'כישוף'טער וועלט. זיינע פריינט זיינען איצט געווען אלערליי קינסטלער, מוזיקער, זינ־גער און נאך אזעלכע, וואס האבען געהאט צו טאן מיט די פארהויי־לונגס־ביזנעס. געווען זיינען איצט ביי אים אוונטען רוישיגע, פריי־ליכע, מיט פארטיס ביז שפעט נאך האלבער נאכט; מיט א סך פריינט און פארעהרער, מיט פרייען און יונגע מיידלעך; די, וואס זינגען די ערשטע אויף אפצושאצען א נייעם טאלאנט. נאך א קאנצערט, וואו מען האט געזונגען א פאר פון זיינע לידער, האט מען אים ארומגערינ־גלט; געגעבען אים קאמפלימענ־טען פאר זיינע שאפונגען. און לעא, א שיינענדיגער, אן אייפגעלעבטער, האט פון דעם געהאט גרויס פאר־גענינגען.

לעא האט שוין איצט געוואוינט ניט ביי טאטע־מאמע אין הויז, אין דעם ווייטען ברוקלין, נאר נעהנ־טער צו דער מוזיק־סטודיא און צו זיינע פריינט. אין מאנהעטען. זעל־טען ווען ער האט איצט געזעהן זיי־נע עלטערן. די מאמע האט ניט איינמאל שוין געוואלט פארען אנ־קוקען איר זוהן. נאר זי האט ניט געהאט קיין מוט צו קומען אהין, אין זיין גרויסארטיגער וואוינונג

נאר מאדנע געשמייכלט. נאך די רוישיגע אוונטען מיט די ספעטע פארבראכטע נעכט, האט ער זיך נאר געוואונדערט אויף דער פשוט־קייט און שטילקייט פון זיין טאטע־מאמעס הויז.

דער טאטע לעא'ס האט אויך גע־

געגעבען אנצוהערען, אז ער דארף אין זיינע שפעטע אריינגעבען מער „פעפ", מער אימפעט.

עס קומען אויף אלץ נייע לידער אויפ'ן „מארקעט", מיט נייע מע־לאדיעס. מענשען האבען ליב אלע מאל עפעס נייעס. און אים, לעא'ן,

טאמע. וואס האט בעקוקט אויף זיין זוהן מיט צעשיינטע אויגען.

לעא איז געווען שטארק גערירט. פון אלע ווינקלען אין צימער האט ער געקענט זעהן באגייסטערטע פנים'ער ארויפקוקען צו אים. אזא אויפנאמע האט ער שוין לאנג ניט געהאט דארט אויף בראדוועי. די מאמע זיינע, א גליקליכע, האט ארומגענומען איר זוהן. עס איז איצט ביי איר געווען א געהויבענע מינוט. און לעא האט אויף א ווײַלע פארגעסען אן אלע זיינע אנגסטען...

# פראגען וועגן געזונט

פון דר. יעקב ב. גלעז

צו־שפעט... דער כירורג האט טאַ־קע געזאגט אז איר בלוטונג איז געקומען פון די הארמאן־קעפסיולס.

איר דערמאנט אז איר האט גע־לייענט אין אן ענטפער פון מיר, אז הארמאן־פילס קענען, אמאל פאר־אורזאכען קענסער. איר פרעגט, דעריבער: „פארוואס גיבען דאק־טוירים דעם דאזיגען סם צו זייערע פאציענטען?"

ענטפער:

איך שטים מיט אייך פולשטענ־דיג איין.

די הארמאן־פילען קענען יא אנ־טאן גרויסע צרות. אי פארוואס די דאקטוירים גיבען דעם דאזיגען סם און נאך אין אזעלכע גרויסע פאר־ציעס (זעכציג קעפסיולס!!) איז א קשיא אויף וועלכער מ'קען ענט־פערען ווי די גמרא זאגט „תיקו".

עס זיינען ליידער פאראן דאקטוי־רים און דאקטוירים. ביי מאנכע איז דאס מענשליך לעבען זעהר הייליג און טייער, ביי אנדערע דאקטוירים, א מינדערהייט. איז די שטעלונג צו זייערע חולאים אזא. וואס איז ניט דווקא אין הארמאניע מיט גע־וויסע מאראלישע און עטישע פרינ־ציפען, וואס דארף באהערשען די באציהונגען צווישען דעם דאקטאר און זיין חולה...

מרס. ר. ה., ראטשעסטער, ניו יארק.

אייער צרה איז, וואס איר האט שרעקליכע ווערטאגען אין דעם הינ־טערשטען טייל פונ'ם שארבען. איר זייט ניין־און־זעכציג יאר אלט. איר דענקט. אז איר האט א זעהר שלעכ־טע פארם פון ארטרייטיס פאר די לעצטע אכט יאר. איר האט שטאר־קע ווערטאגען אין די שולטערן (אקסעל) אבער: „מיט מיין קאפ איז זעהר שווער צו ליידען. ווען איך גיב א דרעה מיט'ן קאפ, אדער ווען עס קומט מיר אוים צו ליגען אויפ'ן קאפ ווער איך שטארק „רי־זי" און עס ווערט מיר פינסטער פאר די אויגען. איך פיל ווי אויפ־צו'תלש'ן".

איר בעט מיר פאר אן עצה.

ענטפער:

דאס וואס איר שרייבט וועגען דעם קאפ, איז ניט קיין ארטרייטיס. ארטרייטיס פון די ביינער פונ'ם קאפ וואלט ניט געגעבען אזעלכע סימנים. איך דענק, אז עס האנדעלט זיך אום א נעווראלאגישן צושטאנד. דאס הייסט א קרענקליכער צו־שטאנד פון די נערוון. וואס ציען אין דעם הינטערשטען טייל פונ'ם קאפ. איר דארפט האבען די באַ־האנדלונג פון א נעווראלאג.

# אײן מאָמענט אין לעבען פון פּרעזידענט טרומאַן

פון שלמה בן־ישראל



הערי טרומאן

דער מאָמענט מיט וועלכען טרו־מאַן האָט זיך איינגעקריצט אייביגע דאַנקבאַרקייט פון אידישען פאָלק. — זיין שנעלע האַנדלונג אין געבען אַנער־קענונג צו מדינת ישראל. — דער טרומאַן פרידענס־צענ־טער אין ירושלים.

א תלמוד'יש גלייכווערטל לויטעט, אז „א מענש קען זיך איינשאפען אייביגקייט אין איין אויגענבליק".

מיט אזא היסטארישען אויגענבליק האט הערי ס. טרומאן פארוואַרבען פאר זיך אייביגע דאַנקבאַרקייט און א וואַרימען געפיהל פון פריינטשאפט ביים אידישען פאָלק. און אויב מען זאל די זאך באטראַכטען מעהר אייפערקזאם, און זיך אריינטראַכטען טיפער אין יענער געשעהעניש — איז די היסטארישע באַרייטונג פון יענעם מאמענט און טרומאַנ'ס אויפטו א סך ברייטער פון דער נאציאנאלער אידישער ראַם.

די דאַנקבאַרקייט פון אידישען פאָלק צום געוועזענעם פּרעזידענט איז ביז לעצטענס ניט געקומען צום געהעריגען אויסדרוק: א דאַרף אויף טרומאַנ'ס נאמען, צי א וועלדעל, געפלאַנצט צו עהרען זיין נאַמען, זיינען ניט די פּאַסיגע אויסדרוקען פון דאַנק. ערשט פּאַריגע וואָך האָבען דאָס פאָלק ישראל און מדינת ישראל ענדליך געבראַכט צום אויסדרוק די דאַנקבאַרקייט און פאַרעהרונג וואָס זיי פיהלען צו הערי ס. טרומאַן און עס איז געטאַן געוואָרען אויף א ווירדיגען שטייגער ווי עס פּאַסט פאַר אַזא גלעגענהייט.

אין אינדעפּענדענס, מיזורי, און אין ירושלים האָט מען דורכגעפירט צערעמאָניעס פון גרינדען דעם „הערי ס. טרומאַן צענטער פאַר דעם פאַרשריט פון פרידען". דער צענטער וועט אויפגעבויט ווערען אין ירושלים אלס טייל פון דעם העברעאישען אוניווערסיטעט. דער צענטער וועט דינען צו פאַרשפּרייטען די אידעע און אידעאַלען פון שלום פאַר אַלע פעלקער, גלויבענס און ראַסען צוגלייך. א יערליכע שלום פּרעמיע פון 50 טויזענט דאָלאַר וועט אויסגעטיילט ווערען. די פּרעמיע וועט טראָגען טרומאַנ'ס נאָמען.

דער צענטער וועט אויפגעבויט און אויסגעהאַלטען ווערען פון פּריוואַטע ביישטייערונגען. אויך די שלום פּרעמיע וועט קומען פון פּריוואַטע פאָנדען. צו דער פייערונג אין אינדעפּענדענס, מיזורי, זיינען געקומען פּרעזידענט לינדאָן דזשאָנסאָן, משיח דזשאַסטיס, אוירל וואָרען, אליהו אילת, פּרעזידענט פון העברעאישען אוניווערזיטעט און א רייע אַנדערע חשוב'ע פערזענליכקייטען, כדי צו באַעהרען דעם געוועזענעם פּרעזידענט.

# דער נייער אידישער לאָרד אין ענגלאַנד

פון אונזער קארעספּאָנדענט אין ענגלאַנד
ו. פינסבער



ישראל משה סיף

# א יונג פאַרפאָלק

ערצעהלונג

פון מרים ראַסקין

# פראַגען וועגען געזונט

פון דר. יעקב ב. גלען

# שווערע וואָלקענס איבער ענגלאַנד׳ס לעיבאָר דעי

דער קאָנגרעס פון צען מיליאָן ענגלישע טרעיד יוניאָניסטן. — מיט זייערע משפחות זע־נען זיי די מערהייט פון ענג־לישן פאָלק. — זיי האָבן זייער אייגענע רעגירונג. — פאַרוואָס זענען זיי אין א גע־דריקטער שטימונג? — די שרעק פאַר אַרבעטסלאָזיג־קייט. — די שטעלונג צו דער רעגירונג. — פרעמיער קומט צום קאָנגרעס.

פון אונזער קאָרעספּאָנדענט אין ענגלאַנד

## ה. פינסבער

לאָנדאָן, סעפּטעמבער, 1966.

כאָטש ענגלאַנד האָט נישט, ווי איר אין אַמעריקע, קיין אָפיציעלן לעיבאָר דעי, איז אָבער יעדער ער־שטער מאָנטאָג אין מאָנאַט סעפּ־טעמבער פאַקטיש א טאָג, ווען דאָס גאַנצע פאָלק קוקט אין דער ריכטונג פון די אַרבעטער.

זייט קנאַפּע הונדערט יאָר עקזי־סטירט אין ענגלאַנד דער „טרעיד יוניאָן קאָנגרעס" „טי־יו־סי", אין וועלכן עס זענען אַנגעשלאָסן כמעט אַלע טרעיד יוניאָנס אין ענג־לאַנד (מיט׳ן אויסנאַם פון דער יוניאָן פון לערערס און אייניקע קלענערע יוניאָנס פון די העכסטע

...

צע ווער. און בעת דער דאָזיגער וואָך גיבן אַלע אַהן אויסנאַם צייַ־טונגען, אַז די בעסטע ערטער אויף דער ערשטער זייט פאַר באַריכטן פון קאָנגרעס. דאָס זעלביקע טוען די טעלעוויזיע־סטאַנציעס, וועלכע ווייזן די וויכטיגסטע זיצונגען פון קאָנגרעס.

מען דאַרף זיך נישט וואונדערן פאַרוואָס דאָס געשעהט. עס איז נישט נאָר דערפאַר, ווייל אין ענג־לאַנד איז געשאַפן דאָס וויגעלע פון טרעיד יוניאָניזם; ווייל דאָ האָ־בן עקזיסטירט טרעיד יוניאָנס שוין מיט צוויי הונדערט יאָר צו־ריק.

עס זענען פאַראַן וויכטיגערע סיבות. פאַרוואָס די גאַנצע ענגלי־שע געזעלשאַפט איז אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין זייערע

...

דזשאָרדזש וואודקאָק, דער גענע־ראַל סעקרעטאַר פון „טי־יו־סי", האָט מורא, אַז די צאָל וועט זיין טאָפּעלט.

אויפ׳ן היינטיגן קאָנגרעס פון דער „טי־יו־סי" וועט זיין א זעהר שטאַרקע אָפּאָזיציע געגען דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער לעיבאָר־רעגירונג. אָנפירען מיט איר וועט דער געוועזענער מיניס־טער, און גענעראַל סעקרעטאַר פון טראַנספּאָרט־יוניאָן, וועלכע איז די גרעסטע אין ענגלאַנד (זי ציילט אַנדערטהאַלבן מיליאָן מיטגלי־דער), פראַנק קאָזינס.

פאָרמעל וועט זיך דער קאַמף אויפ׳ן קאָנגרעס פירען אַרום דער פראַגע, צי די יוניאָנס דאַרפן אונ־טערשטיצן דעם רוף פון דער רע־גירונג ניט צו פאַרלאַנגען אין פאַר־לויף פון די נאָענטסטע זעקס מאָ־נאַטן קיין לוין־העכערונגען.

קאָזינס און זיינע אָנהענגער זאָ־גן, אַז יוניאָנס זענען געשאַפן געוואָרן אום צו קעמפן פאַר בעס־סערע לעבענס־באַדינגונגען, און אַז אַפילו א לעיבאָר־רעגירונג קען נישט דערוואַרטן, דערקלערט קאָ־זינס, אַז זיי זאָלן אויף א האַלב יאָר זיך אָפּזאָגן פון זייער הויפּט־אויפגאַבע.

די, וואָס וועלן שטיצן די רע־גירונג, וועלן דערויף ענטפערן, אַז אין די לעצטע יאָרן זענען די לוינען און אַנדערע פּערזענליכע איינקונפטן געוואַקסן כמעט טאָפּעלט שנעל, ווי די פּראָדוקציע פון לאַנד. און דאָס מוז דערפירן צו א באַנקראָט, וואָס וועט אַלעמען מאַכן אָרימער.

אָבער, די שווערע וואָלקענס ווע־

...

# הענרי פרוכטער צו 75 יאָר

א אידישער סאָציאַליסט, וועל־כער האָט זעכציג יאָר פון זיין לעבן אָפּגעגעבן צו העלפן אַנדערע. — זיין באַ־שיידענקייט. — ער איז גע־קומען פון בוטשאַטש, גאַלי־ציע, אַלס אינגעל. — זיין מו־טער האָט געאַרבעט אין א סועט־שאָפּ. — ער האָט גע־האָלפן טויזנטער מענשן לייזן זייערע פּראָבלעמען. — א שמועס מיט אים.

## פון ס. רעגענסבערג

ווען זיין מוטער האָט אים גע־בראַכט פון בוטשאַטש, גאַליציע, קיין אַמעריקע איז ער אַלט געווען צען יאָר. ער האָט קוים באַוויזן צו ענדיגן גראַמער־סקול, אָבער ער האָט פאַרמאָגט א נאַטירליכע אינ־טעליגענץ. ווען ער האָט באַזוכט זיין מוטער, עסעל, אין דעם סועט־שאָפּ אויף קענאַל סטריט, פון דער איסט סאַיד, און האָט געזעהן די אַרומיגע סביבה פון אָרימקייט און צער און די עקספּלואַטאַציע פון זיין מוטער האָט זיך פאַר אים אַנט־פּלעקט, איז אין זיין יונג האַרץ גע־בוירן געוואָרן דער חלום צו זעהן א וועלט אָהן אָרימקייט און נויט. א

...



הענרי פרוכטער

...

מען אין זיין יום־טוב.

אין דער וואָך פון לעיבאָר־דעי ווערט ער 75 יאָר אַלט. צו דער גע־לעגענהייט האָב איך געהאַט מיט אים א שמועס וועגן זיין לעבן

...

רעטאַר פון דער סאָציאַליסטישער דעלעגאַציע אין דער באָאַרד אָוו אַלדערמען: איז געוואָרן דירעק־טאָר פון דער „געטשוראַליזיישאַן עיד ביוראָ", וואָס מאַיר לאָנדאָן און

...

קענען אַרויסלייגן פון פאַרגעלטע פּאַפּירן די דאַטעס פון זייער גע־בורט און די נעמען פון די שיפן, אויף וועלכע זיי זיינען געקומען קיין אַמעריקע. ער האָט איינגעפירט א קורס צו לערנען די אימיגראַנטן אַמעריקאַנער געשיכטע, כדי צו קע־נען דורכמאַכן דעם עקזאַמען פאַר זייערע סיטיזען־פּייפּערס. און ווען די באַוועגונג פאַר „מעדיקעיר" האָט זיך אָנגעהויבן, האָט ער אָפּ־געגעבן זיינע פרייע זונטאָגס פאַר דעם און פאַר סאָשעל סעקיוריטי פּראָבלעמען זיצענדיג אין „פאָר־ווערטס" אַפילו יעדן טאָג צו ענט־פערן אויף פראַגן וואָס זיינען גע־בראַכט געוואָרן צו אים.

ווען דער „ענעמי עליען" געזעץ איז אָנגענומען געוואָרן פון קאָנ־גרעס אין דער ערשטער וועלט־

...

# פאַרראַכט

## ערצעהלונג

פון

## מרים ראַסקין

צוליב אַן איבערררייד, וואָס בען גאָלדבערג האָט געהאַט מיט זיין ווייב, איז אין שטוב אַנטשטאַנען א פיינטליכע שטילקייט. גאָלדבערג האָט האַסטיג אַרומגעשפּאַנט איבער׳ן צימער פאַרביסן און שווייגנדיג.

...

שטילערן פּלאַץ, וואו ער זאָל זיך קאָנען אָפּרוהען. צוליב דעם איז דאָס אַרויסגעקומען ביי זיי די קריר־געריי און ביידע זיינען איצט אָנ־גע׳ברוגז׳ט.

גאָלדבערג האָט געוואוסט איר

...

אַפּגעענטפערט — נאָר אַזעלכע וואָס פאַרשטעהען ניט, וואָס האָבן ניט קיין באַגריף וועגן מאַלעריי.

איצט איז מיטאַמאָל שטיל גע־וואָרן.

...

פרוי וואָס דאַרף פאָלגן איר מאַן. נאָר זי איז מיטאַמאָל אויפגעלעבט געוואָרן.

פלינק און בויגעווודיג האָט איווא אויסגעשפּרייט דאָס טישטוך אויפ׳ן טיש אין עס־צימער, ווי א גוטע

...

# פראַגן וועגן געזונט

פון

## דר. יעקב ב. גלען

בן־איש, ניו יאָרק.

אַלע פּילען וואָס איך נעם דאַרף איך נעמען זיי־נען גוט. אַספּירין און וויטאַמינען וועלען ניט שטערן דער ווירקונג פון דעקאַדראָן. איך האַלט, אַז ווי־טאַמין „סי" אין זומער איז ניט נויטיג. אַן אָראַנדזש א טאָג (אָדער אַן אַנדער פרוכט, אָדער א טאָמאַ־

...

לינקער אַקסעל. איר ווייסט ניט צי עס האָט צו טאָן מיט אייער אַנגינאַ פּעקטאָריס.

ע נ ט פ ע ר:

די ווייהטאָגן אינ׳ם לינקן אַקסעל קומען כמעט זיכער פון דער אַנגינאַ פּעקטאָריס. די קראַנק־אַרטעריעס פון אייער האַרץ זיינען

...

א „לעזער פון עסטרייך", ברוקלין.

עס איז מיר שווער צו דערגעהן א טאַלק אין אייער לאַנגען בריוו. וואָס איז געשריבן אין א געמיש פון דייטש, אידיש און העברעאישע ווערטער.

...

ראַציע; איר ווערט באַהאַנדלט אין א אידישען שפּיטאָל אין ברוק־לין. א דאָקטאָר אין דעם שפּיטאָל האָט אויסגעפונען, אַז איר האָט א פּאָליפּ אין רעקטום. ער האָט אייך געראַטען גלייך זיך צו לאָזן אָפּערירען.

איר ווילט וויסען, צי דער פּאָליפּ

...

# דאַרף ניו יאָרק האָבן א לאָטעריי?

(שלוס פון עדיטאָריעל זייט)

קעטס. דער סוף איז געווען, אַז דער פאַרקויף פון ניו העמפּשיר קוויטלעך אין פרעמדע סטעיטס איז א גאַנץ קליינער. אין דעם סטעיט גופא איז דער פאַרקויף אויך ניט אַזאַ גראַנדיעזער ווי מען האָט זיך געריכט. אַזוי אַרום האָט ניו העמפּשיר געמאַכט א פּראָפיט אויף דער לאָטעריי פון 2 מיליאָן מיט 768 טויזנט דאָלאַר דעם ערשטן יאָר (אין 1964) און בלויז 1 מיליאָן מיט קנאַפּע 823 טויזנט

...

# די צוזאמענשטויסען ביי די ישראל־אראבישע גרעניצען

דערשאסענע „אלפאטאך" סאַ־באטאזשיסטען דאס יאר אין ישראל. — 12 ישראל בירגער און זעלנער זענען דער־הרג'עט געווארן בעת אינצי־דענטען מיט די אנגרייפער. — די לעצטע זיבען פארוואונדע־טע פון דער סירישער מינע. — רוסיש און דייטש געווער ביי די צוויי דערשאסע־נעע דיווערסאנטען. — 50 אידישע פארוואונדעטע אין דעם יאר.

פון אונזער ישראל קארעספאנדענט
**לייב ראכמאן**

ווען איך שרייב דאס ארטיקעל, א וואך פאר ראש־השנה, האט די זיכערהייטליכע לאגע פון ישראל אין דעם יאר זיך אפגעשפיגעלט אין פאלגענדיגע ציפערן: 12 ישראל־בירגער און זעלנער זענען אין דעם יאר דער־הרג'עט געווארען דורך אראבער און 50 זענען פארוואונ־דעט געווארען. פון דער אנדערער זייט, זענען דורך די ישראל'דיגע זיכערקייטס־כוחות דערשאסען גע־ווארען 8 אראבישע דיווערסאנטען בעת זיי האבען געפרואווט אריינ־דרינגען קיין ישראל. דא ווערען ניט אריינגערעכנט די אראבישע פאר־לוסטען פון ישראל'דיגע אקציעס אינערהאלב דער אראבישער טערי־טאריע, ווי אויך ניט די סירישע אראפגעשאסענע פילאטען, בעת די לופט־קאמפען מיט ישראל'דיגע מי־ליטערישע עראפלאנען.

די סירישע גרעניץ, וועלכע איז דאס יאר געווען די שטורעמדיגסטע, האט געפאדערט פון ישראל די גרעסטע צאל קרבנות — 8 דער־הרג'עטע און 27 פארוואונדעטע; דא זענען שוין אריינגערעכנט די זיבען פארוואונדעטע פון דער סירי־שע מינע, אונטערגעלייגט היינטי־גע וואך אויף די פעלדער פון ישוב „שאר ישוב".

ווי באוואוסט, האבען די סירייער ניט געקוקט אויף זייערע אלע לעצטע פארזיכערונגען צו דער „יו־ען", שטרענג צו היטען דעם וואפען־שטילשטאנד. די היינטיגע וואך, ווידער איינגעגראבען ביינאכט א מינע אויף א פעלד. אין דער פרי איז א טראקטאר, וואס האט געפירט זיבען ארבעטער צו דעם פעלד, ארויף אויף דער מינע. די ארבעטער זענען געזעסען אויף א פלאטפארמע, צו־געשפאנט צום טראקטאר: אלע — מיט די פיס אראפגעהאנגען פון ביידע זייטען. דעם טראקטאריסט אליין איז גארניט געשעהן, אבער ביי די זיבען ארבעטער זענען די פיס געטראפען געווארען. און מען האט מורא, אז ביי איינעם פון זיי וועט מען דארפען אמפוטירען א פוס. די אויספארשונג, אנגעפירט פון די „יו־ען" אבסערוואטארען, האט געפירט צו דער סירישער גרעניץ. מען האט געפונען שפורען פון טריט ביז צו א סירישער פאזיציע.

ישראל האט שארף פראטעסטירט. דער אויסערן־מיניסטער, אבא אבן, האט גע'טענה'ט, אז ישראל וועט ניט איינגיין אויף א לאגע, ווען בלויז איין צד — ישראל, — וועט אפהיטען דעם פרידען אויף דער גרעניץ, דאגעגען דער אנדערער צד, די סירייער, וועלען זיך ניט פילען פארפליכטעט צו היטען זייערע צר־זאגען און דעם געגנווייטיגען אפ־מאך וועגען וואפענשטילשטאנד.

אבער בלויז איין טאג נאך דעם, האבען די סירייער אויף דאס ניי באוויזען, אז זיי האבען נ־י־ט בדעה איינצוהאלטען די רו אויף דער גרעניץ. א ישראל מיליטער־פאטרול האט 7.45 אווענט זיך אנ־געטראפען ביים דארף יובל אויף פיר געשטאלטען, וועלכע האבען זיך באוועגט אין דער פינצטער אין א מיליטערישער ארדענונג — יעדער איינער אפגערוקט פון אנדערען מיט איין מעטער. דער קאמאנדיר פון פאטרול, אונטער־לייטענאנט זאב, האט זיי באפוילען ענטפערען דעם פאראל. און ווען זיי האבען ניט געענטפערט, האט דער פאטרול אויף זיי געעפנט פייער. די פיר האבען צוריקגעשאסען. באלד האט מען געזעהן, ווי די ערשטע צוויי אין דער ריי זינקען אראפ צו דער ערד. די הינטערשטע צוויי גע־שטאלטען האבען גענומען אנטלויפן אין דער פינצטערניש. די זעלנער פון פאטרול האבען זיי נאכגעיאגט, אבער זיי מער ניט געפונען.

די צוויי געפאלענע דיווערסאנטן האבען ביידע געהאט געווער. איי־נער — א דייטשע מאשין־ביקס פון טיפ „שמייסער"; און דער צווייטער — א סאוועטישע אויטא־מאטישע ביקס פון „סנאבעל"־טיפ. אויסער דעם האט מען ביי זיי גע־פונען אכט קוילען־מאגאזינען — אין יעדען איינעם צו 50 קוילן. איין קוילן־מאגאזין איז געווען ליידיג. זיי האבען אויך געהאט קאמאנדא־מעסערס און א האנט־גראנאט פון רוסישער פראדוקציע. (ענליך צו דעם גראנאט, וואס די „אל־פאתח" דיווערסאנטען האבען מיט א צייט צוריק אונטערגעלייגט אין די פלאנ־טאציעס פון דארף מטולה; א ישראל פרוי איז פון אויפרייס דאן פאר־וואונדעט געווארען). מען ווייזט אן, אז די אלע סארטען געווער ווערען באנוצט פון דער סירישער ארמיי. די צוויי טויטע דיווערסאנטען זיי־נען געווען אנגעטאן אין כאקי־קליי־דער, איינער אין א מיליטערישער קור, „ג. ביידע האבען זיי אויסגע־זען צו זיין אין עלטער פון 30 יאר. זיי האבען ביי זיך געהאט אלומינום וואסער־פלעשער, רוקזעק מיט עסנ־ווארג (ציבעלע פלעצלער), סיגא־רעטן מיט'ן אויפשריפט „דמשק", און אויך אמעריקאנער סיגארעטן מיט שוועבעלער. אויף די פיס האבן זיי געטראגן גומי־שיך. פארשטייט זיך, אז זיי האבען ביי זיך ניט גע־האט קיין שום דאקומענטען.

די גאנצע שיסעריי מיט זיי האט געדויערט ניט מער ווי א 2־3 מי־נוט. ביידע זיינען געווארען גע־טראפען פון די קוילען אין בויך, רוקען און קאפ. די ישראל־אויספאר־שער גלויבען, אז די אנדערע צוויי, די אנטלאפענע האבען געטראגען מיט זיך אויפרייס־מאטריאל אויף אונטערצולייגען אונטער הייזער אין א ישראל־ישוב.

די ישראל־אויספארשער האבען אויך געפונען באווייזען, וואס בא־שטעטיגען, אז די צוויי דערשאסענע האבען געהערט צו א סאבאטאזש־איינהייט, וועלכע האט אין דער פארגאנגענהייט שוין דורכגעפירט מערער דיווערסיע־אקטען אין גליל.

דאס ארט, וואו מען האט זיך אנ־געטראפען אויף זיי, געפינט זיך 350 מעטער פון דער לבנון־גרענעץ און 800 מעטער פון דער סירישער גרענעץ. די טריט פון די פיר האבען געפירט פון דער סירישער גרענעץ. אויך די שפורען פון די צוויי אנט־לאפענע האבען געפירט די אויס־פארשער צו דער גרענעץ מיט סיריע.

ישראל האט גלייך דערלאנגט אן אנקלאגע צו דער געמישטער ישראל־סירישער וואפענשטילשטאנד־קא־מיסיע.

אראבישע דיווערסאנטען זיינען דאס יאר געקומען: צוויי פון עגיפ־טען, פיר פון ירדן און צוויי פון סי־ריע. צוזאמען האבען די זיכערקייט־כוחות פון ישראל באוויזען דאס יאר צו כאפען 69 אראבישע אריינ־דרינגלער — 25 פון ירדן, 30 פון עגיפטען, 10 פון לבנון, און 4 פון סיריע.

# 40 ביליאן דאלאר א יאר פאר בילדונג אין אמעריקע

54 מיליאן קינדער און 20 מיליאן דערוואקסענע מענשען לער־נען אין די סקולס. — עס זע־נען באשעפטיגט 1 מיליאן און 700 טויזנט לערער, אבער עס פעלען נאך 150 טויזענט לערער. — פארוואס אזא מאנ־געל אין לערער. — די הויכע קאסטען פון קאלעדזש בילדונג. — אינטערעסאנטע פאקטען וועגען דער אמעריקאנער בילדונגס־סיסטעם.

פון **ב. פענסטער**

די אמעריקאנער בילדונגס־סיס־טעם דארף אויסגעבעסערט ווערען. עס דארף קודם־כל אויסגעווארצעלט ווערען ראסען־דיסקרימינאציע, ווי סאציאלע אומגלייכהייט אין דער גאנצער בילדונגס־סיסטעם פון לאנד. וועגען דעם קאן ניט זיין קיין מיינונגס־פארשידענהייט צווי־שען רעכט־דענקענדע מענשען.

אין א פעדעראלער אויספארשונג אונטער דעם טיטול „גלייכע ביל־דונגס־געלעגענהייט", וואס איז לעצטענס פארגעבראכט געווארען ביי א פארהער פון א סענאט־קא־מיטע, איז ווידער באשטעטיגט גע־ווארען דער פאקט, אז די נע־גערשע, פארטא־ריקאנער און אנ־דערע קינדער פון דיסקרימינירטע מינאריטעטען האבען ניט קיין מעג־ליכקייטען צו געניסען פון דער בילדונג וואס מען גיט אין לאנד, ספעציעל אין די גרעסערע שטעט. סענאטאר איירהעם ריביקאף האט אפילו באשולדיגט, אז די פע־דעראלע רעגירונג זעהט צו האלטען בסוד די דאזיגע אויספארשונג. ער האט געפאדערט, אז דער באריכט פון דער אויספארשונג זאל אויס־גענומען און דיסקוטירט ווערען ביי יעדער סקול־באארד און עלטערן־פאראיין.

די אויספארשונג איז פאראורדענט געווארן אונטער דעם ציווילע רעכט געזעץ, וואס איז אנגענומען געווא־רען אין 1964. דאס איז די גרינדליכ־סטע בילדונג־אויספארשונג, וואס איז דורכגעפירט געווארען אין דער אמעריקאנער געשיכטע. עס זיינען פארהערט און אויסגעפרעגט גע־ווארען נאהענט צו 600 טויזענט קינדער פון 4,000 פארשידענע פאבליק סקולס אין אלע סטעיטס. עס זיינען אויך אויסגעפרעגט גע־ווארען העכער 60 טויזענט לערער און פרינציפאלס. דער אויספיר פון דער 2־יעריגער פארשונג איז, אז די קינדער פון די ארימע און דיסקרי־מינירטע מינאריטעטען בלייבען הינטערשטעליג אין זייער בילדונג, אפילו ווען זיי געהען אין בעסערע און אינטעגרירטע סקולס. „דער קוואל פון אומגלייכע געלעגענהייט אין בילדונג געפינט זיך, ערשטענס, אין דער היים און אין דעם איינפלוס פון דער סביבה ארום דער היים", ווערט ערקלערט אין דעם באריכט פון דער אויספארשונג.

אין ליכט פון דער אויספארשונג קען מען בעסער פארשטעהן די קאמפען פאר ציווילע רעכט און סאציאלע גלייכהייט אויף אלע גע־ביטען. אבער כדי אפצושאצען די באדייטונג פון די קאמפען ארום די סקולס, דארף מען האבען א באגריף וועגען דער בילדונגס־סיסטעם אין אמעריקע, איר כאראקטער און בא־שטאנד. די פארקרומטע און פאר־קריפעלטע בוימער דארפען ניט פארשטעלען דעם גרויסען, געדיכ־טען וואלד. פארקערט, ווען מען זעהט און מען באוואונדערט דעם וואלד וויל זיך ערשט אויסווארצ־לען און אויסראמען די דארענדיגע און ווילדע געוויקסען.

בילדונג איז די סאמע גרעסטע איינצעלנע אונטערנעמונג אין אמע־ריקע. פון א באפעלקערונג פון כמעט 200 מיליאן נפשות געהען 54 מיליאן קינדער און יוגענטליכע אין שולען — פון קינדער־גארטענס ביז קאלעדזשעס. מיליאנען דער־וואקסענע מענשען שטודירען אויך — אין נאכט סקולס, אין ביזנעס און פאך־שולען. מען שאצט, אז ארום 20 מיליאן דערוואקסענע מענשען שטודירען עפעס — וויסענ־שאפט, פילאזאפיע, קונסט, שפרא־כען, נייען, קאכען אדער ווי אזוי צו פארשענערען זייערע היימען אדער פארבעסערען זייערע ספארט־פלע־צער.

די צאל אמעריקאנער וואס געהען אין די סקולס איז גרעסער ווי די באפעלקערונג פון פראנקרייך, אי־טאליע אדער ענגלאנד. כמעט אזוי פיל אמעריקאנער לערנען אין די סקולס ווי עס ארבעטען אין גאנ־צען לאנד.

עס זיינען איצט פאראן העכער 105 טויזענט עלעמענטארע און העכערע סקולס, אין וועלכע עס ווערען באשעפטיגט 1 מיליאן און 700 טויזענט לערער. די דאזיגע בילדונג־סיסטעם קאסט אפ ארום 40 ביליאן דאלאר א יאר, וואס מאכט אויס ארום 200 דאלאר א יאר אויף יעדען מאן, פרוי און קינד. פון דער סומע קאסט ארום 27 בי־ליאן דאלאר אויסצוהאלטען די פאבליק סקולס און 13 ביליאן דא־לאר די קאלעדזשעס און אוניווער־זיטעטען, אין וועלכע דער שכר לימוד באטרעפט בלויז א פינפטעל פון זייערע אויסגאבען. די איבערי־גע פאנדען קומען פון ירושות, מתנות און פעדעראלע און סטעיט הילף.

די לעצטע פאלקס־ציילונג האט געוויזען, אז 99 און 4־צענטעל פרא־צענט פון אלע קינדער אין אמערי־קע, אין עלטער פון 7 ביז 9 יאר, געהען אין סקול. כדאי צו דערמאנען, אז מיט 55 יאר צוריק זיינען הע־כער 14 פראצענט פון די קינדער אין אמעריקע, אין עלטער פון 7 ביז 13 יאר, ניט געגאנגען אין סקול. די מערסטע פון די צוויי מי־ליאן קינדער האבען געארבעט.

ארום 42 מיליאן קינדער — 85 פראצענט פון אלע קינדער אין על־טער פון 5 ביז 17 — יאר געהען אין פאבליק סקולס, וועלכע ווערען אנ־געפירט פון די סטעיטס און לאקא־לע געמיינדעס. די אנדערע 12 פרא־צענט געהען אין פריוואטע אדער פאראכיעל (רעליגיעזע) שולען.

איינע פון די ערנסטע פראבלע־מען אין דער בילדונגס־סיסטעם פון לאנד איז א מאנגעל אין לערער — א פראבלעם אין אמעריקע זינט דעם סוף פון דער 2טער וועלט־מלחמה. עס ווערט געשאצט, אז מען דארף איצט נאך העכער 150 טוי־זענט לערער אין די סקולס.

די צאל סטודענטען אויף דער צאל לערער איז דער הויפט באדינג פאר דער קוואליטעט פון א שול. אן אידעאלע שול דארף האבען 15 סטודענטען אויף א לערער. אבער אין דעם איצטיגען שול־יאר איז דער נאציאנאלער דורכשניט נא־הענט צו 25 סטודענטען אויף יעדען לערער!

איין אורזאך פאר דעם מאנגעל אין לערער איז פארהעלטניסמעסיג א קליינער געהאלט, וואס די לע־רער קריגען. דער דורכשניטליכער געהאלט פאר אנפאנגער עלעמענ־טארער לערער איז 6,293 דאלאר א יאר. א הייסקול לערער קריגט ארום 6,506 דאלאר. ערשט נאך 15 יאר לערנען קאן א לערער ערוואר־סען ארום 10 טויזענט דאלאר א יאר.

דער מאנגעל אין לערער האט אויך צו טאן מיט דעם וואס די זיהן און טעכטער פון פארמעגליכע על־טערן ווילען ניט זיין קיין לערער, אוודאי ניט אין עלעמענטארע סקולס. זיי האבען אמביציעס און מעגליכקייטען צו שטודירען פאר העכער באצאלטע פראפעסיעס, ווי דאקטוירים, לאיערס, וויסענשאפט־ליים, אינזשענירען. ווידער, די קינ־דער פון אומפארמעגליכע און ארי־מע עלטערן קאנען זיך ניט ערלויבען דעם „לוקסוס" צו ווערען לערער.

די לעצטע יארען האט די פעדע־ראלע רעגירונג אנגעהויבען געבען מער סקאלערשיפס (סטיפענדיעס) צו אומפארמעגליכע סטודענטען. היינטיגעס יאר וועט די רעגירונג געבען 70 מיליאן דאלאר א יאר פאר סקאלערשיפס צו ארום 140 טויזענט סטודענטען, וועלכע געפי־נען זיך אין „אויסערגעוועהנליכער נויט" און וועלכע וואלטען אהן דער רעגירונגס־הילף ניט געקאנט געהן אין קאלעדזש. מען קאן אבער אין א דעמאקראטיש לאנד ניט דיקטי־רען סטודענטען וואס פארא פרא־פעסיעס זיי זאלען שטודירען, אדער אז זיי זאלען העלפען לייזען דעם מאנגעל אין לערער, צי אין אנדערע פראפעסיעס.

א גרעסערע צאל סטעיטס, איינ־געשלאסען ניו יארק, קאליפארניע, פענסילווייניע און אילינאי, גיבען סקאלערשיפס. די קאלעדזשעס אליין גיבען אויך סקאלערשיפס צו ארום 35 טויזענט סטודענטען יעדען יאר. אויך א צאל טרעיד־יוניאנס, קאר־פארעישאנס און אנדערע פריוואטע ארגאניזאציעס גיבען אלץ מער סקאלערשיפס. אבער געוועהנליך קריגען די סקאלערשיפס אויסגעצייכנטע סטודענטען און גראד ניט יענע, וועלכע נויטיגען זיך צום מערסטען.

נ. ארום א האלבער מיליאן אמע־ריקאנער קאלעדזש סטודענטען העל־פען צאלען פאר זייער בילדונג דורך אנגענומען ארבעט אין די קאלעדזשעס וואו זיי לערנען. די מערסטע אר־בעטען אלס קעלנער (ווייטערס) אין די עס־צימערען, געהילפען אין די לאבאראטאריעס, אפיס־ארבעטער און גערטנער.

איבער דעם וואס דער דורכשניט־ליכער געהאלט פון לערער איז ניט קיין גענוגענדער אויף אויסצוהאל־טען פאמיליעס, לערנען מערסטענס פרויען אין פאבליק סקולס. אין אנ־הויב פון דעם סקול־יאר — 1965־66 — זיינען געווען אין די פאבליק סקולס 1 מיליאן, 162 טויזענט און 755 לערערינס און בלויז 536 טוי־זענט מענער.

פסיכאלאגען דענקען, אז דער פאקט, וואס די מערסטע לערער זיינען פרויען האט ניט קיין גינס־טיגע ווירקונג אויף די שילער, ספע־ציעל אויף די אינגלער, וועלכע קענען אמאל ניט קיין מענער לערער ביז זיי הויבען אן געהן אין הא־י־סקול. עס זעהט אבער אויס, אז די לאגע ענדערט זיך. מיט דער פאר־בעסערונג פון די ארבעטס־באדינ־גונגען אין די סקולס הויבט זיך אן צו פארגרעסערען די צאל מענער לערער. לעצטען יאר איז די צאל מענער אין די עלעמענטארע סקולס און הא־י־סקולס פארגרעסערט גע־ווארען בלויז מיט 3 און 7־צענטעל פראצענט.

אין דעם דערמאנטען באריכט פון דער אויספארשונג וועגען „גליי־כער בילדונגס־געלעגענהייט" ווערט צוגעגעבען, אז די סקול־סיסטעם ווערט ביסלעכווייז פארבעסערט, אבער ווייט ניט שנעל גענוג לויט די מעגליכקייטען פון אמעריקע און באזונדער לאנגזאם איז די פארבע־סערונג פאר די מינאריטעטען, וועלכע נויטיגען זיך צום דרינגענדסטען אין מעגליכקייטען צו בילדונג.

# דריי פרויען •• ערצעהלונג •• פון מרים ראסקין

דריי פרויען זיינען זיי געווען, וואס האבען צוזאמען געדונגען א שטיבל אין די בערג פאר'ן זומער: די מיסעס סיגעל, וואס זי איז ארויסגעקומען אהער מיט דריי קינ־דער; די מיסעס פאקס מיט איין קינד, א דערוואקסען בחור'ל, און די מיסעס גרינבלאט, וואס האט געוואוינט אליין.

די נעכט זיינען געווען מילדע, זומערדיגע. דער לבנה'ס מאטער שיין האט זיך געגאסען איבער די הויכע בערג און איבער די דעכער פון די ארומיגע באנגאלאס, און די דריי פרויען זיינען געזעסען אויף די טרעפלעך פון זייער שטיבל און געמיטליך צווישען זיך געשמועסט.

— איך — האט געזאגט מיסעס סיגעל — האב זיך ניט וואס צו בא־קלאגען. מיין מאן איז א גוטער פארדינער און סוף וואך, אז ער ברענגט די „פעי", גיט ער זי מיר אין האנט אריין און ער פרעגט ביי מיר ניט קיין רעכענונג.

זי האט אויך דערצעהלט, אז די דריי קינדער, וואס זיינען דא מיט איר, זיינען אירע אייניקלעך. איר טאכטער, די מאמע פון די קינדער, האלט אן אין שטאט איר דזשאב פון א סעקרעטארין, וויל איר מאן, וואס האט אויסשטודירט פאר דאק־טאר, האלט איצט ביים עפענען אן אפיס.

די מיסעס גרינבלאט פון איר זייט האט אויך געהאט וואס צו דערצעהלען פון זיך. זי האט שוין א סך דורכגעמאכט אין איר לעבען. מיט איין מאן איז זי זיך צעגאנגען און דער אנדערער מאן איז ביי איר געשטארבען. זי האט א סך ארום־גערייזט און אנגעזעהן א וועלט.

נאר די מיסעס פאקס האט פון איר אייגען לעבען וועניג גערעדט. זי האט נאר דערצעהלט פון איר איינציגען זוהן, וואס איז דא מיט איר. ער צייכנט זיך אויס אין לערנען אין סקול מערער פון אלע אנדערע קינדער, און צו דערציהען אזא קינד איז ניט פון די גרינגע זאכען.

נו, זיינען זיי געזעסען, די דריי פרויען, אויף די טרעפלעך פון זייער שטיבל און גערעדט צווישען זיך ביז זיי זיינען זיך נאהענט געווארען. זיי האבען איינע די אנדערע אלץ אויסדערצעהלט. ביז עס איז געקו־מען א צייט, ווען זיי האבען שוין ניט געהאט מער וואס צו דערצעה־לען. איז מען ביסלעכווייז אפגע־קילט געווארען איינע צו דער אנ־דערער, ווי עס טרעפט אמאל ביי צוויי געליבטע, וואס ווערען גענע־טיגט מיט זייער ליבע. מען האט זיך איצט געזעהן דורך און דורך און קליינע פארדראסען זיינען אויפגע־קומען צווישען זיי. מיסעס פאקס האט פון אנהויב אן זיך געהאלטען צו־שטאלץ און גערעדט האט זי נאר ענגליש. און אז זי איז שפע־טער אריבער אויף אידיש, איז עפעס אראפ פון איר דער גאנצער גלאנץ.

די מיסעס סיגעל, וואס האט גע־האט א שארף אויג און א שארפע צונג, האט גערעדט פאר דער מיסעס גרינבלאט וועגען יענער:

— אירע פריינט זיינען נאר גרויסע מענשען: דאקטוירים און נאך אנדערע פראפעשאנאלס. זי איז איין שטיק בלאף ארום און ארום.

די מיסעס גרינבלאט, ווידער, איז געווען אן אומרוהיגע און א נערוועזע פרוי. זי האט ניט געקענט איינזיצען אין שטוב, זי איז נאר געלאפען צו די שכנ'ישע באנגא־לאס. מיט אלע מענשען דארט איז זי שוין געווען באקאנט. פארנאכט איז זי געקומען צולויפען א פאר־סאפעטע. זי האט צוגעגרייט איר סאפער אויף גיך, כאפ'לאפ. דער מיסעס סיגעל האט דאס פארדרא־סען.

— א בריה איז זי א גרויסע — האט זי גערעדט וועגען איר צו דער מיסעס פאקס — שטעלט־צו אן עסען; דאס טעפעל לויפט אריבער. געה וואש דערנאך נאך איר דעם איוווען.

דער מיסעס פאקס פון איר זייט האט פארדראסען אויף דער מיסעס סיגעל גאר פאר איין זאך: אין דער פרי, אז יעדער פארמערשער וואגען קומט מיט גרינס און פרוכטען, איז מיסעס סיגעל דארט די ערשטע. זי איז א הויכע, א מאסיווע און מיט איר ברייטער פלייצע פארשטעלט זי אלעמען, ווי מיט א וואנט. אלע גוטע פרוכטען און גרינסען פאר־כאפט זי פאר זיך: „דאס איז פאר מיינע קינדער", זאגט זי א צופרי־דענע.

די מיסעס פאקס, אז אויפגע־רעגטע, רעדט דערנאך צו דער מי־סעס גרינבלאט:

— די חוצפה. איך האב אויך א קינד. אפשר מער מענש, ווי אירע קינדער.

די מיסעס סיגעל קען מאכען אן עסען, אז עס זאל פארשמעקען די שטוב. דער טיש איז געגרייט אויפ'ן שענסטען אופן. די דריי קינדער, אירע אייניקלעך, קומען צולויפען פון זייער שפיל אין דרויסען, גרינג־פיסיגע ווי די הירשען, און זיי שלינגען דאס עסען מיט גרויס הנאה און דער טומעל און רעש אין שטיבל איז דעמאלט וועזר גרויס.

די אפגעהיטע מיסעס פאקס האט נאר מורא געהאט, אז איר איין און איינציגער זוהן זאל ניט איבערנע־מען די שלעכטע מאניערן פון די אנדערע קינדער און איר פארדרוס אויף דער מיסעס סיגעל איז גע־וואקסען.

עס איז געווען אין די הייסע יולי־טעג. אין קיך פון שטיבל איז געווען ענג און שטיקענדיג. די דריי פרויען זיינען אין דער פרי געשטא־נען ביים אייווען, וואס האט שלעכט געברענט, און צוגעגרייט דאס אנ־בייסען. מען איז' געווען אנגעשטויר־סען איינע אויף די אנדערע. גוט איז געווען דער מיסעס גרינבלאט, וואס זי האט ניט געהאט קיין קינ־דער און זי האט געקענט אפ'פטר'ן איר עסען איינס און צוויי און זי האט זיך ארויסגעשארט פון קיך. איינמאל, אז זי איז שוין געווען גרייט ארויסצוגעהן פון שטוב, איז איר די מיסעס סיגעל אנגעקומען אנטקעגען מיט א הינדעלע אין די הענט. אן אפגעפליקטע, א פעטע און א ווארעמע נאך און זי האט עס געוויזען דער מיסעס גרינבלאט:

— איר זענט א מבין אויף דער טשיקען. איצט ערשט געקראגען ביי דער פארמערקע.

מיסעס גרינבלאט האט א פאר־טראגענע א קוק־געגעבען אויף דעם הינדעל מיט דעם איבערגעשניטע־נעם גארגעל.

— איך ווייס ניט. איך האב ניט אזוי ליב קיין טשיקען — האט זי געטאן א רייד ארויס.

מיסעס סיגעל, א באליידיגטע, האט דערנאך איבערגערעדט צו דער מיסעס פאקס וועגען דעם.

— פונדעסטוועגען, ווען איך גיב איר א פארטיג שטיקעל טשיקען, וואלט זי זיך ניט אפגעזאגט. איך קען זי שוין גוט, די מיסעס גרינ־בלאט.

אין יענע טעג זיינען אנגעקומען גרויסע היצען אין די בערג. פון די בלויע הימלען האבען געשטראמט הייסע כוואליעס. א שטארקע טרי־קעניש האט זיך אומעטום געפיהלט. די היץ האט אויסגעטרוקענט די זאפטען פון די בוימער און גראזען. צופוסענס פון די נאהענטע בערג האט א שמאל טייכל זיך געשלענ־געלט און זיינע וואסערען, ריין ווי קרישטאל, האבען דארט שטיל גע־מורמעלט. איצט איז דאס טייכל אויך אויסגעטרוקענט געווארען. די פארמערקע, די באלעבאסטע פון שטיבעל, איז איינמאל געקומען צו די פרויען און זיי אנגעזאגט, אז מען זאל זיין שפארעוודיג מיט וואסער צוליב דער גרויסער טריקעניש.

די באציהונגען צווישען די דריי פרויען זיינען איצט געווען אנגע־צויגענע. עס האט זיך געדוכט, אז איין אומפאסיג ווארט און עס וועט זיך צעפלאקערען צווישען זיי א קריג. אזא קריג האט זיך טאקע איינמאל שוין אנגעהויבען. דאס איז געווען אין איינעם א פרימאר־גען. מיסעס סיגעל האט באשולדיגט דער מיסעס גרינבלאט, אז ווען זי האט זיך היינט געוואשען, האט זי געלאזען לויפען דאס וואסער און דעם קראן ניט פארדרייט. מיסעס גרינבלאט האט עס אפגעלייקענט.

— דאס איז אייער ארבעט. קיי־נער איז ניט אזוי אפגעלאזען ווי איר — איז מיסעס סיגעל באשטא־נען אויף איר'ס.

מיסעס גרינבלאט איז שוין גע־ווארען אין כעס און זי האט א זאג געטאן:

— ווער עס איז אליין פול מיט חסרונות, דארף ניט זוכען קיין חסרונות ביי יענעם.

— אזוי? איך בין פול מיט חסרונות? וועלכע? לאמיר הערען.

— איר האט א נאטור צו בארע־דען אלעמען אונטער די אויגען.

— דאס איז א געמיינער ליגען!

— האט מיסעס סיגעל אויסגעשריען הויך אויפ'ן קול.

— ווייסט איר וואס? מיר וועלען פרעגען וועגען דעם ביי דער מיסעס פאקס.

מיסעס פאקס איז אויך אריינגע־צויגען געווארען אין קריג. זי האט געהאט גענוג עוולות אנצואווייזען אויף ביידע פרויען. און אזוי איז א גאנצען טאג אנגעגאנגען דער קריג. אלע מענשליכע חסרונות זיינען ברייט און קלאר באלויכטען געווא־רען. מען האט זיך געקריגט מיט היץ און מיט א מין הנאה. ערשט פארנאכט האט מען זיך ענדליך איינגעשטילט און עס איז אנטשטא־נען א שטילשווייגען אויף א לאנגער ווייל. מען איז ניט ברוגז געווארן, נאר געהאלטען זיך פון דערווייטען. א מין באוואפענטער שטילשטאנד האט זיך איינגעשטעלט צווישען די דריי פרויען.

און אזוי זיינען געלאפען די טעג מיט די וואכען ביז מען האט זיך געכאפט, אז דער זומער איז שוין אוועק. די לופט איז געווארען קיהל און דער הימעל שטארק בלוי. און ביי די וועגען זיינען פון די עפעל־בוימער אראפגעפאלען די רייפע עפעל צו דער ערד. די מיסעס סיגעל האט די ערשטע גענומען זיך גריי־טען אין וועג אריין, איינפאקענדיג אירע זאכען אין גרויסע וואליזעס. עס איז געקומען צופארען איר מאן, מיסטער סיגעל, א קליין, אפגעצערט מאנעלע אין אן אלטער, אפגענוצ־טער קאר. מיסעס פאקס און מיסעס גרינבלאט וואלטען געקענט פון דעם מאכען גענוג שפאס. נאר איצט האט זיך צווישען די דריי פרויען איינגעשטעלט א רירענדע פריינט־שאפט און זיי האבען זיך איינע די אנדערע געגעבען די אדרעסען אין שטאט.

— קומט צוגעהן, קומט צוגעהן, קומט מיך זעהן — האבען זיי איינע די אנדערע געזאגט.

מרס. קארפ און מיסעס גרינבלאט האבען באגלייט די פאמיליע סיגעל ביז צום „ראוד", דער הויפט־וועג, וואס פירט צו דער שטאט. די אנ־געפילטע קאר מיט דער סיגעל־משפחה האט זיך געלאזען איבער'ן וועג. דארט האבען נאך קארס זיך שוין געיאגט — אלע צו דער שטאט, צו דער שטאט . . .

מיסעס פאקס און מיסעס גרינ־בלאט האבען זיך שוין אויך געקלי־בען אהיים צו פארען. דער מיסעס גרינבלאט האט דער זומער אנ־טוישט. אנשטאט צו פארריכטען אירע נערוועזן, ווי זי האט געהאפט, האט זי זיך איצט געפיהלט נאך מער אומרוהיג און נערוועז, ווי פריער. מיסעס פאקס, וואס האט אזוי ווי געלעבט נאר צוליב איר איינציג געראטען קינד, צוליב איר זוהן, האט געזעהן, ווי ער איז גע־ווארען דורכ'ן זומער מער צעלא־זען, און זי האט געזאגט צו מיסעס גרינבלאט:

— איך האף, אז מיין זוהן האט ניט איבערגענומען די שלעכטע מא־ניערן פון דער מיסעס סיגעל'ס קינדער . . .

# וואס קומט איצט פאר אין כינע?

(שלוס פון עדיטאריעל זייט)

ווערט ניט באטראכט אלס אזעל־כער. טא פארוואס האט ער זיך פארנומען מיט אזעלכע עקסטרעמע וועגען? איין ענטפער אויף דעם קען זיין, אז ווען גאט וויל אימיצען בא־שטראפען, נעמט ער ביי אים צו דעם שכל. א צווייטער ענטפער קען זיין, אז קיינער איז ניט אזוי בלינד, ווי איינער וואס וויל ניט זעהן.

מאא־טסע־טונג וויל ניט זעהן, אז צוליב זיינע עקסטרעמע וועגען, פארלירט כינע דעם איינפלוס אויף דער קאמוניסטישער וועלט. צוליב די וועגען פון מאא־טסע־טונג האט כינע פארלארען אינדאנעזיע, די יא־פאנישע קאמוניסטישע פארטיי, וועלכע איז געווען פרא־כינעזיש, איז איצט בעגען מאא־טסע־טונג. אפילו די קאמוניסטישע פארטייען פון צפון־וויעטנאם און צפון־קארעע האבען זיך אנגעפאנגען אפצוקערן פון מאא־טסע־טונג.

מאא־טסע־טונג האט געהאט איינפלוס אין די קאמוניסטישע פארטייען פון מערב־אייראפע, אין די קאמוניסטישע פארטייען פון די פאזעסישע סאטעליטען לענדער, און אין די לענדער פון מיטעלען מזרח און אפריקע. אט דעם איינ־פלוס האלט ער אין איין פארלירען. ווי עס זעט אויס, קען מען די עקס־טרעמע וועגען פון קאמוניזם ניט באזיגען, נאר זיי באזיגען זיך אליין.

# פראגען וועגען געזונט

פון **דר. יעקב ב. גלען**

מ. מ., ברוקלין, נ. י.

איר זייט 37 יאר אלט. איר זייט פארהייראט און איר האט „פינף טייערע קינדערלעך". אייער צרה באשטעהט אין דעם, וואס ווען איר רעדט מיט עמיצען, פליסט ביי אייך צו־פיל שפייעכץ פונ'ם מויל. דאס פארשאפט אייך צער. אייער מאן לאכט זיך אויס פון דעם.

ע נ ט פ ע ר:

אייער צושטאנד איז בלויז אן אומאנגענעמער. עס זיינען פאראן מענשען, ביי וועמען די שפייעכץ־דריזען זיינען באזונדערס טעטיג, איבערהויפט, ווען מ'סטימולירט זיי, ווי ביים ריידען.

אויב דער דאזיגער צושטאנד שטערט אייך צושטארק, וואלט איך פארגעשלאגען, איר זאלט נוצען פינף־צעהן טראפען פון א מעדיצין, וואס מ'רופט „אטראפא־בעלאדא־נא". דריי מאל א טאג. די דאזיגע רפואה דארף פארשריבען ווערען פון א דאקטאר. אייער מאן דארף זיך ניט אויסלאכען פון דעם.

מרס. א. ש., ברוקלין, נ. י.

איר זייט 68 יאר אלט. איר ליידט פון דער צוקער־קראנקהייט. אבער די הויפט־צרה ביי אייך איז, וואס אייער לינקער פוס איז געשוואלען ביז צו דער קני.

איר זייט שוין געווען ביי צוויי דאקטוירים. זיי האבען אייך בא־האנדעלט, איינער מיט פילען און דער צווייטער מיט קאפסולען. אבער דאס געשווילעכץ איז נאך אלץ דא. א דאקטאר האט אייך געזאגט, אז איר ליידט אויך פון „סיאטיקא".

איר שטעלט מיר דריי פראגען:

1) איז טאקע ניטא קיין שום הילף פאר אייער פוס?

2) וואס איז סיאטיקא; איז דאס א שווערע קראנקהייט?

3) איז אפשר דער קלימאט ניט גוט פאר אייך?

ע נ ט פ ע ר:

1) פון דער ווייטענס איז מיר שווער צו באשטימען די סיבה פאר'ן געשוואלענעם פוס. עס קען זיין, אז עס קומט פון א הארץ־צושטאנד, פון א שטערונג אין דער צירקולאציע, אדער פון א צאל אנדערע סיבות.

2) איך דענק ניט, אז די סיבה איז „סיאטיקא". סיאטיקא איז אן ענטצינדונג פונ'ם גרעסטען נערוו אינ'ם מענשליכען קערפער, וואס קומט ארויס פונ'ם רוקען און ציט זיך דורך דער גאנצער לענג פונ'ם אונטערשטען עקסטרעמיטעט (שייב־קעל, פוס). געוויינליך, איז אן ענט־צינדונג פון דעם דאזיגען נערוו („אישיאדיקוס") ניט פארבונדען מיט קיין געשווילעכץ.

3) איך גלויב ניט, אז דער קלי־מאט וואו איר וואוינט, איז שעדליך פאר אייך.

איר דארפט האבען א פולשטענ־דיגע אונטערזוכונג פון אייער קער־פער. איר דארפט אויך האבען א צאל „טעסטס" ווי אן עקס־רעי פונ'ם ברוסט־קאסטן, אן עלעקטרא־קארדיאגראם און געוויסע בלוט־פראבעס, כדי צו זעהן, אויב דאס הארץ און די צירקולאציע איז אין ארדענונג.

ב. א., ניו יארק.

איר זייט 52 יאר אלט.

מיט אנדערטהאלבען יאר צוריק האט אייך א דאקטאר (וואס איז איצט אין ישראל), געזאגט, אז איר האט א צוקער־קראנקהייט. מיט צוויי חדשים צוריק זענט איר גע־גאנגען צו א צווייטען דאקטאר. דער האט געזאגט, אז איר האט נ י ט קיין דיאביטיס. איידער איר זייט געגאנגען צו א שמחה'לע, האט איר באזוכט א ספעציאליסט דאק־טאר. דער ל ע צ ט ע ר האט גע־זאגט, אז איר זייט א ד י א ב ע־ט י ק ע ר „נ ו מ ע ר 3".

איר ווילט וויסען, וואס אייגענט־ליך דיאביטיס נומער 2 און 3 בא־דייס. אויך פארשטעהט איר ניט, פארוואס דער צווייטער דאקטאר האט אייך פארזיכערט, אז איר זייט ניט קיין דיאבעטיקער.

ע נ ט פ ע ר:

צי עמיצער האט דיאביטיס, אדער ניט, קען ג ע נ ו י פעסטגעשטעלט ווערען דורך א „טעסט", וואס הייסט „ג ל ו ק א ז ע ט א ל ע ר א נ ס ט ע ס ט". דאס ווייזט, ווי ווייט דער קערפער האט די פעהיג־קייט אויסצונוצען די צוקער־שטא־פען (קארבא־הידראטען קראכמאל־שטאפען, ברויט, לאקשען, רייז, קארטאפעל, פרוכט א. א.) אויף א נארמאלען אופן.

מאנכע — אבער ניט אלע — באצייכענען דעם גראד פון שטאר־קייט פונ'ם דיאבעטישען צושטאנד מיט ציפערן. דער שטארקסטער גראד איז ז ע ק ס.

נומער דריי מיינט א מ י ט ע ל־מ ע ס י ג ע ר ד י א ב ע ט י ק ע ר.

יעקב ב., דעטראיט, מיש.

איר דארפט באזוכען די שטאט־טישע קליניקס פאר דער באהאנד־לונג פון אייערע אלסערס, פון אייער נאז און איבערהויפט פון אייערע אויגען. עס איז מיר לחלוטין אומ־מעגליך צו געבען אייך די אלע עצות פון דער ווייטענס.

# וואַרשע וויל פאַרטיידיגן דעם „גוטען נאָמען“ פון פוילען

פון י. שמולעוויטש

דער שטורעם צוליב א בוך פון אן אנטלאָפענעם פוילישען שרייבער. — ער דערציילט איצט ווי פאָליאַקען האָבען געהאָלפען די נאַציס גע׳גען אידן. — דער שרייבער ווערט אַטאַקירט פון זשורנאַל פון די יוריסטען אין וואַרשע.

מיט א קורצער צייט צוריק האָט זיך אין אַמעריקע באַוויזען א נייער בוך „דהי פּעינטעד בירד“ (דער געפאַרבטער פויגעל). אויסער אין ענגליש, איז דאָס בוך אויך דערשינען אין פראַנצויזיש, דייטש און אין פיל אַנדערע שפּראַכען. דער יונגער מחבר פון דעם בוך, יעזשי קאָשינסקי, וועלכער שטאַמט פון פוילען, איז פון דאָרט אַוועק נאָך אין יאָר 1957. ער וואוינט איצט אין ניו יאָרק.

אין פוילען איז דער דאָזיגער בוך פאַרבאָטען, אָבער ס׳איז דאָרט א גרויסע נאָכפראַגע אויף דעם. ווי מען גיט איבער, זיינען א געוויסע צאָל עקזעמפּליאַרען אהינצו אריינגעשמוגעלט געוואָרען. זינט „דער געפאַרבטער פויגעל“ איז דערשינען, האָבען די צייטונגען און זשורנאַלען אין פוילען וועגען דעם שוין אפּגעדרוקט אומצאָליגע אַרטיקלען. קאָשינסקי ווערט קריטיקירט און פאַראורטיילט אויף דעם שאַרפסטען אופן פאַר זיין בוך.

מיט וואָס האָט דער שרייבער זיך פאַרזינדיגט? האָט ער אין דעם „געפאַרבטען פויגעל“ קריטיקירט דעם איצטיגען קאָמוניסטישען רעזשים אין פוילען? חלילה, עס הויבט זיך ניט אָן! אין זיין בוך, וואָס איז אין פאָרם פון א ראָמאַן, שילדערט קאָשינסקי די גרויזאַמע היטלער־צייט, פון מיט העכער צוואַנציג יאָר צוריק. אָבער דאָס וואָס ער שרייבט איז, ווייזט אויס ניט צום האַרצען די פירער פון איצטיגען פוילען.

דער הויפּט־העלד אין דעם בוך איז א אינגעל, וואָס האָט געזוכט זיך צו ראַטעווען פון אומקום ביי די נאַציס. דאָס אינגעל האָט געוואַגלט פון דאָרף צו דאָרף. געוויסע פּויערים האָבען אים אנגענומען פאַר א ציגיינער, אַנדערע ווידער פאַר א איד. דאָרט וואו דאָס אינגעל האָט זיך אנגעגעבען אַלס ציגיינער, האָבען די פּויערים אים געהאָלפען; אין אַנדערע פּלעצער, וואו ער האָט זיך אנגעגעבען ...

סקים בוך איז א פאַרלוימדערישער אנגריף אויף פוילען בכלל.

כאָטש דער בוך האָט ניט צו טאָן מיט דער איצטיגער פוילען, נאָר מיט דער האַנדלונג פון די פּאָליאַקען בעת די היטלער־יאָרען, נוצט דאָס דער קאָמוניסטישע זשורנאַל אין פוילען אויס פאַר אייגענע פּאָליטישע צוועקען. אין דעם אַרטיקעל ווערט געשריבען, אז קאָשינסקיס „געפאַרבטער פויגעל“, איז גאָר א — קאָנספּיראַציע פון דער איצטיגער מערב־דייטשלאַנד. עס זאָל הייסען, אז די דייטשען, די אמת׳ע שולדיגע אין די פאַרברעכענס אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה; די דייטשען וואָס ווילען נקמה נעמען אין פוילען, ווילען דאָס אַרויפוואַרפען די שולד אויף די פּאָליאַקען.

דאָס טראַגישסטע איז (און אפשר אויך קאָמישסטע) אין דעם אַרטיקעל פון דערמאָנטען קאָמוניסטישען זשורנאַל, אז די נקמה־זוכנדע דייטשען האָבען זיך פאַרבונדען מיט די „מערסטע רעכטע ציוניסטישע גרופּירונגען“, כדי צו פאַרשוואַרצען דאָס פּנים פון פוילען. ביידע, ווייזט אן דער זשורנאַל — דאָס הייסט, די דייטשען מיט די „מערסטע רעכטע ציוניסטן“ — באַמיען זיך צו שאַפען אין דער מערב־וועלט א בילד, אז פוילען איז א לאַנד פון באַרבאַרען, אַנטיסעמיטיזם, גוואַלד־טאַטען און ווילדקייט.

ווייטער ווערט געשריבען אין „גע זעץ און לעבן“ (?), אז „דאָס אַלץ ווערט געטאָן מיט׳ן ציל, כדי צוצוגרייטען פּסיכאָלאָגיש דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער פאָלק, פאַר א באַוואָפענטען פאַרמעסט מיט די באַרבאַרישע פּאָליאַקען און מיט דער קאָמוניסטישער מזרח־אייראָפּע“.

אַט דער געמיינער בילבול אויף אידען, וואָלט זיך פיין אריינגעפּאַסט אין אן אַרטיקעל אין פאַר מלחמה׳דיגן אַנטיסעמיטישן פוילען. ליידער ווערט אַזעלכעס אָבער אויך געדרוקט אין איצטיגען קאָמוניס־ ...

# אַמעריקאַנער רעגירונג היילט א ישראל־אינוואַליד

פון אונזער ישראל קאָרעספּאָנדענט
ליב ראַכמאַן

דער ערשטער אויסלענדישער בירגער געהיילט אין דעם בראָנקסער אַרמיי־שפּיטאַל. — ווי דער געליימטער בחור האָט נאָך 7 חדשים אין אַמעריקע אנגעהויבען פירען אן ...

אין פאַרלויף פון 2 יאָר צייט האָט מען אים געהאַלטען אין שפּיטאַל „תל השומר“. עטליכע מאָל האָט מען אים אָפּערירט. דאָס איז געווען נאָך דעם, ווי די פריערדיגע ...

ליבע מאָל א וואָך געבראַכט ווערן צו א שווים־באַסיין. דער חבר האָט אים אריינגעטראָגען אין וואַסער און איבער אים געוואַכט. די ערשטע צייט פלעגט עודד שווער אראָפּזינקען אין וואַסער. ער האָט בלויז ...

# מענדל ווישניאַק

(ערצעהלונג)

פון מרים ראַסקין

ער איז געווען זעהר א מאָדנער איד, דער מענדל ווישניאַק. אן עקשר א גרויסער און ער איז גיך ...

# פראַגען וועגן געזונט

דר. יעקב ב. גלען



# דער באַזוך פון פּרעמיער קאָסיגין אין ענגלאַנד

**ער לאכט ניט, ער שמייכעלט זעלטען. — זיין הארטקייט אין דער פראגע פון אידען. — פאַרוואס די ענגלישע רעגירונג האט אפגעוואַרפן דעם פריינטשאַפט־פּאַקט. — זיין באמיהונג אפצושפאלטן ענגלאנד פון אירע פאַרבינדעטע. — די געהיימע געשפּרעכען וועגן שלום אין וויעטנאַם. — זיין מורא וועגן דער קאָמוניסטישער כינע.**

פון אונזער קארעספּאָנדענט אין ענגלאנד
וו. פינסבער

לאנדאן, פעברואר, 1967.

עס איז מאנטאג, דעם 13טען פעברואר, אין דער פרי. נאר וואס איז באקאנט געווארן, אז דער סאוועטישער עראפלאן, וועלכער האט געבראכט מיט אכט טעג צוריק דעם פּרעמיער אלעקסעי קאסיגין, האט זיך אויפגעהויבן פון גאטוויק, דעם פלי פלאץ נאענט צו לאנדאן, אום אים צוריקצוברענגען אין פאַרלויף פון פינף שעה קיין מאסקווע.

חוץ אין גלאסגאו, וואו קאסיגין איז געגאנגען צו א פוטבאל מעטש, האט דער ענגלישער עולם, ווי עס איז זיין מנהג מיט זעלבסטהערשער, אים אויפגענומען זעהר קאלט. דא אדער דארט, וואו מען האט בעוואוסט, אז ער וועט קומען, האבן געווארט א פאר הונדערט מענטשן, געוויינליך שווייגענדיג, אום אים צו זעהן. די, וועלכע האבן זיך געלאזט הערן, זענען געוויינליך געווען אדער עסטאניער, אדער לעטען, אדער אוקראינער, וועלכע זענען געקומען מיט זייערע פּאַסטערס צו פּראָטעסטירן געגן דער סאוועטישער אקופּאַציע פון זייער לאנד, ווי זיי האבן דאס געזאגט.

ווי יעדער סאוועטישער פירער, איז אויך קאסיגין אין פארלעצטן טאג פון זיין באזוך דא, אוועק אויפ'ן בית־עולם אין הייגעיט אום צו לייגן א קאלאסאַן קראנץ אויפ'ן קבר פון קארל מארקס, וועלכער ליגט דארט באגראבן. אין דעם פאל האבן אויף אים געווארט זעהר גוט אנגעטוענע ענגלענדער, וועלכע זענען אנהענגער פון כינעזישן קאמוניזם. איינער פון זייערע פּאַסטערס טאקע ערקלערט: „קאסיגין האט באגראבן מארקס'ן, און מאַא האט אים צוריק געבראכט צום לעבן".

איך ווייס ניט, וואס קאסיגין האט פארשטאנען פון די אלע דעמאנסטראַציעס אדער צוריפן, וועלכע דער עולם האט געמאכט צו אים. עס איז זעהר שווער צו זעהן וואס עס טוט זיך אונטער דער מאסקע פון זיין צעקערט פנים.

איך בין געווען אויפ'ן לאנטשאן, וועלכן די וועלט פרעסע האט פאר אים געגעבן צום סוף פון זיין באזוך אין ענגלאנד. דאס איז געווען די איינציגע פרעסע קאנפערענץ, אין וועלכער ער האט אנטיילגענומען.

עס זענען אים געשטעלט געווארן צענדליגער פראגען. ער האט פאר אלע געהאט א גרייטן ענטפער. עס האט געמאכט דעם איינדרוק, אז אלץ איז פריער [illegible] דורך אים און זיינע עצה־געבער פאראויסגעזעהן געווארן, און זיינע ענטפערס זענען געווען אנגעשריבן געווארן. איך בין זיכער, אז אזוי איז טאקע געווען.

ווי אומעטום, האט ער גערעדט וועגן די „אמעריקאנער אגרעסארען אין וויעטנאם", די „דייטשע פאשיסטן אין באן", און אזוי ווייטער.

ער האט קיין איין מאל ניט געלאכט, נאר קוים וואס א שמייכל געטאן. אויב איר האט דערביי ניט בעקוקט אויף זיין פנים, האט עס געמאכט דעם איינדרוק ווי א גראמאפאן רעקארד. אבער איך מוז אויך צוגעבן, אז זיין פנים קוקט ווי דאס געזיכט פון אן עלטערן אנקעל (ער זעהט אויס פיל עלטער ווי אויף זיינע 62 יאר), וועלכער איז אומעטיק און וואלט געוואלט ווי אמשנעלסטן ריטאיערן פון זיינע אקטיוויטעטן.

קאסיגין האט אין זיך פיל ווייניגער וויטאליטעט ווי כרושטשעוו האט בעוויזן, ווען מיר האבן אים געזעהן פאר א גאסט (מיט בולגאנינ'ען) אין 1955. אבער ער האט פיל מער ווירדע. און פון דעם שטאנדפונקט האט ער געמאכט א פיל בעסערן איינדרוק ווי זיין פארגעהער, וועלכער איז באטראכט געווארן ווי א קלוגער אבער ברוטאלער לץ.

צוויי מענשליכע פראגען זענען אויף אים געדריקט געווארן בעת זיין באזוך אין לאנדאן.

איינע איז געווען די לאגע פון סאוועטישע אידען. איידער ער איז געקומען האבן 260 דעפּוטאטען פון אלע דריי ענגלישע פארטייען אריינגעטראגן אין פארלאמענט א פארשלאג וועגן דער פראגע. דער פארלאמענט וועט עס קיינמאל ניט דיסקוטירן, אבער דאס איז געווען א זעהר איינדרוקספולע דעמאנסטראַציע.

נייַן פון זיי, צו דריי פון דער לייבאר פארטיי, די קאנסערוואַטיווע און ליבעראלען, האבן זיך אויסגעקליבן פערזענליך אין דער אמבאסאדע און פארלאנגט אן אודיענץ מיט קאסיגינ'ען. דאס זעלביגע האט פארלאנגט די אידישע קהילה.

אפילו בערטראנד ראסעל האט געשיקט א פערזענליכן בריוו צום רוסישן פּרעמיער. אין לעצטן זונטאג האבן איבער טויזנט סטודענטן, צווישן זיי פיל ניט־אידען, מארשירט פון האַיד פּאַרק צו דער סאוועטישער אמבאסאדע מיט דעם פארלאנג אויפגענומען צו ווערן דארט. מען האט פון זיי גענומען א בריוו צו קאסיגינ'ען. און דאס איז געווען אלץ.

בעת דער אייפנאמע, וועלכע פּרעמיער האראלד ווילסאן האט געגעבן פאר קאסיגינ'ען, האט ער צווישן די געסט אויך איינגעלאדן מיסטער טעף, דעם פּרעזידענט פון דער קהילה (באארד אוו דעפּיטיס). ווילסאן פערזענליך האט טעפ'ן פארגעשטעלט צו קאסיגינ'ען.

אבער דאס אלץ האט ניט געהאלפן. קאסיגין האט זיך אפגעזאגט צו רעדן וועגן דער לאגע פון די סאוועטישע אידען.

ווי מען זאגט מיר, האט ווילסאן קורץ דערוועגן אליין מיט אים גערעדט. און נאך מער האט ער גערעדט וועגן ענגלענדער דזשעראלד ברוק, דעם 27־יאריגן לערער פון רוסיש אין א לאנדאנער קאלעדזש, וועלכער איז מיט צוויי יאר צוריק פאר'משפט געווארן דורך די רוסען צו פינף יאר קאטארגע פאר אריינברענגען קיין רוסלאנד א פאר אנטי־קאמוניסטישע פּאַמפלעטען. אבער אויך אין דעם פאל האט דער ענגלישער פּרעמיער ניט געהאט קיין מזל.

די וויכטיגסטע געשפרעכען זענען פארגעקומען וועגן שליסן אן ענדגילטיגען שלום אפמאך אין אייראפע און וועגן ענדיגען דעם קריג אין וויעטנאם.

קאסיגין האט זיך פון ערשטען מאמענט, ווען ער האט אראפגעשטעלט זיין פוס אויף דער ענגלישער ערד, באמיט ארונטערצורייסן „נעיטא" און די צוזאמענארבעט צווישן ענגלאנד און מערב דייטשלאנד. ווילסאן און בראַון האבן צו אים קלאר געמאכט, אז זיי ווילן א שלום אפמאך, אז זייער רעגירונג איז גרייט אנטיילצונעמען אין אן אייראפעאישער שלום קאנפערענץ אבער נאר אונטער דעם באדינג, אז אויך אמעריקע וועט צו איר איינגעלאדן ווערן, און אז די פארבינדונגען, וועלכע ענגלאנד האט מיט אירע מערב'דיגע פריינט וועלן ניט צוליב דעם באשעדיגט ווערן.

דאס איז אויך געווען די סיבה פארוואס די ענגלישע רעגירונג האט מיט גרויס פאַרזיכטיגקייט אויפגענומען קאסיגינ'ס פארשלאג, אז ענגלאנד און רוסלאנד זאלן שליסן א פריינטשאפט פּאַקט. די פראגע, וועלכע די ענגלענדער האבן זיך, און אים, געשטעלט איז געווען: וועט דאס ניט אויסגענוצט ווערן דורך רוסלאנד מיט דער צייט אנצוהייבן צו דרוקן אויף ענגלאנד זי זאל אפשוואכן אירע פריינטשאפט פארבאנדען מיט אירע בעסטע פריינט? דאס איז זי ניט גרייט צו טאן פאר'ן איצטיגען רוסלאנד.

די גרעסטע טייל האבן די פירער פון ביידע לענדער אפגעגעבען צו געפינען אן אויסוועג פון קריג אין וויעטנאם. ענגלאנד איז נאענט צו אמעריקע און רוסלאנד — צו צפון־וויעטנאם.

ניט אלץ איז דערווייל באקאנט וועגן די געשפרעכען, וועלכע זענען וועגן דעם געהאלטען געווארן אין דער גרעסטער געהיימניש. אבער ס'זעהט אויס, אז נאענט צום סוף פון די געשפרעכען זענען די רוסען מסכים געווען צו דריקן אויף די קאמוניסטען אין וויעטנאם זיי זאלן אביסעל אפשטעלען די אטאקעס געגן דרום, און אז דערפאר איז אמעריקע גרייט געווען אפצושטעלען די באמבארדירונגען פון צפון.

ווי מיר ווייסען איז דערפון גארניט ניט ארויסגעקומען. אין די קרייזען פון ענגלישן פּרעמיער איז מען איבערצייגט, אז קאסיגין האט באמת פרובירט עס צו דערגרייכען אבער אז צפון וויעטנאם, אפשר מיט דער אונטערשטיצונג פון כינע, האט זיך אפגעזאגט פון יעדען קאמפּראָמיס. עס איז א גרויסע אנטוישונג פאר דער ענגלישער עפענטליכער מיינונג.

דער אלגעמיינער רעזולטאט פון קאסיגינ'ס באזוך: א רעאליסטישער אויסטויש פון מיינונגען, וואס ווייזט ווי ווייט אזוי ענגלאנד ווי רוסלאנד זענען גרייט צו געהן אויף קאמפּראָמיסען און אויסצומיידן א פארשארפונג פון דער וועלט לאגע. אבער ניט פיל מער.

# „יורדים" פון ישראל און די וואָס פאָרען צוריק

פון י. שמולעוויטש

**אין ישראל ווערט געפירט א גרויסע פּראָפּאַגאַנדע געגען „יורדים". — די צאל פון אידען וואס פארלאזען דאס לאנד איז איצט היינציגער. — די אידען וואס פאָרן צוריק קיין ישראל. — יונגע אקאדעמיקער וואס זיינען אוועק פון ישראל. — די אידישע יוגענט פון אמעריקע און עליה. — אין וועלכע אידען נויטיגט זיך איצט ישראל?**

אין פארבינדונג מיט די עקאנאמישע שוועריגקייטן וואס עס מאכט איצט דורך מדינת ישראל, און די געפאר פון די ארומיגע אראבישע לענדער, וועלכע באדראהען אומאויפהערליך דער אידישער מדינה, שרייבט מען לעצטענס אין דער אידישער וועלט ווייניג וועגן אן אנגעווייטאגטן פּראָבלעם — די „יורדים" וואס פארלאזען ישראל. דערפאר איז דאס אבער זעהר אקטועל אין מדינת ישראל. דארטען שרייבט מען יא און מען רעדט וועגן דעם.

נאכמער, אין ישראל האט מען זיך ארומגעזעהן, אז מען האט ניט באצייטנס אנגענומען די געהעריגע מיטלען; אז עס זיינען געטאן געווארן זאכן וואס האבן ניט געדארפט געטאן ווערן, כדי צו פארהיטן, אז עס זאלן ניט זיין אזוי פיל „יורדים". מען ווייסט־אן, אז ווען עס וואלטן באצייטנס אנגענומען געווארן פאסיגע מיטלען, וואלטן אפשר ניט אזוי פיל אידען פארלאזט דאס לאנד.

ביז איצט איז נאך ניט פעסטגעשטעלט געווארן די גענויע צאל פון אידען, וועלכע האבן פארלאזט ישראל. מען שמועסט אבער, אז די דאזיגע צאל גרייכט קנאפע 150 טויזנט, פון וועלכע כמעט א העלפט פון אט די „יורדים" האבן זיך באזעצט ביי אונז אין אמעריקע און אין דער שכנות'דיגער קענעדע. און עס דארף ווידעראמאל דערמאנט ווערן, אז די מערסטע אידען, וועלכע האבן פארלאזט ישראל — באזונדערס אין די לעצטע יארען — זיינען גראד אזעלכע, וועלכע האבן היפשע יארען געלעבט אין ארץ־ישראל, נאך פון פאר'ן אנטשטעהן פון דער מדינה; און אויך דארטען געבוירענע, אזוי גערופענע „סאברעס".

די מערסטע אידען, וועלכע זיינען אריינגעקומען קיין ישראל ווען די מדינה איז שוין געווען; די געראטעוועטע פון היטלער'ן און פון די פארשיקונגען אין סטאלינ'ס סיבירער לאגערס, זיינען ניט געווארן קיין „יורדים". זיי האבן זיך איינגעווארצלט אין לאנד און זיי פירען דארטען א צופרידענעם לעבן. עס איז באזונדערס ווייטאגליך, וואס צווישען די „יורדים", וועלכע האבן פארלאזט ישראל, זיינען גראד א גרויסע צאל יונגע מענטשען, צווישען זיי פיל פּראָפעסיאנאלן.

געוויס האבן אזעלכע געהאט א רעכט אויסצוקלייבן דעם וועג פון עמיגראציע, צו באזעצן זיך אין אמעריקע, קענעדע אדער אין אנדערע מערב־לענדער, כדי אויסצובעסערן זייער פערזענליכן לעבן, וואס זיי קענען אין ישראל אפשר ניט האבן. און אויך מדינת ישראל איז „יא" גארניט שולדיג. די אידישע מדינה, וואס איז קוים קנאפע 19 יאר, האט נאך דערווייל ניט קיין מעגליכקייט צו קאנקורירען מיט אמעריקע, אדער מיט אנדערע הויך־אנטוויקעלטע לענדער.

געוויס האבן אזעלכע יונגע פּראָפעסיאנאלן פון ישראל, א רעכט אויסצובעסערען זייער לעבען דורך עמיגרירען אין אנדערע לענדער. די פראגע איז אבער, צי דארפען אזעלכע יינגע מענשען, און צי מעגען זיי פארלאזען ישראל גראד א י צ ט, ווען דאס לאנד מאכט דורך גרויסע שוועריגקייטען? ווי עס זעהט אויס — מען דארף דאס זאגען אפען — פעלט ביי א גרויסען טייל פון דער באפעלקערונג אין ישראל, דער געהעריגער אידעאליזם און צוגעבונדענקייט צום לאנד. עס איז ווייט פון דעם גייסט, וואס איז געווען אין די אמאליגע יארען.

מדינת ישראל, אזוי ווי דאס איז מיט יעדען נייעם לאנד, אין ישראל טאקע באזונדערס, נויטיגט זיך אין דער ערשטער רייע אין אידעאליסטען־פּיאנערן. זיכער זיינען דארטען דא פיל אזעלכע, באזונדערס אין די קיבוצים און ביי די פארשידענע פּיאנערישע ארבעטען און שאפונגען. אבער פאר פיל אנדערע אידען איז מדינת ישראל א לאנד אזוי ווי אלע אנדערע לענדער: אויב מען האט ניט וואס מען דארף און מען וויל דערגרייכען, טוישט מען אויס מדינת ישראל אויף ניו יארק, טאראנטא, פאריז, מעלבורן, אדער גאר אויף... דייטשלאנד.

לעצטענס ווערט פיל גערעדט וועגן דעם, דאס טוען הויפטזעכליך ציוניסטישע פירער אין אמעריקע און אנדערע לענדער, אז מדינת־ישראל נויטיגט זיך איצט זעהר אין אידישער יוגענט: געלערנטע, דאקטוירים, לערער, אינזשענירען און ענליכע. מיר דוכט זיך אבער, אז דאס איז ניט ריכטיג, אז דאס וועט ניט לייזען די פראגע.

מען דארף ניט פארגעסען, אז א גרויסע צאל צווישען די „יורדים", וועלכע האבן פארלאזט מדינת־ישראל, זיינען גראד געווען אזעלכע פּראָפעסיאנאלן. איז אויב די דאזיגע האבן ניט געוואלט בלייבען אין ישראל, ווייל זיי האבן געזוכט א העכערען לעבענס־סטאנדארט אין אנדערע לענדער, וועלען יונגע אידישע מענשען פון אמעריקע — אדער פון אנדערע מערב־לענדער — יא וועלען אזוי לעבען אין ישראל? מיינען טאקע די ציוניסטישע פירער און די פירער פון דער אידישער אגענטור, אז יונגע אידישע אקאדעמיקער פון אמעריקע אדער קענעדע, וועלען אויפגעבען זייערע גוטע פארדינסטען און הויכען לעבענס־סטאנדארד, כדי צו לעבען אין ישראל ביי באדינגונגען, ביי וועלכע די ישראלים האבען ניט געוואלט לעבען?

וואו איז דער אויסוועג? מדינת ישראל נויטיגט זיך אין אידעאליסטען! א העלפט פון מדינת ישראל, דער גרויסער נגב, איז איצט באוואוינט פון קוים קנאפע צען פּראָצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג אין ישראל. דער נגב מוז באארבעט, אנטוויקעלט און באזעצט ווערען, אזוי ווי עס רופט און מאנט די גאנצע צייט דוד בן־גוריון. און דאס קאן געטאן ווערען נאר מיט דער הילף פון אידעאליסטען, חלוצים־פּיאנערען, סיי אין ישראל סיי געקומענע פון אנדערע לענדער.

עס איז ווייניג צו אפּעלירען צו סתם א י ד ע ן, אז זיי זאלען איצט קומען זיך באזעצען אין ישראל. אין דער ערשטער רייע דארפען אזא ביישפּיל ווייזען ציוניסטען, אידעאליסטען. ליידער זיינען פון אמעריקע און קענעדע ניט געפארען אזא צאל ציוניסטען, צו באזעצען זיך אין ישראל, אזוי ווי מען האט דאס ערווארט. היגע ציוניסטען העלפען זאמלען גרויסע סומעס געלט פאר מדינת ישראל. זיי העלפען שטיצען מאראליש די אידישע מדינה, אבער זיי עמיגרירען ניט אהינצו, מיט'ן אויסנאם פון א קליינער צאל.

נאכמער, אמעריקאנער ציוניסטען האבען אויך ניט ווי געהעריג צוגעגרייט און ערצויגען זייערע אייגענע קינדער, אין אזא גייסט, אז אזעלכע זאלען עמיגרירען, אלס אידעאליסטען, קיין מדינת ישראל. יא, עס דארף אנגעוויזען ווערען, אז א געוויסע צאל אידישע יוגענטליכע פון אמעריקע, זיינען אין די לעצטע יארען עולה געווען קיין ישראל. דאס זיינען אידעאליסטען, וועלכע האבן זיך באזעצט אין קיבוצים, אדער זיי העלפען בויען מדינת ישראל אויף אנדערע אופנים. מען דארף אבער וויסען: אז צווישען די דאזיגע יוגענטליכע זיינען ניט ווייניג קינדער פון ניט־ציוניסטישע היימען.

וואס שייך די „יורדים" פון ישראל, וועלכע האבן זיך באזעצט אין אמעריקע, איז מיט זיי נאך א נעגאטיווע ערשיינונג. אויסער דעם וואס זיי זיינען אוועק פון אידישען היימלאנד, די מערסטע פון אזעלכע „יורדים" האבן ניט דא, אין אמעריקע, קיין שום שייכות און פארבינדונג מיט'ן היגען אידישען ישוב. זיי לעבען פאר זיך. אזעלכע קומען ניט צו קיין שום אידישע אונטערנעמונגען. אט אזעלכע „יורדים" געהען מיט גיכע טריט אריין אין אלגעמיינעם אמעריקאנער לעבען. זיי אמעריקאניזירען זיך אויף אזא שנעלען אופן, וואס פריהער איז דאס קיינמאל ניט געווען מיט געקומענע אהערצו אידישע אימיגראנטען.

די דאזיגע זיינען טאקע הויפטזעכליך אזעלכע, וועלכע האבן פריהער געוואוינט א לענגערע צייט אין ארץ־ישראל, אדער געבוירענע און ערצויגענע דארטיגע „סאברעס". פולשטענדיג אנדערש איז מיט די יעניגע „יורדים", וועלכע זיינען אין די נאך מלחמה־יארען אריינגעקומען קיין מדינת ישראל, און שפעטער אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע. אזעלכע אידען, וועלכע שטאמען הויפטזעכליך פון מזרח־אייראפע, זיינען דא יא איצט פארבונדען מיט'ן היגען אידישען לעבען. זיי געהערען אלס מיטגלידער צו די פארשידענע ארגאניזאציעס, לאנדסמאנשאפטען, קלובען. זיי קומען צו אידישע אונטערנעמונגען, אין אידישע טעאטער און ענליכעס.

וואס שייך אנדערע אידען אין ישראל, וועלכע גרייטען זיך צו ווערען „יורדים", רעאגירט איצט דארטען די עפענטליכקייט ווי עס געהער צו זיין. הלוואי וואלט דאס געווען פריהער. וואלט אט דער גאנצער פּראָבלעם אויסגעזעהן אנדערש. ווי עס איז לעצטענס געמאלדען געווארען, רופט דאס ארויס א גרויסע עמפּערונג ביי דער יוגענט אין ישראל. אזוי, צום ביישפּיל, האבן יוגענטליכע פון א ל ע פארטייען, אויסער די קאמוניסטען און אגודת־ישראל, אונטערגעשריבען און ארויסגעלאזט א ספּעציעלען מאניפעסט־אויפרוף. אין דאזיגען מאניפעסט ווערען די „יורדים" באצייכנט אלס פ א ר ר ע ט ע ר, ווייל זיי פארלאזען מדינת ישראל אין א צייט ווען דאס לאנד געפינט זיך אין א שווערער לאגע.

אין ישראל האט זיך אפילו געשאפען א ספּעציעלע באוועגונג, מיט דעם נאמען „עולם הזה־כח חדש", וואס פירט א פּראָפּאַגאַנדע געגען פארלאזען דאס לאנד. מיט א קורצער צייט צוריק האט די דאזיגע ארגאניזאציע דורכגעפירט א מאסן־דעמאנסטראַציע ביי דעם קענעדער קאנסולאט אין תל אביב, געגען דער אויסוואנדערונג פון ישראל־בירגער קיין קענעדע. אויף די טראנספּאַרענטען, וואס האבן גערופען ניט צו פארלאזען ישראל זיינען, געווען די אויפשריפטען: „שטים ניט מיט די פיס, נאר מיט די הענט!"; „אויב עס געפעלט דיר ניט דער רעגירונג, טויש דעם רעגירונג אבער ניט דאס לאנד"; „עס איז דיין לאנד און דא ביזטו פארפליכטעט צו פירען דעם קאמף"; „ירידה הייסט דעזערטירען!"

אויך אין דער פרעסע און אויף דעם ראדיא „קול ישראל", ווערט געפירט א געהעריגע פּראָפּאַגאַנדע געגען פארלאזען דאס לאנד. און ווי עס זעהט אויס, העלפט דאס אין א גרויסער מאס. ווי עס ווערט איבערגעגעבען, איז די צאל „יורדים" איצט, וואס פארלאזען ישראל, קלענער ווי דאס איז געווען פריהער.

עס דארף אנגעוויזען ווערען, אז א געוויסע צאל געוועזענע „יורדים", זיינען צוריקגעפארען קיין מדינת־ישראל. די אפיציעלע סטאטיסטיק דערציילט, אז אין פארלויף פון די פארגאנגענע צוויי יאר, זיינען צוויי

(שלוס אויף בינטעל בריוו זייט)

# דערהויבענע געוואָרענע

(ערצעהלונג)

פון מרים ראסקין

די וואס האבן עני'ן געקענט, האבן זיך אויף איר געוואונדערט. זי איז די לעצטע צייט געווארן עפעס מערער אויפגעלעבט, שענער און אינטערעסאנטער אויפ'ן אויסזעהן. „א פרוי זאל זיך קענען אזוי בייטן" — האט מען וועגן איר געזאגט. און געשעהן איז דאס מיט איר ניט קיין לאנגע צייט נאכדעם, ווי איר מאן איז געשטארבן. מען האט שוין אפילו גערעדט, אז זי קלייבט זיך ווידער חתונה האבן.

עני'ס מאן, הערמאן לעוויס, איז געווען א באוואוסטע פערזענליכקייט. ער האט זיך אפגעגעבן מיט כלל־ארבעט. ער איז געווען א מענש מיט א סך וויסן. ער האט געקענט שיין און אינטערעסאנט ריידן און ער איז אפט ארויסגעטראטן אויף פארזאמלונגען. מענטשן האבן ליב געהאט אים צו הערן, פרעגן ביי אים פראגעס. א זיכערער מיט זיך, האט זיך געדוכט, אז ער האט אן ענטפער אויף אלע פראגן.

שוין זיין אויסזעהן האט צוגעצויגן מענטשן. א הויכער, א שטאלטנער, מיט טיפע, קלוגע אויגן, אין וועלכע עס האט זיך געטוקט א יוגענטליכער שימער, האט ער געקענט באווירקן מענטשן. „הערמאן לעוויס וועט היינט ריידען" — האט מען איינע די אנדערע אנגעזאגט, און מענטשן זיינען געקומען אים הערן.

נאך זיין עני האט זיך מיט קיין זאך ניט אויסגעצייכנט. זי איז געווען ניט איבעריג שיין און זי האט ניט געקענט פאראינטערעסירן קיין מענטשן. זי איז איבערהויפּט געווען א גרויסע שווייגערין און געהאלטען האט זי זיך אזוי, אז מען האט זי גאר ווייניג אנגעזעהן. מענטשן האבן זיך אפילו געוואונדערט, פארוואס ער, הערמאן לעוויס, האט זי אויסגעקליבן און מיט איר חתונה געהאט. נאר מסתמא האט זי געהאט אזעלכע מעלות, וואס נאר ער אליין האט אין איר געזעהן. ווי הערמאן לעוויס'ס ווייב, האט אראפגעשיינט אויף איר די גרויסקייט פון איר מאן. און זי האט זיך געהאלטן מיט ווערדע.

עס איז געווען נאטירליך, אז איר מאן זאל האבן א סך פריינט און פארערער, איבערהויפּט צווישן די פרויען. פרויען זיינען די ערשטע צו דערקענען א גרויסן און וויכטיגען מענטשן. אז עני איז מיט איר מאן אמאל געגאנגען ערגעץ פארברייגגען, האט זי זיך געפילט ניט באקוועם. זי האט געוואוסט, ווי איר מאן איז דארט אנגענומען ביי זיינע פריינט, מיט זיין זיכערן האלטן זיך און מיט זיין שיינעם ריידן. זי האט געזעהן, ווי ער ווערט באלד ארומגערינגלט פון פרויען, שיינע און רייצנדיגע, און ווי ער פארברייגגט מיט זיי. ער האט דעמאלט באלאנגט מער צו זיי, ווי צו איר, עני'ן. זי איז געווארן ווי פארדוקט און שאטען. מען האט אן איר פארגעסן און ניט איינמאל האט זיך עני'ן בעדוכט, ווי זי וואלט דא געווען אן איבעריקע; ווי זי וואלט דא געשטערט אלעמען.

וואס עני האט דעמאלט געפילט, ווי שטארק זי האט פון דעם געליטן, האט זעלטען ווער געוואוסט, ווייל זי איז געווען צו שטאלץ און צו שטיל ארויסצואווייזן וואס זי פילט.

די פריינט פון הערמאן לעוויס האבן געוואוסט, אז ווי וואויל ער איז איבערגעגעבן צו זיינע געזעלשאפטליכע ארבעטן, פארנעמען פרויען א באזונדערן ארט אין זיין לעבן. מען האט וועגן אים געזאגט, אז אין יעדער פרוי קען ער געפינען שטריכן, פארוואס זי זאל אים געפעלן. מען האט געוואוסט, אז ער האט געהאט געליבטע אין דער זייט. מען האט אים אפטמאל געזעהן אויף קאנצערטן אדער אין טעאטער אין דער געזעלשאפט פון איינער פון זיינע געליבטע — פריצן־שיינע, רייצנדיגע, עלעגאנט אנגעטאן.

עני האט געוואוסט, וואס מען רעדט וועגן איר מאן. ער האט זי פארשעמט פאר מענטשן. די אוונטן ווען ער איז אוועק פארברייגגען, איז זי געבליבן אליין אין שטוב. שפעט אין אווענט, ווען ער איז געקומען צוריק, האט זי געקענט זעהן אין זיין פנים, ווי ער איז שטארק באלעבט פון די גוטע מינוטן, וואס ער האט פארבראכט. ער האט איר ניט דערציילט וואו ער גייט, און עני, די שטילע, די שווייגענדיגע, האט אים ניט אויסגערעדט, ניט געמאכט קיין סקאנדאלן. זי האט ביי זיך בעטראכט, אז אזוי איז שוין איר גורל, ווי דאס ווייב פון א גרויסן מאן.

הערמאן לעוויס'ס סוף איז געקומען גאר אומגעריכט. ער איז געשטארבן פון אן „עקסידענט". ווען ער איז געפארן אין א ווייטער געגענט האלטן א רעדע פאר אן עולם מענטשן, האט זיין מאשין זיך צוזאמענגעשטויסן מיט א צווייטער און אזוי איז ער אומגעקומען אין מיטן פון זיין בליענדיגן לעבן.

אוודאי האט עני געטרויערט נאך איר מאן. זי איז געבליבן עלנט און אליין, מיט ווייניג אמת'ע פריינט. נאר ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האט זי אנגעהויבן קומען צו זיך. מיט דער שטארקייט פון א מענטשן, וואס איז אנגעוויזן נאר אויף זיך אליין, האט זי זיך גענומען אין די הענט אריין. זי האט זיך געמיט ארויסצוווארפן פון זיך דעם טרויער, וואס האט בעפרעסט איר הארץ. עס איז אוועק א געוויסע צייט און זי האט אנגעהויבן זיך צו ווייזן מער צווישן מענטשן. איר אויסזעהן האט זיך אויך געביטן צום בעסערן. דאס פנים איז געווארן ליכטיגער און אירע אויגן, וואס האבן אלע מאל געקוקט ווי דורך א נעפל, האבן באקומען א לעבעדיגן שיין.

און דעמאלט האט עני זיך באקענט מיט איינעם א מאן, הערש ווייגבערג, און עס איז שפעטער געווארן א שידוך צווישן זיי. הערש ווייגבערג איז ניט געווען אזוי געלערנט ווי עני'ס פריערדיגער מאן און אוודאי האט ער ניט געהאט אזא גרויסן נאמען. נאר עני'ן איז ער געפעלן געווארן און זיי פלעגן צוזאמען גוט פארברענגען. ער איז געווען אן איידעלער און א גוטמוטיגער מענטש. ער האט געארבעט אלס פּרעסער אין א שאפּ. אז ער און עני האבן זיך געענטער באקענט, האבן זיי דערפילט א גרויס ליבשאפט איינער צום אנדערן. הערש ווייגבערג'ס ווייב איז שוין געווען לאנג טויט, און עני האט אין גיכן חתונה געהאט.

איצט, אז עני איז מיט איר מאן געקומען צווישן מענטשן, איז זי שוין געווען מער דרייסטער מיט זיך. זי האט זיך שוין ניט אפגעהאלטען פון נעמען אן אנטייל אין א שמועס; זי האט שוין אפטער געשמייכלט און געווען גוט אויפגעלייגט.

מענטשן, וואס האבן זי איצט געזעהן, האבן זיך געוואונדערט: א פרוי זאל זיך קענען אזוי בייטן! אנדערע האבן אונטער אירע אויגן גערעדט, אז צו גיך האט זי פארגעסן איר גרויסן מאן און אויף וועמען האט זי אים אויסגעביטן? נאר עני'ן האט דאס, ווייזט אויס, ניט געארט. זי האט אויסגעקוקט רואיג און צופרידן. עס איז געווען ווי א שטורעם־ווינט וואלט זיך געהאט דורכגעטראגן איבער איר. זי האט זיך בעמיט צו פארגעסן וואס מיט איר איז פריער געווען.

אמאל נאר האט געטראפן, ווען איר מאן איז געווען ביי דער ארבעט און זי איז געווען אליין אין שטוב, זיינען געקומען צו איר דערמאנונגען פון איר פריערדיגן לעבן מיט הערמאן לעוויס. זיינע אוואנטורעס מיט פרעמדע פרויען. באזונדערס געדיינקט זיך איר גוט איינע א פרוי בעטי פינק. א פרוי, שוין נאענט צו די מיטעלע יארען, נאר מיט א רייצענדן אויסזעהן. מען האט וועגן איר געזאגט, אז זי האט שוין געהאט א סך געליבטע. עני האט געוואוסט, אז איצט גייט אן א ליבע צווישן יענער און איר מאן.

אז די בעטי פינק פלעגט קומען צו זיי אין הויז און הערמאן לעוויס איז איר געגאנגען אנטקעגן א פריינטליכער, א לוסטיגער, זיי פלעגן זיך זעצן אויף א סאָפקעלע און עס האט זיך צווישן זיי אנגעהויבן א שמועס גרינג און שפילעוודיג, ווי נאר צווישן צוויי געליבטע. זייערע אויגן זיינען דעמאלט געווען פול מיט לוסט און באגער. און אז עני האט דאס געזען, האט זיך איר געגלוסט צוצוגיין צו זיי און איבערדרייסן זייער לוסטיגן שמועס. זאלן זיי זעהן, אז זי, עני, איז דא אויך פאראן. נאר איר שטאלץ האט ניט דערלאזט, אז זי זאל דאס טאן.

קיינער דארף ניט וויסן, ווי זי ליידט. זי האט געטראגן אין זיך דעם ווייטאג טיף פארבארגן.

איצט, אז עני דערמאנט זיך דאס אלץ, ציטערט זי אויף אינגאנצן, ווי ביים דערמאנען א בייזן חלום. יענעם גאנצן טאג איז זי שוין אין א געדריקטער שטימונג. זי האט זיך צוגערירט צו א וואונד, וואס איז נאך ניט אינגאנצן פארהיילט. פארנאכט, אז איר מאן, הערש ווייגבערג, איז געקומען אהיים פון זיין ארבעט, האט ער באלד דערזעהן דעם אומעט אין עני'ס אויגן און ער האט א באאומרואיגטער זי א פרעג געטאן:

— מיין ווייבעל איז עפעס היינט ניט מיט אלעמען. וואס איז געשעהן?

עס איז געווען אזוי פיל אמת'ע געטריישאפט און ליבשאפט אין זיין טאן, אין דעם אויסדרוק פון זיין פנים. עני האט דאס דערפילט און עס איז איר גוט געווארן פון דעם.

— א, עס איז גארניט — האט זי געוואלט אים בארואיגן — די נערוון.

עס איז דא א מענטש, וואס פארשטייט זי; וואס איז איר נאענט און ער האט זי אין זינען. און זי האט זיך דערפילט געשטארקט און דערהויבן.

— קום, הערשל, מיר וועלן עסן סאפּער — האט זי אים געזאגט מיט איר ווארעמער שטימע — איך האב היינט צוגעגרייט א גוט מאכל פאר אונז ביידן.

# פראַגען וועגן געזונט

פון דר. יעקב ב. גלען

ס. ס. גענף, די שווייץ.

אייער פּאָסט־קארטעל לייענט זיך ווי פאלגט:

„אין איינעם פון אייערע זעהר פּראַקטישע ענטפערס אין אייער קאלום האט איר אפגעראט איינעם פון אייערע לייענער (ס. ט. — ברוקלין) זיך צו לאזן אפּערירן (אויף וואס? — י. ב. ג.). איר האט אים בעענטפערט ווי א חכם. איך ווייס אליין פון דער אייגענער ערפארונג, ווי ריכטיג אייער ענטפער איז געווען. אמאל, מיט 25 יאר צוריק, בין איך שוין געלעגן אויפ'ן אפּעראציע־טיש, שוין געווען ראזירט. אבער אין דער לעצטער מינוט, איז אריינגעלאפן מיין דאקטאר, וואס איז אויך געווען מיין פריינד, און האט ענערגיש אפּגעהאלטן די אפּעראציע (וועלכע?). ווי איך האב דערמאנט, בין איך שוין אריבער די זיבעציגער און אלץ געהט כשורה בנוגע מיין געזונט־צושטאנד".

ע נ ט פ ע ר :

איר פארלאנגט קיין תשובה ניט. אבער איך וויל באמערקן, אז איך בין שטארק צופרידן פון אייער הויכער מיינונג וועגן מיר, און מיין צוגאנג צו אפּעראציעס. איך האלט, אין אלגעמיין, אז מיט אפּעראציעס דארף מען זיך קיינמאל ניט צואיילן. סיידען, נאטירליך, אין אן אומגליקס־פאל, אדער ווען אן אפּעראציע איז א מוז. א יישר כח פאר אייער אינטערעס.

גרשון ב. וו., ברוקלין.

איר זייט 83 יאר אלט. איר ליידט פון פארשטאפּונג און פון א שטארקער „ברענונג" אויף אייער הארץ. ווען איר עסט אפּ א מאָלציים קומט ארויף א סך גאז צוזאמען מיט ליחות. איר דארפט שטארק הוסטן דערביי. איר ווילט וויסן, צי עס איז דא א רפואה פאר אייער קראנקהייט, אדער, צי דאס איז שוין דער סוף פון אייער לעבן?..

ע נ ט פ ע ר :

ערשטענס שלאגט זיך ארויס פונ'ם קאפּ די נארישע געדאנקען, אז דאס איז אייער סוף. די פארשטאפּונג קען גוט קאנטראלירט ווערן מיט א „ראף־דאיעט" און מיט אזעלכע אפּפיר־מיטלען ווי קאסקארא־פּילן, סענאקאט גרעניולס אדער מיט מינעראל־אויל.

מיט דער „ברענונג", איז אפשר ערנסטער, אבער זיכער ניט געפערליך. עס איז גאנץ מעגליך, אז איר ליידט פון א מאגען־געשוויר (אלסער). אין ברוקלין זיינען פאראן גרויסע אידישע און שטאטישע שפּיטאלן. געהט אריין אין איינער פון זייערע קליניקס, וואו, איך בין זיכער, מ'וועט אייך גענוי אונטערזוכן און מ'וועט עפעס טאן פאר אייך. דערווייל, געהט אויף א „בלענד־ראף־דאיעט". אזא דאיעט ענטהאלט ניט קיין געזאלצענע, בעווירצטע, אדער געפּרעגעלטע מאכלים.

בן־ישראל, פון שיקאגא.

איר זייט 78 יאר אלט. איר זייט געראפּטשערט (הוירניע) אויף דער רעכטער זייט. אייער „פּרעשער" איז נארמאל. איר וועגט 132 פונט; איר זייט 61 אינטשעס הויך. איר טראגט א טראס.

איר פרעגט מיר, צי איר מעגט זיך נאך לאזן אפּערירן אין אייער עלטער.

איר ווילט אויך וויסן, צי די שינבעלס ווערט פארערכענט ווי א קראנקהייט. איר געהערט צום ארבעטער רינג און די דאקטוירים דארטען האבן אייך אפגעזאגט פון בענעפיטען (איר האט מיר צוגעשיקט א „סערטיפיקאט" פונ'ם „סיק בענעפיט דעפּארטמענט" וואס לויטעט, אז לויט דער מיינונג פון די דאקטוירים זייט איר ניט בארעכטיגט פאר בענעפיטען, ווייל עס איז ניטא א „גאנצע אומפעהיגקייט" (טאטעל דיסאביליטי) אין אייער פאל.

ע נ ט פ ע ר :

1) אויב אייער הארץ איז פארהעלטנישמעסיג געזונט, זעה איך ניט קיין גרונט פאר דעם ניט דורכצומאכן די אפּעראציע. איך האלט, אבער, אז אויב די אפּעראציע איז ניט קיין מוז און איר קענט גוט אויסקומען מיט'ן טראס, זאלט איר זיך שטארק איבערלייגן (מיט דער הילף פון אייער דאקטאר) איידער איר נעמט אונטער אזא שריט.

2) שינבעלס איז באשטימט א הויט־קראנקהייט. אפט קענען שינבעלס ממש צעקריפּלען דעם חולה. דער סערטיפיקאט זאגט, אבער, אז אין אייער פאל עקזיסטירט ניט קיין צושטאנד פון אומפעהיגקייט צו ארבעטן. דעריבער איז עס פארשטענדליך פארוואס זיי האבן אייך אפגעזאגט פון צו נעמען בענעפיטען. כאטש עס איז מיר, פערזענליך, א חידוש, וואס מיט 78 יאר האבן זיי אייך ערקלערט אלס „פעהיג" צו ארבעטן.

# דאס פראנצויזישע פאלק איז געווען אויף דער זייט פון ישראל

פון אונזער פאריזער קארעספאנדענט
ל. לענעמאן

**פראנצויזישע שטאט־ראטס ארויסטריט פון סאוועטישע טעאטער. — לענינגראדער אר־קעסטער ווערט צוריקגעשיקט פריער זיין קאנצערט. — אומ־אויפהערליכע מאניפעסטאַ־ציעס לטובת ישראל אין פא־ריז און איבער גאנץ פראנק־רייך. — „זאגט מיט וואס מיר קאנען העלפן".**

צווישן די אומצאליגע אויס־דרוקן פון באוואונדערונג פאר דער ישראל־„ארמיי" און כל־ערליי מאניפעסטאציעס פון סימפאטיע און סאלידאריטעט מיט דער אידי־שער מדינה, וועלכע טרעפן זיך אין פאריז און איבער גאנץ פראנקרייך — אונטער פארשיידענע, טיילמאל אומדערווארטעטע און ריהרנדיגע פארמען — איז ווערט ארויסצו־הייבן דעם שריט פון דער מוניצי־פאליטעט פון דער שטאט טולוז.

די דאזיגע שטאט מיט א קנאַ־פּן האלבן מיליאן איינוואוינער, האט א שטאט־ראט וואס די מער־היים ראטמענער געהערן צו דער לינקער פעדעראציע. מיט צוויי יאר צוריק האט די מוניציפאליטעט באַ־שלאסן צו ערקלערן טולוז פאר „שוועסטער־שטאט" מיט תל־אביב. א דעלעגאציע מיט'ן סאציאליסטי־שן בירגערמייסטער לואי באזיערק האט דעמאלט באזוכט תל־אביב און דאן האט א תל־אביב'ער דע־לעגאציע וויזיטירט טולוז, איינ־שטעלנדיג פריינטליך־„שוועסטע־רישע" באציהונגען צווישן די צוויי שטעט.

אויף ווי ווייט די טולוז'ער מוני־ציפאליטעט — און אויך די באַ־פעלקערונג — נעמט די־א פריינ־טשאפט ערנסט און ווי אויפריכטיג טולוז פילט, אז זי איז א שוועסטער פון תל אביב, האט מען געקאנט זיך איבערצייגן אין די איצטיגע דראמאטישע טעג.

### א סאוועטישער פעסטיוואל איצט? ניין.

דער צופאל האט געוואלט, נעמ־ליך, אז גראד האט אין די טעג צווישן 9טן און 29טן יוני גע־זאלט פארקומען אין טולוז א סא־וועטישער פעסטיוואל פון טעאטער און מוזיק. אזעלכע פעסטיוואלן קומען פאר אין טולוז יעדעס יאר און אין 1966 איז דער פעסטיוואל געווידמעט געווען דער אמעריקא־נער טעאטער־קונסט. הייאר איז אויסגעפאלן די ריי אויפ'ן סא־וועטן־פארבאנד.

לויט'ן פאראויסגעזעהענעם פראָ־גראם האט דער פעסטיוואל גע־זאלט זיך אנהייבן מיט ארויס־טריטן פון לענינגראדער סימפא־נישן ארקעסטער. דערנאך האבן געזאלט אויפטרעטן די סטארס פון קיעווער טאנץ־אנסאמבל און עטליכע פארשטעלונגען האט גע־דארפט געבן דער מאסקווער סטאניסלאווסקי־טעאטער.

די פארשטעהער פון לענינגרא־דער ארקעסטער און די ערשטע גרופע פון זיינע מוזיקער זיינען אנגעקומען קיין טולוז פונקט אין דעם טאג, ווען עס איז אויסגע־בראכן דער עגיפטישער קריג געגן ישראל און די סאוועטישע רעגירונג האט זיך אזוי אפען געשטעלט אויף דער זייט פון די אראבער.

דער טולוז'ער שטאט־ראט איז זיך דאן דרינגענדיג צונויפגעקומען און נאך א קורצער דעבאטע האט ער באשלאסן אפצורופן אלע סא־וועטישע ארויסטריטן. די סאוועט־ישע מוזיקער זיינען געבעטן גע־ווארן גלייך צו פארלאזן די שטאט און צוריקפארן קיין לענינגראד.

„מיר זיינען ווי אמשטארקסטן אויפגעבראכט צוליב דער שטעלונג פון סאוועטן־פארבאנד, וואס שטיצט אונטער א באוואפנטע קאאליציע, וועלכע האט אנגעהויבן א קריג מיט'ן צוועק אויסצו־ראטן געראטעוועטע פון היטלע־רישן פעלקער־מארד" — איז געזאגט געווארן אין דער ספע־ציעלער דעקלאראציע, וואס די מוני־ציפאליטעט האט ארויסגעגעבן כדי צו באגרינדן איר באשלוס. „מיר ווילן דערמיט פייערליך אויסדרי־קן אונזער פארדאמונג פון א פא־ליטיק, וואס איז געגן אלע פרינ־ציפן פון פרייהייט און שלום־ליבנדיגע מענשן. מיר ווילן אויך מאניפעסטירן אונזער גע־טריישאפט צום גייסט פון דער פריינטליכער פארברידערונג (פאר־שוועסטערונג), וואס פארבינדעט אונז מיט תל אביב. ביי די געשא־פענע אומשטענדן איז אוממעגליך איינצונעמען פארשטעהער פונ'ם סאוועטן־פארבאנד אין אונזער שטאט, וואו א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג וועט דאס ניט קאנען פארטראגן און וועט זיכער עפנטליך פראטעסטירן און דע־מאנסטרירן געגן די סאוועטישע מוזיקער און ארטיסטן".

אין גרויס גרימצארן איז דאן קיין טולוז ארויפגעקומען פון פא־ריז דער קולטור־ראטגעבער פון דער סאוועטישער אמבאסאדע, ה. קאזאנסקי, וועלכער האט זיך באַ־מיט צו ווירקן אויפ'ן בירגער־מייסטער, סטראשענדיג אים מיט „שווערע קאנסעקווענצן, וואס דער אומבארעכנטער שריט פון דער מוניציפאליטעט קען האבן אויף דער ווייטערדיגער אנטוויק־לונג פון די סאוועטיש־פראנצוי־זישע קולטור־באציהונגען". דער סאוועטישער דיפלאמאט האט זיך אויך פארופן אויף דער סאוועט־ישער האנדלונג אין זיכערקייטס־ראט פון דער יו־ען, וואו די סא־וועטן האבן זיך אזוי שטארק איינגעשטעלט פאר א וואפן־שטילשטאנד...

דער בירגערמייסטער האט אבער געענטפערט אין נאמען פון שטאט־ראט: „מיר באשטעטיגן נאך אמאל אונזער פולע סאלידאריטעט מיט ישראל און מיר באדויערן שטארק הלמאי מאסקווע האט ער־קלערט איר סאלידאריטעט מיט די שונאים פון ישראל, וועלכע זיינען אזוי־ארום אויך אונזערע שונאים".

ה' קאזאנסקי איז ניט בלויז גע־ווען געצוואונגען צו טעלעגראפירן צו די טעאטערס אין מאסקווע און לענינגראד, אז זיי זאלן קיין טו־לוז ניט קומען, נאר האט אויך גע־מוזט אפרופן זיין אייגענעם רע־פערטואר, וואס ער האט געוואלט האלטן אין טולוז'ער קולטור־צענ־טער.

### „מיר זיינען מיט אייך! אונזער אנערקענונג און באוואונדע־רונג!"

די האנדלונג פון דער טולוז'ער מוניציפאליטעט איז נאר גאר איין אילוסטראציע פון דער שטימונג, וואס הערשט ביי דער פראנצויזי־שער באפעלקערונג — אין איר איבערוויעגנדיגער מערהייט.

די ישראל־אמבאסאדע אין פא־ריז, דער אידישער קאארדינאציע־קאמיטעט, ווי אויך דער פראנצוי־זישער ראט פאר סאלידאריטעט מיט ישראל ווערן פארפלייצט מיט טעלעגראמעס און בריוו, אין וועל־כע עס ווערט אויסגעדריקט סימ־פאטיע, אנערקענונג און באוואונ־דערונג פאר'ן ישראל־פאלק און פאר זיין העלדישער ארמיי.

הונדערטער און טויזנטער פראנ־צויזן שרייבן, טעלעגראפירן און טעלעפאנירן פון פאריז און פון אלע עקן פראנקרייך: „מיר זיי־נען מיט אייך! מיר אפלאדירן און באוואונדערן דעם מוט פון אייערע זיהן און טעכטער! זאגט: מיט וואס קאנען מיר אייך זיין בייהילפיג? א חוץ א ביישטייערונג פאר'ן סאלידאריטעט־פאנד, וואס קאנען מיר נאך טאן פאר ישראל אין איצטיגן מאמענט?"

און אז אין לויף פון די קריטישע טעג האט מען פון געוויסע פראנ־צויזן סאקע געדארפט האבן ספעציעלע הילף, האבן זיי עס געגעבן, אפילו פאר'ן פרייז פון גאר גרויסע אנשטרענ־גונגען. נאר וועגן דעם איז נאך פריצייטיג צו דערציילן.

### א רוף צו העלפן געווינען דעם שלום

יעדן אווענט קומען פאר אין פארשיידענע געגנטן פון פאריז, און אויך אין פראווינץ־שטעט, גאַ־סן־מאניפעסטאציעס, וואס הויבן זיך אן ספאנטאניש, אדער ווערן געהיים ארגאניזירט ביים ארויס־גאנג פון פארזאמלונגען און מיטינ־גען.

אויב בעת'ן דויערן פון די קאמ־פן זיינען די אלע מאניפעסטאַ־ציעס פארגעקומען אונטער לאזונ־גען פון סאלידאריטעט און דער־מוטיגונג פאר די קעמפנדיגע ישראלים, ווערן — נאכ'ן פייער־איבעררייס — די לאזונגען געענ־דערט. עס הויבט זיך אן א פאלי־טישע אקטיוויטעט מיט'ן צוועק צו באווירקן די פראנצויזישע רע־גירונג, אז זי זאל ביי די דיפלא־מאטישע פארהאנדלונגען, וואס וועלן איצט אנגעפירט ווערן, פארלאזן די נייטראליטעט־פאזי־ציע, וועלכע האט ארויסגערופן אזוי פיל פארביטערונג צווישן אידן און ניט־אידן, און זי זאל אונטערשטיצן די שטעלונג פון ישראל.

„אין יאר 1956 האט פראנקרייך שטארק געהאלפן די ישראלים אין דערגרייכן דעם מיליטערישן זיג" — זאגט מען אין פאריז — „אבער זי האט זיי פארלאזן ביי די שלום־פארהאנדלונגען. בעת דער איצ־טיגער מלחמה האט פראנקרייך גלייך פון אנהייב פארלאזן די ישראלים און זיי האבן אליין זיך אויסגעקעמפט דעם מיליטערישן נצחון. זאל דערפאר פראנקרייך זיי העלפן געווינען דעם שלום"...

# אידישע בריוו מיט טרייסט און האפנונג

פון
י. שמולעוויטש

**אמעריקאנער אידן שרייבן קיין ישראל. — א זעלטענער אויפ־דרוק פון סאלידאריטעט. — די בריוו פון ישראל צו הינטיגע אידן. — א פארברידערונג וואס רופט ארויס שמאלץ. — דראמאטישע דאקומענטן פון אונזער צייט. — איין פאלק מיט דעם זעלבן גורל.**

גלייך פון אנהויב, אין דער לעצ־טער וואך פון חודש מאי, ווען נאַ־סער האט אויף א חוצפה'דיגן אופן בלאקירט דעם עקאבא־גאלף און ווען ער האט פארטריבן די יו־ען זעלנער פון דער ישראל־עגיפּ־טישער גרעניץ; ווען עס האט זיך געשאפן דער ערנסטער קריזיס אין מיטעל־מזרח, האבן אידן דערפילט, אז עס רוקט זיך אן א גרויסע געפאר. אזוי איז געווען אין מדינת ישראל — אידן האבן דאס געוואוסט אין אלע טיילן פון דער וועלט.

מען האט זיך אפגעגעבן א חשבון, אז די דראאונגען פון דעם עגיפּטישן דיקטאטאר נאסער, געשטיצט פאליטיש און מיליטעריש פון די מאסקווער הערשער; אז דער פארדעהטערישער אראביש־סאוועטישער בלאק — ענליך צו דעם וואס איז געווען מיט דעם סטאלין־היטלער אפמאך — וועט מיט זיך ניט ברענגען קיין גוטס.

דערפאר איז אויף א דראמא־טישן און ספאנטאנעם אופן גע־קומען די גרויסע פארברידערונג, די אומבאשרייבליכע סאלידארי־טעט און הילפס־גרייטקייט, צווי־שן די אידן אין אמעריקע און פון אנדערע טיילן וועלט מיט אונזערע באדראהטע ברידער און שוועסטער אין מדינת ישראל. אט די סאלידאריטעט און הילפס־גרייטקייט קומט אויך אין די לעצ־טע וואכן צום אויסדרוק אויף פארשיידענע וועגן.

א היבשן טייל אין דעם אלעם פארנעמען אויך בריוו, אידישע בריוו פון טרייסט און האפענונג. דאס זיינען אויסערגעוויינליכע דאקו־מענטן פון אונזער צייט, וואס ווייזט דעם געמיינשאפטליכן גורל פון אונזער פאלק.

גלייך פון אנהויב, ווען עס איז אנטשטאנען דער קריזיס ארום ישראל, האבן אמעריקאנער אידן אנגעהויבן שרייבן, פיל מעהר ווי געוויינליך, בריוו קיין מדינת ישראל. געשריבן האט מען אין דער ערשטער רייע, פארשטעהט זיך, צו דארטיגע נאענטע. אמערי־קאנער אידן האבן אויך געשיקט בריוו צו לאנדסלייט, פריינט, באַ־קאנטע און אפילו אויך צו סתם אידן קיין ישראל. אויב נאר מען האט געהאט עפעס אן אדרעס פון אידן אין ישראל, האט מען גלייך אוועקגעשיקט א בריוו.

און די בריוו פון אמעריקאנער אידן קיין ישראל זיינען גלייך פון אנהויב געווען, און זיינען ווייטער, פול מיט דערמוטיגונג און טרייסט. מען האט די אידן אין ישראל גע־לאזט וויסן, אז זיי זיינען ניט אליין אין זייער שווערן געראנגל; אז אויב זיי זיינען פארלאזט פון דער גרויסער וועלט, וועלכע רעדט אזוי פיל וועגן יושר, זיינען אבער ביי זייער זייט די אידן אין אמעריקע און אין דער וועלט. מען האט די אידן אין ישראל צוגעזאגט — און מען גיט זיי ווייטער צו — גלייבן און האפענונג. איר זענט ניט אליין, ווייל אייער גורל איז אויך אונזער גורל!

און אויך פון מדינת ישראל, פון דארטיגע אידן, האבן גלייך אַנ־געהויבן צוריק אנקומען קיין אמע־ריקע — און עס קומען אויך ווייטער אן — אזעלכע בריוו, פול מיט האפענונג און טרייסט.

טויזנטער אידן אין אמעריקע טראגן מיט זיך איצט ארום בריוו, וואס זיי האבן באקומען פון זייערע נאענטע אין מדינת ישראל, פון דארטיגע פריינד, לאנדסלייט און באקאנטע. מען ווייזט די דאַ־זיגע בריוו דא צו אנדערע אידן, מען לייענט דאס צוזאמען און מען וויינט...

א גרויסע צאל אידן האבן אונז צוגעשיקט אזעלכע בריוו. אנדערע קומען צו אונז אין רעדאקציע און זיי גיבן אונז צו לייענען בריוו פון דעם מין. מען וואלט געדארפט אלע בריוו געדרוקט אפדרוקן. פאר־אייביגן אט די דראמאטישע דאַ־קומענטן פון אונזער צייט, פון דעם געראנגל פון אידישן פאלק און דער יונגער מדינה מיט א וועלט פון קאלטקייט און רשעות.

צוליב מאנגל אין פלאץ וועלן מיר דא ברענגען אויסצוגן פון בלויז עטליכע אזעלכע בריוו.

דער באוואוסטער פאטאגראַ־פיסט־קינסטלער, אפרים ערדע, פון 55 רחוב אלענבי, אין תל־אביב, האט געשריבן צו זיינעם א פריינט אין ניו יארק:

„מיר דאנקען אייך פאר דעם ווארעמען בריוו. היינט, מעהר ווי שטענדיג, איז גוט צו וויסן, אז עס איז דא אזא ענגע פארבינדונג מיט פריינט, מיט אידן אין אמע־ריקע. עס פילט זיך א באדערפע־ניש צו שרייבן צו אייך, צו רעדן מיט אייך און צו דערציילן אייך, אז מיר זיינען דא אין א מלחמה־צושטאנד. מיר ווילן ניט קיין מלחמה, מיר ווילן שלום!

„אבער מיר זיינען אלע גרייט — שרייבט ווייטער אפרים ערדע — יונג און אלט, צו קעמפן מיט אלע כוחות און צו פארטיידיגן אונזער היים, די צוקונפט פון אונזערע קינ־דער. מיר האבן ניט קיין אנדערע ברירה... מיר גלויבן נאך אלץ, אז די פרייע וועלט וועט ניט דער־לאזן, אז דער דיקטאטאר נאסער זאל באהערשן דעם מיטעלען־מזרח, די גאנצע אראבישע וועלט. און מיר גלויבן, אז די גרויסע מלוכות וועלן ניט דערלאזן, אז נאסער זאל אויספירן היטלער'ס מלאכה ביז'ן סוף. איך מיין אבער, אז מיר דארפן ניט גלויבן אין די שיינע רייד פון דער וועלט; מיר קאנען גלויבן בלויז אין אונ־זערע אייגענע כחות. דערפאר ווי־נען מיר דא אלע גרייט — מיר קאנען זיך אן עצה געבן מיט אונ־זערע שכנים. מען זאל אונז נאר ניט שטערן..."

דער באקאנטער קולטור־טוער, יעקב ריז, סעקרעטאר פון דער „אי־דישער ליטעראַרישער גרופע" אין פילאדעלפיע, האט א ברודער אין מדינת ישראל. אט די צוויי ברי־דער זיינען דורך ניסים ארויס פון היטלער'ס גיהנום; זיי זיינען גע־בליבן די איינציגע פון א ברייט פארצווייגטער משפחה.

האט יעקב ריז באקומען א בריוו פון זיין ברודער. יענער האט גע־שריבן, צווישן אנדערעס, פאלגנדעס:

„מען האט אונז פארקויפט, און זעהר ביטער. די סאוועטן זיינען באנדיטן. זיי ווילן פארענדיגן וואס היטלער האט ניט באוויזן צו ענדיגן. די וועלט שווייגט איצט פונקט אזוי ווי זי האט גע־שוויגן ווען מען האט דערמארדעט זעקס מיליאן אידן..."

ביי מיין טיש איז געזעסן א מיטעלעלטעריגע פרוי, א געליטענע און געפייניגטע ביי די נאציס, א געראטעוועטע פון אוישוויץ מיט אן אויסגעברענטן נומער אויף איר האנט. די פרוי, מרס. פרידא העגדעל האט מיט זיך צו מיר גע־בראכט א בריוו פון איר ברודער, וועלכער וואוינט אין ישראל. „דאס איז דער איינציגער — האט די פרוי געזאגט מיט טרערן אין אירע אויגן — וואס איז מיר פארבלי־בן פון אלע מיינע נאענטע. ער איז געווען אין די וועלדער, גע־לעבט ווי א געיאגטע חיה. און אזוי ארום זיך געראטעוועט פון די נאַ־ציס. איצט, ווער ווייסט וואס עס ווארט אויף אים ווידער..."

„איך בין גליקליך — האט דער ברודער געשריבן ערב דער מלחמה מיט די אראבער — וואס איך בין אין אידישן היימלאנד. ניין, מיר וועלן ניט דערלאזן, אז עס זאל זיין א צווייטער אוישוויץ... אלע זיינען מיר גרייט, גרויס און קליין, צו פארטיידיגן אונזער היימלאנד. עס קאן זיין, אז אונזער פארמעסט און קאמף אויפצוהאלטן די זעלבסטשטענדיגקייט און גאנצ־קייט פון דער אידישער מדינה וועט מיט זיך ברענגען א דריטע וועלט־מלחמה. אלץ וואס ברענגען. איז פארפאלען!

„אויב די גרויסע פרייע וועלט — פארענדיגט ער זיין בריוו — קאן ניט פארזיכערן די גאנצקייט פון דער קליינער מדינת ישראל פאר דעם אידישן פאלק, וואס איז ארויס פון אזא שרעקליכן חורבן ביי די נאציס, האט אזא וועלט בכלל ניט קיין עקזיסטענץ־בארעכ־טיגונג..."

אין פיל בריוו פון אידן אין ישראל, געשריבן צו זייערע נאַ־ענטע און פריינט אין אמעריקע, איז ארויסגעדריקט געווארן די האפנונג, אז אויב עס וועט קומען צו א פארמעסט צווישן מדינת ישראל מיט די אראבישע אגרעסי־ער, וועט אמעריקע און די גרויסע וועלט ניט לאזן ישראל אליין. לייד־ער, אבער, האט די ווירקליכ־קייט באוויזן עפעס אנדערש. די קליינע און מוטיגע אידישע מדינה איז געבליבן אליין אין דעם ריזי־גן פארמעסט — מיט העכער צען אראבישע לענדער, געגן צענדליגע מיליאנען אראבער, וועלכע האבן ווי ווילדע וועלף זיך א ווארף גע־טאן אויף דער קליינער ישראל, אונטערגעהעצטע און געשטיצט פון די סאוועטישע הערשער.

דער באקאנטער געזעלשאפטלי־כער טוער, רפאל פעדערמאן, דער פארוואלטער פון דעם ארב. רינג פארלאג און אפטיילונג פון ביכער־פארקויף, האט א קאזין אין רמת־גן, ישראל. האט יענער, דוד פעד־דערמאן, אין זיין בריוו געשריבן: „אלע יארן זיינען מיר, אין ישראל, אויסגעשטעלט אויף דער געפאר, אז די אראבישע שונאים וועלן אונז אנגרייפן. ווי עס זעהט אויס, איז איצט געקומען דער דאזיגער מאמענט. מיר ווילן שלום, מיר ווילן ניט קיין מלחמה. אבער אויב עס וועט צו דעם קומען, וועלן מיר מוזן זיגן, ווייל מיר האבן ניט קיין אנדערע אויסוועג..."

צו אונז אין רעדאקציע איז גע־קומען דער 72־יעריגער הערי האר־ניק, פון דער בראנקס, וועלכער איז שוין אין אמעריקע 56 יאר. מר. הארניק, וועלכער שטאמט פון קאַ־לוש, גאליציע, האט צוויי ברידער מיט זייערע פאמיליעס אין מדינת ישראל. די צוויי ברידער, דוד און אשר, זיינען נאך מיט העכער 40 יאר צוריק, אלס חלוצים, אוועק אין ארץ ישראל.

האט זייער ברודער אין אמע־ריקע, הערי, באקומען צוויי בריוו פון זיינע ברידער. די דאזיגע בריוו זיינען געשריבן געווארן איידער די אראבישע אגרעסארן זיינען איצט אנגעפאלן אויף מדינת־

(שלוס אויף זייט 3)

# די שוויגער און דער איידעם

ערצעהלונג
פון מרים ראסקין

דאס איז די געשיכטע פון דושאו פידלער, וואס איז געווען אן אַרע־מער בחור און ווי ער האט זיך דער־נאך ארויסגעארבעט און געווארן רייך און באוואוסט.

דושאו האט ניט געהאט קיין פאך. ער האט שוין געטאן אלערליי ארבעטן. געווען א קעלנער אין א רעסטאראן, אן אנגעשטעלטער אין א שו־סטאר און אויך אן אינשור־רענס־אגענט. נאר דאס איז אים אלץ ניט געווען צום הארצן. ער האט ניט ליב געהאט צו ארבעטן פאר יענעם און אויסשטיין די קא־פריזן פון באלעבאס. זיין חלום איז געווען צו זיין אליין אין ביזנעס. צו ארויפארבעטן זיך און ווערן [illegible] און פירן א פריי און גרינג לעבן. אזוי האט ער אלץ געהאפט און געפלאנט ביז עס האט זיך אים געמאכט א שידוך מיט איינער א מיידל ראזי און ער האט מיט איר חתונה געהאט.

דושאו איז אין ראזי'ן ניט געווען פארליבט. ער האט ניט געהאלטן פון ליבע, זינט זיין ערשט מיידל האט אים פארראטן און חתונה געהאט מיט איינעם א רייכן ביז־נעסמאן. ראזי איז געווען ניט אי־בער'ג שיין, נאר איין מעלה האט זי געהאט, וואס איר מאמע איז געווען א ביזנעס־פרוי און רייך. זי האט גע־האט א רעסטאראן, וואס האט איר אריינגעבראכט א סך פארדינסט. דושאו האט געהאפט, אז מיט דער צייט וועט זיין שוויגער אים צו־נעמען פאר א שותף צו אירע ביז־נעס און זיין חלום צו ווערן א באַ־לעבאס פאר זיך און זיך ארויס־ארבעטן וועט פארווירקליכט ווע־רן.

דושאו האט זיך פארהאלטן מיט גרויס רעספעקט צו זיין שוויגער. גאלדי איז געווען איר נאמען. אוי־סער דעם רעסטאראן האט זי אויך געהאט א האנט אין ריעל עסטעיט. זי איז געווען אן אלמנה אין די מי־טעלע יארן. נאר יוגנטליך אויפ'ן אויסזעהן, אן ענערגישע, א פלינקע, מיט א קלוגן קאפ אויף די פליי־צעס און זי האט גערעדט פון ביז־נעס און מארטגעדזשעס מיט דער געניטקייט פון א מאנסביל.

נאר איר הויפט־אויפמערק איז גע־ווען [illegible] איר רעסטאראן, וואס האט געהאט דעם נאמען „היי־מישע מאלצייטן". זי האט זיך פארשאפט א גוטן נאמען מיט איר פארהאלטן זיך צו אירע געסט. זי האט געקענט צו יעדן גאסט ריידן מיט א ליבליכער שטימע און שטארק פאראינטערעסירט, אזוי אז יעדער האט געקענט מיינען, אז זי איז אים א פערזענליכער פריינט. אנגעטאן נעט, אירע האר ארויפגעקעמט אין מאדישע לאקן, איז זי אין דאינינג־רום ביים עסן צוגעגאנגען דא צו איין טישל, דא צו אן אנדערן, נאכצופרעגן זיך אויב מען איז צופרידן מיט'ן עסן. איר פריינטליך פארהאלטן זיך האט ארויסגערופן צוטרוי ביי די געסט. זי איז ווי געבארן גע־ווארן פאר ביזנעס און געוואוסט ווי צו באגיין זיך מיט מענטשן.

און דושאו, איר איידעם, האט דערוויל געלעבט מיט גוטע האפע־נונגען, אז אינגיכן וועט אים זיין שוויגער צוציען צו איר ביזנעס. אליין מאכן מיט איר א רייד פון דעם האט ער ניט געוואלט. ער האט מורא געהאט, ער זאל דא ניט קאליע מאכן. נאר אז די צייט איז געגאנגען, האט ער אנגעהויבן ווערן אומגעדולדיג. ער האט אלץ געווארט אויף דער מינוט, ווען ער וועט ווערן צוגעצויגן צו דער ארבעט אין רעסטאראן און זיך ניט געקענט דערווארטן. וואס זאל ער איצט טאן? קיין גוט לעבן מיט זיין ווייב איז ביי אים ניט געווען. ער האט געטראכט: אנדערע מע־נער האבן געליבטע און ער קען זיך דאס ניט פארגינען.

ווי פריער, האט ער איצט אויך אויסגעפרואווט אלערליי ארבעטן און קיין ארבעט איז אים ניט גע־ווען צום הארצן. אין די אווענטן האט ער ליב געהאט זיך אריינצו־כאפן אין א מאָווי, אדער פאר־ברענגען ביי א קארטן־שפיל מיט א פאר פריינט. עס זיינען שוין דעמאלט געווען ביי אים צוויי קינ־דער און זיינע פארדינסטן האבן קוים געקלעקט צו שפייזן זיין פאמיליע. און זיין ווייב ראזי, א שטילע, א נאכגיביגע, האט אים גארניט געזאגט. נאר גאלדי, די שוויגער זיינע, האט דאס אלץ גע־זעהן. איר טאכטער איז אריינגע־פאלן מיט איר מאן. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז ניט קיין לייט. האט זי שוין איינמאל גע־פרואווט האבן מיט אים אן ערנס־טן שמועס. זי האט צו אים גע־זאגט:

— דו האסט חתונה געהאט און דו דארפסט טראגן דעם עול אויס־צוהאלטן דיין פאמיליע.

— איך האב ניט ליב, אז מען מישט זיך אין מיין פריוואטן לע־בן — האט ער איר אפגעענטפערט מיט כעס.

— אזוי? דו האסט ניט ליב, אז מען מישט זיך אין דיין פריוואטן לעבן? — האט שוין גאלדי גע־העכערט איר קול — און וואס האסטו יא ליב, צו באמעווען און גאר ניט טאן?

עס איז שוין געקומען צו א קריג צווישן זיי, ביז ראזי, דושאו'ס ווייב, האט זיך אריינגעמישט און זיי איינגעשטילט.

און אזוי איז דערוויל אלץ צוגע־גאנגען שלעכט פאר דושאו פידלער. ביז איינמאל, גאר אומגעריכט, האט זיך זיין לאגע א קער געטאן צום בעסטן. עס איז געווען אזוי: גאלדי האט זיך גענויטיגט אין אן ארויס־העלפער אין דאינינג־רום ביי די טישן. איר פריערדיגער קעלנער איז פון איר אוועק. איז גאלדי איינגעפאלן, זי וועט גאר צונעמען צו דער ארבעט איר איידעם דושאו, און מאכן פון אים א לייט.

און דושאו? ער איז געווען מער ווי צופרידן. אט דאס האט ער דאך געוואלט. אריינשטעלן א פוס אין רעסטאראן, ווערן נענטער צו זיין שוויגער'ס ביזנעס. האט ער מיט גרויס חשק זיך א נעם געטאן צו דער ארבעט. פון ערשטן טאג אן האט זיך שוין ארויסגעוויזן ווי ער טויג זיך אויס. און גאלדי האט נאכ־געקוקט זיין פלינקן קער און די דרייסטקייט זיינע און זי האט א טראכט געטאן צופרידן: „ער וועט זיין אלרייט, דושאו".

דושאו האט מיט זיין פרישקייט אריינגעבראכט אין רעסטאראן מער לעבן. ער האט אויסגענומען ביי די געסט מיט זיין האלטן זיך און מיט זיין אויסזעהן. ער איז געווען ניט קיין מיאוס'ער יונג אויפ'ן אויס־זעהן. א הויכער, א שטאלטנער, מיט א שווארצע טשופרינע האר. זיינע לוסטיגע אויגן האבן גערעדט ווערטער. איבערהויפט האט דושאו אויסגענומען ביי פרויען. ער האט געקענט געבן א קאמפלימענט איי־נער א פרוי פון די געסט; אן אנדע־רער האט ער, ווי ניט ווילנדיג, א גלעט געטאן איבער דער האנט.

די ביזנעס אין רעסטאראן האבן אנגעהויבן שטייגן און די געסט האבן זיך פארמערט. פרויען, וואס האבן ניט ליב געהאט זיך אפצו־געבן מיט קאכן, זיינען געקומען אהער אין רעסטאראן מיט זייערע מענער צו עסן דא זייערע סאפערס. און גאלדי האט זיך אליין געוואונ־דערט, ווי אזוי איז דאס איר פריער ניט איינגעפאלן, אריינצונעמען איר איידעם אין רעסטאראן? מיט פרישע כוחות און מיט נייער ענער־גיע האט זי איצט אליין גענומען זיך אפגעבן מיט דער ארבעט. אלע טאג זיינען ביי איר אין קאפ גע־בוירן געווארן אלץ נייע פלענער ווי אזוי צו פארבעסערן און פאר־שענערן דעם רעסטאראן, אז מענ־טשן זאל אלץ מערער קומען און דושאו איז איצט ביי איר געווען נאר א קעלנער. זי האט אפטמאל זיך מיט אים באראטן און עצה גע־געבן אויף פארגרעסערן דעם רעסטאראן, אפשר צונעמען נאך א צימער פון איר שטוב.

דושאו איז געווען איבערגליקל־עך. ער האט שוין געזעהן אין גע־דאנק, ווי זיין חלום ווערט פאר־ווירקליכט. ער איז שוין געווען אויף דעם וועג פון דערפאלג. מיט דער צייט וועט ער ווערן א פארטנער אין די ביזנעס פון רעסטאראן און עס וועט אים זיין גוט.

אין די אווענטן, ווען קיין געסט אין רעסטאראן זיינען שוין ניט גע־ווען, זיינען זיי ביידע, ער און זיין שוויגער, געזעסן און געציילט און אויסגערעכנט די איינגאמע פון טאג. צוויי מענטשן זיינען זיך גע־ווארן נאענט. ביידע האבן געהאט די זעלביגע אמביציע, די זעלביגע פארלאנגען צו ווערן רייך און צו שפילן א ראליע, צו זיין אנגענומען ביי מענטשן. גאלדי האט, שמועס־דיג מיט איר איידעם, געהאט אירע באליבטע ווערטלעך: „פאר מאני יז געט האני". אדער „אז דו ווערסט ניט גיין גיך, וועט מען דיך אריבער־יאגן".

דושאו'ן האט זיך אין אזעלכע אווענטן ניט געגלוסט צו גיין אהיים צו זיין ווייב און קינדער. זיין היים איז איצט געווען דא, אין רעס־טאראן, צו זיצן מיט זיין שוויגער און פארברענגען. ער האט געקוקט אויף איר מיט פארליבטע אויגן. דורך איר איז ער איצט געווארן אן אנדער מענטש. דערהויבן און וויכ־טיג. זיינע גלוסטיגע אויגן האבן א וואנדער געטאן איבער איר פי־גור, איבער די רייפע ארויסגערונדי־טע גלידער אירע. און ער האט א טראכט געטאן פון זיין ווייב ראזי, וואס איז אזוי דאר און טרוקן און עפעס ווי אהן לעבן. ווי ניט־ווילנ־דיג האט ער א גלעט געטאן די האנט פון זיין שוויגער, בעת זיי זיינען אזוי געזעסן איינער אנטקעגן אנדערן ביים טיש.

און גאלדי האט דערפילט אויף זיך דושאו'ס גלוסטיגע בליקן און עס איז איר גוט געווען פון אזא בליק פון א מאנסביל. נאר באלד האט זי זיך דערמאנט אין איר טאכ־טער און זי האט דושאו'ן געזאגט:

— עס איז שוין שפעט, דושאו, גיי אהיים, דיין ווייב ווארט דארט אויף דיר.

און דושאו האט געפאלגט. ער האט זיך אויפגעהויבן און איז אוועק אהיים.

# פראגען וועגן געזונט

פון דר. יעקב ב. גלען

שלמה ה. נ., ברוקלין.

צווישן אנדערען שרייבט איר: „איך בין 73 יאר אלט; איך בין ניט קיין טרינקער פון שארפע משקאות און אויך ניט קיין רויכערער. איך עס ניט קיינע שארפע מאכלים. מיט דריי און א האלב יאר צוריק האב איך דורכגעמאכט א פראסטאטע־אפעראציע. פון דער אפעראציע איז מיר געבליבן עפעס ניט קיין אנגענעמע זאך — דאס וואסער האלט זיך ניט איין און עס האלט אין איין „דריפּן". אין אנפאנג, באלד נאך דער אפעראַ־ציע האט דער דאקטאר מיר גע־הייסן טראגן א „קלעמפּ" אויפ'ן גליד. אבער שפעטער האב איך דעם קלעמפּ אראפגענומען, ווייל ער האט מיך שטארק געדריקט אויפ'ן גליד. מיט קארגע צוויי יאר צוריק האב איך דורכגעמאכט א טאפעל־טע הערניע־אפעראציע. אבער דאס דריפּן פון אורין האט ניט אויפגעהערט. דאס מאכט מיך זעהר נערוועז. איך דארף שטענדיג טראַ־גן א פאַק טישיו־פאפיר, כדי מיי־נע בגדים זאלן ניט ווערן דורכ־גענעצט. דאס נעצן אליין וואלט אפשר געווען א האלבע צרה. איז אבער, ווען איך הויב אן גיין אין גאס, הויבט עס אן שטארק צו נע־צן מיט א ברענונג אינ'ם שפיץ פונ'ם גליד.

„די איינציגע חיי־שעה וואס איך האב, איז די נאכט. די נאכט, ב"ה, געהט מיר אדורך רוהיג. אבער א פאר שעה נאכ'ן אויפשטעהן אין דער פרי, הויבן זיך אן מיינע צרות..."

הגם איר לייד'ט ניט בוכשטעבליך פון יסורים, פילט איר זיך דאך זער נידערגעשלאגן. אייער דאקטאר קען אייך ניט העלפן.

ענטפער:

איך האב מיט א כוונה פאר־עפנטליכט דעם גרעסטן טייל פון אייער בריוו, ווייל איך דענק, אז די אפעראציע האט ניט געדארפט אזוי אויספאלן. אומצאליגע מע־נער מאכן דורך אזא אפעראציע און זיי ליידן ניט פון קיין „דריפּן".

מיר שיינט, אז ביי דער אפעראַ־ציע זיינען פארוואונדעט געווארן עטליכע מוסקולישע נערוון ארום דעם אזוי גערופענעם שלאס (ספינקטער) פונ'ם אורין־זעקל, וואס האלט די עפענונג פארמאכט ביז דער אורין־בלאז (יורינערי בלע־דער) ווערט אנגעפילט מיט אורין; דער מענש שפירט דעם דראנג און אויף א באוואוסטזיניגן אופן קען ער עפענען דעם דאזיגן ספינק־טער.

דאס איז איינס. צווייטנס האלט איך, אז ארויפלייגן א „קלעמפּ" אויפ'ן גליד איז ניט קיין גוט מי־טעל צו פארהאלטן דאס קאפּען פונ'ם אורין. ווי ווייט מיר איז באַ־קאנט, קען מען אויסהענגען א גו־מענעם בייטעל ארום און אונטער דעם גליד, וואס נעמט אויף דעם פליסנדיגן אורין.

איך האלט, אז א גוטער טרענק־ווילייזער (בארוהיגונגס־מיטעל) קען א סך העלפן אין אייער נער־ווזן צושטאנד. אויך ווארימע קאמפרעסן אדער באהאנדלונג מיט די אזוי גערופענע קורץ־כוואליעס קען עפעס אויפטאן. א רייכע ווי־טאמין און פראטעאין־דיעטע, קען מיט דער צייט פארשטארקן דעם אפגעשוואכטן אורין־זעקל.

# 5 פראגען

1. זיינען די דריי לענדער מיט דער גרעסטער באפעלקערונג, וועלכע האבן צוזאמען איבער 1,400 מיליאן איינוואוינער, שטיצער פון די אראבישע לענ־דער געגן ישראל?

2. וואס פאר אן אנטשיידונג בנוגע מייקראפאנס האט דאס העכסטע געריכט פון לאנד ארויסגעגעבן?

3. זיינען די דרייצן אראַ־בישע לענדער צוזאמען 500 מאל אזוי גרויס אין טעריטאריע ווי ישראל?

4. זיינען די דרייצן אראבי־שע לענדער צוזאמען 50 מאל אזוי גרויס אין צאל איינוואוי־נער, ווי ישראל?

5. וואס פאר אן ארטיקל ווע־גן „פארווערטס" איז אפגע־דרוקט געווארן אין אפיציעלן זשורנאל פון דעם אמעריקאנער קאנגרעס?

## 6 ענטפערס

1. יא — אלע דריי לענדער מיט דער גרעסטער באפעלקע־רונג שטיצן די אראבער. די דריי לענדער זיינען: די קאמו־ניסטישע כינע (וואס האט 700 מיליאן איינוואוינער), דער סא־וועטן־פארבאנד (235 מיליאן) און די „נייטראלע" אינדיע (500 מיליאן).

2. די אנטשיידונג, אז דער ניו יארק סטעיט געזעץ וועגן באפעלן אויף צו קריגן באווייזן געגן פארדעכטיגע פארברעכער, איז ניט קאנסטי־טוציאנעל. דער סופרים קאורט האט מיט א מערהייט פון 5 צו 4 ארויסגעגעבן די אנטשיי־דונג. דער סטעיט געזעץ, וועגן וועלכן עס האנדלט זיך, האט ערלויבט דער ניו יארקער פאלי־ציי צו קענען איינארדענען באַ־האלטענע מייקראפאנס אויפצו־כאפן די געשפרעכן פון „פאר־דעכטיגטע".

3. אביסעל מער ווי 500 מאל. ישראל האלט איצט (אחוץ די אקופירטע טיילן) 8 טויזנט סקווער מייל; די אראבישע לענ־דער — 4 מיליאן מיט 425 טוי־זנט סקווער מייל. די 13 אראבי־שע לענדער זיינען: עגיפטן, סיריע, ירדן, לבנון, איראק, סאודי־אראביע, תימן, ליביע, אלזשירע, מאראקא, טוניסיע, סודאן, קאוועיט.

4. אביסעל ווייניגער ווי 50 מאל. ישראל האט 2 מיליאן 650 טויזנט איינוואוינער (לויט א באריכט מיט א פאר חדשים צוריק); די דרייצן אראבישע לענדער — 100 מיליאן.

5. דער ארטיקל (אין ענגליש) וועגן דער ראל פון „פארווערטס" אין אידיש־אמעריקאנער לעבן אין די לעצטע 70 יאר, וואס דזשעי. סי. ריטש (יעקב רייך) האט גע־שריבן ספעציעל פאר'ן „פעדע־רעישאניסט", אפיציעלער מאַ־גאזין־זשורנאל פון א. פ. ל.־סי. אי. א. אויפ'ן פארלאנג פון קאנגרעסמאן דזשאן רוני, פון ברוקלין, איז דער ארטיקעל איבערגעדרוקט געווארן אין „קאנגרעשאנאל רעקארד".

# אין ישראל ווארט מען אויף נייע אימיגראנטען

דאס איז די וויכטיגסטע פראגע אין לאנד. — פון דעם איז אפ־הענגיג די זיכערקייט און עקזיסטענץ פון דער מדינה. — וואס מען הערט איצט וועגען דעם אויף א באזוך אין ישראל. — אמעריקאנער אידען אלס אימיגראנטען. — א נייער פלאן צו ערמוטיגען אידען פון די מערב־לענדער.

רייזע־איינדרוקען פון ישראל

פון י. שמולעוויטש

די סאמע וויכטיגסטע פראבלעם איצט אין מדינת ישראל, וואס פארנעמט כסדר דעם אויבען־אן — נאך דער פראגע פון זיכערקייט פון דער מדינה און שלום מיט די אראבער — איז די ערווארטונג פון נייע מאסען אימיגראנטען. דאס מיינט א גרויסע שטרעבונג, וואס נעמט ממש אן דעם כאראקטער פון אן אומאויפהערליכער בענקשאפט, אז וואס מער אידען זאלען איצט קומען זיך באזעצען אין מדינת ישראל.

אייגענטליך, איז די דאזיגע דרינגענדע פראבלעם אויך זעהר ענג פארבונדען מיט דער זיכערקייט און די ווייטערדיגע עקזיסטענץ פון דער אידישער מדינה. און ווען מען רעדט אין ישראל איצט אומאויפהערליך וועגען נייע אימיגראנטען, מיינט דאס הויפטזעכליך אידען פון אמעריקע און פון אנדערע הויך־אנטוויקעלטע מערב־לענדער. וועגען דעם קאן מען איצט הערען אין ישראל אין אלע קרייזען.

פונקט ווי די אידען אין ישראל זיינען איצט זעהר באזארגט וועגן דער זיכערקייט פון דער מדינה, און די אויסזיכטען פאר שלום מיט די ארומיגע אראבישע לענדער, אזוי איז אויך וועגען נייע אימיגראנטען. וועגען דעם רעדען אויך מיט באזונדערער זארג די פירער פון דער מדינה. אויב איר קלויבט זיך צו פארען אויף א באזוך קיין ישראל, דארפט איר זיין גרייט — אזוי ווי דאס איז געווען מיט מיר — צו הערען וועגען דעם פון אלע זייטען.

די לאגע אין פארבינדונג מיט דער פראגע, איז איצט א פולשטענדיג אנדערע ווי דאס איז געווען אין די פריערדיגע יארען. נאך דער אנטשטייאונג פון מדינת ישראל, מיט קנאפע צוואנציג יאר צוריק, ווען אין לאנד זיינען געווען בלויז ארום 650 טויזענט אידען, זיינען דאמאלס נויטיג געווען מאסען נייע אידישע אימיגראנטען, כדי צו העלפען בויען און אנטוויקלען דאס לאנד. אויך איצט, פארשטעהט זיך, איז דאס פון גרויסער וויכטיגקייט.

איצט איז אבער דא נאך א באזונדערע דרינגענדע סיבה, צוליב וואס מדינת ישראל מוז אומבאדינגט האבען א נייעם שטראם אידישע אימיגראנטען. איצט האט די אידישע מדינה דריי מאל מער טעריטאריע, ווי דאס איז געווען פאר דער „זעקס טאגיגער מלחמה", עס איז א גרויס לאנד מיט ווייניג אידען.

צווייטענס, ביז דער פארטיידיגונגס־מלחמה מיט זעקס חדשים צוריק, האט די ניט־אידישע באפעלקערונג אין ישראל (מערסטענס אראבער) אויסגעמאכט עפעס מער ווי צען פראצענט. איצט האט די מדינה, אויף צוויי מיליאן מיט קנאפע 400 טויזענט אידען, א באפעלקערונג פון א מיליאן מיט 400 טויזענט אראבער און אנדערע ניט־אידען.

קיינער ווייס ניט, ווי אזוי עס וועט ערליידיגט ווערען דער איצטיגער קאנפליקט צווישען מדינת ישראל און די ארומיגע אראבישע לענדער. דער איצטיגער צושטאנד קאן אנהאלטען ווער ווייסט ווי לאנג. און עס איז דאך קיין סוד ניט, אז ווי אזוי דער קאנפליקט זאל ניט ערליידיגט ווערען, וועט ישראל ניט צוריקגעבען די מערסטע פון די דעראבערטע טעריטאריעס בעת דער פארטיידיגונגס־מלחמה. פון דעם איז קלאר, אז א גרויסע צאל פון די ניי־אריינגעקומענע אראבער, אפשר די מערסטע, וועלען בלייבען איינגעשלאסען אין דער אידישער מדינה.

די אידען אין ישראל האבען ווייניג קינדער, די אראבער קינדלען פיל. אידישע אימיגראנטען אין אזא צאל ווי דאס איז נויטיג, קומען איצט ניט אריין קיין ישראל. סא וואס איז די זיכערקייט, עקזיסטענץ און צוקונפט פון דער אידישער מדינה? עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואס ווען מען קומט קיין ישראל, הערט מען וועגען דעם דארטען רעדען מיט ווערטער פון אלארם. עס ווערט אנגעוויזען, אז אויב עס זאלען ניט אריינקומען מאסען נייע אידען־אימיגראנטען, אויב די אראבער אין ישראל וועלען האבען פיל קינדער, און די דארטיגע אידען וויניג, קאן אמאל קומען צו א לאגע, אז עס זאל זיין — אן אראבישע מערהייט.

עס ווערט אנגעוויזען, אז אויב עס וועלען ניט קומען די נויטיגע צאל אידען־אימיגראנטען, כדי צו קאנען באזעצען און אנטוויקלען די נייע טעריטאריעס, וועלען די גרויסע צאל אראבער אויך ענדערען דעם כאראקטער און אויסזעהן פון דער אידישער מדינה. כדי ווייטער איינצוהאלטען דעם כאראקטער און אינהאלט פון מדינת ישראל, ווי דאס איז פארפלאנצט און אויסגעפורעמט געווארען אין פארלויף פון די פארגאנגענע 19 יאר, מוז ישראל איצט האבען א נייעם שטראם אידישע אימיגראנטען.

דאס ווערט קלאר פאר יעדען איינעם, וואס קומט איצט אויף א באזוך אין ישראל. אומאפהענגיג פון די גרויסע דערגרייכונגען וואס מען זעהט דארטען, און פון דעם אומפארגעסליכען אפקלאנג פון דעם גרויסען זיג, וואס קוקט ארויס פון אלע טיילען לאנד, לאזט ניט אפ די זארג וועגען דער קליינער צאל אידען.

מען ווייזט־אן, אז עליה אדער ניט־עליה, וועט דעצידירען וועגען דעם גורל פון מדינת ישראל און אויך וועגען אירע גרעניצען. דאס מיינט אין דער ערשטער רייע, מאסען אידען־אימיגראנטען פון אמעריקע און פון אנדערע מערב־לענדער. דערביי רוקט מען אין ישראל ארויס טענות צו די ציוניסטען אין אמעריקע און אין אנדערע לענדער. מען ווייזט־אן, אז די ציוניסטען דארפען זיין צווישען די ערשטע, וואס זאלען קומען זיך באזעצען אין ישראל, און אויך סטימולירען אנדערע אזוי צו האנדלען.

אנדערע, ווידער, האלטען אז דאס פארען קיין ישראל פון אידען און דארטען אויסבויען זייערע נייע היימען, איז אן ענין ניט בלויז פון ציוניסטען. „מדינת ישראל — ווייזט מען אן — געהערט צו דעם גאנצען אידישען פאלק. יעדער איד, ציוניסט אדער ניט־ציוניסט, דארף העלפען בויען, שטארקען און פארזיכערען די גרויסקייט און גאנצקייט פון דעם אידישען היימלאנד".

די פירער פון מדינת ישראל זיינען אזוי באזארגט מיט דער ערנסטער פראגע, וועגען נייע אידישע אימיגראנטען פאר דער מדינה, אז עס ווערען ארויסגעבראכט פארשידענע פלענער. אריה פינקוס, דער פארזיצער פון דער אידישער אגענטור, למשל, האט ערקלערט אז ישראל דארף איצט האבען פערציג טויזענט נייע אידישע אימיגראנטען א יאר. ש. ז. שרגאי, הויפט פון דעם עליה דעפארטמענט ביי דער אידישער אגענטור, האט מיט א קורצער צייט צוריק ערקלערט אין ניו יארק, אז מדינת ישראל מוז האבען א מיליאן נייע אידען אין די קומענדיגע 10־15 יאר. אנדערע ווייזען־אן, אז אין די נאענטסטע 25 יאר מוז מדינת ישראל האבען ביי זעקס מיליאן אידען.

מען רעדט איצט און מען שרייבט כסדר אין ישראל וועגען דער וויכטיגקייט פון עליה. אפילו דער פרעמיער לוי אשכול, וועלכער איז איצט זעהר באשעפטיגט מיט די פאליטיש־דיפלאמאטישע ענינים ארום מדינת ישראל, רופט און ווארנט כסדר וועגען דער נויטיגקייט און וויכטיגקייט פון מאסען נייע אידישע אימיגראנטען. ערשט מיט א קורצער צייט צוריק, האט אשכול געמאכט א רירענדען רוף צו אידען אין די מערב־לענדער, אז אזעלכע זאלען קומען זיך באזעצען אין ישראל. דער פרעמיער האט דערביי אנגעוויזען, אז בלויז 64 פראצענט פון דער איצטיגער אלגעמיינער באפעלקערונג אין ישראל, זיינען אידן.

„וואס מער אידען עס וועלען זיין אין ישראל — האט לוי אשכול ערקלערט — אלץ לייכטער וועט זיין צו דערגרייכען איר טעריטאריעלע אויסשפרייטונג ביים עווענטועלען שלום־טיש. וואס פאר א פאליטישע לייזונגען עס זאלען ניט אמאל דערגרייכט ווערען, טארען זיי ניט באשטימט ווערען דורך דעם, וואס ישראל האט ניט קיין ווייטערדיגע אימיגראציע, אדער אויסזיכטען אויף עליה. דער שפעטערדיגער אויסזעהן פון מדינת ישראל איז געווענדעט פון אידען אליין, ספעציעל פון אידען אין די פרייע, דעמאקראטישע לענדער פון דער מערב־וועלט. אויב זיי וועלען זיך אנטשליסען צו קומען קאלאניזירען די טעריטאריעס, וואס ישראל האט היינט אין איר רשות".

אפילו די אידען אין אמעריקע, וועלכע לעבען אין וואוילשטאנד, האט פרעמיער אשכול געזאגט דארפען פארשטעהן די וויכטיגקייט פון דער דאזיגער היסטארישער אויפגאבע. באזונדערס וועלען דאס ווי געהעריג אפשאצען יוגענטליכע — האט ער צוגעגעבען — און קומען העלפען באשטימען דעם גורל פון דער גרויסער ישראל.

דוד בן־גוריון, דער בויער און געוועזענער פרעמיער פון מדינת ישראל, רעדט וועגען דעם ענין מיט נאך הארבע ווערטער. ער ווייזט כסדר אן, אז די פראגע פון נייע אימיגראנטען־אידען, איז די סאמע וויכטיגסטע פאר מדינת ישראל. אהן א גרויסע עליה — זאגט בן־גוריון — האט די אידישע מדינה ניט קיין קיום. ווי באוואוסט, פירט ער די גאנצע צייט א העפטיגען קאמף געגען די ציוניסטען אין אמעריקע, פאר ניט קומען זיך באזעצען אין ישראל. בן־גוריון ווייזט־אן, אז געבען געלט פאר דער אידישער מדינה איז ניט אלץ. דאס טוען איצט אלע אידען אין דער וועלט מיט א קליינעם אויסנאם. אפילו ניט־אידען גיבען אויך געלט פאר ישראל. די וויכטיגסטע אויפגאבע איז איצט עליה, און אין שפיץ פון דעם דארפען זיין די ציוניסטען. איז בן־גוריון'ס אויספיר.

ווי האלט עס טאקע מיט דער עמיגראציע פון אידען אין אמעריקע קיין ישראל? זייענדיג איצט אין מדינת ישראל, האט מען מיר איבערגעגעבן, אז זינט דער אנטשטעהונג פון דער מדינה האבן זיך דארטען באזעצט העכער 20 טויזענט אידען פון אמעריקע. מען ווייסט אבער אויך צו דערציילען, אז ביי פערציג פראצענט פון די דאזיגע האבען פארלאזט דאס לאנד, זיי זיינען צוריקגעפארען אהיים קיין אמעריקע.

דערביי דארף מען געדענקען, אז פיל צווישען די אמעריקאנער אידן, וועלכע האבען זיך באזעצט אין ישראל, זיינען ריטאיערטע מענשען. די אידישע מדינה קען פון אזעלכע ניט האבען דעם נויטיגען פראקטישען נוצען, ווי דאס דארף זיין אין דער ווירקליכקייט. געוויס ברענגען אזעלכע אידען מיט זיך אריין געהעריגע סומעס געלט, וואס דאס איז זעהר וויכטיג פאר דער מדינה. ישראל דארף אבער אויך אנדערע אידען פון אמעריקע.

„מיר דארפען איצט האבען — האט מען צו מיר געזאגט — און דאס איז ממש א נויט־פראגע, פארמעגליכע אידען פון אמעריקע, וועלכע זאלען אינוועסטירען אין נייע אינדוסטריעס און פארשידענע אונטערנעמונגען. מיר דארפען פאכלייט־ספעציאליסטען, געלערנטע, וויסענשאפטלער, יוגענטליכע און אנדערע, וואס וויסען ווי אזוי צו דינען זייער פאלק און לאנד. דאס איז דער דרינגענדער רוף פון אונזער צייט, וואס מוז דערהערט ווערען!"

דערביי מאכט מען זיך אין מדינת ישראל ניט קיין אילוזיעס. מען זעהט די ווירקליכקייט אין איר פולער ליכט. מען ווייסט אויסגעצייכנעט, אז סתם אידען פון אמעריקע, וועלכע פירען דא א גוטען לעבען, וועלען ניט איבערלאזען אלץ דא און אוועקפארען קיין ישראל. דאס קאנען טאן בלויז איבערגעגעבענע אידעאליסטען, וועמענס צאל עס איז א באגרעניצטע.

דערפאר האט לעצטענס די אידישע אגענטור, צוזאמען מיט דער ישראל־רעגירונג, אנגענומען א צאל וויכטיגע באשלוסען. דאס ניט זעהר גרויסע און ווייטגעהענדע מעגליכקייטען אידען אין אמעריקע, און אין אנדערע מערב־לענדער, צו עמיגרירען קיין ישראל, צוזאמען מיט די גרויסע פארלייכטערונגען, וועט די ישראל־רעגירונג מיט דער אגענטור איצט אנהויבען אן אלוועלטליכען פארשטארקטען קאמפיין, פאר א פארגרעסערטער אימיגראציע פון אידען פון די מערב־לענדער קיין ישראל.

איצט בלייבט צו זעהן, וואס פאר א רעזולטאטען דאס אלץ וועט ברענגען.

# איז ענגלישע דעמאקראטיע אין געפאר?

פון אונזער קארעספאנדענט אין ענגלאנד

וו. פינסבער

# איזוא און אירע פריינט

ערצעהלונג

פון מרים ראסקין

# פראגען וועגען געזונט

פון

ד״ר יעקב ב. גלען



# אידען אין דער וועלט אויפ'ן שוועל פון נייעם יאר

א ניי יאר פאר דער וועלט און פאר אידען. — וואס דאס פארגאנגענע יאר 1967 האט אונז געבראכט. — קליינע און גרויסע ישובים. — אידען צווישען די אנדערע פעלקער.

פון י. שמולעוויטש

נעכטען איז פון דעם קאלענדאר פארשוואונדען דאס לעצטע בלעטעל פון דעם אלטען, פארגאנגענעם יאר, היינט באגעגענט די וועלט דאס נייע יאר, 1968. אמת, מיר אידען, האבען א באזונדערען נייעם יאר, ראש השנה. דאמאלט מאכען אידען אן אייגענעם אידיש־רעליגיעזען סך־הכל פון א פארגאנגענעם יאר, מיט זיך אליין און פאר גאט.

אבער אידען זיינען אויך אומעטום א טייל פון דער וועלט. אידען לעבען צווישען אומצאליגע פעלקער. פארשידענע פראבלעמען פון די געגעבענע פעלקער און לענדער, זייערע זארגען, צרות און דורכפאלען, זיינען אויך דעריבער א טייל פון דעם אידישען פאלק.

דער גורל פון אידען איז שטענדיג געווען, איז אויך איצט און וועט ווייטער זיין, פארבונדען מיט'ן גורל פון פעלקער און מיט דער וועלט. אזוי איז אויך אפילו מיט דער זעלבסשטענדיגער מדינת ישראל, וועמענס זיכערקייט און ווייטערדיגער קיום איז פארבונדען און איז אפהענגיג פון דער וועלט. דארפען מיר דעריבער, אויף דער שוועל פון נייעם אלגעמיינעם יאר, אויך מאכען א סך־הכל וועגען אידען אין דער וועלט.

## די צאל אידען

לאמיר, קודם־כל, זעהן וויפיל אידען עס זיינען איצט דא אין דער וועלט. די ציפערען וואס מיר ברענגען ווייטער, ווייזען אונז די אידישע וועלט־מאפע. אין דער גאנצער וועלט לעבען איצט ביי 13 מיליאן מיט 600 טויזענט אידען. די דריי גרעסטע ישובים זיינען אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע (אריינגערעכענט קאנאדע), סאוועט־רוסלאנד און מדינת ישראל. דאס אלץ צוזאמען איז 78 פראצענט פון דעם גאנצען וועלט־אידענטום.

אויף אונזער אמעריקאנער קאנטינענט לעבען איצט ארום זעקס מיליאן אידען. א קנאפע העלפט פון זיי, צוויי מיליאן מיט 700 טויזענט, וואוינען אין ניו יארק. אין סאוועט־רוסלאנד לעבען ביי צוויי מיליאן מיט 800 טויזענט. אין מדינת ישראל זיינען איצט דא צוויי מיליאן מיט 400 טויזענט אידען.

אין אלע לענדער פון לאטיין אמעריקע זיינען איצט דא ביי א מיליאן אידען. פון דעם איז א העלבער מיליאן בלויז אין ארגענטינע. אין פראנקרייך לעבען העכער 500 טויזענט אידען, און אין ענגלאנד ביי 450 טויזענט. אין אלע קאמוניסטישע לענדער אין מזרח־אייראפע, האבען מיר א קנאפע פערטעל מיליאן אידען. פון דעם זיינען הונדערט טויזענט אין רומעניע.

גרעסטע אידישע ישובים זיינען אין אויסטראליע, סאוט־אפריקע. קליינע אידישע ישובים זיינען אין בעלגיע, שווייץ, איטאליע, שוועדען, האלאנד, דענמארק, נארוועגיע, פינלאנד און אין אנדערע לענדער אין מערב און צענטראל־אייראפע. ענליכעס קאן געזאגט ווערען וועגען די קליינע אידישע ישובים אין די לענדער פון נארד־אפריקע און אין אנדערע טיילען וועלט. אט דאס איז דער סך־הכל אין — ציפערן.

## אויפשטייג פון אנטיסעמיטיזם

אין פארגאנגענעם יאר זיינען מיר געווען עדות פון אן אויפשטייג פון אנטיסעמיטיזם, וואס האט איבערגעשטיגען אלע ערווארטונגען. דאסמאל איז די אנטיסעמיטישע וואקכאנאליע געקומען פון קוואלען, אויף וואס קיינער האט זיך דאס גארניט געריכט.

די גרויסע אנטיסעמיטישע העצע איז געקומען פון סאוועט־רוסלאנד — און דאס קומט אויך ווייטער — וואס איז נאך אן עקעלהאפטער שאנד־פלעק, פון וועלכען די מאסקווער פירער וועלען זיך קיינמאל ניט קענען אפוואשען. ווי מיר ווייסען, איז דאס אלץ, אין א גרויסער מאס, בעקומען אין פארבינדונג מיט דעם הערלאישען זיג פון דער ישראל־ארמיי בעת דער „זעקס־טאגיגער מלחמה" אין יוני. די סאוועטיש־קאמוניסטישע העצע איז גאר דערפאר, ווייל די אידען אין ישראל האבען זיך ניט געלאזט אויסשעכטען פון די אראבער־אגרעסארן, וועלכע זיינען געשטיצט און באוואפענט געווארען פון די סאוועטישע הערשער.

אויך פריער, פאר דער ישראל־אראבישער מלחמה, איז סאוועט־רוסלאנד ניט געווען ריין פון אנטיסעמיטיזם. פון זינט סטאלין און דורך כרושטשעוו, ביז ברעזשניעוו און קאסיגין איצט, ווערט אין סאוועט־רוסלאנד דורכגעפירט א גענויע אנטיסעמיטישע „ליניע". אבער פריער, ביז דעם זיג פון ישראל, איז דאס הויפטזעכליך געווען פאר'ן אינערליכען געברויך, עס האבען דאס גוט געפיהלט די דארטיגע אידען.

פון זינט דעם פארגאנגענעם יוני, קומט דער ברוטאלער אנטיסעמיטיזם פון די מאסקווער הערשער צום אויסדרוק אויף א ריזיגען עפענטליכען פארנעם, פאר דער גאנצער וועלט. דאס איז געטאן געווארען און עס ווערט ווייטער געטאן, דורך אומצאליגע אנטיסעמיטישע ארטיקלען און צייכענונגען אין דער סאוועטישער פרעסע, וואס אזעלכעס האט מען בלויז געזעהן — געגען אידען — אין די צייטען פון פארשאלטענעם היטלעריזם. דאס איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין די אנטיסעמיטישע העצ־רעדעס פון די סאוועטישע פארטרעטער אין דער יו־ען.

אין זעלבען גייסט האבען אויך געהאנדעלט אלע קאמוניסטישע רעזשימען אין מזרח־אייראפע, מיט'ן אויסנאם פון רומעניע. ביז דעם אויסברוך פון דער ישראל־אראבישער מלחמה, האבען די הערשער פון די פארשידענע קאמוניסטישע לענדער גראד זיך יא פריינטליך באצויגען צו די דארטיגע אידען. אבער אויפ'ן רוף און אונטער'ן דרוק פון מאסקווע, וואס איז געטאן געווארען ביי א ספעציעלער קאנפערענץ מיט פארטרעטער פון די קאמוניסטישע לענדער, האט זיך אלץ געענדערט.

די פירער פון די קאמוניסטישע לענדער — אויסער רומעניע — קומען כסדר ארויס מיט שענדליכע העצעס און בילבולים אויף מדינת ישראל און געגען אידען בכלל. אויף דעם געביט האבען זיך באזונדערס אויסגעצייכענט די קאמוניסטישע פירער פון פוילען, בראש מיט וולאדיסלאוו גאמולקא. די דאזיגע „ליניע" האבען אפילו אויך נאכגעפאלגט דאס הייפעל אידישע קאמוניסטען אין פוילען. מיר בעדענקען נאך אלע די טרויעריג־בארימטע דעקלאראציע פון דעם „קולטור־געזעלשאפטליכען פארבאנד פון אידען אין פוילען", אין וועלכער מדינת ישראל איז געשטעמפעלט געווארען אלס „אגרעסאר"...

זאל דערמאנט ווערען, אז דער טראגישער טויט פון טשארלס דזשארדאן, דער פירער פון „דזשאינט", איז אויך געווען א רעזולטאט פון דער דאזיגער אנטיסעמיטישער העצע. די ליבעראלע טשעכיע, וואס איז שטענדיג געווען ווייט פון אנטיסעמיטיזם, האט אויך אויף דעם געביט פון אנטי־ישראל און אנטיסעמיטישער העצע, בענוי אויסגעפירט דעם ווילען פון מאסקווע. דזשארדאנ'ס טויט אין פראג, וואס איז ביז איצט איינגעהילט אין א געהיימניס, איז ניט געווען קיין צופאל.

## פרעזידענט דע גאל און די פראנצויזען

אין דעם פארגאנגענעם אלגעמיינעם יאר האבען מיר געהאט פארשידענע פאסירונגען, וואס זיינען פאר אונז געווען א גרויסע איבערראשונג. איינע פון די דאזיגע איבערראשונגען, וואס דער גרעסטער פאנטאזיאר וואלט ניט געקענט צוטראכטען, איז געווען דער ארויסטריט פון פראנקרייך'ס פרעזידענט שארל דע־גאל, געגען מדינת ישראל און אויך געגען אידישען פאלק בכלל.

לאמיר ניט פארגעסען, אז ביז איצט איז פראנקרייך געווען פריינטליך ניט בלויז צו מדינת ישראל, נאר אויך צו אידען בכלל. באלד נאך דער מלחמה, ווען די טויערן פון די מערסטע לענדער אין דער וועלט זיינען געווען געשלאסען פאר די געראטעוועטע און שווער־געליטענע אידען פון היטלער־גיהנום, איז פראנקרייך אויף דעם געביט געווען אן אויסנאם. מען דארף אויך געדענקען, אז כמעט די גאנצע אומלעגאלע עליה, וואס איז באלד נאך דער מלחמה געגאנגען אין אייראפע קיין ארץ־ישראל, איז געווען דורך פראנקרייך.

פון די ברעגען פון פראנקרייך זיינען אפגעפארען די מערסטע „אומלעגאלע" שיפען, מיט צענדליגער טויזענטער אידישע פליכטלינגע, וועלכע זיינען אריינגעקומען קיין ארץ־ישראל, ניט געקוקט אויפ'ן פארבאט פון ענגלאנד. דאס איז אבער געווען אין דער צייט, ווען ביי דער מאכט אין פראנקרייך זיינען געווען די סאציאליסטישע פירער לעאן בלום, זשיל מאק, דאניעל מייער און אנדערע.

איצט האט דע־גאל אויסגעדרעהט דעם דישעל, ווייל ער דארף דאס האבען פאר זיינע פאליטישע צילען און אינטריגעס און פאר זיין „גרויסקייט". ביים וועלען געפעלען ווערען די אראבישע לענדער, סאוועט־רוסלאנד, דער רויטער כינע און די אנדערע קאמוניסטישע לענדער, לאזט דע־גאל אויס זיין כעס צו ישראל און אידען. ער וויל דורך דעם דורכפירען א מיסיע — ווי דאס איז זיין שטייגער — וואס זאל אויך טרעפען אמעריקע.

אונזער איינציגער טרייסט איז, אז דער אלטער און פאר'עקשנ'טער דע־גאל וועט ניט שטענדיג הערשען אין פראנקרייך.

## די דערהויבונג פון פינסטערע כוחות

לאמיר אויך פארצייכענען, אז אין דעם פארגאנגענעם יאר, באזונדערס טאקע נאך דער „זעקס־טאגיגער מלחמה", איז די לאגע פון די ארום הונדערט טויזענט אידען אין די אראבישע לענדער, געווארען זעהר פארערגערט. אויך פריער איז דאס לעבען פון אונזערע ברידער אין יענע לענדער ניט געווען קיין גוטע. איצט איז זייער לאגע א טראגישע.

אידען אין די אראבישע לענדער שמאכטען אין טורמעס, זיי ווערען געשלאגען און געפייניגט; אראבישע כוליגאנעס רויבען זייער האב און גוטס, עס ווערען פארברענט שוהלען און — די וועלט שווייגט.

אין פארגאנגענעם יאר האבען אויך די נעא־נאציס אין דייטשלאנד אויפגעהויבען העכער זייערע קעפ. דאס זעלבע איז אויך געווען מיט אנטיסעמיטישע עקסטרעמיסטען, פון רעכטס און אויך פון לינקס, אין פארשידענע לענדער. אונזער גרויסע און געבענשטע אמעריקע, איז פון דעם אויך ניט געווען פריי.

דאס אלץ איז, אין דער ערשטער רייע, געווען א רעזולטאט פון דער פארשטארקטער אנטי־ישראל און אנטיסעמיטישער העצע, וואס איז געקומען פון די הערשער פון מאסקווע און פון די אנדערע קאמוניסטישע לענדער. אויב זיי טוען דאס; אויב זיי ווייזען אז ישראל און אידען זיינען „אגרעסארס"; אז אידען זיינען „נאצי־פארברעכער" און ענליכעס, פארוואס זאלען ניט מעגען אנדערע?...

## טרייסט און האפענונג

אויף דער שוועל פון נייעם יאר, זייענדיג ארומגערינגעלט פון פארשידענע פעלקער, האבען אידען — אויסער אלגעמיינע און אלמענשליכע — אויך אייגענע פראבלעמען און זארגען. באזונדערס שווער איז די לאגע פון די גאר קליינע ישובים. די צאל אידען דארטען איז ווייניג און אזעלכע קליינע ישובים ווערען פארשלונגען פון אסימילאציע, געמישטע חתונות און אויך פון שמד. אזעלכע אידישע ישובים ראנגלען זיך ממש פאר'ן ווייטערדיגען קיום און המשך.

אבער אויך גרעסערע און גאר גרויסע אידישע ישובים זיינען ניט פריי פון שוועריגקייטען און זארגען. אפילו ביי אונז אין אמעריקע, וואו עס לעבט כמעט א העלפט פון דעם גאנצען אידישען וועלט־פאלק, הערשט די אסימילאציע, עס ווערט גרעסער די צאל געמישטע חתונות ביי אידען. דאס טאר ניט פארזעהן און פארנאכלעסיגט ווערען, אזוי לאנג ווי עס איז ניט צו שפעט.

צוזאמען מיט אלע פעלקער אין דער וועלט און מיט דער גאנצער מענשהייט, שפאנען מיר, אידען, היינט אריין אין דעם נייעם יאר 1968. די נייע זארגען און פראבלעמען פון דער וועלט, די ערפאלגן און דורכפאלען, וועלען אויך זיין אונזערע. ביי דעם אלעם, טארען מיר אבער ניט פארגעסען צו שטעהן אויף דער וואך פון ספעציפישע אייגענע אידישע אינטערעסען, פאר שטארקען און פארפעסטיגען דאס אידישע לעבען און אונזער פאלק, אומעטום.

אזוי איז געווען שטענדיג, אין אלע צייטען און ביי פארשידענע באדינגונגען. אזוי איז דאס איצט. אזוי וועט אויך אין דער צוקונפט זיין דער גורל פון דעם אידישען פאלק.

# חנוכה־ניי־יאר סעודות פארבייטען די קריסטמעס'דיגע פארטיס

פון י. דזשעקסאן

א נייע מאדע ביי אידישע בארימטהייטען פון דער פארוויילונגס־וועלט. — מ'האט „געווארפען אן אומ'חן" אויף די אמאליגע ערב קריסטמעס פארטיס אין די אפיסעס. — די בענקשאפט נאך לאטקעס, געבראטענע גענזלעך און גריבענעס.

ערשט מיט א פאר יאר צוריק זיינען די „אפיס קריסטמעס פארטיס" (וואס פלעגען געפראוועט ווערען ערב קריסטמעס אין די אפיסעס) געווען פאפולער ביז גאר. גרויסע פירמעס פלעגען זיך לאזען קאסטען א שעהנע פאר דאלער אויף די דאזיגע פארטיס, וועלכע פלעגען געפראוועט ווערען אין די אפיסעס גופא. מען פלעגט מכבד זיין אלע אנגעשטעלטע פון העכסטן ביז'ן קלענסטען מיט סענדוויטשעס און אנדערע צובייסען און געטראנקען, און שנאפס פלעגט זיך גיסען און מען פלעגט זיי פרעזענטירען מיט די קריסטמעס מתנות.

די דאזיגע פארטיס פלעגען זיין גאנץ „דעמאקראטיש" — אלע זיינען געווען גלייך. די אנטיילנעמער פלעגען אפט איבערכאפען די מאס מיט א איבעריגען שנעפסעל. פיל מער ווי מ'האט געקענט פארטראגען. די פארטיס פלעגען ווערען גאנץ פרעהליך און טומעלדיג און אפט אויך א קאפיטשקע וואולגאר. מ'פלעגט אויך אריינזאגען אפט פארשניאשקעטערהייט דעם באס אדער א העכערען באאמטען ביז'ן זיבעטען ריפ אריין. איר ווייסט דאך: וואס ביי א ניכטערען אויפ'ן לונג איז ביי א שיכור'ען אויפ'ן צונג. און אפט פלעגען זיך די קריסטמעס־אפיס פארטיס ענדיגען מיט סקאנדאלען און אלערליי פליאטקעס.

די קריסטמעס אפיס פארטיס האבען זיך אפט געענדיגט מיט נאך טרויעריגע פאלגען. אן אנגעשטעלטער, וועלכער איז געווען „צו אפענהערציג" שיכור'ערהייט, ארויסגאגענדיג א מיינונג וועגען באס, אדער צו „עזות'דיג" צום „עקזעקוטיוו" (העכערער באאמטער) האט גלייך נאך קריסטמעס פארלוירען דעם דזשאב. אדער געליטען אנדערע צרות צוליב זיין „לאנגען צונג". אפט פלעגט מען אונטערטראגען פליאטקעס וועגען דעם אדער יענעם פארהייראטען מאן אדער א פרוי'ס „אויפפירונג" אדער טשעפען זיך צום געגנערישען מין ביי דער פארטי, צו יענעמ'ס ווייבעל (וועלכע פלעגט געווענליך מוזען „זיצען אין הויז" ביי דער פארטי), און עס פלעגען זיך פארקאכען אלערליי פאמיליען־קריגערייען און זאגאר טראגעדיעס פון צעשטערטען שלום־בית...

די קריסטמעס־אפיס פארטיס זיינען געווארען אזוי טומעלדיג און אויפרייסענד, אז א היפש ביסעל אפיסעס, וועלכע פלעגען ארגאנזשירען קריסטמעס פארטיס צו פארשאפען א קאפיטשקע פארגעניגען פאר אנגעשטעלטע האבען אינגאנצען אויפגעהערט צו ארגאנזשירען זיי. אנשטאט אויסצוגעבען געלט אויף דער פארטי האט מען אויסגעטיילט די קריסטמעס מתנות א טאג פאר'ן ערב קריסטמעס און באפרייט די אנגעשטעלטע פון אריינקומען צו דער ארבעט אינ'ם טאג פון ערב קריסטמעס גופא.

און די פירמעס וועלכע האלטען נאך אלץ אין דעם מנהג פון אפהאלטען אן אפיס־קריסטמעס פארטי, ארגאנזשירט מען די צוזאמענקונפטען אין האטעלען אדער רעסטאראנען וואס האבען באזונדערע קלענערע עס־צימערען. די דאזיגע פארטיס זיינען סטאטעטשנערע ווי די וואס מען פלעגט אפהאלטען אין די אפיסעס. די געלאדענע האבען ניט געפילט זיך אזוי הפקר פעטרישקע'דיג, ווי ביי זיך אין דעם אייגענעם אפיס און מ'האט זיך, ווי מ'זאגט אין ענגלישען אידיש „בעהעיווט".

די צאל פון די ערב קריסטמעס'דיגע אפיס פארטיס איז האיאר באזונדערס אפגעפאלען פון אמאליגען פארנעם צוליב נאך אן אורזאך, צוליב דעם וואס דער לעצטער וואכעדיגער ארבעטס־טאג פאר קריסטמעס איז אויסגעפאלען אום פרייטאג.

אזוי ווי שבת און זונטאג איז מען „אף" פון דער ארבעט אין די מערסטע אפיסעס און קריסטמעס איז געווען אום מאנטאג, האבען א היפש ביסעל גרויסע פירמעס מיט טויזענטער אנגעשטעלטע ערקלערט פרייטאג אלס א טאג „אף" און ערלויבט די אנגעשטעלטע ניט צו קומען צו דער ארבעט און האבען אזוי ארום א לאנגען וויקענד פון 4 טעג...

אנשטאט צו פראווען ערב־קריסטמעס פארטי האט מען האי־יאר אין א היפש ביסעל אפיסעס — באזונדערס פון אידישע פירמעס, וואו ס'ארבעטען א סך אידען, ארגאנזשירט א מין בשותפות'דיגע „חנוכה־ניי־יאר'ס פארטיס". חנוכה און ניי־יאר זיינען גראד האיאר אויסגעפאלען צוזאמען, האט מען צוזאמענגעפירט ביידע יום־טובים אין איינעם און מען איז יוצא געווען פאר אלעמען איך אדער קריסט... רעסטאראנען און דעליקאטעסען סטארס אין ביזנעס צענטערס האבען האיאר געטאן גוטע ביזנעס פון די חנוכה פארטיס...

מעקס אסנאס, אדער ווי מ'רופט אים „מעקס פון דער סטעידוש", דער אייגענטימער פון בארימטען „סטעידוש דעליקאטעסען", וועלכער איז איינער פון די פאפולערסטע רעסטאראן אייגענטימערס אינ'ם ניו יארקער טעאטער דיסטריקט, האט מיר דערצעהלט אנומעלטען, אז ער האט האיאר „גע־קעיטערט", ס'הייסט, סערווירט אדער צוגעשטעלט עסנווארג אויסערהאלב זיין רעסטאראן, אלערליי טראדיציאנעלע אידישע מאכלים, ווי קישקע, געהאקטע לעבער און דאס גלייכען ביי א היפש ביסעל חנוכה סעודה'לעך, וואס זיינען געפראוועט געווארען אין אפיסעס און אויך פריוואטע היימען פון פילע בארימטהייטען פון דער פארוויילונגס וועלט. פיל מער ווי אירגענד ווען פריהער.

די „סטעידוש" דעליקאטעסען איז בארימט איבער דער גאנצער וועלט מיט די פאסטראמי קארנד־ביף „ספעשעלס" און נאך אזעלכע מאכלים. מר. אסנאס שיקט זיינע דעליקאטעסען צו עסערס אין אלע טיילען פון דער וועלט. אנומעלטען האט ער אפגעשיקט טויזענט פונט פאסטראמי און אנדערע מינים דעליקאטעסען צו די „בא'יס אין וויעטנאם". די אידישע און ניט־אידישע בארימטהייטען, וועלכע עס קומט אויס צו פארברענגען ערגעץ־וואו אין אויסלאנד שרייבען אויס „מעקס'עס" דעליקאטעסען סענדוויטשעס, וועלכע ער שיקט צו זיי דורך עראפלאנען.

„פאר די לעצטע פאר יאר איז געווארען א מאדע ביי די אידישע טעאטער, טעלעוויזשאן און ראדיא מענשען אפצוהיטען חנוכה צוגלייך מיט קריסטמעס און ניי־יאר, וואס זיינען נאך אלץ וואכעדיגע יום־טובים ביי זיי — האט מיר מעקס אסנאס דערצעהלט — כ'פלעג אימער זיין ביזי צושטעלענדיג די סענדוויטשעס און עסענס צו די דאזיגע סעודה'לעך.

— האיאר, צוליב דעם וואס חנוכה און „ניו יערס איוו" פאלען אויס אין איין וואך, בין איך געווען באזונדערס ביזי. די אידישע בארימטהייטען פראווען חנוכה־סעודות אין די אפיסעס און אויך היימען, אויב זיי האבען גרויסע אפארטמענטס און דאינינג רומס. כ'גרייט צו פאר זיי די עסענס, אלערליי דעליקאטעסען און סטווירדזשען סענדוויטשעס און כ'שיק עס צו זייערע הייזער. אפט שיק איך מיט א וועיטער אדער צוויי, אדער א „קאונטערמאן", אז ער זאל סערווירען די געסט ביי די סעודה'לעך אין די פריוואטע היימען.

כ'קריג אפט באשטעלונגען צו דעליווערען גאנצע טוירקיס, און קישקע, קאשע אדער אנגעשטאפטע זיס־זויערע קרויט, געהאקטע לעבער, געפילטע פיש און נאך אזעלכע „היימישע מאכלים" מיט וועלכע די בארימטהייטען קוויקען זיך. כ'שיק זיי פופיקעס, טוירקי פאלקעס און דאס גלייכען...

האיאר האב איך געקראגען א באשטעלונג אפצובראטען א „גענזעל". דער ארדער איז געקומען פון א בארימטען טעלעוויזשאן פראדיוסער, ביי וועלכען ס'ליגט נאך אין מויל דער טעם פון געבראטענע גענזלער און גריבענעס, וואס ער פלעגט עסען אין זיין עלטערנ'ס היים ווען ער איז נאך געווען א קינד. דער פראדיוסער, אגב, איז מיינער א לאנדסמאן.

גענדז זיינען ניט געוואלדיג פאפולער ביי אידיש־אמעריקאנער אין אמעריקע. אבער כ'האב זיך געמיט און געקראגען א גאנדז פאר אים און כ'האב געלערענט דעם קוכער אלע פיטשעווקעס ווי צו מאכען גריבענעס (געפרעגעלטע הויט מיט שמאלץ) און כ'האב עס דעליווערט צום פראדיוסער. ס'האט געזאלט זיין א סורפריז. אבער דער סוד איז אויסגערונען און כ'האב געקראגען נאך א פאר באשטעלונגען פון אנדערע בארימטהייטען כ'זאל פאר זיי אויך אפבראטען גענדזלעך... האט מיר מעקס אסנאס דערצעהלט.

— „דער פראדיוסער האט געפראוועט אן עכטע אידישע חנוכה־סעודה. ער האט אויך אנגעצונדען חנוכה־ליכט אין א גרויסער מנורה... אויב ער האט געזאגט די ברכות ווייס איך ניט. ער איז געקומען אהער אלס א קליין אינגעלע, איז ער א קאפיטשקע שטומפיג אויף דער עברי", קוים וואס ער קריכט דורך דעם קדיש, ווען ער האט יאר־צייט, האט מעקס אסנאס דערצעהלט.

— כ'האב אויך געקראגען א היפש ביסעל באשטעלונגען צוצו־

(שלוס אויף זייט 3)

# די גאלדענע חתונה

ערצעהלונג

פון מרים ראסקין

עס איז געווען פופציג יאר זינט הערש בערעזאווסקי און זיין ווייב פרומע לאה האבען חתונה געהאט, און אין דער פאמיליע איז באשלאסען געווארען צו פראווען די „גאלדענע חתונה". דאס איז געווען דער פארלאנג פון די אויסגעוואקסענע קינדער, וועלכע האבען זייער טאטע־מאמע ליב געהאט און זיי געוואלט מיט עפעס דערפרייען.

אז פרומע לאה האט וועגען דעם דערציילט איר מאן, איז ער גארניט געווען צופרידען:

— ווער דארף האבען דעם פאראד! וועמענס קאפ איז דאס געווען אויסצוטראכטען א גאלדענע חתונה פאר אונז? — האט ער זיך געבייזערט.

— וואס ארט דיך — האט פרומע לאה גענומען אים איינריידען מיט גוטען — די קינדער ווילען דאס. דו דארפסט זיין צופרידען, וואס זיי האבען אונז אין זינען.

האט שוין הערש זיך געמוזט אונטערגעבען. פארפאלען.

פינף קינדער האבען די בערעזאווסקי'ס געהאט. זיי זיינען אלע געווען אויסשטודירטע אין די קאלעדזשעס. איין זוהן איז א דאקטאר, דער אנדערער אן אינזשינער און דער דריטער איז א לאיער. פון די צוויי טעכטער איז איינע א לערערין און די אנדערע, אויך א געלערענטע. איר מאן איז אן אסיסטענט פראפעסאר אין א קאלעדזש. זיי זיינען שוין אלע פארהייראט און גוט פארזארגט. טאטע־מאמע האבען אין די ערשטע יארען שווער געארבעט, אז די קינדער זאל גארניט פעלען. מען האט געוואלט, אז זייער לעבען זאל ניט זיין אזוי שווער, ווי עס איז געווען דאס לעבען פון זייער טאטע־מאמע.

נאר הערש בערעזאווסקי טראגט זיך ארום מיט ספקות אין הארצען וועגן זיינע קינדער. ער האט אמאל בעהאפט, אז די קינדער זיינע, ווען זיי וועלען אויסוואקסען, וועלען זיי געהן אין זיינע וועגען. ער, הערש, איז געווען א איד מיט א ווארעם אידיש הארץ. ער האט מיטגעלעבט מיט די אידישע ליידען און מיט די אידישע פריידען. אבער די קינדער זיינע? זיי זיינען געלערענט. אבער וואס ווייסען זיי פון אידיש לעבען? צי זיינען זיי שטאלץ מיט זייער אפשטאם? ער, דער טאטע, האט ניט געקענט איינפלאנצען אין זיי דעם אידישקייט־געפיל, און עס טוט אים אזוי באנג וואס די קינדער זיינע זיינען ווי אפגעפרעמדט פון אים.

פרומע לאה, דאס ווייב פון הערש בערעזאווסקי, איז ניט געווען אזוי געלערענט ווי איר מאן, נאר זי האט געהאט איר אייגענעם וועג, ווי אזוי צו פירען זיך מיט אירע קינדער, אז זיי זאלען ניט אפגעפרעמדט ווערען פון טאטע־מאמע. זי האט אירע קינדער צוגעבונדען צו זיך מיט איר שטענדיגען זארגען זיך וועגען זיי, מיט איר מאמעשער גוטסקייט, וואס איז געווען אהן א גרעניץ. זי איז ניט געווען מיט זיי שטרענג, נאר געהאלטען אן אויג אויף זייערע טואונגען.

שפעטער, אז די קינדער האבען אלע חתונה געהאט, זיינען זיי זיך צעפלויגען איבער אלע ווינקלען פון דער גרויסער שטאט. ווער אויף דער „וועסט־סייד", ווער אין ברוקלין און ווער אין לאנג איילענד. נאר פרומע לאה האט ניט גערוהט. זי האט אירע קינדער געהאלטען נאהענט צו זיך דורך די אידישע יום־טובים, וואס זי פלעגט אלע מאל פראווען. זי האט די קינדער צונויפגערופען דורכ'ן טעלעפאן. זי האט אנגעגרייט א גוטע וועטשערע און די קינדער פלעגען קומען צוזאמען מיט זייערע פאמיליעס. זיי האבען זיך פארבענקט נאך די געשמאקע אידישע עסענס, נאך דער אלט־מאדישער שטוב, זייער געוועזענע היים, וואו זיי האבען בעפילט די ווארעמקייט און געטריישאפט. און פרומע לאה, א פארפלאמטע און א שיינענדיגע, האט צוגעטראגען צום טיש אלץ נייע מאכלים.

און הערש, דער טאטע, האט אויך הנאה געהאט צו זעהן זיינע קינדער ארום זיך, און ער האט אין דער מינוט פארגעסען זיינע ספקות.

נו, און איצט איז געקומען דער אווענט פון דער גאלדענער חתונה. די שמחה איז געפראוועט געווארען טאקע ביי די בערעזאווסקיס אין הויז. עס איז געווען א געראמע וואוינונג, מיט גרויסע צימערן. אין דאינינג־רום איז דער אלט־מאדישער טיש מיט פליגלען געווען פאנאנדערגערוקט. באלד האבען די געסט שוין אנגעהויבען קומען. אלע פינף קינדער מיט זייערע פאמיליעס זיינען שוין דא געווען.

— העלאו, מא! העלאו פא! — האבען זיך שוין געהערט זייערע מונטערע שטימעס.

הערש בערעזאווסקי, א שטארק אויפגעלעבטער, האט א שמועס געטאן דא מיט איין זוהן, דא מיט אן אנדערן, און די ספקות וועגען זיי זיינען אפגעטרעטען אן א זייט. פרומע לאה איז געשטאנען אין קיך א פריילעך פארהאוועטע. זי האט געהערט די שטימעס פון אירע קינדער. און יעדער קול האט זיך אפגערופען ביי איר אין הארצען. אירע צוויי טעכטער, בעסי און ריווא, זיינען באלד אריינגעקומען אין קיך איבערצונעמען דער מאמע'ס ארבעט. זיי האבען צו איר געזאגט:

— גיי, גיי צום טיש, עס איז היינט דיין פארטי, און דו דארפסט גארניט טאן.

די בערעזאווסקיס זיינען געווען א גרויסע משפחה, און צו דעם אווענט פון דער גאלדענער חתונה ביי הערש'ן און פרומע לאה'ן זיינען אלע געקומען: ברידער, שוועסטער, שוועסטער־קינדער, פעטערס און מומעס, און מען האט זיך געפרייט פון דער באגעגעניש. מען האט זיך געזעהן אזוי זעלטען, יעדערער צעווארפען איבער די ווייטע געגענטען פון דער גרויסער שטאט.

באלד זיינען די געסט שוין געווען אויסגעזעצט ארום דעם גרויסען טיש. די ליכט פון אלע לאמפען האבען העל געשיינט. מארי, דער עלטסטער זוהן, האט צועפענט פלעשלעך וויין און אנדערע געטראנקען און דאס עסען האט זיך אנגעהויבען.

די פריילעכקייט ביים טיש איז געשטיגען פון דעם אויסגעטרונקענעם וויין, און אידישע ווערטלעך און וויצען זיינען געפלויגען פון איין עק טיש צום אנדערן. דעם הויפט־טאן האט געגעבען איינער פון די געסט, דער „פעטער נחום". ער איז געווען דער עלטסטער פון דער משפחה. ער האט שוין אויסגעזעהן שטארק פארעלטערט; די האר ווייס, ווי מיט א פרעסטעל פארצויגען; פון אונטער די ברילען האבען ארויסגעקוקט א פאר אלטע, קלוגע אויגען, וואס אין זיי האט זיך נאך געטוקט דער אומעט פון דער ווייטער ליטע. ער האט היינט הנאה געהאט פון דעם, וואס די משפחה איז זיך אזוי שעהן צעוואקסען אויף דער היגער, אמעריקאנער ערד.

א באזונדערער טיש איז אוועקגעשטעלט געווארען פאר יונגווארג, פאר די זיהן און טעכטער פון דער משפחה. עס איז אויסגעוואקסען א נייער דור אין דער בערעזאווסקי משפחה; שיינע, געזונטע חברה־לייט. זיי האבען גערעדט מיט הילכיגע שטימעס, רוישיגע, האפערדיגע. זיי האבען אלע שטודירט אין די קאלעדזשעס, און מאנכע פון זיי האבען זיך שוין געגרייט צו פארנעמען וויכטיגע שטעלעס.

און דארט, ביים גרויסען טיש, זיינען געזעסען די טאטעס און מאמעס פון אט דעם יונגווארג, און זיי האבען געקוקט מיט ליכטיגע אויגען אהין צו דעם יונגווארג. זיי אליין האבען איצט אויסגעקוקט עפעס איינגעשרומפען — קלענער, אנטקעגען זייערע קינדער, און עס האט זיך זיי עפעס ניט געגלויבט אז זיי האבען דאס אויסגעהאדעוועט אזעלכע שיינע, צעוואקסענע מוידען און בחורים, ווי די ריזען, און אזעלכע פריילעך־לוסטיגע, צעשפילטע. און אין דער אייגענער צייט אזעלכע פעהיגע, מיט שארפע, אידישע קעפ. וואס זיינען אומעטום די ערשטע אויפ'ן צעטל צו געווינען אויסצייכנונגען.

עס איז שוין געווען שפעט אין אווענט, נאר מען איז זיך נאך ניט פאנאנדערגעגאנגען, ווי צו וועלען וואס לענגער אנהאלטען דעם יום־טוב. אימיצער ביים גרויסען טיש האט פארצויגען א ניגון פון א אידיש ליד. באלד האבען נאך אנדערע אונטערגעכאפט דעם ניגון. מען האט געזונגען מיט גרויס געפיהל נאך אנדערע אידישע לידער, ווי מען וואלט געוואלט זיך ארויסריידען פון הארצען; ווי צו זעטיגען די אויפגערודערטע בענקשאפטען, וואס יע'ערער דא האט געטראגען טיף אין הארצען.

פרומע לאה איז צוגעגאנגען צום טיש, וואו דאס יונגווארג איז געזעסען, און זי האט זיך געווענדעט צו איר אייניקעל רוטי, וואס זי, פרומע לאה, האט געהאט אויסגעלערענט זינגען עטליכע אידישע לידער.

— זינג עפעס א אידיש ליד, רוטי — האט זי איר געזאגט — דו קענסט דאך זינגען.

— גוט, באבע — האט רוטי לאנג זיך ניט געלאזט בעטען. זי האט זיך אויפגעהויבען פון טיש, איז צוגעגאנגען צו דער אלטער פיאנא, וואס איז געשטאנען אין א ווינקעל, זיך געזעצט אויפ'ן הויכען שטול און אנגעהויבען שפילען און זינגען א באקאנט אידיש ליד:

„האבען מיר א ניגונ'דל אין
נחת און אין פריידען,
אין נחת און אין פריידען;
זינגען מיר און זינגען מיר
און זינגען אט אזוי.
דאס האט נאך געזונגען די
באבע מיט'ן זיידען,
ווען זיי זיינען קינדערלעך
געווען..."

אלע האבען באלד אויפגעכאפט די ווערטער און מיטגעזונגען מיט רוטי'ן.

דערנאך זיינען געקומען נאך לידער: „לאמיר זיך איבערבעטן", „די מיזינקע אויסגעגעבען" און „יאשקע פארט אוועק". אלע האבן מיט גרויס הנאה מיטגעזונגען און הערש בערעזאווסקי, דער בעל־שמחה, איז געזעסען אן א זייט און האט מיט'ן פוס צוגעקלאפט צום טאקט פון די ניגונים. אט דער הערש, דער צווייפלער, וואס ער איז קיינמאל ניט געווען צופרידען און וואס האט אין אנהויב גארניט געוואלט האבען קיין גאלדענע חתונה, האט איצט געהאט גרויס פארגעניגען פונ'ם גאנצען אווענט.

נאר מער פון אלעמען האט איצט הנאה געהאט פרומע לאה. זי איז געזעסען לעבען איר מאן און זי האט אינגאנצען געשיינט. זי האט דאך אלע מאל געוואלט, אז די פאמיליע זאל ניט אפגעפרעמדט ווערען, אז מען זאל זיך האלטען צוזאמען. זי האט געטראגען א שעהן, שווארץ קלייד, מיט א ווייס קעלנערל ארום האלז. אירע גרויע האר פארקעמט גלאט, מיט א שרונט אין מיטען. זי האט נאך אויסגעקוקט גענוג קרעפטיג, ווי א בוים א שטארקער, וואס האט שוין איבערגעטראגען איבער זיך א סך שטורעמס און ער איז פארבליבען גאנץ.

# פראגען וועגן געזונט

פון דר. יעקב ב. גלען

סעם ש., ניו יארק

געבאפערטע (באפערד) אספירין איז אזוי גוט ווי באפערין. צי זיי טוען אריין עפעס מער אין דעם „באפער" — וואס איז מסתמא א סאדיום ביקארבאנאט — פון באפערין, איז מיר ניט באקאנט. אספירין אליין אנטהאלט א גרויסע מאס עסידס, וואס איז ניט גוט פאר די וואס ליידען פון א מאגען־געשוויר אדער פון דיאביטיס.

דאס ווארט ראשיצע איז מיר אויך ניט באקאנט. איך קען א ווארט גראשיצע, וואס באדייט דער „פאנקרעאס".

ל. ק., ברוקלין

איך דאנק אייך פאר אייער אנערקענונג. איר האט מיט עטליכע חדשים צוריק זיך געווענדעט צו מיר מיט א בקשה איך זאל אייך געבען א מיטעל פאר א בייסעניש (איטש). איך האב אייך דאמאלס גערעטען אריינצוטאן עטליכע לעפעל קאלגעיט בעטה־אויל אין א וואנע, א פאר מאל דורך דער וואך. איר האט אזוי געטאן. איר פארזיכערט מיר, אז דאס איז געווען דאס בעסטע מיטעל פאר אייער צושטאנד. איר רעקאמענדירט דאס זעלבע מיטעל פאר אנדערע.

אן ענטפער ווי א באמערקונג:

איך וויל צוגעבען, אז איידער דער באטרעפענדער באנוצט זיך מיט'ן דאזיגען אויל פאר דער בייסעניש, איז וויכטיג ער זאל זעהן א הויט־דאקטאר, כדי צו באשטימען די סיבה פון דער בייסעניש. עס זיינען פאראן, למשל, אזעלכע סארטען בייסענישען וואס שטאמען פון אן אלערגישען צושטאנד. אין אזא פאל וועט דער אויל ניט פיל העלפען.

א. קעי, מיאמי ביטש

איך קען לויידער אייער בריוו ניט פארעפענטליכען, כאטש איר לויבט מיך ביז אין הימעל אריין. איך האב שוין א סך מאל באמערקט און געבעטען די לייענער פון דער מעדיצינישער רובריק צו חתמ'נען זייער נאמען. איר זייט פון די וואס פילען זיך „א־קעי", ווייל אזוי שרייבט איר זיך אונטער א. קעי... איז צו וואס דארפט איר מיין עצה?

# קאָמוניסטישע לענדער ווילען צוציהען אַמעריקאַנער אידישע טוריסטען

היגע אידען ווילן אָבער ניט פאָרן. — דער 25סטער יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. — טויזענט יאָר אידיש לעבען אין פּראָג. — ווי אַזוי די קאָמוניסטען ווילען דאָס אויסנוצען. — די „אידישע" פּראָפּאַגאַנדע פון פּוילען און טשעכאָסלאָוואַקיע. — זיי מאַכען זיך פאַרגעסען די העצעס געגען ישראל און אידען.

פון י. שמולעוויטש

מיר לעבען אין אַזאַ אומפאַרשטענדליכער און פאַרפּלאָנטערטער צייט, וואָס דער שכל קען דאָס גאָר ניט באַגרייפען. נעמט, צום ביישפּיל, אַזאַ זאַך: ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די קאָמוניסטישע לענדער פירען אַ סיסטעמאַטישע העצע געגען מדינת ישראל און אידען בכלל, ווילען זיי פונדעסטוועגען — די קאָמוניסטישע לענדער — אַז אַמעריקאַנער אידען זאָלען צו זיי קומען אַלס טוריסטען. דאָס איז צוליב אַ פּשוט'ער זאַך — עס לאַקט די קאָמוניסטישע לענדער אַמעריקאַנער דאָלאַרען.

עס איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז אַמעריקאַנער אין אַלגעמיין פאָרען ווייניג, אַלס טוריסטען, אין די קאָמוניסטישע לענדער. אַמעריקאַנער ווייסען פון פאָראויס, אַז אין יענע לענדער איז גיטאַ וואָס צו זעהן פון ספּעציעלען אינטערעס, אָדער צו פאַרברענגען, ווי דאָס איז דער שטייגער מיט טוריסטען.

ווען אַמעריקאַנער פאָרען אַלס טוריסטען אין אַנדערע לענדער...

פאַרגעסען וואָס עס איז געווען — און וואָס איז אויך ווייטער — און זיי פירען איצט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע, אַז אידען זאָלען קומען אַלס טוריסטען. באַזונדערס איז דאָס אַלץ געצילט צו געווינען אַמעריקאַנער אידען. די דאָזיגע פּראָפּאַגאַנדע...

האָט ניט קיין גרענעץ. אָט געהט דאָך אין פּוילען איצט אַן אַ העצע געגען מדינת ישראל און „ציוניסטען", באַגלייט מיט אַנטיסעמיטישע שטימונגען, וואָס קומט פון די דאָרטיגע רעגירונגס־קרייזען. זייַנען דאָך די פירער פון איצטיגען פּוילען...

אויך די קאָמוניסטישע טשעכאָסלאָוואַקיע, ביים ווילען צוציען אידישע טוריסטען פון אַמעריקע, „פאַרקויפט" איצט גאָר ספּעציעלע צו היגע אידען. זיי, ווידער, פירען אַ פּראָפּאַגאַנדע אַרום פייערונגען פון טויזענט יאָר אידיש לעבען אין...

עס ווערט אויך דערציילט, אַז אין פּראַג קאָן מען באַזוכען די „אַלט־נייע" שוהל (על תנאי), וואו דער מהר"ל האָט באַשאַפען דעם גולם, וואָס האָט באַוויזען וואונדער. עס ווערט אָנגעגעבען, אַלס וויכטיגער פּלאַץ צו באַזוכען, דעם אַלטען אידישען בית־עולם אין פּראַג, וואָס איז אויסגעשפּרייט אויפ'ן שטח פון דער אַמאָליגער אידישער געטאָ. ווייטער ווערען געלויבט די באַרימטע בעדער אין קאַרלסבאַד און מאַריענבאַד, וואוהין עס פלעגען אַמאָל פאָרען פיל אידען.

עס איז אמת, אַז אין טשעכאָסלאָוואַקיע קומען איצט פאָר געוויסע אינערליכע ענדערונגען. אָבער דאָס אַלץ האָט דערווייל ווייניג...

# אַ בליק אויף דער צוטיילטער דייטשלאַנד •

פון ל. פאַרעם

דאָס לעבען אין ביידע טיילען פון דייטשלאַנד. — פאַרוואָס די מזרח־בערלינער גאַסען זייַנען ליידיג? — די ווידערדערוואַכטע שוהלען און צענטערס אין מזרח דייטשלאַנד. — ביי די קברים פון מאָזעס מענדעלסאָהן...

אָבער דאָס שמועס פון מערב־בערלין און פון אַנדערע גרעסערע שטעט אין דער „בונדעס רעפּובליק" איז דאָ נישטאָ. אין בערלין, וואו איך האָב אָפּגעוואוינט קנאַפּע פיר מאָנאַטען, איז אוממעגליך אַריינצוגעהן אין אַ קינאָ מיט אַ קינד. סעקס און מאָרד, און מאָרד און סעקס — ער...

פון באַרימטע אידען. וואָס איינער פון זיי האָט חוזק געמאַכט פון זיין אידישקייט און דער אַנדערער האָט עס אַ לעבען־לאַנג פאַרלייקנט; מאָזעס מענדעלסאָהן און מאַקס ליבערמאַן. דער ערשטער איז געווען אַ פילאָזאָף, אַ ווייזלינג, אַ צייניקער, אַ חכם...

(שלוס אויף זייט 3)

# צווייַ ברידער

ערצעהלונג

פון מרים ראַסקין

צווייַ ברידער זייַנען זיי געווען. איינער האָט געהייסען משה און דער אַנדערער יאַסל. אין די יונגע יאָרן, ווען זיי זייַנען אַריבערגעקומען אַהער אין לאַנד פון דער ווייטער ליטע, זייַנען זיי ביידע געווען פול מיט פלענער און אַמביציעס...

# פּראַגען וועגען געזונט

פון דר. יעקב ב. גלען

אַברהם ר. דאַונסוויו, אָנט., קאַנאַדע.

דעם דראַג, וואָס איר דערמאָנט, קען מען יאָ באַקומען דאָ אין אַמעריקע. ער איז גוט געגען אינפעקציעס פון'ם אויערן אַפּאַראַט. אָבער ער (דער דראַג מטעינאַמין מאַנדעלייט)...



# „טרעבלינקע איז געווען אַ טויטן־לאַגער פאַר פּאָליאַקן“

פון אברהם ווילק

אַזוי טענה'ט איצט אַ פירענדער קאָמוניסט אין פּוילן. — דאָס זעלבע קאָנען זאָגן די דייטשן, ווייל דאָרט זיינען אומגעקומען עטלעכע דייטשן אויך. — וואָס איז דער ציל פון דער נייער אַנטיסעמיטישער העצע? — די לאַגע פון דעם בייסעל לעבן־געבליבענע אידן הערט אַלץ ערגער.

טרעבלינקע. מיר וועלן אויף אייביק געדענקען די דאָזיגע אָרט־שאַפט, וואָס ליגט צווישן וואַרשע און ביאַליסטאָק. יעדעס גרעזעלע, יעדעס זאַמדל איז דורכגעזאַפּט מיט אידיש בלוט און מיט'ן אַש פון אונזערע קדושים. ביי 800 טויזענט אידן זיינען דאָרט אויסגעה"רג'עט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע בעסטיעס.

די מאַרטירלאָגיע פון טרעבלינקע איז גענוי באַשריבן געוואָרן ...

גאַז־קאַמערן. זי האָט באַצאָלט מיט'ן לעבן דערפאַר, וואָס זי האָט געזען טרעבלינקע.

די גרעסטע טייל פון טרעבלינקע האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז איינמאָל האָט מען אַהין געבראַכט אייניקע דייטשע אָפיצירן. מען האָט זיי געוויזן די גאַז־קאַמערן און די גאַנצע היטלעריסטישע טויט־מאַשין. דערנאָך האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין דערבייאיגן וואַלד און דערשאָסן. אַזעלכע פאַלן זיינען געווען עטלעכע. געוויסע דייטשע אָפיצירן, וואָס האָבן געוואַגט צו קריטיקירן דעם „פירער“, האָט מען אומגעבראַכט אין טרעבלינקע.

דאָס זעלבע איז געווען מיט די פּאָליאַקן. די אומגעקומענע צאָל פּאָליאַקן איז, פאַרשטייט זיך, אַ גרעסערע ווי די צאָל דייטשע קרבנות. אָבער דאָס אַלץ איז דאָך אַ טראָפּן אין ים פון אידיש בלוט, וואָס איז דאָרט פאַרגאָסן געוואָרן ...

...

# ווי עס לעבן איצט די אידן אין קראָקע

פון הערץ בערגנער

די לעצטע מתפללים אין קראָקע. — ווי זעהט היינט אויס קראָקע. — דאָס ביסעל אידן, וואָס זיינען נאָך דאָרט פאַרבליבן. — די שוהל, וואו עס האָט געדאַוונט רבי משה איסערליס (רמ"א). — דער פּלאַשאָווער לאַגער. — די קליינע אידישע מצבה. — רייזע איינדרוקן.

צווישן די אידן אין אַמאָליגן פּוילן פלעגט מען זיך דערצעהלן, אַז קראָקע איז אַ אויסנאַם פון אַלע אַנדערע פּויליש־אידישע שטעט. די שטאָט איז אַ מיוחסת און די אידן דאָרט זיינען אויך יחסנים, וואָס האַלטן זיך אַביסעל פאַרריסן. אפשר נעמט זיך דאָס דערפון וואָס די קראָקעווער אידן זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן ריין און ציכטיג אפילו אין דער וואָכן, און ווער שמועסט נאָך אין די יום־טוב־טעג. אַזוי האָבן זיך געפירט ניט ...

ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און פון גרויסן אידישן חורבן האָבן זיך דאָרט געפונען אַן ערך זעכציג טויזנט אידן. היינט טזיינען דאָרט פאַרהאַנען קליינע רעשטלעך אידן, די שארית הפליטה, וואָס האָט זיך על פי נס געראַטעוועט פון די היטלעריסטישע טויטן־לאַגערן און וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון סאָוועט־רוסלאַנד. צום מיינסטענס זיינען דאָס זקנים, וואָס לעבן אויף פענסיעס, און אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן מיט אידישקייט גאָר אַ קנאַפּן שייכות ...

לאַנג קולטור־אימפּעריעס, וואָס זיינען געווען אין איינקלאַנג מיט דעם פּויליש־קאָמוניסטישן סיסטעם.

אין קראָקע זעהט מען היינט איבער־גאַנצן ניט קיין אידן. אין די קוואַרטאַלן, וואָס זיינען געווען אַמאָל באַפעלקערט מיט אידן, לעבן פּאָליאַקן. אין די האַלטס אויפ'ן „רינעק“ זיינען ניטאָ מער קיין אידישע געשעפטן ...

...

# אַן איבעריג קינד

ערצעהלונג

פון מרים ראַסקין

...

# פראַגען וועגן געזונט

פון דר. יעקב ב. גלען

...

# די קרבנות פון אראסזדראיאט אין וואשינגטאן

פון יעקב רייך

ווען דר. קינג איז ערמארדעט געווארן האבן נעגער־בולי־גאנעס געמאכט פאגראמען אין וואשינגטאן.—די סטארס פון אידישע און קריסטליכע אייגנטימער זיינען צורא־בירט געווארן און די היי־מען פון ארימע נעגערס זיי־נען פארברענט געווארן. — וואס עס האט זיך אפגעטאן אין בלויז איין בלאק אין וואַ־שינגטאן.

א פאר שטונדן נאכדעם ווי דער נעגערשער פירער, דר. מארטין לו־טער קינג, דזשוניאר, איז דערשאָסן געווארן אין מעמפיס, האבן זיך געוויזן סימנים פון אונרוהען אין א צאל שטעט. אין וואשינגטאן זיינען די אונרוהען געווארן די ערגסטע אין גאנצן לאנד. באנדעס יונגוואַרג האבן זיך ארויסגעלאזן אין די גאסן, האבן גענומען בר־שעווען, איבערקערן קארס, ברעכען שויב־פענסטער פון סטארס, אונטערצינדן געביידעס און פלינדערן די סחורות אין פאגראמירטע סטארס.

צו וואס די נעגערשע באנדעס האבן אויסגעקליבן בויאנסטווא און גזילה אלס אן אויסדרוק פון טרויער אויפ'ן טויט פון דר. קינג איז שווער צו פארשטיין. דר. קינג האט אלעמאל געפּרעדיגט פרידליכע מיטלען פון פראטעסט. איצט, אין דער קאטאסטראפע פון זיין טויט, האבן זיינע פארערער ווי געפראוועט א יום־טוב פון גנבה און פארניכטונג; הייס פון טרויערן, האבן די צעיושעטע באנדעס געפראוועט א גאלגעד־שמחה איבער דעם טויט פון זייער אנערקענטן פירער.

דער אנגענומענער תירוץ פאר אזעלכע קרימינעלע וואקכאנאליעס, דער תירוץ וואס אלע שווארצע טוער און די מערסטע ווייסע מליצי יושר גיבן אן איז, אז אזעלכע פאגראם אויסברוכן פלאצן ארויס איבער דער שווערער לאגע פון די נעגערס, זייער ארימקייט, זייערע אפגעלאזענע היימען, זייער געמינערטער שטאנד אלס בירגער. אין וואשינגטאן האט אבער דער תירוץ ניט געפאסט; ניט אינגאנצן. וואַשינגטאן, דארף מען וויסן, איז פאקטיש א נעגערשע שטאט וואס איז שייך וואוינונג פלעצער פאר דער שטענדיגער באפעלקערונג. מען קען ניט זאגן, אז די ווייסע דיסקרימינירן געגען די נעגערס, ווייל עס זיינען ניטא קיין ווייסע, אדער עס זיינען כמעט ווי ניטא. די ווייסע האבן זיך צומופט אין די פארשטעט פון מערילענד און ווירדזשיניא. נעבליבן אין וואשינגטאן זיינען די סטארקיפערס, מערסטנס ווייסע ביזנעסלייט אבער מיט א באדייטענדער צאל נעגערשע אייגנטימער אויך. די נעגערשע בויאנעס האבן קיינעם ניט געשאנעוועט.

צוערשט האט עס געהאלפן, אויב א נעגערשער אייגנטימער פון א סטאר האט אויף זיין שויפענסטער אנגעצייכנט, אז עס באַלאנגט צו א „סאול בראדהער" (א ברודער אין דער נשמה). אבער ווען די פאגראמען האבן זיך ריכטיג צוקאכט האבן די באנדעס צובראַכן די פענסטער פון נעגערשע קליינע געשעפטן, געוואָרפן צינד־באמבעס אין נעגערשע הייזער און צעפלינדערט דאס ביסעל האב־און־גוטס, וואס האט זיך געמאכט צום האנט.

די פאליציי האט ניט גענומען קיין שטארקע האנט געגען די בריאנעס. ערשט אויף מארגן האט פרעזידענט דזשאנסאן ארויסגערופן די פעדעראלע מיליטער צו שיצן די הויפטשטאט. דערווייל זיינען די סטארס און די היימען פון דער שטאט געווען אונבאשיצט געגן באנדעס וואס האבן גיך דערקענט אז מען קען איינפאקן א ביסעל גנבה אונטער מאסקע פון א פראטעסט־דעמאנסטראציע.

ווי האט זיך דאס אפגערופן אויף די ווייסע און נעגערשע קרבנות פון דעם אומגליק?

לאמיר דא אנרירן דעם אידישן פונקט. אונזערע אידישע גוט־זאגער פאר נעגערשע טראגעדיקייט שלאָגן זיך א מארנעם עלחטא און באהויפטן צווישן אונז, אז די אידישע סטארקיפערס האבן פארדינט זייער שטראף, ווייל צוערשט נארען זיי אפ די נעגערשע קאַסטאמערס, באַרייסן זיי מיט דעם פרייז און פארקויפן זיי טאנדעסנע סחורות.

איך האב דאס געהערט מיט א דריי יאר צוריק וועגן דעם נעגער־קווארטאל, וואטס, אין לאס אנדזשעלעס, און עס ווידערהאלט זיך יעדן מאל ווען נעגערשע ראַסיסטן צעיושען זיך און פאלן אן אויף אידישע סטארקיפערס מיט ביזוער, אַסטמאל אנטיסעמיטישער רציחה. וואס איך האב קיינמאל ניט פארשטאנען ארום אזעלכע תירוצים איז פארוואס די נעגערשע קאסטאמערס זוכן ניט אויס קאנקורירנדע סטארס, אויב די אידישע געשעפטען נארען זיי אפ. אין וואשינגטאן, אין דעטראיט, אין נוארק, אין קליוולאנד און אין אלע גרויסע שטעט זיינען אלע סטארס אפען און צוגענגליך פאר נעגערס ווי פאר ווייסע. די קאנקורענץ איז אומעטום א שארפע. א סטאר וואס באַשווינדלט קאסטאמערס, ווייסע צי שווארצע, וואלט לאנג ניט געקענט האלטן זיך: די קאסטאמערס וואלטן געווייכט פון א שווינדלערישן געשעפט.

דאס מיינט ניט, אז אלע סטארקיפערס, אידישע צי ניט־אידישע, זיינען באזונדערס אפגעהיט און ראיעל מיט זייערע פרייזן. עס מיינט אבער יא, אז אין די גרויסע שטעט האבן נעגערס א ברירה אויסצוזוכן די גוטע, די ראיעלע סטארס און אויסצומיידן די שלעכטע.

עס איז איצט דא א באריכט, ווי א נעגערשער קווארטאל אין וואַשינגטאן האט אפגעשניטן אין די ראיאטן, וואס זיינען אויסגעבראכן נאך דר. קינג'ס מארד. אין אן ארטיקעל פון דעם באקאנטן אמעריקאנער זשורנאליסט דזשוליוס דרשא, וואס די ניו־יארק „טאימס" האט פאראכטאגן אפגעדרוקט אין איר זונטאג־זשורנאל, ווערט באַשריבן, וואס עס איז געשען אין דעם בלאק מיט די 1700 נומערן אויף 7טע סטריט.

אויפ'ן קארנער פון יענעם בלאק, אין דער געביידע נומער 1700, האט זיך אונטען געפונען דער לאנטשאנעט־סטאראן פון גערשימאס יאקומאטאס, א גריכישער אימיגראנט. אויבן איבער דער לאנטשרום האט געוואוינט דזשוניוס מעקלאוד אין אן אפארטמענט. די געביידע איז אונטערגעצונדן געווארן און עקזיסטירט מער ניט. דער לאנטשרום אייגנטימער האט 15 יאר געהארעוועט כדי אויסצוצאלן זיך פון חובות פאר זיין סטאר. איצט ארבעט ער ביי פרעמדע מענשען.

בשכנות האט זיך געפונען די שוך־סטאר פון אברהם גריץ, אן עלטערער מענש, וועלכער האט זיך 31 יאר אייגנהאלטן אויפ'ן זעלבן אדרעס און איז קיין מיליאנער ניט געווארן. די געביידע איז אויך מיט'ן פייער. אויבן האט געוואוינט א נעגער־פרוי, מערי הערים, און זי האט זיך קוים געראטעוועט מיט איר זון יהושע.

נעקסט־דאר האט זיך געפונען א גרויסער אויטאמאביל־געשעפט, וואס פארקויפט אויך די מאכינאציעס, וואס זיינען נויטיג צו פארריכטן אויטאמאבילן. דער פלאץ האט אפגעברענט. אבער די אייגנטימער האפן אומצוקערן זיך און אנגאנגען מיט זייער געשעפט איבערצוגייעס.

ניט ווייט, אויפ'ן זעלבן בלאק, האט זיך געפונען א הארדוועיר־סטאר פון אברהם זעווין מיט זיין 79־יאריגן פאטער מאקס. די פאליציי האט געהאט ארויסגערופן דעם איינגערן זעווין, אז ער זאל קומען אכטונג געבן אויף זיין סטאר. ווען די כוליגאנעס האבן זיך צובושעוועט האט אייבערהעם זעווין אריינגעכאפט זיך אין זיין אויטאמאביל און האט געוואלט אנטלויפן אהיים. דער אלטער טאטע, וועלכער האט אין רוסלאנד פארזוכט דעם טעם פון פאגראמען, האט ניט געוואלט איבערלאזן זיין געשעפט צו די הפקר־יונגען. קוים מיט צרות האט דער זון גע'פועל'ט ביים טאטן, אז ער זאל מיטפארן. זייער סטאר איז איצט אן אפגעברענטע חורבה. די אפארטמענטס איבער דער סטאר פון דריי נעגער־פאמיליעס זיינען פארברענט געווארן מיט זייער גאנצן האב־און־גוטס.

אויפ'ן קארנער פון 7טער מיט „עס" סטריט האט זיך געפונען א היבשער געשעפט, א ליקער סטאר, וואס האט באלאנגט צו אווירווינג אייברעהעם מיט זיין שוויגער ראוז אליסבערג און זיין שוואגער איזידאר שווארץ. א ליקער סטאר אין וואשינגטאן איז א גאר ווערטפולער געשעפט. די לאיסענס אליין איז ווערט וועלכע 20 טויזענט דאלאר. דער „לאט" און די געביידע זיינען אויך ווערט א באדייטענדע סומע אויפ'ן ריעל עסטעיט מארק. מר. אייברעהעם רעכנט דעריבער, אז ער וועט שטעלן א נייע געביידע און ווידער עפענען א ליקער סטאר. די ווארע אין דער אלטער סטאר איז פארשטייט זיך צופליגנדערט געווארען.

לעבן ליקער סטאר האבן זיך געפונען א פאר קליינע געשעפטן, וואס האבן באלאנגט צו נעגערס: א פלאץ וואו א נעגערשער מעכאניקער האט פארריכט טעלעוויזשאן סעטס; אן איידיקרים סטאר; א בארבער שאפ; א קליניג סטאר; נאך א טעלעוויזשאן און ראדיא פלאץ; און דער אפיס פון דעם נעגערשן דאקטאר העגרי גרין.

זיי זיינען אלע אוועק מיט'ן פייער, אזוי די היימען פון א צאל נעגערשע פאמיליעס, וואס האבן בעהאט אפארטמענטס איבער די סטארס.

דער „טאימס" זשורנאליסט האט געפרעגט די אייגנטימער פון די סטארס, צי די נעגערס האבן גענומען נקמה אין זיי.

וועלכע נקמה? וואס נקמה? איך האב געפירט אן ארענטליך געשעפט דעם גאנצן לעבן. איך בין געווען און בין געבליבן גוט־פריינט מיט די סטעדיקאסטאמערס. ווען די רעגירונג וואלט באשיצט אונזערע סטארס, וואלט זי גרינג געקאנט אפשטעלן די ראיאטס. זי האט אבער געווארט און די באנדעס כוליגאנעס, אונטערצינדער און רוויבער האבן געטאן זייערס.

אזוי האט גערעדט איין סטארקיפער נאך דעם צווייטן. אבער נאך מער פארביטערט זיינען די נעגערשע פאמיליעס, וועלכע האבן פארלארן זייערע היימען. זיי שעמען זיך מיט דעם אומגליק און זיי קענען עס ניט פארשטיין — זייערע אייגענע „סאול בראדהערס" האבן זיי אומגליקליך געמאכט!

# וועט פוילען אויסגעליידיגט ווערען פון אידען?

פון י. שמולעוויטש

**די פוילישע רעגירונג לאזט ארויס אידען קיין ישראל. — פארוואס גאמולקא האלט זיין צוזאג. — די אידען וואס פארען ארויס און די אנדערע, וואס בלייבן אין לאנד. — די מעגליכקייט פון עמיגראציע קיין אמעריקע. — די אידישע קאמוניסטן אין פוילן. — דער סוף פון קנאפע טויזנט יאר אידישן לעבן.**

וואס פארא טענות מען זאל ניט האבן צו וולאדיסלאוו גאמולקא, דער איצטיגער פירער פון דעם קאמוניסטישן פוילן, דארף מען אבער פעסטשטעלן איין זאך: ער האלט ווארט וועגן ארויסלאזן אידען פון פוילן קיין מדינת ישראל.

דעם פארגאנגענעם 19טען מערץ, אין סאמע ברען פון קאמפיין געגן ישראל און „ציוניזם", וואס איז אנגעגאנגען אין פוילן, האט גאמולקא ערקלערט, אז די יעניגע אידען אין פוילן, וועלכע וועלן אויסדריקן דעם ווונש צו פארלאזן דאס לאנד און עמיגרירן קיין מדינת ישראל, וועלן דאס קאנען טאן. און ווי מיר הערן, איז דאס איצט ווירקליכקייט.

באריכטן פון אייראפע זאגן, אז עס קומען איצט אן פיל אידען פון פוילן קיין ווין, אויפ'ן וועג קיין ישראל. די דאזיגע אידען ווערען אויפגענומען פון דער אידישער אגענטור, און אין ווין ווערן זיי צייטווייליג איינגעקווארטירט אין דעם שעהנארשלאס, א פרעכטיגער פאלאץ, וואס געפינט זיך ארום 14 מייל פון ווין. א קארעספאנדענט פון א צייטונג אין לאנדאן, האט געהאט א שמועס מיט אזעלכע געקומענע אידען. זיי האבן אים איבערגעגעבן, אז אידען אין פוילן האבן ניט קיין שוועריקייטן ביים פארלאזן דאס לאנד, צו פארן קיין ישראל. די אידען האבן דערציילט, אז זיי האבן אלע באקומען די נויטיגע ארויספאר־וויזעס אין פארלויף פון א צוויי, דריי וואכן. מען האט זיי אויך ערלויבט מיטצונעמען זייערע זאכן.

ארום 75 פראצענט פון די פוילישע אידען, וועלכע זיינען אויפ'ן וועג פון ווין קיין ישראל — גיט ווייטער איבער די נייעס — זיינען אונטער פופציג יאר. א העלפט פון זיי זיינען אינגער פון דרייסיג יאר. צוליב דעם, וואס די רעגירונג פון פוילן האט איבערגעריסן די דיפלאמאטישע באציאונגען מיט ישראל, באלד נאך דער „זעקס טאָגיגער מלחמה", באקומען די אידען זייערע ישראל־וויזעס אין דער האָלענדישער אמבאסאדע אין ווארשע.

ביים פארלאזן דאס לאנד, שטעלט די פוילישע רעגירונג די אידען איין באדינג: די וועלכע באקומען אן ערלויבעניש צו עמיגרירן, מוזן פארן אויסשליסליך קיין ישראל. זיי מוזן אויך פארלאזן דאס לאנד איין וואך נאך דעם, ווי מען האט זיי געגעבן די וויזעס.

עס איז גוט צו וויסן, אז וולאַדיסלאוו גאמולקא האלט ווארט אויף דעם געביט. הלוואי וואלט אויך דער סאוועטישער פרעמיער, אלעקסעי קאסיגין, געהאלטן ווארט מיט זיין ענליכן צוזאג. ווי מיר ווייסן, האט אויך קאסיגין מיט א צייט צוריק צוגעזאגט, אז אידען וואס וועלן אויסדריקן זייער ווונש צו פארלאזן סאוועטן־רוסלאנד, כדי זיך צו פאראייניגן מיט זייערע קרובים אין אויסלאנד, וועט זיי געגעבן ווערן א מעגליכקייט דאס צו טאן. זאל ביי דער געלעגנהייט דערמאנט ווערן, אז וולאַדיסלאוו גאמולקא איז אויך געווען דער יעניגער, וועלכער האט, אין יאר 1956, געעפנט בריים די טויערן פאר אידן פון זיין לאנד, כדי צו קענען עמיגרירן קיין ישראל. נאכדעם ווי פוילן איז געווען אפגעשלאסן אין די פרא־סטאלין צייטן, פון זינט דעם יאר 1948.

פארשטעהט זיך, אז דאס וואס די פוילישע רעגירונג ערלויבט איצט ארויסצופארן אידען, איז ניט דערפאר, ווייל דאס איז אן אויסדרוק פון ליבע צו דער אידישער מדינה. פוילן איז נאך אלץ אין אויבערן פון דעם סאוועטיש־קאָמוניסטישן בלאק, וואס פירט א פאליטיק פון שנאה און האס צו ישראל.

פארוואס איז פוילן אזוי גוט צו אידען? ווי עס זעהט אויס זיינען דאס ביסל אידען א לאסט פאר דער איצטיגער פוילן; די פוילישע רעגירונג האט צרות אפילו מיט די אידישע קאמוניסטן. איז בעסער פטור צו ווערן פון די אידען. זאלן זיי ארויספארן. ווער דארף האבן אזא „שעדליכן עלעמענט" אין לאנד?

געוויס דארפן מיר זיין צופרידען פון דעם, וואס פוילן לאזט איצט ארויס אידען קיין ישראל. די אידען אין פוילן לעבן דאך איצט אין שרעק, און אין פארשידענע געפארן. איז אויך וואס ווארטן? עס קען דאך אמאל זיין צו שפעט. עס איז צו האפן, אז די אידען אין פוילן, וועלכע האבן איצט א מעגליכקייט צו עמיגרירן קיין ישראל, וועלן אויסנוצן די דאזיגע געלעגנהייטן.

דאס אלץ מיינט ניט, אז אלע אידען, אפילו פון דער קליינער צאל פון ארום צוואנציג טויזנט, וועלן פארלאזן פוילן. די איבעריגע אידען וואס וועלן פארבלייבן אין פוילן, וועלן געוויס אפגעווישט ווערן אלס אידען, וועלן פארשמעלצט ווערן אין דעם אלגעמיינעם לעבן פון לאנד. עס וועט ניט פארבלייבן קיין שום צייכן פון א אידישען לעבן אין דער צוקונפט.

ווי עס זעהט אויס, וועלן אין פוילן איצט פארבלייבן עלטערע אידישע מענטשן, קראנקע, אינוואלידן, אומפעהיגע צו דער ארבעט, אלמנות, איינזאמע און עגליבע. פאר די דאזיגע, וועמענס צאל איז אין די טויזנטער, וועט דאס לעבן איצט זיין זעהר שווער. ווער וועט די דאזיגע העלפען, ווער וועט פאר זיי זארגן?

ביז מ'ים א קורצער צייט צוריק, זיינען אזעלכע אידישע מענטשן געשטיצט און אויסגעהאלטן געווארן מיט דער הילף פון „דזשאינט" וואס האט אויסגעגעבן א האלבן מיליאן דאלאר יערליך, פאר הילפס־צוועקן אין פוילן. ווי מיר ווייסן, האט די פוילישע רעגירונג ביים סוף פון פאריגן יאר 1967, פארבאטן די הילפס־טעטיגקייטן פון דעם „דזשאינט".

פארשטעהט זיך, אז אין פוילן וועלן אויך ווייטער פארבלייבן אידישע קאמוניסטן. דער עיקר וועט דאס זיין מיט די פארביסענע אידיש - קאמוניסטישע פירער, וועלכע, ניט געקוקט אויף אלצם, זיינען ווייטער גרייט צו דינען זייערע הערשער. עס איז אבער קלאר, אז ביי דעם איצטיגן צושטאנד אין פוילן, וועלן די אידישע קאמוניסטן ניט האבן איבער וועמען צו באלעבאטעווען ווי דאס איז געווען פריער, ביז מיט העכער א יאר צוריק, ביז נאך דער „זעקס טאגיגער מלחמה". ווען די איצטיגע קאמוניסטישע פוילן האט אנגענומען א נייעם קורס אין באצוג צו מדינת ישראל און צו אידען בכלל.

פון די ידיעות וואס קומען אן פון פוילן דערוויסט מען זיך, אז די דארטיגע רעגירונגס־פירער ליקווידירן אלץ מער און מער די אידישע אקטיוויטעטן, ווען אפילו דאס איז אונטער דער קאנטראל פון די אידישע קאמוניסטן. אזוי איז מיט'ן אידישן טעאטער אין פוילן, מיט די אויסגאבען אין אידיש (אפילו קאמוניסטישע), פארלאג, קלובן, קולטור־ארגאניזאציעס און אנדערע.

לעצטענס האט די פוילישע רעגירונג אויך באשלאסן צו מאכן א סוף צו די זומער־קעמפס פאר אידישע קינדער. ביז דעם פארגאנגענעם זומער איז דאס נאך געווען א וויכטיגער פלאץ וואו אידישע קינדער און יוגנטליכע פלעגן נאך באקומען א געוויסע אידישע ערציהונג. איצט האט דאס פוילישע בילדונגס־מיניסטעריום ארויסגעגעבן א פארבאט פאר אזעלכע זומער־קאלאניעס.

אין דער זעלבער צייט, ווען פוילן לאזט ארויס אידען קיין מדינת ישראל, ווערט איצט אויך פיל גערעדט וועגן דעם, אז די פוילישע רעגירונג וועט אפשר אויך ערלויבען דארטיגע אידען צו עמיגרירן קיין אמעריקע. ווי מיר ווייסן, האט פרעזידענט דזשאנסאן ערקלערט, אז אמעריקע איז גרייט גלייך אריינצולאזן די אלע יעניגע אידען פון פוילן, וועלכע ווילן דאס טאן.

איצט ווענדט זיך דאס בלויז אן דער רעגירונג פון פוילן. לאמיר האפן, אז די רעגירונג פון ווארשע וועט אויך אויף א פאזיטיוון אופן נאכקומען די ווענדונג ארויסצולאזן אידען קיין אמעריקע. פארשטעהט זיך, אז דאס איז פון גרויסער און וויכטיגער באדייטונג. דאס וועט אויך פירן צו דעם, אז א צאל אידען אין פוילן, וועלכע האלטן זיך נאך אפ, צוליב אזא אדער אנדערע סיבה צו עמיגרירן קיין מדינת ישראל, וואלטן געקומען קיין אמעריקע.

ווי עס זאל ניט זיין איז קלאר, אז דער איצטיגער קליינער אידישער ישוב אין פוילן, גייט צום ענדגילטיגן סוף. עס ווערט פארענדיגט א גלאררייכער קאפיטל אין דער געשיכטע פון אונזער פאלק, עס ווערט פולשטענדיג אפגעווישט און ארויסגעריסן מיט'ן ווארצל דער ברייט־צעוואקסענער און צעבליטער דעמב, וועמענס נאמען איז געווען פוילישער אידענטום.

דאס מיינט אבער ניט, אז מיט דעם ווערט שוין פארענדיגט אונזער חשבון מיט פוילן. לאמיר ניט פארגעסן, אז אין פוילן זיינען די מאסנקברים פון די מיליאנען אומגעבראכטע אידען ביי די נאַציס. אין פוילן איז אוישוויץ, טרעבלינקע, מאידאנעק, כעלמנא און בעלזשעץ, וואו עס איז דאס אש און ביינער פון מיליאנען פארשניטענע אידישע לעבנס. אין פוילן זיינען אויך וויכטיגע אידישע אלטערטימליכקייטן, שוהלן, אינסטיטוציעס, בית־עולמ'ס מיט די קברים פון אונזערע אלטע־מענ'ס נאענטע און גייסטיגע אוצרות, וואס איז געשאפן געווארן מיט אידישער מי און אנשטרענגונגען. אבער דאס אלעס איז — א באזונדערע טעמע.

# אברוגז

ערצעהלונג

פון מרים ראסקין

אנגעהויבן האט זיך דער ברוגז צווישן מאן און ווייב יעדעס מאל צוליב זייער איינציג קינד, צוליב סאני'ן. דער מאן, מיסטער סארקין, איז גראד געווען א באריידעווּדיגער און א גוטמוטיגער פון נאטור. ער האט ניט געקענט פארטראגן קיין ברוגז. און ער איז באלד דער ערשטער געווען גרייט זיך איבערצובעטן מיט זיין פרוי. נאר מרס. סארקין האט אן די נאכגעביגקייט פון איר מאן ניט געקענט פארליידן. און די שטענדיגע גוטסקייט זיינע האט זי שוין דערעסן. א מאן דארף האבן מער כאראקטער, מער שטאלץ אין זיך — אזוי האט זי געטראכט.

מיסעס סארקין האט אלע מאל געטראגן אין זיך א באהאלטענעם פארדראס אויף איר מאן, פארוואס ער האט זיך מיט קיין זאך ניט אויסגעצייכנט. ער איז געווען א געוויינליכער אינשורענס־אגענט און אזא איז ער פארבליבן. מיסעס סארקין איז מיידעלווייז געווען א לערערין אין א סקול. אז די יארן זיינען געגאנגען, האט זי אלץ געווארט אויף דעם ריכטיגן מאן, וואס זאל איר געפעלן. נאר זי האט ניט געוואלט פארבלייבן קיין „אלד מעיד", און אז עס האט זיך איר געמאכט דער שידוך מיט מיסטער סארקין'ען, האט זי איינגעשטימט חתונה צו האבן מיט אים. נאר קיין צופרידענע איז זי ניט געווען.

איר לעבן וואלט בארניט ווערט געווען, ווען ניט זייער איינציג קינד, וואס זי האט געבוירן און וואס זי האט אים א נאמען געגעבן סאני. עלף יאר איז שוין איצט סאני אלט געווען. ער איז געוואַקסן ניט קיין געוויינליך קינד, מיט זיינע גרויסע פעהיגקייטן צום לערנען און מיט זיין טיפען פארשטאנד. און מיסעס סארקין האט געפילט, אז זי טראגט א גרויסע פאראנטווארטליכקייט צו ערציהען איר קינד און העלפען ארויסקריגן די טאלאנטן, וואס ער האט אין זיך.

מיסעס סארקין אליין איז געווען א הויכע און שטאלטנע, מיט איידעלע שטריכן אין פנים. נאר זי האט אלע מאל אויסגעקוקט א פארזארגטע: די זארגן אירע וועגן איר מאן, וועגן איר קינד. האבן געמאכט אירע אויגן קוקן שארף און אנגעשטרענגט, ווי זי וואלט געליטן פון עפעס אן איבעווייניגסטן ווייטאג.

יעדן טאג, ווען זי האט איר סאני'ן ארויסגעשיקט אין סקול דורך דער טומלדיגער גאס, האט זיך איר געדוכט ווי זי שיקט אים ארויס צו אלערליי געפארען. און זי האט קיינמאל ניט פארפעלט אים אנצוזאגן וואס ער זאל טאן און ווי ער זאל זיך פירן. סאני האט געטראגען אויף זיך דער מאמע'ס גוטסקייט שווייגנדיג, שטיל. ער האט אויסגעפאלגט דער מאמע'ס פארזאגען אהן באזונדערן פארגעניגען. א סך מאל האט ער זיך אפילו פון זיין מאמע'ן געווייטיגט, פאראהאלטען זיך צו איר פרעמדליך, אפשר דערפאר וואס זי האט אים שוין צופיל געהיט זיינע טריט, פארלאַפען אים צופיל דעם וועג און ניט דערלאזט אים אויסצוגעפינען זאכן אליין, אהן איר הילף.

סאני האט געוואוסט, אז אויב ער וועט פאלגען זיין מאמע'ן און זיין גוט, וועט ער קענען אויספירן ביי איר א סך זאכן. אבער אלע זיינע קינדערשע סודות, וואס ער טוט און פון וואס ער טראכט, האט ער ליב צו פארטרויען נים זיין מאמען. נאר זיין טאטען. אז מיסטער סארקין קומט אין אוונט אהיים, איז אים שווער אויפ'ן הארצען. די געשעפטן גייען ניט אזוי גוט און דאס ווייב איז אלע מאל ווי א פארשלאסענע אין זיך, מיט אן אויסזעהן ווי זי וואלט געווען אפגענארט און באעוולה'ט. נאר אז ער דערזעהט איין שטוב זיין זוהן סאני'ן, פארגעסט ער אז אלע זארגען. טאטע און זוהן זיינען צווישען זיך גרויסע פריינט. אמאל רעדט מיסטער סארקין צו זיין זוהן ווי צו א דערוואקסענעם מענשען, ווי ער וואלט וועלען מאכען זיין זוהן עלטער ווי ער איז, אז ער זאל קענען האבען א פריינט, א חבר אין שטוב.

אמאל צעשטיפט ער זיך און שפילט זיך מיט זיין זוהן. זיי ווייזען זיך איינע די אנדערע קונצען. סאני לערנט דעם טאטען ווי צו „פאיטען", און דער טאטע נעמט גיך איבער די קונץ און ער שטייגט נאך אריבער דעם זוהן אין שפיל און סאני איז אנטציקט פון אזא טאטען.

איינמאל איז אן אוונט האט סאני דערציילט זיין טאטען א סוד, אז עטליכע אינגלעך אין קלאס קלייבן זיך דעם זונטאג צו גהען אויף א „הייק" אין א ווייטען פארק און זיי רופען אים, סאני'ן מיטצוגהען. טאטע און זוהן האבען ארומגעריידט דעם ענין, ווי אזוי צו קריגען דער מאמע'ס צושטימונג. די מיסעס סארקין איז געשטאנען אין קיך און צוגעגרייט דעם סאפער, און אז זי האט צוגעטראגען דאס עסען צום טיש, האט זי באמערקט ווי איר זוהן איז שטארק באלעבט פון דעם שמועס, וואס ער האט געהאט מיט'ן טאטען. א שטאך פון אייפערזוכט האט זי דערפילט, ווי אן אלטע וואונד, וואס טוט ווי, מיט'ן טאטע'ן איז סאני שטענדיג פריילעכער ווי מיט איר, זיין מאמע'ן. און דאס האט איר ווי געטאן.

ביים עסן האט מיסעס סארקין באמערקט, ווי טאטע און זוהן ריידען שטילערהייט צווישען זיך, ווי צוויי פארשווערער. איר פארדרוס אויף איר מאן איז געשטיגען. וואס געהט ער טאן מיט'ן קינד? אנריידען אים ער זאל ניט פאלגען דער מאמען? אלע גוטע אייגענשאפטען, וואס זי האט פארפלאנצט אין איר קינד, וועלען איצט צעשטערט ווערען. זי האט פארשטיקט אין זיך דעם ווייטאג און די באליידיגונג און מיט געמאכטער רוהיגקייט איז איר שטימע האט זי א פרעג געטאן ביי איר מאן:

— אפשר מעג איך אויך וויסען וועגען וואס איר סוד'עט זיך ביידע?

— שור. שור! — האט מיסטער סארקין איר באלד געענטפערט. — סאני וואלט וועלען געהן אויף א „הייק" דעם זונטאג מיט נאך קינדער פון סקול, זיינע חברים.

— אה! — האט מיסעס סארקין שווער ארויסגערעדט. די גאנצע זאך איז איר אויך ניט געווען צום הארצען. וואס פארא „הייק'ן"? וואו? ווער זיינען יענע קינדער? נאר זי איז געווען געניגט נאכצוגעבן. זי האט דאך ניט געוואלט פארלירן סאני'ס צוטרוי צו איר. האט זי ארויסגערעדט מיט געמאכטער גוטסקייט:

— שור. הייקען! פארוואס ניט? דו קענסט געהן. זאג מיר נאר וואס איך דארף צוגרייטען פאר דיר.

נאר אין איר מאנ'ס זייט האט זי שוין מער ניט געקוקט. ער האט אפגעמאכט מיט סאני'ן וואס צו טאן אהן איר. ווי זי וואלט זיין א פרעמדע. זי האט זיך מיט איר מאן ניט געקריגט. זי איז געווען צו שטאלץ פאר דעם. נאר א ברוגז האט זיך צווישען זיי בענומען וועבן, ווי פון זיך אליין. ווי א כמארע האט זיך אראפגעלאזען איבער זיי א שטילשווייגעניש. און מיסטער סארקין, וואס איז שוין געווען געוואוינט צו דעם, האט זיך געבויגען ווי צו אן אומפארמיידליכען גורל.

מיסעס סארקין האט צוגעקליבען דעם טיש נאך סאפער מיט איר געוויינליכער ציכטיגקייט און פינקטליכקייט. איר פנים איז געווען בלייך און די ליפען פארשלאסען. סאני האט געקוקט פון טאטען צו דער מאמע'ן מיט זיינע גרויסע, טונקעלע אויגען, ווי וועלענדיג פרעגען פראגעס. ווען ער איז געווען א קליין אינגעל האט ער דער רוגז צווישען זיין טאטע - מאמע אוועקגענומען ביי אים דעם אפעטיט צום עסען און געמאכט אים זיך פאנאנדערוויינען. איצט האט ער נאר אומעטיג געשוויגען. שטיל, אזוי ווי זיין טאטע־מאמע. דערנאך האט זיין שטימעלע איבערגעריסען אויף א וויילע די שטילקייט;

— מא, דו וועסט האבן גרייט פאר מיר דעם ספארט־קאסטיום ביז זונטאג?

— יעס, סאני, דו ווייסט דאך, אז ווען איך זאג איך עפעס, האלט איך ווארט.

מיסטער סארקין איז געזעסען פארזונקען אין א טיפען שטול און ער האט גארניט ניט געזאגט. ער האט געוואוסט, אז ריידען צו זיין ווייב קען ער ניט איצט. דאס וועט זי נאך מער צערייצען. ער האט זיך בעפילט אביסעל שולדיג אנטקעגען איר צוליב דעם אופן ווי ער האט געהאנדעלט וועגען סאני'ס „הייקען".

דערנאך איז געקומען דער זונטאג. סאני איז אויפגעשטאנען פרי. ער האט אפגעגעסען דעם אנבייסען, וואס זיין מאמע האט אים דערלאנגט. ער איז געווען אויפגעלעבט און פריילייך צוליב דעם וואס באלד וועט ער אוועק אויף א „הייק" מיט נאך אינגלעך. ער האט גענומען ברייטען זיך אין וועג. אנגעטאן אין דעם ספארט־קאסטיום, האט ער אויסגעזעהן שענער, שטארקער. ער האט פארווארפען איבער'ן אקסעל זיין רייזע־טאש מיט א מין שטאלץ. טאטע־מאמע האבן יעדערער פון זייער באזונדער ווינקעל געקוקט אויף זייער זוהן מיט געפילען פון אנגסט און פרייד.

סאני האט ניט געהאט קיין אנונג וועגען זיין מאמע'ס געפילען איצט. נאר אז ער איז צוגעגאנגען זי צו קושען „גוד־באי", און האט דערזעהן איר בלייך פנים, האט אים פארדריקט זיין קינדעריש הארץ.

— פא! — האט ער א רוף געטאן צו זיין טאטען, אליין ניט וויסענדיג פארוואס.

נאר אונטען אין גאס האבן שוין די אינגלעך אויף אים געווארט און דורכ'ן פענסטער אים גערופען.

— גוד־באי! — האט סאני א פאכע געטאן מיט דער האנט און א פריילעכער ארויסגעלאפען פון שטוב.

אין דער ליידיגער און שטיל־געווארענער שטוב זיינען טאטע־מאמע געבליבען א וויילע ווי פארגליווערט אויף זייערע ערטער. דערנאך זיינען זיי ביידע צוגעלאפען צום פענסטער צו זעהן זייער סאַני'ן אוועקגעהן מיט דער גרופע אינגלעך. קיינמאל איז נאך אין זייער הויז ניט געווען אזא שרייענדיגע שטילקייט, ניט אויסצוהאלטען. מיסטער סארקין האט געמאכט א טריט געהענטער צו זיין ווייב, נאר מיסעס סארקין האט זיין באוועגונג ניט באמערקט. זי האט געהאלטען דעם קאפ אראפגעלאזען. זי איז איצט געווען פארכאפט פון א גרויסען אומעט. זי האט מיט אמאל זיך דערפילט עלענט און פארלאזען פון אלעמען. אין דער זעלביגער צייט האט זיך איר געדאכט, ווי מיט סאני'ס אוועקגעהן איז ווי בעמינערט געווארען איר פארדראס אויף איר מאן. אפשר איז ער גארניט אזוי שטארק שולדיג. נאר קיינמאל וואלט זי די ערשטע אים דאס ניט ארויסגעוויזען.

מיסטער סארקין האט אזוי ווי דערפילט זיין ווייב'ס געדאנקען, און ער האט געמאכט א פרואוו איר עפעס צו זאגען. און ער האט אנגעהויבען מיט א שטיל קול:

— איך וועל געהן אין סאני'ס צימער א קוק־טאן ווי ער האלט מיט זיין „האום וואירק".

מיסעס סארקין האט א קוק געגעבען אויף איר מאן. אין דער מינוט האט זיך אויך איר געגלוסט צו זאגען אים א פריינטליך ווארט, און זי האט זיך אפגערופען:

— ווארט אויס א וויילע. איך וועל פריהער געהן אין קיך מאכען טיי, וועלען מיר טרינקען.

# פראגן וועגן געזונט

פון דר. יעקב ב. גלען

דער „קריטיקער", בראנקס.

איר זיינט טאקע א קריטיקער, אבער אפילו א „קריטיקער" דארף רעדען און שרייבען מיט שכל, מיט רוהיגקייט און מיט העפליכקייט.

איך ציטיר ניט אייערע ווערטער, ווייל זיי זיינען פיל מיט גאל געגען די דאקטוירים, געגען די דראגיסטען און געגען דער אלגעמיינער מעדיציניש ער וויסענשאפט. וואס, ווי איר דריקט זיך אויס, „טויג אין דר'ערד אריין".

איר אליין זייט שוין ב"ה 78 יאר אלט. אפשר טאקע א דאנק דעם, וואס איר האט זיך „געדאקטערוועט" פאר די פארגאנגענע דרייסיג יאר, האט איר פארלענגערט אייערע יארען.

פון אייער זעהר לאנגען בריף זעה איך, אז די צוויי כירורגען, די אינטערניסטען און די דראגיסטען האבן אייך יא גוט באהאנדעלט. אי, זיי האבן געלאזט זיך „באַצאלען א שעהנע מטבע" (מאטבייע) און זיי האבן אייך געמאכט פאר אן עני־ואביון (אני וואייוואיין) — דאס איז עפעס אנדערש. איך זעה, אגב, אז הגם איר לייגט אויס די העברעאישע ווערטער אין אידיש, זייט איר א געלערנטער איד וואס איז גוט באקאנט אין די „שווערצע אותיות'לעך".

אייער כעס געגען די „שניידער" (איר מיינט, מסתמא, כירורגען...), וואס האבן אויסגעצאפט ביי אייך דאס בלוט, איז אפשר א בארעכטיגטער. איך געה ניט איצט אריין אין דעם. אבער מ'דארף אויך ניט פארגעסען דעם העברעאישען אויסדרוק „וכל אשר לו יתן בעד נפשו" (א מענש וועט אלץ אוועקגעבען פאר זיין לעבען)...

גליקליכערווייז האבען מיר היינט „מעדיקעיר" (און „מעדיקעיד"). א חוץ דעם, הויבען אן איצט מאנכע דאקטוירים אין אמעריקע צו דענקען, אז די מעדיצינישע פראפעסיע איז ניט קיין ביזנעס און מ'דארף אנטוויקלען אן עטישען און מאָראלישען צוגאנג צו דער היילונגס־קונסט. נו, וועלען מיר דערלעבען!

יוסף א., ניו לאנדאן, קאנ.

איר ווילט וויסען ווי אזוי מ'קאן פעסטשטעלען מעדיציניש, צי א קינד איז פון זעלבען טאטען און ווי אזוי ווערט אזא טעסט דורכגעפירט. איר ווילט אויך וויסען, וואס מ'קאן טאן געגען א שטארקער בייסעניש צווישען די פינגער פון די פיס.

ע נ ט פ ע ר :

אויף דער ערשטער שאלה איז ניט גרינג צו ענטפערן. מ'פירט דורך באשטימטע כעמישע און ביאלאגישע בלוט־פראבעס פונ'ם בלוט (סערום און בלוט־צעלען) פונ'ם פאטער און פון קינד. די בלוט־פראבעס קאנען, אויפ'ן גרונט פון די בלוט־גרופען און באשטימטע עלעמענטען אין בלוט, באווייזען, אז דער, וועמען מען באטראכט פאר'ן פאטער פון קינד, איז ניט דער אמת'ער פאטער. דאגעגען, קאנען די דאזיגע פראוועס ניט פאזיטיוו באווייזען, אז דער און דער איז דער פאטער פונ'ם קינד.

ווי ווייט עס איז מיר באקאנט, שפילען די דאזיגע בלוט־פראבעס, צוליב זייער קאמפליצירטקייט, ניט קיין גרויסע ראלע אין א געריכט, וואס וויל פעסטשטעלען צי איינער איז דער פאטער פון א קינד, אדער ניט.

איר האט באשטימט א צושטאנד וואס הייסט „אטהלעטס פיעט" — דאס ווערט פאראורזאכט פון א מין מיקראסקאפיש שוועמל (פונגוס). א הויט־דאקטאר וועט אייך מסתמא באהאנדלען מיט איינעם פון די „אנטי־פונגוס" מיטלען, וואס איז גאנץ ווירקזאם.

# אַמעריקאַנער איד אַנטדעקט מאַסן־קברים פון קדושים אין אוקראַינע

דער איד איז געווען אויף א באַזוך אין סאָוועט־רוסלאַנד. — ער האָט געוואָלט זיכען דעם גורל פון זיינע נאָהענטע. — צופעליג האָט ער זיך דערוואוסט וועגן מאַסן־קברים מיט אידישע רעשטלעך. — דאָס איז אין א ריזיגען וואַלד ביי פעטשאָרא. — דאָרט ליגן אידישע קרבנות פון שטעטלעך אין אוקראַינע, טראַנסניסטריע און בעסאַראַביע.

פון י. שמולעוויטש

ערשט איצט, וואָס איז שוין העכער 25 יאָר נאָך דער גרויזאַמער צווייטער וועלט־מלחמה, דערוויסען מיר זיך וועגן א פאַרבאָרגענעם פלאַץ מיט מאַסן־קברים, אין וועלכע עס זיינען די רעשטלעך פון אומצאָליגע אידישע קרבנות, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרען פון די נאַצישע רוצחים. די דאָזיגע מאַסן־קברים זיינען אויף דער ערד פון דער סאָוועטישער אוקראַינע.

אָט די טראַגישע אַנטדעקונג האָט איצט געמאַכט אַן אַמעריקאַנער איד, וועלכער איז לעצטענס געווען אויף א באַזוך אין סאָוועט־רוסלאַנד. איך בין ספּעציעל געפאָרען קיין פילאַדעלפיע, פּענסילווייניע,

…

פון געדיכטע וועלדער. דאָרט, אין די דאָזיגע מאַסן־קברים, האָט משה אַסטערנעק זיך דערוואוסט, זיינען אויך די רעשטלעך פון זיינע אומגעבראַכטע נאָענטע.

„איך האָב גלייך אָנגעהויבן מאַכען באַמיהונגען — דערצעהלט דער איד — צו פאָרען פון קיעוו קיין פעטשאָרא. איך האָב זיך ווענדען דעם געווענדעט צום „אינטוריסט"...

…

אויף די ביימער, וועלכע זיינען פון אַגהויב געווען פרעהליך, האָבען אויך ווי געוויינט און געקלאָגט אין זייער געזאַנג"...

דער אוקראַינישער אָנפירער פון דעם שטעטעל פעטשאָרא האָט דערצעהלט אַסטערנעק'ן און זיין פרוי, אַז אין די מאַסן־קברים ליגען די רעשטלעך פון אַרום הונדערט טויזענט אידען. אין יענעם וואַלד אין פעטשאָרא האָבען די נאַצים ...

…

די פּוסטע ביז צוואַנציג גרויסע מאַסן־קברים, אין דעם אומענדליכען וואַלד ביי פעטשאָרא.

ענליכע צענטראַלע פייניגונגס־ און טויט־לאַגערן פאַר אידען, ביי די נאַצים, זיינען אויך געווען אין וואַפּניאַרקע און אין שאַרגאָראָד.

„שטעהענדיג ביי די גרויסע מאַסן־קברים — דערצעהלט משה אַסטערנעק — האָט דער הויפּט פון ...

…

וואו עס איז די אָנפירערשאַפט פון דעם שטעטעל פעטשאָרא, האָט דער חזן דערצעהלט, אַז אידען פון די אַרומיגע שטעטלעך קומען פון צייט־צו־צייט אויף קבר־אָבות צו די מאַסן־קברים. די דאָרטיגע אידען ווילען אויפשטעלען א פּאַסיגע מצבה, אָבער זיי זיינען דאָס ניט בכוח צו טאָן.

„דער אוקראַינישער אָנפירער פון שטעטעל — דערצעהלט משה אַסטערנעק — האָט זיך אָריינגעמישט אין שמועס. ער האָט צו מיר געזאָגט, אַז אויב אידען אין אַמעריקע, אָפּשטאַמיגע פון די שטעטלעך, פון וואַנען עס האָבען געשטאַמט די ...

…

WM. POLSKY
1706 N. Peach Street
Philadelphia 31, Pa.

# סטרייק פון „פּראָפעסיאָנעלע דאַוונער" אין שוהל אין 1853

…

(שלוס אויף זייט 3)

# זייער געראָטענער זוהן

ערצעהלונג

פון מרים ראַסקין

…

# פראַגן וועגן געזונט

פון דר. יעקב ב. גלען

…

# צי וועט משה דיין פאַרלאָזן די אַרבעטס-פּאַרטיי?

פון אונזער ישראל קאָרעספּאָנדענט
לייב ראַכמאַן

**די מיטגלידער פון דער געוועזענער רפ"י ווילן משה דיין אלס פּרעמיער אין דער קומענדיקער רעגירונג. — אשכול וויל איינלעשן די מחלוקת מאָפּירדיין. — די אַקטיוויסטן ווילן שאַפן אַן אומפּאַרטייאישע ליסטע מיט משה דיין אין דער שפּיץ.**

די לעצטע צייט האָבן אין ישראל זיך געשאַפן מערערע קאָמיטעטן פון געזעלשאַפטליכע טוער, וועלכע ווילן אַרויסשטעלן אַ באַוועגונג מיט דער לאָזונג „משה דיין — צוקונפטיקער פּרעמיער מיניסטער פון ישראל". משה דיין אַליין שטויסט אָפּ פון זיך די אַלע פאָרשלאָגן. ער זאָגט, אַז אַזוי לאַנג ווי ער איז אַ מיטגליד פון דער פאַראייניקטער „אַרבעטס-פּאַרטיי" (מפלגת העבודה), וועט ער זיך ניט אַנגאַזשירן אין קיין שום באַוועגונג פון דעם מין; ער וועט אויך נישט דערלויבן זיך באַנוצן מיט זיין נאָמען פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אַזאַ קאַמפּײַן. ווען מענשן קומען צו דיינ'ען מיט דעם דערמאָנטן פּלאַן, ענטפערט ער, אַז ער גלויבט נאָך, אַז עס וועט פאָרקומען אַן ענדערונג אין דער אַרבעטס-פּאַרטיי. ער ווייסט אַז, אין דער פּאַרטיי זיינען פאַראַן ברייטע קרייזן, וועלכע שטרעבן און ווירקן פאַר אַן ענדערונג אין איר אָריענטאַציע און פּאָליטיק.

דאָס וואָס משה דיין באַנוצט זיך מיט'ן וואָרט „אַזוי לאַנג" ווייזט שוין אַז דערויף, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט, אַז ער וועט אין אַ געוויסן טאָג מער נישט זיין קיין מיטגליד פון דער אַרבעטס-פּאַרטיי. אין ישראל ווייסט מען, אַז די מעגליכקייט איז גאָר אַ רעאַלע. די אַנטוויקלונג אינעווייניג דער אַרבעטס פּאַרטיי גייט אין דער ריכטונג פון איזאָלירן די אַקטיוויסטישע גרופּעס פון די געוועזענע „רפ"י"-מיטגלידער (ווי באַוואוסט, איז רפ"י, אין שפּיץ מיט משה דיין און שמעון פּערעס, שוין לאַנג אַריינגעטראָטן אין דער אַרבעטס פּאַרטיי). מפּא"י און „אחדות עבודה", די צוויי הויפּט-שותּפים פון דער אַרבעטס-פּאַרטיי (אויסער רפ"י), האָבן די לעצטע צייט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט מפּ"ם וועגן אַ „מערך" — אַ פאַראייניגטע פעדעראַטיווע ראַם — און ס'איז פאַר אַלעמען קלאָר, אַז דער „מערך" ווערט געשלאָסן מיט'ן ציל קלענער צו מאַכן אין דער פאַראייניגטער אַרבעטער-פעדעראַציע דעם איינפלוס פון די רפ"י-מענשן. אין זיין רעדע פאַר דער מפּ"ם-קאָנפערענץ וואָס איז גערופן געוואָרן ספּעציעל מיט'ן ציל צו באַשטעטיקן דעם אָפּמאַך וועגן שאַפן די „מערך"-פעדעראַציע מיט דער אַרבעטס-פּאַרטיי, האָט דער מפּ"ם-פירער, מאיר יערי, אָפן וועגן דעם גערעדט. יערי האָט אַנגעגריפן דיינ'ס „פּאַרטיי-זאַנישע אַרויסטרעטונגען", און האָט געזאָגט: „מיר דאַרפן דיין אין „מערך", כדי עס זאָל ווידער ניט קומען דערצו, אַז אונטער'ן דרוק פון די מאַסן („פון דער גאַס") זאָל דיין אַרויסגעהויבן ווערן" (אַן אַנדייטונג אויף די טעג ערב דער 6-טאָגיקער מלחמה).

משה דיין ווייזט ביז איצט ניט אַרויס קיין שום קאָנקרעטע סימנים, אַז ער זאָל אַניגיכן אַרויס פון דער אַרבעטס-פּאַרטיי, אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז ער האָט שוין באַגרעניצט זיין פּאַרטייאישע אַקטיוויטעט ביז אַ מינימום. ער טרעט כמעט מער ניט אַרויס אויף עפנטליכע פאָרומס, אָרגאַניזירט דורך דער פּאַרטיי. געווען אַ פאַל ווען משה דיין האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קומען צו אַ מאַסן-פאַרזאַמלונג אין באר שבע, וואו ער האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן, ווייל ער האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט די פאַרזאַמלונג אַנאָנסירט אין נאָמען פון דער אַרבעטס-פּאַרטיי. ער איז אין דער לעצטער רגע יאָ אַרויסגעטראָטן, נאָכדעם ווי מען האָט די מאַסן-פאַרזאַמלונג פּראָקלאַמירט אַלס אומפּאַרטייאישע. ווי באַוואוסט, האָט דיין אויך רעזיגנירט פון סעקרעטאַריאַט פון דער פּאַרטיי. מען מיינט, אַז נאָכדעם ווי די אַלטע מפּא"י-גוואַרדיע האָט אָפּגעהאַלטן עפנטליכע דיונים איבער דער רפ"י-גרופּע אין דער אַרבעטס-פּאַרטיי בעת די אָפּשטימונגען אין די ענינים פון דער ציילונג פון די פּאַרטיי-חברים ערב דער פּאַרטיי-קאָנפערענץ, און אויך בנוגע דעם טערמין פון דער קאָנפערענץ, און בעיקר, לעצטנס, וואָס שייך דעם „מערך" מיט מפּ"ם (רפ"י איז געווען קעגן דעם „מערך") — באַטראַכט זיך דיין מער נישט אַלס קאָמפּעטענט אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון דער פּאַרטיי. פאַראַן אַזעלכע, וואָס זאָגן פאָר, אַז צו אַ פאָלקסמען ריס צווישן משה דיין און זיין אַרבעטס פּאַרטיי וועט ערשט קומען אין מיטן 1969. דערווייל האַלט זיך דיין אין אַן אָפּוואַרטונגס פּאָזיציע.

פאַרשטענדיק זיך, אַז ביים איצטיקן מאָמענט איז נאָך שווער פאָרויסזאָגן וואָס פאַראַ פאָרעם עס וועט שפּעטער טראָגן דיינ'ס פאַרלאָזן די פּאַרטיי (אין פאַל ווען דאָס וועט געשען); צי וועט ער אַליין אַוועק אָדער צוזאַמען מיט דער רפ"י-גרופּע. און עס איז פאַראַן נאָך אַ מעגליכקייט, וואָס זעהט אויס וואַרשיינליך: אין פאַל ווען דאָס וועט געשען, וועט דיין פיגורירן אויף אַ רשימה צו דער כנסת בראש פון אַן אומפּאַרטייאישער ליסטע פון מענשן, וואָס זיינען פאַר איינהאַלטן די פאַרנומענע אַראַבישע געביטן. צווישן אָט די „אַקטיוויסטן" געפינען זיך מענשן פון אַלע פּאַרטייען און שאַטירונגען, פון רעכטס ביז לינקס. זיי האַלטן, אַז ביי דער געשפּאַנטער לאַגע פון ישראל, וואָס וועט זיכער נאָך לאַנג דויערן, זאָל שטעהן אין דער שפּיץ פון דער רעגירונג אַ „שטאַרקער מאַן". זיי זיינען געגען די אַלטע מפּא"י-מיניסטאָרן, וועלכע זעהען זיי אויס צו זיין צו וואַקלענדיג...

אָט צווישן די צוויי שטרעמונגען און טענדענצן וועט, זעהט אויס, אַנגיין דער קאַמף ערב די קומענדיגע כנסת-וואַלן. שמעון פּערעס האָט ערשט איצט ווידער ערקלערט, אַז מען דאַרף אויסטוישן אשכול'ן אויף דיינ'ען. ער האָט די פאָדערונג מאָטיווירט מיט דריי אַרגומענטן: איינס, עס איז געוואונשן, אַז אין דער רעגירונג זאָלן פון צייט צו צייט געביטן ווערן די מענשן, גענוי ווי דאָס קומט פאָר אין דער אַרמיי. צוויי, ער גלויבט, אַז דאָס פאָלק פאָדערט צו טוישן די רעגירונג. דריי, ס'איז, לויט אים, פאַראַן אַ פּאָליטישע סטאַגנאַציע אין דער רעגירונג. ס'רירט זיך גאַרנישט פון אָרט „אונטער אשכול'ס אַנפירונג".

נאָך אין פאַרבינדונג מיט'ן אויבנדערמאָנטן קאָן מען פאַרשטיין די שאַרפע עפנטליכע דעבאַטע, וואָס האָט לעצטנס זיך אַנטוויקלט צווישן משה דיין און מיניסטער פּינחס ספּיר. דיין פאָדערט כסדר, אַז די אַראַבער פון די פאַרנומענע שטחים דאַרף מען איינגלידערן אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון דער מדינה. פּינחס ספּיר טרעט אַרויס איבער'ן לאַנד מיט רעדעס געגן דיינ'ס פּלאַן, אָנווייזענדיג, אַז עס דראָהט אַ געפאַר, אַז די אַראַבער וועלן אין פאַרלויף פון צענדליגע יאָר ווערן אַ מערהייט אין דער מדינה. ער איז דעריבער פאַר דעם אַז מען זאָל צוריקגעבן חוסיינען די פאַרנומענע שטחים, וועלכע זיינען באַוואוינט מיט אַראַבער. די מענשן ווידער פון דיינ'ס צד, ווייזן אָן, אַז אין די נאָענטסטע יאָרן דאַרף מען ערוואַרטן אַ גרויסע עליה — אי פון מזרח, אי פון מערב, און אַז אויב מען וועט צוריקגעבן די שטחים, האַלטן זיי, וועט שפּעטער נישט זיין גענוג אָרט פאַר'ן רוסישן אידענטום און אויך ניט פאַר די עולים פון אַמעריקע... מאַנכע טענה'ן אַז די עפנטליכע דעבאַטע צווישן ספּיר'ן און דיינ'ען הויבט אָן ברענגען שאָדן, ווייל די אַראַבער הערן זיך שטאַרק צו צו די אַרגומענטן פון די אידישע פירער. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז אשכול האָט געהאַלטן פאַר נויטיג איינצושטילן די עפנטליכע דיסקוסיע. ער האָט אויך אינטערווענירט ביי ספּיר'ן, ער זאָל אָפּשטעלן זיינע אַנטי-דיין אַרויסטרעטונגען. אשכול האָט אי אין דער רעגירונג, אי אין דער כנסת געזאָגט: „איך האָב אויסגעדריקט מיין באַדויערן, צוליב די עפנטליכע דיסקוסיעס צווישן מיניסטאָרן. איך רעכן, אַז די ערשיינונג קאָן אונז ברענגען אינערליכען און אויסערליכען שאָדן".

לעצטענס איז פּינחס ספּיר אַרויסגעטראָטן אין דער רעגירונג געגן דער פּאָליטיק פון אינטעגרירן טיילווייז די אַראַבער פון די פאַרנומענע שטחים אין ווירטשאַפטליכן לעבן פון לאַנד. דער קאַבינעט באַהאַנדלט שוין זיינע טענות. ספּיר איז אויך געגן דעם אויפשטעלן נייע ישובים אויף די פאַרנומענע שטחים פון שומרון.

דער „פאָרמעסט" צווישן די ביידע פּערזענליכקייטן (און אין אמת'ן — צווישן דער אַלטער און דער אינגערער גוואַרדיע) הויבט איצט בלויז זיך אָן. אַז וואָס ווייטער, וועלן מער מענשן אָפן זיך אַרויסזאָגן — אויף וועלכן צד זיי געפינען זיך. אַלע ווייסן, אַז ביים איצטיגן מאָמענט זעהט עס אויס, אַז די סימפּאַטיע פון דער מערהייט פון לאַנד אויף דער זייט פון משה דיין, נישט אַזוי זעהט אָבער אויס די לאַגע אינערהאַלב דער אַרבעטס-פּאַרטיי און אוודאי נישט נאָך דעם געשאַפענעם „מערך" מיט מפּ"ם.

# צום חודש פון אידישן בוך

(אַ רעדע געהאַלטן אויף סטעישאָן דאַבעליו-אי-ווי-די, זונטאָג)

פון יצחק באַשעוויס

ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַז אַמאָליגע אידן האָבן געקאָנט האָבן אַ חודש פון אידישן ספר. לערנען תורה איז געווען אַ מצוה וואָס האָט נישט געהאַט צו טאָן מיט צייט. מ'האָט געדאַרפט לערנען תורה „יומם ולילה". אידישקייט איז די איינציגע רעליגיע וואָס האָט דירעקט צו טאָן מיט לייענען און לערנען. משה רבנו האָט אונז געזאָגט, אַז צו זיין גערעכט, עהרליך, אָפּגעהיטן פון שלעכטס, מוז מען האָבן וויסן. די צעהן געבאָט זענען געווען צום פּראָגראַם פון שטודיום. עם-הארצות איז באַטראַכט געוואָרן ביי אידן נישט בלויז פאַר אַן אומגליק, נאָר דירעקט פאַר אַ זינד.

די אידישע ליטעראַטור איז געוואָרן געשאַפן דורך מענשן מיט הויכער אידישער בילדונג. לינעצקי, מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ האָבן געהאַט אַ סך אידיש וויסן. אָבער שפּעטער איז געקומען אַ דיסקרעפּאַנציע אין אונזער ליטעראַטור. מ'האָט גענומען פאַרבינדן אידיש מיט ענינים וואָס האָבן מיט אידיש קיין שום אָרגאַנישע שייכות נישט געהאַט. צוזאַמען דערמיט האָט גענומען פאַלן די ווערט און דער פּרעסטיזש פון אונזער ליטעראַטור. אַ סך פון אונז האָבן דורכגעלעבט דעם דאָזיגן פּראָצעס ממש פון אָנהייב ביז צום ביטערן סוף. עס איז געווען אַ שנעלער און פאַטאַלער באַרג-אַראָפּ. ס'איז געקומען צו אַ מדרגה אַז נישט בלויז איז נישט געווען ווער ס'זאָל לייענען, נאָר ס'איז כמעט נישט געווען, וואָס צו לייענען. די סאָוועטישע אידישע ליטעראַטור איז דער טרויעריגער רעזולטאַט פון אַ פאַלשן צוגאַנג. מ'האָט דאָרט פּראָדוצירט אַ ליטעראַטור וואָס איז געווען געגען אונזער געשיכטע, געגען אונזער גייסט אַנטי-אידיש און מערער פון אַלץ — לאַנגווייליג. מ'פּרואווט נאָך איצט גלאָריפיצירן אָט די ליטעראַטור און איר שעפער, אָבער ס'קאָן קיינעם נישט גענאַרן. אַרויסצורופן ביי אידן אַן אינטערעס צו פוסטע מליצות און צו אָפענער שנאת ישראל. אַז די ליטעראַטור איז אַ טרויעריג קאַפּיטל אין אונזער גייסטיגער געשיכטע.

איך טרייב נישט איבער אויף קיין האָר ווען איך זאָג אַז די טראַגעדיע פון דער אידישער ליטעראַטור איז געקומען דורכאויס צוליב דעם וואָס זי האָט אין אַ גרויסער מאָס זיך בעלאָזט אויף אַ וועג וואָס איז געגען אונזער געשיכטע, אונזער גייסטיגער און פיזישער עקזיסטענץ. דער איד איז בטבע אַ מענטש פון תורה. ער וויל און מוז כסדר לערנען.

דער חודש פון אידישן בוך וואָס מיר פּראָקלאַמירן היינט, מוז זיין אַ צייט פון ליטעראַרישן חשבון הנפש. מיר מוזן זיך אומקערן מיט'ן פּנים צו אידישקייט, אידישער געשיכטע, אידישע ווערטן. דאָס איז ריכטיג נישט בלויז וועגן אונזער ליטעראַטור אויף אידיש, נאָר אויך אויף העברעאיש, אויף ענגליש, פראַנצויזיש און אין אַלע שפּראַכן וואָס אידן באַנוצן. די טענדענץ זיך אָפּצודרייען פון די וואָרצלען, צו פאַרגעסן אונזער גייסטיגן שורש איז פאַראַן ביי אַ סך שרייבער וואָס ווילן גילטן פאַר אידישע שרייבער.

דער אידישער שרייבער מוז לערנען אידישקייט נישט בלויז פון ביכער און ספרים, נאָר אויך יעדער אַנדער פאָרם. אידישקייט איז אַ קונסט און אַ וויסנשאַפט. מען מוז זיין אַ געלעהרטער צו פירן אַ לעבן אָהן שווינדל, אָהן עוולה'ס, אָהן שקר, אינטריגע, אָהן לשון הרע און רכילות. עס פאָדערט זיך דערצו נישט בלויז איידעלקייט און דיסציפּלין נאָר גרויס וויסן. דער חודש פון אידישן בוך מוז ווערן אַ יאָהר פון אידישן ספר, אַ גאַנץ יאָר פון לייענען, לערנען און פאָרשן. אידישע בעלעטריסטיק דאַרף נישט טראָגן אויף זיך דעם סטעמפּעל פון מעכאַנישער געלעהרזאַמקייט. אָבער זי מוז אַרויסוואַקסן פון אַ גייסטיגן באָדן. מ'קאָן נישט קענען דעם אידישן גוף, אויב מ'שטודירט נישט כסדר די אידישע נשמה און די אוצרות וואָס זי האָט אָנגעזאַמלט. די דאָזיגע אוצרות זענען אין אונזערע ספרים און ביכער.

# אידען וואָס זוכען כבוד אַרום יזכור-ביכער

פון י. שמולעוויטש

**אַ איד מיט אַ טענה. — יחידים, וואָס ה ע ל פ ע ן אַרויסגעבן יזכור-ביכער. — געוויסע ערוואַרטן פאַר דעם פּובליסיטי. — אַ פאַרשוועכונג פאַר די קדושים און מאַרטירער. — ווי מען דאַרף דאָס אָפּהיטן. — די לאַנדסמאַנשאַפטן און זייערע „סאָוועניר"-אויסגאַבעס.**

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָב איך אין איינעם פון מיינע אַרטיקלען געשריבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַ נייערשינענעם יזכור-בוך. דער ספר איז געווידמעט אַ געוועזענער אַלטער אידישער קהילה אין מזרח-אייראָפּע; די געשיכטע און דאָס לעבן פון דאָרטיגע דורות אידען, און דער חורבן און אומקום ביי די רוצח'ישע נאַציס.

עטליכע טעג נאָכדעם ווי דער דערמאָנטער אַרטיקל איז געווען אָפּגעדרוקט, איז אין מיין רעדאַקציע צימער אַריינגעקומען אַ איד. ווי עס איז געווען גלייך צו דערקענען פון זיין אויסזעהן און אויפפירונג, איז דער איד אַ גביר. איך האָב באַמערקט, אַז ער באַמיהט זיך דאָס מיר אויך אַרויסצואווייזן. דער איד האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי מיין שרייב-טיש.

„איר ווייסט", האָט ער געזאָגט צו מיר, „איך האָב צו אייך אַ טענה. עס איז אַ גרויסע טענה, וואָס איך קען ניט פאַרשווייגן. איר האָט געשריבן וועגן אונזער יזכור-בוך, אָבער איר האָט גאָר ניט דערמאָנט וועגן מיר. פאַרוואָס האָט איר גאָרניט געשריבן וועגן מיר? איר האָט ניט געהאַנדלט ריכטיג".

פון אָנהייב האָב איך ניט פאַרשטאַנען וואָס דער איד ביי מיין שרייב-טיש מיינט און וויל. יאָ, איך האָב זיך דערמאָנט דעם יזכור בוך, וועגן וועלכן איך האָב געשריבן. איך האָב פאַר זיך געזעהן די הונדערטער זייטן מיט געשיכטע וועגן יענער קהילה; איך האָב זיך דערמאָנט די שילדערונגען און באַשרייבונגען וועגן דעם אידישן חורבן, וואָס איז אַרויסגעבראַכט אין דעם ספר; די בילדער און נעמען פון די קדושים, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די היטלעריסטן און זייערע מיטהעלפערס; די מאַסן-קברים מיט אידישע קרבנות...

וואָס פאַראַ שייכות האָט דאָס אַלץ — האָב איך ביי זיך בעטראַכט — מיט אָט דעם איד, וואָס האָט צו מיר אַ טענה. פאַרוואָס איך האָב אין מיין אַרטיקל וועגן יזכור-בוך אויך ניט געשריבן וועגן אים? ווי עס זעהט אויס, האָט דער איד געטראָפן וועגן וואָס איך טראַכט. ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און איבערגעריסן מיינע געדאַנקען.

„איר דאַרפט וויסן", האָט ער צו מיר געזאָגט, אַביסעל מיט חוצפּה, „אַז איך האָב צושטייער געגעבן העכער טויזנט דאָלאַר, אַז מען זאָל קאָנען אַרויסגעבן דעם יזכור-בוך. איר האָט דאָך געזעהן, אַז אין דעם בוך שרייבט מען וועגן מיר. עס זיינען אויך געדרוקט מיינע בילדער. די לאַנדסלייט האָבן צוגעזאָגט, אַז ווען מ'וועט שרייבן אין די צייטונגען וועגן דעם בוך, וועט מען אויך שרייבן וועגן מיר. אָבער איר, אין אייער אַרטיקל, האָט דאָס ניט געטאָן. זאָגט מיר, אדרבא, פאַרוואָס האָט איר אַזוי געהאַנדלט?"

דער איד האָט דערביי אַוועקגעלייגט אויף מיין שרייב-טיש דעם זעלבן יזכור-בוך, וועגן וועלכן ער האָט מיט מיר גערעדט. ער האָט אויפגעמישט געוויסע זייטן און מיר אָנגעוויזן ווער און וואָס מען שרייבט אַלץ וועגן אים. ער האָט מיר אויך אָנגעוויזן אויף פאָטאָגראַפיעס וועגן אים, וואָס זיינען געדרוקט אין דעם ספר.

דער איד האָט מיר אויך אין קורצן דערצעהלט, וואָס ער האָט שוין אַלץ געטאָן און ער טוט ווייטער פאַר זיין לאַנדסמאַנשאַפט-אָרגאַניזאַציע, און פאַר אידישע אינטערעסן. פון זיין רעדען האָב איך דערקענט, אַז ער איז זעהר צופרידן פון דעם כבוד, וואָס די לאַנדסלייט טיילן אים צו אין דעם יזכור-בוך...

„נו, איז דאָך גוט", האָב איך צו אים געזאָגט, „ווי איך זעה, האָט איר שוין כבוד אויפ'ן פּוד".

ווי עס זעהט אויס, איז דער איד אַזאַ, וואָס וויל נאָך און נאָך. ער האָט פאַרדרוס פון דעם וואָס מען שרייבט ניט אויך וועגן אים און מען טיילט אים ניט צו דעם געהעריגן כבוד ווען מען שרייבט אין אַ צייטונג וועגן דעם יזכור-בוך.

איך צווייפעל אויב דער ענטפער, וואָס איך האָב געגעבן דעם געקומענעם איד צו מיר, האָט אים צופרידנגעשטעלט. ווען דער איד האָט פאַרלאָזט דעם רעדאַקציע-צימער האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער איז ניט צופרידן. ביים געזעגענען זיך מיט מיר האָט ער נאָך אַלץ אונטערגעברומט זיין טענה.

דער דאָזיגער אַנגעווייטאַגטער ענין, וואָס ווערט דאָ באַרירט, האָט ניט בלויז אַ שייכות צו דעם געקומענעם איד צו מיר. לויט מיין איינדרוק און ערפאַרונג — אין פאַרבינדונג מיט מיין שרייבן וועגן יזכור-ביכער — ווייס איך, אַז דאָס האָט אויך אַ שייכות צו אַנדערע אַזעלכע יחידים. דאָס נעמט שוין ליידער אַן אַ כאַראַקטער, וואָס דאַרף ניט פאַרשוויגן ווערן.

דער ענטפער, וואָס איך האָב געגעבן דעם איד אויף זיין טענה, איז אויך געווענדעט צו געוויסע אַנדערע אידען פון דעם מין. דעריבער וויל איך דאָס אַרויסברענגען אין די ווייטערדיגע שורות.

אויב אַ יחיד גיט אַ גרעסערע סומע געלט אין העלפט מיט דעם אַרויסגעבן אַ יזכור-בוך, איז דאָס זעהר גוט און פיין. מיט דעם איז אַזאַ איד-גביר אָבער ניט גרעסער פון אַן אַנדערן איד, וועלכער גיט אַ קליינע סומע פאַר דעם זעלבן הייליגן צוועק, ווייל ער האָט ניט מער. אַזאַ איד דאַרף פאַר דעם, אָבער, ניט ערוואַרטן קיין פּובליסיטי, ניט אין אַ יזכור-בוך און אויך ניט אין אַ צייטונגס-אַרטיקעל, וואו עס ווערט געשריבן וועגן אַזאַ ווירדיגן ספר.

אַ יזכור-בוך איז געווידמעט אונזערע קדושים און מאַרטירער, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרען פון די נאַציס; ווי אויך דעם לעבן פון אידישע דורות אין אַ געגעבענער שטאָט אָדער שטעטעל, וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן בעת'ן גרויזאַמען היטלער-מבול. אַ יזכור-ספר איז ניט קיין סאָוועניר-בוך פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט.

געוויס דאַרף מען אין יזכור-ביכער אויך אָפּגעבן געהעריגן פּלאַץ פאַר די אַקטיוויסטן פון לאַנדסמאַנשאַפטן אָרגאַניזאַציעס אין פאַרשידענע לענדער. ניט בלויז דאַרף מען דאָס טאָן, נאָר דאָס איז אויך וויכטיג. דאָס איז דערפאַר, ווייל אַזאַ געדרוקטער מאַטעריאַל באַווייזט, אַז אידען, וואָס שטאַמען פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון יענער זייט ים, ציהען ווייטער דעם המשך פון די פאַרניכטעטע קהילות און די דאָרטיגע אומגעבראַכטע אידען, די קדושים און מאַרטירער.

קיין שום יחיד, מעג ער זיין וויכטיג און פאַרמעגליך, דאַרף ניט ערוואַרטן קיין פּערזענליכע פּובליסיטי אין אַ יזכור-בוך. ער דאַרף אויך ניט ערוואַרטן קיין פּובליסיטי אין אַ צייטונגס-אַרטיקעל וואו מען שרייבט וועגן אַזאַ ספר, כאָטש ער האָט מיטגעהאָלפן דאָס אַרויסצוגעבן. דאָס איז אויך אפילו אין פאַל, כאָטש אין אַ יזכור-בוך ווערט אים יאָ צוגעטיילט כבוד.

ליידער ווערט דאָס אַלץ ניט ווי געהעריג אָפּגעהיטן. דער עיקר ביים אַרויסגעבן יזכור-ביכער. אָפטמאָל, ווען מען לייענט אַ געוויסן יזכור-בוך, זעהט מען אַ סך פיל פּלאַץ געווידמעט יחידים, מען זעהט אויך זייערע בילדער. עס איז קלאָר, אַז מערסטענס איז דאָס וועגן רייכע אידען, וועלכע האָבן געגעבן געוויסע סומעס אַרויסצוגעבן אַזאַ ספר, אָדער אַזעלכע זיינען פון די פירער אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט.

אויב אַזעלכעס ווערט אַריינגעפירט אין אַ יזכור-בוך, באַקומט דאָס דעם אויסזעהן ווי עס וואָלט געווען אַ סאָוועניר-בוך און ניט אַ יזכור-בוך, וואָס איז דורכגעווייקט מיט אידישן בלוט, טרערען און טרויער. דאָס איז ממש אַ פאַרשוועכונג פאַר די קדושים און מאַרטירער. וועגן דעם אידישן חורבן ביי היטלער'ן און אויך פאַר דעם גרויסן אידישן יחוס, וועגן וואָס עס ווערט דערצעהלט אין אַזאַ ספר.

אָפטמאָל, ווען מען בלעטערט דורך אַ געוויסן יזכור-בוך, זעהט מען אין דעם אויך באַשרייבונגען און לויב-געזאַנגען פאַר יחידים, וועמען די לאַנדסלייט ווילן אַזוי אַרום צוטיילן כבוד. מען זעהט אויך פאָטאָגראַפיעס פון אַזעלכע יחידים, אויף וועלכע זיי זיינען אויסגעפּוצט אין שענסטע אין בעסטע. אין געוויסע פון די יזכור-ביכער זעהט מען אפילו אויך פאָטאָגראַפיעס פון משפּחה-שמחות פון אַזעלכע אידען, וואָס מאַכט אַ זעהר שלעכטן איינדרוק. עס זעהט אויס ווי מען וואָלט געפּראַוועט אַ פרעהליכע שמחה אויף אַ בית-עולם...

געוויס קען מען און מען דאַרף אויך צוטיילן כבוד אַ פירער פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט, אָדער אַ פּראָמינענטן לאַנדסמאַן, אויב ער פאַרדינט זיך דאָס, אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן. מען דאַרף אָבער זיין זעהר אָפּגעהיט אַזעלכעס אַריינצופירן אין אַ יזכור-בוך.

דאָס קען געטאָן ווערן אין ספּעציעלע אויסגאַבעס פון דער געגעבענער לאַנדסמאַנשאַפט. געוויסע לאַנדסלייט אָרגאַניזאַציעס גיבן דאָך טאַקע אַרויס ספּעציעלע סאָוועניר-ביכער פאַר דעם צוועק. אין אַזאַ אויסגאַבע קען מען שרייבן און דערצעהלן וואָס מען וויל, באַגלייט מיט בילדער, וועגן אַ פאַרדינסטפולן לאַנדסמאַן.

מיר ווייסן גוט, אַז די לאַנדסמאַנשאַפטן אָרגאַניזאַציעס האָבן אויך אַן אַנדערע וועג ווי אַזוי צוצוטיילן געהעריגן כבוד אַ לאַנדסמאַן, וואָס פאַרדינט דאָס. אַזעלכעס ווערט געטאָן ביי ספּעציעלע פייערונגען, באַנקעטן און ענליכעס, וואו דעם געגעבענעם מענש ווערט אונטערגעטראָגן פיל כבוד און לויב-געזאַנגען.

ביים צוגרייטן און אַרויסגעבן אַ יזכור-בוך, דאַרף דאָס אַלץ אויסגעמיטן ווערן. די וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיגער הייליגער אַרבעט דאַרפן דאָס גוט געדענקען. דאָס דאַרפן אויך גוט וויסן יענע אידען, וועלכע העלפן מיט געלט-מיטלען — ווי גרויס דאָס זאָל נישט זיין — און וואָס ריכטן זיך פאַר דעם אויף פּובליסיטי.

אַזעלכע אידען דאַרפן געוויס אויך ניט ערוואַרטן קיין צוגאָב-פּובליסיטי אין אַ צייטונגס-אַרטיקעל, וואו עס ווערט געגעבן אַן איבערזיכט וועגן אַזאַ יזכור-בוך. כאָטש אין דעם ספר האָבן זיי — צום באַדויערן — אַזעלכעס יאָ באַקומען.

# פאַרדאַכט

ערצעהלונג

פון מרים ראַסקין

עס איז שוין געווען סוף זומער און אין איינעם פון די האָטעלן אין די בערג זיינען אַנגעקומען אַ סך געסט, צוליב די אידישע יום-טובים, וואָס מען האָט דערוואַרט. די לאָבי פון האָטעל איז געווען באַלעבט מיט מענשן, אַלע גוט-געשטימט. די שטאָט מיט אירע האָווענישען און זאָרגען איז געווען ווייט, און דאָ האָט מען זיך געפילט פריי און געמיטליך. מען האָט געשלאָסן באַקאַנטשאַפטן און פאַרפירט שמועסן.

צווישן די געסט איז געווען אַ פּאָרפאָלק, וואָס האָט זיך דאָ אַלעמען שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן מיט דעם וואָס ער, דער מאַן, האָט אויסגעקוקט אַ סך עלטער פון זיין ווייב. ער האָט אויסגעזעהן צו זיין אַ יאָר פינף-און-זעכציג, און זי האָט אויסגעזעהן ניט מער ווי אַ יאָר דרייסיג און אפשר נאָך וועניגער. זי איז אויך געווען זעהר שעהן. מען האָט דאָ פריהער געמיינט, אַז זי איז אַ טאָכטער זיינע, אָדער זיינע אַ געליבטע. נאָר באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען מאַן און ווייב, און אפילו אַ גליקליכע פּאָר. טשאַרלס לעווינסאָן איז געווען זיין נאָמען און זי האָט געהייסן ראָזאַלין. און אַלע דאָ האָבן געזוכט זיך צו באַקענען מיט זיי.

אַז טשאַרלס לעווינסאָן האָט גערעדט מיט אַ מענשן, איז אין זיין טאָן געלעגן זיכערקייט און אויטאָריטעט. עס איז געווען צו זעהן, אַז ער איז אַ מענש מיט אַ גרויסן פאַרנעם. ער איז אַן אַנגעזעהענער ביזנעסמאַן און ער קען זיך אויס אויך אין וועלטליכע פראַגן. באַלד האָט ער דאָ געקראָגן אַ נאָמען פון אַן אינטערעסאַנטן און וויכטיגן מענשן, מיט וועמען עס איז גוט צו שמועסן. עס האָבן זיך דאָ געפונען מענשן, וואָס האָבן ביי אים געפרעגט פראַגן וועגן מלחמה און שלום, און אויך אידישע פראַגן און ער האָט געענטפערט אַמאָל שאַרף, וויציג, און אַמאָל איינגעהאַלטן, ווי ער וואָלט געוואוסט מער ווי פיל ער קען זאָגן.

אַז טשאַרלס לעווינסאָן האָט פון דערווייטנס דערזעהן ראָזאַלין, זיין ווייב, האָט ער צופרידן אַ שמייכעל געטאָן און זיך אָפּגערופן צו זיינע מיט-שמועסער, אָנווייזנדיג אויף איר.

— זי איז אַלראַיט, מיין ווייבעל, זי פאַרמאָגט נאָר איין חסרון, וואָס איז ניט אַזוי גוט פאַר מיר.

— אַ חסרון? — האָבן זיך די מענשן געוואונדערט.

— זי ווערט וואָס ווייטער אַלץ אינגער — האָט ער אַ לאַך געטאָן פון זיין איינגענעם וויץ.

דאָס איז געווען ווי אַן אַנדייט אויף דעם אונטערשייד אין יאָרן צווישן אים און זיין ווייב. אָבער עס האָט אויסגעוויזן, אַז ער נעמט זיך דאָס ניט צום האַרצן, נאָר פאַרקערט, דאָס האָט נאָך צוגעגעבן צו זיינע מעלות, ווי זיינע אַ דערגרייכונג.

די אייגענטימערין פון האָטעל, מיסעס עטינגער, האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט דעם פּאָרפאָלק און זי האָט שוין אַ פּאָר מאָל געהאַט אַ שמועס מיט ראָזאַלין לעווינסאָן. ראָזאַלין האָט גיך געקראָגן צוטרוי צו דער מיסעס עטינגער. זי איז געווען פון דער נאַטור אָפנהאַרציג און איינמאָל, אין אַן אינטימען שמועס, האָט זי איר פאַרטרויט וועגן איר לעבן, איידער זי האָט חתונה געהאַט מיט טשאַרלס לעווינסאָן. זי איז נאָך דעמאָלט געווען אַ נאַאיווע מיידל, אומדערפאַרענע, זי האָט זיך געליבט מיט איינעם אַ בחור, וואָס איז געווען הויך און שעהן און ער האָט זי פאַר'כישופ'ט מיט זיין שעהן רעדען. נאָר זי איז אַריינגעפאַלן מיט אים. ער האָט ליב געהאַט צו געמבלען און צו טרינקען. דאָך איז זי שוין געווען גרייט צו חתונה האָבן מיט אים. זי האָט אים צופיל ליב געהאַט. ביז איינמאָל האָט זי זיך דערוואוסט, אַז ער האָט אויך צו טאָן מיט אַנדערע פרויען, און דעמאָלט איז זי פון אים אַוועק.

דאָס האָט זי איינגאַנצן צעבראָכן. זי האָט דעמאָלט געאַרבעט פאַר טשאַרלס לעווינסאָן אין איינעם פון זיינע אָפיסעס, געווען אַ סעקרעטאַרין. איר טאַטע-מאַמע האָבן געוואוינט אין אַן אַנדער שטאָט, און ער, לעווינסאָן, איז געווען ווי אַ טאַטע צו איר. ער האָט דערקענט אַן איר, אַז זי ליידט פון עפּעס, און זי האָט אים אַלץ דערצעהלט. פון דעמאָלט אָן זיינען זיי זיך געוואָרן נאָהענטער, ביז זיי האָבן חתונה געהאַט. איר איז איצט גוט, זי איז צופרידן מיט איר לעבן.

אַזוי האָט ראָזאַלין אַלץ דערצעהלט פאַר דער מיסעס עטינגער און עס איז איר געוואָרן גרינגער פון דעם. זאָל מען ניט מיינען אַז זי האָט חתונה געהאַט צוליב עפּעס אַן אויסרעכענונג, האָט ראָזאַלין זיך ווי פאַרענטפערט פאַר אימיצן. זי האָט אַרויסגעקוקט צו איר מאַן מיט אַ געפיל, אַז ער וועט זי באַשיצן פון אַלעם שלעכטס. ער באַציט זיך צו איר ערנסט און מיט איידעלקייט. ער איז ניט ווי די אַנדערע בחורים, וואָס זי האָט געקענט. און דערפאַר האָט זי אים נאָך מערער ליב.

און טשאַרלס לעווינסאָן? אים איז געווען גוט צו האָבן אַזאַ ווייב ווי ראָזאַלין. ער האָט געזעהן דאָ אין האָטעל צווישן די געסט, ווי זיין ווייב נעמט אויס ביי אַלעמען מיט איר שעהנעם אויסזעהן און מיט די רייכע, עלעגאַנטע קליידער, וואָס זי טראָגט. יעדערער פון די געסט וויל זיך מיט איר באַקענען. נייגעריגע מאַנסבילישע בליקן קוקן איר נאָך. אין אָוונט, אין טאַנץ-זאַל, צווישן די טאַנצענדיגע פּאָרלעך, קען מען אויך זעהן ראָזאַלינ'ען. שלאַנק און בויגעוודיג, קען זי זיך באַוועגן מיט יונג-מיידלשער לייכטקייט. זי טאַנצט דאָ מיט איין מאַן, דאַן מיט אַן אַנדערן. זי געהט איבער פון האַנט צו האַנט, אַן אויסגעלעבטע, אַ פרעהליכע.

און ער, טשאַרלס לעווינסאָן, איר מאַן, שטעהט דעמאָלט אין אַ ווינקעל פון זאַל מיט איינעם פון די געסט. ער איז פאַרטיפט אין עפּעס אַ שמועס. טאַליך און גרעצט, מיט זיין זיכערן שטעל, מאַכט ער יעדערען פילן, אַז מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן. דערפאַר איז אַזוי ווי אַנגעשריבן אויף זיין גאַנצן אויסזעהן. שמועסנדיג אַזוי דאָ האַלט ער דערווייל אַן אויג אויף די טאַנצענדיגע פּאָרלעך, צווישן וועלכע זיין ווייב ראָזאַלין געפינט זיך איצט. ראָזאַלין שמייכלט צו אים פונדערווייטנס. אויף איר פּנים זעהט ער אַ פראַגע, אויב זי טוט גוט, וואָס זי טאַנצט אַזוי פיל. און ער ענטפערט איר דורך אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט איר זאָגן:

— עס איז אַלראַיט, ראָזאַלין, טאַנץ וויפיל דו ווילסט. האָב פאַרגעניגען.

נאָר מען מוז זאָגן דעם אמת, אַז אין אַזאַ מינוט טויכט אויף אין אים אַ מאָדנער געפיל. אַז זי, ראָזאַלין, זיין ווייב, איז ניט איינגאַנצן זיינע. זי באַלאַנגט צו נאָך מענשן. נאָר ער פּרואווט אין געדאַנק זי באַלד פאַרענטפערן: זי איז ניט שולדיג, ראָזאַלין. מיט איר אויסזעהן, איר גאַנצע פּערזאָן ציט זי צו מענשן צו זיך. און דעמאָלט לעבט אויף אין אים אַ פאָטערליכער געפיל צו זאָרגן זיך וועגן איר, זי צו באַשיצן, זי אויסצוהיטן פון אַ פאַלשן טראָט...

געווען שוין אפילו ביי אים מינוטן פון פאַרדאַכט: אפשר נאַרט זי אים, זיין ראָזאַלין... יאָ, פאַרדאַכטן וואָס האָבן אים ניט געגעבן קיין רו. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן ביי אים איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען זיי האָבן זיך געקליבן צו געהן צו אַ פּאַרטי. ראָזאַלין האָט אַרויסגענומען פון שאַפע איין קלייד און נאָך אַ קלייד צו זעהן וועלכע עס איז שענער, אַז זי זאָל עס היינט אָנטאָן. דערנאָך האָט זי זיך געשטעלט אַנטקעגן שפּיגל און אָנגעהויבן אַרבעטן אויף איר „מייקאַפּ", צו מאַכן איר פּנים אויסזעהן שענער.

קיין איין זאַך איז ניט דורכגעלאָזן געוואָרן אומבאַרירט; די אויגן, די ברעמען, די ליפּן, אַלץ האָט געמוזט אַרויסקומען מאָדיש. שענער. זי האָט אַרויסגענומען פון שופלאָד שאַכטעלעך מיט פּערל און זי האָט לאַנג ניט געקענט באַשליסן וועלכע פּערל היינט אַנצוטאָן אויפ'ן האַלדז.

ער, לעווינסאָן, איז דעמאָלט געזעסן פונדערווייטנס אין אַ טיפן שטול. ער האָט געדרייכערט אַ סיגאַר און זיך צו איר צוגעקוקט. ער האָט ניט ווילנדיג געטאָן אַ טראַכט:

— פאַר וועמען פּוצט זי זיך דאָס אַזוי, זיין ווייב? איז, איר מאַן, איז זי דאָך שוין געפעלן, פאַר אים איז זי דאָך שעהן גענוג, אָהן די אַלע באַפּוצונגען.

און דעמאָלט איז אים איינגעפאַלן דער בייזער געדאַנק, אַז אפשר נאַרט זי אים, זיין ראָזאַלין. אפשר האָט זי, אַז דער זייט אַ געליבטן און ער ווייס גאַרניט פון דעם. און דעמאָלט האָט ער זיך טיף פאַרטראַכט, צי ער האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט זיך פאַרבונדן מיט אַזאַ פרוי ווי ראָזאַלין.

נאָר אַזעלכע מינוטן פון צווייפל און פאַרדאַכט זיינען ביי אים גיך פאַרביי. דעמאָלט, ווען זיי זיינען ביידע געווען אַליין ביי זיך אין שטוב, אָהן זייטיגע מענשן, איז ביי אים געווען דאָס געפיל, אַז זי איז אינגאַנצן זיינע; אַז זי באַלאַנגט נאָר צו אים. און עס איז אים געווען גוט.

איצט, נאָך עטליכע יאָר פון פאַרהייראַט לעבן, האָט ראָזאַלין זיך נאָך מערער צעבליט. אירע גלידער זיינען מער אויסגעפורעמט געוואָרן און אַלע מאָל איז זי געווען גוט אויפגעלייגט. זי האָט געזעהן פאַר זיך פאַראויס אַ לעבן פון פאַרגעניגענס, פון פרעהליכע פּאַרטיס.

— טאָני — האָט זי זיך צו אים אָפּגערופן — דו ווייסט מיר וועלן איינגיכען האָבן אַ פּאַרטי ביי מיין פריינדין רושוליע.

— אַ פּאַרטי? גוט — האָט ער באַלד איינגעשטימט — דו זאָג מיר נאָר ווען. איך וועל זיין גרייט.

עס איז גאַרניט געווען קיין זאַך ער זאָל איר אָפּזאָגן. ער האָט דאָך זי אַזוי ליב געהאַט. ער האָט געקענט צו יעדער צייט זי אַרומנעמען, קושען איר הייס, ליידענשאַפטליך, כאָטש זיין קערפּער איז שוין געווען שווער מיט יאָרן, און זיינע האָר שוין באַלד אינגאַנצן גרוי.

יאָ, סוף כל סוף איז זי אינגאַנצן זיינע. זי באַלאַנגט נאָר צו אים — האָט ער אַ טראַכט געטאָן אין זיך. און טראַכטענדיג אַזוי, האָט ער געקענט איינשטילן אין זיך די פאַרדאַכטן, וואָס האָבן אָפטמאָל אויפגעטויכט אין אים און ניט געגעבן קיין רו.

# אורי-צבי גרינבערג

## באַרימטער העברעאיש-אידישער דיכטער איז אַ באַזוך אין אַמעריקע

ער וואוינט 45 יאר אין ארץ־ישראל. — פון ערשטען פּאגראם אין פוילען ביז'ן חורבן ביי היטלער'ן. — וואס ער זאגט וועגען אידיש און העברעאיש. — אידען אין דער וועלט און זייער פירערשאפט. — א שמועס מיט אים.

פון י. שמולעוויטש



אורי צבי גרינבערג
ווי ער האט אויסגעזעהן אין די אינגערע יארען

צו פירן א שמועס מיט אורי־צבי גרינבערג, דער באַרימטער העברעאיש־אידישער דיכטער, איז ניט פון די לייכטע זאכען. פונקט אזוי ווי ער ברויזט און שטורעמט אין זיין שרייבן, אזוי ווי ער מאנט און פאדערט אומאויפהערליך אין זיינע פּאעטישע און פובליציסטישע שאפונגען, אזוי איז ער אויך אין זיין רעדען. ער היצט זיך און פלאקערט, ער האלט זיך אין שמועס אויף זיין בענוי־אנגעצייכענטען וועג, ניט וועלענדיג פון דעם אפּטרעטען.

אין דער אייגענער צייט איז אורי־צבי גרינבערג א הארציגער, טייערער איד, מיט א טיף־פילענדער נשמה. אין זיין רעדען — אזוי ווי דאס איז אויך אין זיין שרייבן — פילט זיך ארויס אן אומרו און טיפע זארג פאר ישראל, פאר אידישן לעבן, פאר'ן גורל און צוקונפט פון אידישן פאלק. אט די זארג און אומרו, וואס באגלייט גרינבערג'ן זיין גאנצן לעבן, האט ער איינגעזאפט אין זיין קינדהייט און יוגנט אין זיין היים, וואס האט בעצייגט א לאנגען יחוס פון גרויסע רבנים.

אורי־צבי גרינבערג שטאמט פון דעם שטעטעל ביאלי קאמין (ביל־קאמין), וואס איז געווען ביי זלאָטשעוו, אין מזרח־גאליציע. שפּעטער האט די פאמיליע זיך באזעצט אין לעמבערג. זיין פאטער, דער רב, האט מסתמא געוואלט, אז אויך דער זוהן זאל ווערן א רב. אבער אורי־צבי איז אוועק אויף א גאר אנדערן וועג. ווען ער איז געווען א בחור פון 17 יאר, האט ער שוין אנגעהויבן שרייבן לידער, אין אידיש און העברעאיש.

פון דאמאלט־אן געהט ער זיין אייגענעם שעפערישען וועג, מיט זיין סלאנג, אומגעצוימטען טעמפּעראמענט, וואס האט אים דערפירט צו די העכסטע שטאפּלען פון שעפערישקייט. גרינבערג ווערט באטראכט ווי דער אנגעזעהנסטער דיכטער אין דער מאדערנער העברעאישער פּאעזיע. אזוי איז אויך מיט דעם, וואס ער שרייבט אין אידיש.

ער וויל ניט און ער קען אויך ניט מוחל זיין דער קריסטליכער וועלט, פאר דערלאזען צו אזא מורא'דיגער שחיטה — אין די היטלער־יארן — איבער דעם אייראפּעאישען אידענטום. דאס שרייט און קלאגט ארויס פון זיינע שאפונגען.

וואו איז געווען די וועלט — פרעגט ער — די קולטור און ציוויליזאציע פון 20טען יארהונדערט? די צוקונפטיגע דורות וואס וועלען קומען נאך אונז, וועלען דאס גארניט באגרייפען. די היטלעריסטן מיט זייערע מיטהעלפערס האבען בעפירט אידען צו דער שחיטה, און די וועלט פון הויכער קולטור האט געשוויגען. איז געווען פארשטיינערט? קען נאך זיין א גרעסערער פארברעכען פון דער מאדערנער ציוויליזאציע?

אורי־צבי גרינבערג דערמאנט זיך, אז אין סוף יאר 1918, גלייך נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פוילען איז געווארען אן אומאפּהענגיגע מדינה, האבען די פּאליאקען דורכגעפירט אין זיין דאמאלסטיגער היים־שטאט לעמבערג א בלוטיגען פּאגראם. די פוילישע פּאגראמשטשיקעס האבען דאן דערהרג'עט פיל אידען, זיי האבען צעראבירט און פארניכטעט די גאנצע אידישע געגענט. שוין דעמאלט, מיט 51 יאר צוריק, האט גרינבערג בעברויזט. ער האט פאראויסגעזעהן אז אידען אין פוילען וועלען ניט האבען קיין קיום.

קורץ נאכ'ן פּאגראם אין לעמבערג, איז ער אוועק קיין ווארשע. דארט איז ער געווארען איינער פון די בויער און שעפער פון דער מאדערנער אידישער פּאעזיע אין פוילען. מען האט גלייך געזעהן, אז עס געהט אויף א נייער גרויסער שטערן. אין יאר 1922, ווען גרינבערג האט אנגעהויבען אליין ארויסגעבען א זאמעלבוך, „אלבאטראס", האט ער אויף א בייספּיל אופן געשטאכען די מאכטהאבער פון דעם דאמאלסטיגען נייעם פוילען. די פּאליאקען האבען דעם זשורנאל קאנפיסקירט און ארעסטירט גרינבערג'ן.

נאך דער באפרייאונג האט ער מער ניט געוואלט בלייבען אויף דער פוילישער ערד. ער האט פאראויסגעפילט, אז די דאזיגע ערד וועט אמאל דורכגעווייקט ווערען מיט אידיש בלוט. אין יאר 1923 איז ער אוועק קיין בערלין, און קורץ נאכדעם קיין ארץ־ישראל. שוין 45 יאר ווי דער גרויסער פּאעט לעבט אין דעם אידישען לאנד. אבער מען פילט פון אים נאך ארויס די היימישקייט פון א פוילישען איד. ער ווארצלט גאר אלץ אין דעם אמאליגען גרעסטען, שעפערישסטען אידישען צענטער, וואס איז פארטריבען געווארען אין דעם היטלער־מבול.

אורי־צבי גרינבערג לעבט אויף די יארען 1931־1935, ווען ער איז צוריקגעקומען אויף א באזוך קיין פוילען. ער איז דאמאלסט געווען רעדאקטאר פון דער רעוויזיאניסטישער צייטשריפט „די וועלט", אין ווארשע; ער איז אויך ארויסגעטראטען מיט פלאמיגע רעפעראטען. אויסער אין פוילען איז ער אויך דאמאלט ארומגעפארען מיט רעפעראטען אין די שטעט פון ליטע און לאטוויע. ער האט גערעדט צו אידען; ער האט געמאנט אז מען זאל ניט פארשפעטיגען...

„איך האב געזעהן די אידען אין פוילען — דערמאנט זיך איצט גרינבערג — איך האב געזעהן זייער לאגע, און אויך די געפארען מיט וועלכע זיי זיינען ארומגערינגעלט. אין דער לופט האט מען שוין געפילט דעם אנקום פון היטלער־שטורם. איך האב גערופען: אידען, ראטעוועט זיך כל־זמן עס איז צייט, קומט קיין ארץ־ישראל! אבער ווייניג האבען זיך צוגעהערט צו מיין רוף..."

אין יאר 1938, קורץ פאר'ן אויסברוך פון דער צווייטער מלחמה איז גרינבערג א צווייט מאל געקומען אויף א באזוך קיין פוילן. ווידער האט ער גערופען און געשטורעמט, דורך זיינע ארטיקלען און רעפּאָרטאזען: „אידען, ראטעוועט זיך".

א גרויסע צייט האט ער ניט געשריבען אין אידיש, וואס ער האט ווידער באגיים אין יאר 1957. עס איז אבער א ליגען, זאגט ער, אז ער זאל ווען עס איז האבען באקעמפט אידיש. ער האט צוריק אנגעהויבען שאפען אין אידיש, נאך דעם זיג פון ישראל אין דעם סיני־קאמפּיין. „דא האב איך איבערגעלעבט — רופט ער אויס מיט פּאטאס — מיט מיין גאנצען וועזען. דער בארג סיני, די תורה, דער חדר, אין דעם איז דאך געווען פארוויקעלט אונזער גאנצע קינדהייט, אין די אלטע היימען".

וואס זאגט דער דיכטער וועגען דער צוקונפט פון אידיש, די אידיש־ליטעראטור און קולטור בכלל? ער וואלט ניט געוואלט זיין קיין פעסימיסט, ער וויל ניט, אז מען זאל אים שלעכט אויסטייטשען. אבער ס'איז ניט קיין פראגע — זאגט ער — אויב מיר ווילען יא אדער ניט. לויט זיין מיינונג, האט דער פּראצעס פון בארג־אראפּ פון אידיש זיך אנגעהויבען גלייכצייטיג מיט'ן אויפבלי פון אידיש. אידישע זיהן און טעכטער אין פוילען, וועלכע האבען אין דער היים גערעדט אידיש, האבען זיך אין דרויסען באנוצט מיט פּויליש, די מערסטע מיט גרייזען.

„אפילו מיידלעך פון היימען וואו מען האט גערעדט אידיש, ווען זיי זיינען געקומען אין ליטעראטור־פאראיין, אויף טלאמאצקע 13, אין ווארשע, האבען זיי גערעדט פּויליש. אויך פיל אידיש־שרייבער אין ווארשע האבען גערעדט פּויליש".

אבער ניט בלויז דאס איז די סיבה, גרינבערג האלט, אז די גרעסטע שוועריגקייטען פון אידיש באשטעהט אין דעם, וואס אין אייראפּא איז מער ניטא אונזער אידיש פאלק. עס איז מער ניטא די גאנצע אומגעבונג, סביבה, ארומיגע לאנדשאפט און אפילו דער הימעל, וואס איז געווען דער גייסט און יסוד פאר אידיש, און פאר אידישען פאלקס־לעבען.

„און וואס איז — פרעג איך — וועגען דער צוקונפט פון אידיש אין מדינת ישראל?"

„דער אויפבלי און אינטערעס צו אידיש וואס איז איצט אין ישראל — זאגט גרינבערג — איז א צייטווייליגע, קינסטליכע זאך. אין ישראל ווערט אלץ געבויט און פארווארצעלט אויף העברעאיש. אויך די נייע דורות לעבען און וועלען זיין פארבונדען מיט העברעאיש, וואס איז די שפּראך פון לעבען".

דער גרויסער דיכטער רעדט מיט ביטערע ווערטער וועגען דער איצטיגער אידישער פירערשאפט. אויב עס וועט ווייטער אזוי געהן ווי עס איז איצט, זאגט ער, וועלען מיר האבען אין דער וועלט א אידענטום אהן א גוהאריגען אינהאלט און ציל. לויט זיין מיינונג, דארפען אויסגענוצט ווערען אלע שעפערישע כוחות — וואס זיינען פאראן אפילו אויך אין אפּגעפרעמדטע קרייזען — מיט אחריות פאר'ן אידישען פאלק. דאס באציט זיך אויך אויפ'ן אמעריקאנער אידענטום, כאטש דא לעבען כמעט א העלפט פון אידישען פאלק.

„דאס גרויסע אמעריקאנער אידענטום — זאגט גרינבערג — האט אין זיך אן אויסערגעוועהנליכען קוואל פון וויטאלע כוחות. דאס דארף ניט פארוועהן און פארנאכלעסיגט ווערען. עס איז אמת, אז די גרויסע מערהייט פון ישוב באשטעהט שוין איצט פון הי־געבוירענע. אבער אויך צווישען זיי זיינען דא גוטע אידען, מיט פאראנטווארטליכקייט פאר'ן אידישען לעבען און אונזער פאלק, וואס דארפען צוגעצויגען ווערען צו פירערשאפט.

„וואס איז אייער מיינונג — איז געווען מיין לעצטע פראגע — וועגען א שלום צווישען מדינת ישראל מיט די אראבער?"

אורי־צבי גרינבערג, וועלכער איז שוין 75 יאר, אבער פול מיט יוגנטליכען ברען, איז פעסימיסטיש. ער האלט, אז צו דעם וועט ניט קומען אזוי שנעל. אויסער דעם, וואס פארשידענע כוחות ארבעטען געגען אזא שלום, האט ישראל אויך בעמאכט געוויסע פעהלערען; באזונדערס נאכ'ן גרויסען זיג פון דער זעקס טאגיגער מלחמה. מדינת ישראל האט גלייך געדארפט געבען צו פארשטעהן די אראבער, אז עס קען ניט זיין קיין פארהאנדלונגען און רייד וועגען אפּגעבען די דעראבערטע טעריטאריעס.

אויך דא וויל אורי־צבי גרינבערג ניט איינגעהן אויף קאמפּראמיסען. פאר אים עקזיסטירט איין גרויסע און גאנצע אידישע מדינה — „ארץ ישראל השלימה".

# די אידישע פּאַראַשוטיסטען אין מדינת ישראל

פון י. בן־יעקב

א בוך וואס שילדערט די העלדישקייטען פון די קעמפער. — דער שרייבער האט באקומען די העכסטע ליב אלס מיליטערישער העלד. — די קאמאנדא־אקציעס וואס זיי האבען דורכגעפירט.

אין ישראל האט איצט ארויסגערופען א גרויס אינטערעס און זעהר ווארעמע אפּרופען א בוך פון מאיר הר־ציון „פּרקי יומן", (קאפּיטלען פון א טאג־בוך), וואס איז דערשינען אין פארלאג „לעווין־עפּשטיין". עס שילדערט א זעלטענע אפּטיילונג אין ישראל־מיליטער די „יחידה 101", א גרופּע פון געקליבענע, העלדישע קעמפער, אויף וועלכע עס זיינען ארויפגעלייגט געווארען די שווערסטע קאמאנדא־אויפגאבען. די דאזיגע קאמאנדא־אפּטיילונג אין וועלכע מאיר הר־ציון איז געווען טעטיג, האט שפּעטער געדינט אלס מוסטער פאר די פּאראשוטיסטען, ווען זיי האבען זיך אלע געאיבט לויט איר ביישפּיל, און אויסגעפירט באפעלען פון קאמאנדא־אקציעס אויסער די גרעניצען פון ישראל. איצט זיינען „101" און די פּאראשוטיסטען אן אלגעמיינער ביישפּיל פאר דער גאנצער [illegible]

דיין האט עדות געזאגט אויף מאיר הר־ציון, אז „עס איז נאך ניט געווען אזא העלדישער קעמפער ווי ער זינט בר־כוכבא!" — דאס איז דער גרעסטער קאמפּלימענט וואס איז ווען עס איז געגעבען געווארען אין ישראל צו א קעמפער. ער האט געמוזט אויפגעבען זיין מיליטערישע קאריערע, ווען ער איז אין זיין לעצטער שלאכט שווער פארוואונדעט געווארען.

גענעראל אריק שרון, איינער פון די בעסטע קאמאנדירן פון ישראל'ס ארמיי אין פעלד, האט געשריבען אן אריינפיר צו מאיר הר־ציון'ס בוך, וואו ער האט געזאגט צווישען אנדערען: „ווען מיר האבען איינגעפירט די ליניע פון פארגעלטונגס־אקציעס געגען די אראבער פון יענער זייט גרעניץ (אין 1953 און שפּעטער) זיינען די פּאראשוטיסטען, וואס האבען אויף זיך גענומען די שווערע לאסט פון די קאמאנדא־איבערפאלען, געווען ניט „פארהארטעוועטע און בלוט־דורשטיגע זעלנער". ווי מען האט זיי על פּי טעות געשילדערט אין לעגענדעס וועגען זייערע טעטיגקייטען, נאר וואונדערליכע יוגענטליכע פון אלע שטרעמונגען פון פאלק און פון אלע יוגנט־באוועגונגען; פון קיבוצים און מושבים, און אנטוויקלונגס שטעט (נייע עולים); פון חיפה, תל־אביב און ירושלים. זיי זיינען געווען באשאנקען מיט מוט און גלויבען. דאס איז געווען א גרופּע פון חברים, וואס עס „האט זיי געארט!"

„אין א קורצער צייט ווערט מאיר הר־ציון דער גלענצענדסטער קעמפער פון זיי אלע. ער איז געווען די אמסייסטן בולטע געשטאלט צווישען די פּאראשוטיסטען. ער איז שנעל געווארען דער אמסייסטען דרייסטער זעלנער. וואס ישראל האט ווען עס איז געהאט — אין דער אפּטיילונג „101", צווישען די פּאראשוטיסטען און אפשר אין דער גאנצער ארמיי. זיינע דערגרייכונגען אויפ'ן שלאכט־פעלד האבען ניט געהאט זייער'ס גלייכען און זיינען געוואקסען אן אן אויפהער. ער האט קאמאנדירט פיל אקציעס און אין אייניגע פון זיי האט ער אליין אויסגעפירט די הויפּט־אויפגאבע. מאיר הר־ציון איז געווארען דער סימבאל פון קאמף פאר אלע פּאראשוטיסטען, און צום סוף — פאר ישראל'ס גאנצער ארמיי.

„ווען ווערען קאמאנדירען אויסגעפרואווט? ווען מען לייגט אויף זיי א זעלבסטשטענדיגע אונטערנעמונג. ווען זיי האבען ניט ארום זיך קיין העכערן אפיצער, וואס קען זיי ארויסהעלפען, אדער צ'ייקען פארשטארקונגען. ווען זיי זיינען נויטיג. אבער א זעלבסטשטענדיגער קאמאנדיר קען זיך אויף דעם ניט פארלאזען. ער מוז אליין מאכען די גרעסטע אנשטרענגונגען; ער מוז מארשירן אין פראנט פון זיין איינהייט; קעמפען און שטורמען מיט זיינע זעלנער און זארגען דערפאר, אז זיי זאלען זיך צוריקקערן בשלום צו דער נאענטסטער באזע, נאך א דערפאלגרייכער מיסיע. און אזא זעלבסטשטענדיגער קאמאנדיר באשטימט גאנץ אליין, ווי אן אקציע זאל דורכגעפירט ווערען, און צי עס זאל בכלל דורכגעפירט ווערען. זיין איינפלוס אויף זיינע זעלנער איז געוואלטיג שטארקער ווי יעדע אינסטרוקציע אדער ראפּעל, וואס זיי האבען פריער באקומען.

„מאיר הר־ציון פירט דורך א סך אפּעראציעס פון די פּאראשוטיסטען אלס דער העכסטער קאמאנדיר אין פעלד. ער באטייליגט זיך אין די אמסייסטן קאמפּליצירטסטע און שווערע אונטערנעמונגען, ווען עס פאדערט זיך בלינדשנעלע אנטשיידונג, מוט און געוואגטקייט.

„מאיר הר־ציון פירט אדורך א סך גוטע איינגעשאפטע פון דערציען יונגע, נייע קאמאנדירען. וואס זיינען באאיינפלוסט געווארען פון זיין ביישפּיל, פון זיין פירערשאפט און פון זיין מוט. א סך פון זיי זיינען איצט הויכע אפיצירן אין ישראל'ס ארמיי, אנדערע זיינען געפאלען אויף די שלאכט־פעלדער אין קאמף געגען פיינט."

• • •

אין זיין אריינפיר צום בוך פון מאיר הר־ציון באנוגענט זיך ניט גענעראל אריק שרון מיט די ווארימסטע „לויב־ווערטער". וואס א קאמאנדיר קען געבען זיינעם א זעלנער. ער שילדערט אויך דעם גאנצען הינטערגרונט פון ישראל'ס מלחמה געגען טעראר, וואס האט זיך אנגעהויבען גלייך נאך דעם ווי ישראל האט באזיגט אירע פיינט אין דער זעלבסטשטענדיגקייט־מלחמה אין 1948, און וועלכע גייט אן ביז'ן היינטיגען טאג. ער באמערקט, אז גלייך פון אנהויב איז די ישראל־ארמיי נאך ניט געווען אימשטאנד עפעקטיוו צו קעמפען געגען די אראבישע טעראריסטען, וואס האבען אנגעגריפען ניט נאר ביי די גרעניצען, נאר אויך טיף אין הינטערלאנד וואו זיי האבען געמארדעט אלטע לייט, פרויען און מארדעט אלטע לייט, פרויען, קינדער, מיט דער גרעסטער אכזריות. ווארען אזוי ערנסט, אז די אראבער־טעראריסטען האבען דורכגעפירט כמעט 3,000 איבערפאלען. צוערשט האט מען געשיקט געגען די טעראריסטען וואלונטירען, וואס האבען זיך פריער אויסגעצייכענט אין דער מלחמה. ווען דאס האט אויך ניט פיל געהאלפען — האט די ארמיי־קאמאנדע אנגענומען א פארשלאג פון אפיצער מישאל שאהאם, אז דער פארטיידיגונגס־מיניסטעריום זאל שאפען א נייע מיליטערישע אפּטיילונג וועמענס הויפּט־אויפגאבע עס זאל זיין דורכצופירען געוואגטע קאמאנדא־אקציעס אויף יענער זייט גרעניץ.

אין אויגוסט 1953 איז געגרינדעט געווארען די „יחידה 101" (איינהייט 101), און אין א קורצער צייט האט די אפּטיילונג באוויזען, אז עס איז ניטא אזא אונטערנעמונג, וואס זי זאל ניט קענען דורכפירען. צוויי וויכטיגע אקציעס, וואס זי האט דאן דורכגעפירט, זיינען געווען: די אקציע פון קיביע און דער איבערפאל אויף חברון (וואס איז דאן געווען ירדן־טעריטאריע).

גלייך נאך קיביע איז רואיג געווארען אין ראיאן פון לוד, וואו ישראל האט פריער געהאט מערערע קרבנות. אן ענליכע שטילקייט האט אויך באהערשט דעם ירושלים־ראיאן נאך דער חברון'ער אקציע.

אין יאנואר 1954, האט מען די „יחידה" „101" אנגעשלאסען אין דעם פּאראשוטיסטען־רעגימענט. דאס איז געווען דער באשלוס פון גענעראל משה דיין, ווען ער איז דאן געווארען דער הויפּט פון גענעראל־שטאב. די „איינהייט 101" האט סך־הכל געציילט 20 קעמפער, אבער אין א קורצער צייט איז זי געווארען דער מוסטער — ביישפּיל פאר א גאנצען רעגימענט פון פּאראשוטיסטען אין ישראל'ס ארמיי.

אין די יארען 1954 — 1956, ביז קורץ פאר דעם סיני־קאמפּיין, איז עס געווען אט־די בריגאדע, וואס האט אויף אירע פלייצעס געטראגען דעם גאנצען יאך פון די קאמאנדע־איבערפאלען און פארגעלטונגס־אקציעס. וואס ישראל'ס ארמיי האט דורכגעפירט געגען פיינט אויסער די גרעניצען פון לאנד.

אויך די געוואגטע טאקטיק, וואס ישראל האט אנגעווענדעט אין דער 6־טאגיגער מלחמה. ווען באפעסטיגטע פּאזיציעס פון פיינד זיינען איינגענומען געווארען אין שטורעם־אנגריף פון הינטען, פון די פליגלען און אויך פון פארענט, זיינען אין א געוויסען זין, א רעזולטאט פון יענער אנטוויקלונג, וואס האט באאיינפלוסט ישראל'ס טאקטיק ווי אויך איר סטראטעגיע. טאנקען, ארטילעריע און פּאראשוטיסטען האבען צוזאמען געווירקט אין בעקיוטלטע אפּעראציעס, וואס האבען ארויסגערופען דרך־ארץ און דערשטוינונג אויף דער וועלט. די דאזיגע קאמף־מעטאדען שטאמען פון די טעאריעס און פון דער פּראקטיק, וואס די ישראל־פּאראשוטיסטען האבען אנטוויקעלט פריער.

די פארגעלטונגס־אקציעס פון די פּאראשוטיסטען ביז צו דער סיני־קאמפּאניע האבען פארקלענערט די טעראר־אקציעס פון די אראבער און איזאלירט די טעראריסטען.

אין 1958 האט נאסער געזאגט צו א הויכען אפיצער אין זיין שטאב, „פיר ניט קיין קליינע מלחמות, פון זמן דו ביסט ניט גרייט פאר א גרויסער מלחמה! דו ווייסט נאר, ווי אזוי אנצוהויבען מיט די אידן, אבער דו ווייסט ניט ווי דו וועסט ענדיגען מיט זיי"... ער האט דאס געזאגט, ווייל אין די פארגעלטונגס־אקציעס פאר'ן סיני־קאמפּיין האט ער געלערנט צו האבען דרך־ארץ פאר ישראל'ס ארמיי און פאר די ישראל־פּאראשוטיסטען. מיט דער צייט האט ער פארגעסען די לערע וואס ער האט געלערנט. אזוי ארום איז עס געקומען צו דער „זעקס טאגיגער מלחמה".

# מיסעס לעדערמאַן

רעצענזיע

פון מרים ראַסקין

מיסעס איווא לעדערמאן איז געווען א פרוי פון א רייכען ביזנעסמאן. זי האט געפירט א שעהן הויז און עס האט איר פון קיין זאך ניט געפעהלט. קיין קינדער האט זי קיינמאל ניט געהאט, נאר א שעהן, ווייס, געקרייזעלט הינטעל, באבי, וואס האט שטענדיג זיך געלאשטשעט ביי אירע פיס. אין ליווינג רום, אויף א טישעל, אין א גלעזערנער וואזע, זיינען ארומגעשווארמען גאלדענע פישעלעך. הויך אין א שטייגעל האט א קאנאריקעל זיס געשווישטשעט און פרעהליך געמאכט די שטוב. און אין קיך האט דאס דינסט־מיידעל מערי געטאן איר ארבעט און איז אלע מאל גרייט געווען אויף מיסעס לעדערמאן'ס רוף.

נאר גוט איז איר ניט געווען, דער מיסעס לעדערמאן. אז זי האט זיך אנגעקוקט אין שפּיגעל, האט זי געזעהן פאר זיך א מיד פּנים, אן אומגעזונט צערונצעלטע הויט. פון איר איידעל געשניצטער נאז האט א טיפע ליניע זיך באוויזען ביז צום מויל, און אירע, שיטערע, פלאקסענע האר זיינען געלעגען איבער'ן קאפּ ווי פארנעצטע זאנגען אויפ'ן פעלד.

„איך ווער אלט", האט מיסעס לעדערמאן א פארטרויערטע ביי זיך געטראכט. „עפּעס אזוי גיך, אזוי אומגעריכט" — און אין אירע בלויע, פארוואסערטע אויגען האט זיך באוויזען א ביטערער שמייכל און מיט פארדרוס האט זי זיך אפּגעקערט פון שפּיגעל.

אז זי האט שפּעטער זיך גענומען צו איר „מעיק־אפּ" האט זי עס געטאן אהן מוט און אהן גלויבען. צו וואס? איר מאן, אז ער קומט אהיים פון זיינע ביזנעס, באמערקט סאַ־ווי־ווי ניט ווי זי זעהט אויס. אט האט זי יענע וואך געקויפט א נייע קלייד און עס אנגעטאן. ער האט עס געזעהן און ער האט גארניט געזאגט.

אין די לאנגע נאכמיטאגס ליגט מיסעס לעדערמאן אויף איר „סטודיא קאוטש" און זי טראכט וועגען די ערשטע יארען נאך דער חתונה מיט איר מאן; ווי ער האט זי דעמאלט ליב געהאט. ער האט זי גענומען פון א גוטער, אויסגעווארימטער היים און ער האט צוגעזאגט זי אפּצוהיטען און זי שטענדיג ליב צו האבען. און איצט האט ער שוין זיין צוזאג פארגעסען.

קיינער ווייסט ניט ווי מיסעס לעדערמאן ליידט. נאר אז איר דינסט־מיידעל מערי קומט אריין צוקלייבען דאס צימער, ווילט זיך מיסעס לעדערמאנ'ען פאר איר ארויסריידען פון הארצען.

— דו זאלסט ניט חתונה האבען, מערי, דו וועסט נאר האבען טראבעל — ווארענט זי דאס מיידעל.

— יעס מעם — ענטפערט איר מערי פארוואונדערט, און זי שמייכעלט צו, ווי צו וועלען נאכגעבען איר באלעבאסטע.

מערי, דאס נעגער־מיידעל, האט עפּעס א מאדנע געפיהל פאר דער מיסעס לעדערמאן, וואס זי קוקט אויס אזוי נידערגעשלאגען און ארמעטיג און וואס זי באוועגט זיך ארום צימער אהן לוסט און אהן לעבען. און זי וואלט וועלען איר מיט עפּעס העלפען, נאר זי ווייסט ניט ווי אזוי. און מיסעס לעדערמאן זעהט מערי'ס יונגען און קרעפטיגען קערפּער און זי איז זי מקנא. זי טראכט, אז דאס גאנצע לעבען האט יענע נאך פאר זיך.

דער טאג ציהט זיך לאנג פאר דער מיסעס לעדערמאן. זי דרעהט זיך ארום איבער אירע שעהנע, עלעגאנטע צימערן, אהן לוסט, אהן אינטערעס. זי עסט אירע מאלצייט, וואס מערי גרייט איר צו, אהן אפּעטיט. דאס הינטעל געהט איר נאך די טריט, ווי א פריינד, און זי בייגט זיך איין צו אים און טוט אים צערטליך א גלעט איבער'ן ווייסען קעפּעל. איצט איז זי אין גרויסען ליווינג רום. זי שטעלט זיך אפּ לעבען טישעל, וואו עס שטעהט די וואזע מיט די פישעלעך. דארט געהט אן א לעבען. די פישעלעך באוועגען זיך אין וואסער פאמעלעך און שטיל. מיסעס לעדערמאן געהט דערנאך צו צום שטייגעל מיט דעם זינגענדיגען פייגעלע. איר הארץ ווערט פול מיט צערטליכקייט צו דעם אומשולדיגען באשעפעניש.

די אראפּגעלאזטע פארהאנגען איבער די פענסטער שפּרייטען טונקעלקייט איבער'ן צימער. עס שטעהען איצט קיהלע, פייכטע טעג. עס ציהט פון ערגעץ א קעלט איבער די צימערן און מיסעס לעדערמאן דערפיהלט די ערשטע ווען עס בייטען זיך די וועטערן און זי קריגט א ווייטאג אין די געלענקען און אין אלע אירע גלידער. זי מוז געהן זיך צולייגן אויף דער אטאמאנע און זיך גוט איינדעקן.

אז איר מאן, מיסטער לעדערמאן, קומט פארנאכט אהיים פון אפיס, האט זי זיך שוין איינגאנצען אויסגעשעפּט פון דעם לאנגען און שווערען טאג. נאר איר מאנ'ס האסטיגער גאנג און זיין פרעהליכער „העלאו" וועקען אין איר פרישע כוחות. מיסטער לעדערמאן איז א הויכער, ערפּטיגער מאן, מיט א פלינקען טראט, מיט א גלאט־ראזירטע פּנים, שטענדיג גוט אויפגעלייגט. ער שמעקט נאך מיט דעם רוישיגען, אימפּעטיגען לעבען פון „דאון טאון", פון די אפיסעס אין די ריזיגע בנינים. און אין אזא שטימונג געהט ער צו צו זיין ווייב.

„נו איווא, ווי פיהלסטו היינט?"

מיסעס לעדערמאן הויבט זיך אויף פאמעלעך פון אטאמאנע און קריגט פון איר מאן דעם שטענדיגען קוש, מיט וועלכען זיי באגרייסען זיך. אז זי קוקט אן איר מאן, דוכט זיך איר דעמאלט, אז ער האט זיין אייגען, באזונדער לעבען, וואס איז אפּגעזונדערט פון איר לעבען, און פון וועלכען ער דערציילט איר קיינמאל ניט. אבער זי וועט זיך ניט מאכען ביליג און אויספרעגען ביי אים פארוואס ער איז אזוי גוט אויפגעלייגט און דערפירען צו אן איבעררייד, ווי דאס טוען אפּט אנדערע פרויען. זי וועט נאר פרעגען ביי אים מיט איר אומעטיג־טראגישער שטימע:

— דו מוזסט קומען אלע טאג אזוי שפּעט פארנאכט, מאריס?

— שפּעט זאגסטו? — שמייכלט מיסטער לעדערמאן מיט א גרינגען געמיט. ביי אים הויבט זיך ערשט אן דער אווענט — מען קען נאך היינט א סך אויפטאן — גיט ער א זאג אין א שפּאס.

דער טיש אין „דאיניג רום" איז שעהן געגרייט און מערי אין איר ווייסען יוניפארם טראגט צו דאס עסען, וואס זי האט צוגעגרייט לויט מיסעס לעדערמאנ'ס אנווייזונגען. באלד נאכ'ן עסען לייגט פאר מיסטער לעדערמאן פאר זיין ווייב, זיי זאלען ערגעץ געהן פארברענגען. זיי האבען א סך פריינד, מיט וועלכע זיי פלעגען אפט פארברענגען צוזאמען.

מיסעס לעדערמאן האט זיך ביז איצט ניט אפּגעזאגט צו געהן צו פריינד. נאר די לעצטע צייט איז דאס איבער אירע כוחות. זי האט פארלארען דעם אינטערעס צו זעהן זייערע פריינד. זי איז אין זיי אנטוישט געווארען. אלץ איז היינט פארבילינט געווארען. די פרויען ביי אזא אווענט אינטערעסירען זיך צופיל מיט פרעמדע מענער. מיסעס לעדערמאן ווייס אויך, אז איר מאן פארברענגט גוט אלע מאל אויף אן אווענט צווישען זייערע פריינד. ער וועט דארט א סך ריידען, ווייזען אז ער ווייס וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט. ער וועט דארט אויסנעמען ביי די פרויען און זי וועט קריגען א קאפּווייטאג און וועט דארפען רופען איר מאן זיי זאלען שוין געהן אהיים. זי וועט דערנאך דארפען נעמען א פּיל, אז זי זאל קענען דורכשלאפען די נאכט. וואס איז מיט איר געווארען? פארוואס פיהלט זי זיך אזוי אפּגעשטאנען פון אלעמען?

— איך וועל אפשר היינט אין ערגעץ ניט געהן, איך פיהל עפּעס ניט גוט — רעדט זי צו איר מאן מיט א געבראכענער שטימע — געה אליין, אהן מיר — האט זיך ביי איר עפּעס ניט־ווילענדיג ארויסגעכאפּט.

מיסטער לעדערמאן האט איצט גוט אנגעקוקט זיין ווייב, מיט איר מאט־בלייכען פּנים, מיט דעם אפּגעלעבטען בליק אין אירע אויגען. ער האט זי ליב געהאט ווען זי איז געווען יונג און שעהן, און ער האט איר געוויס איצט ליב; ער האט נאר ביז איצט ניט באמערקט די ענדערונג אין איר. און ער גיט א טראכט אז דאס וועט איבערגעהן און זי וועט צוריק ווערען אזוי ווי זי איז געווען. מיסעס לעדערמאן הויבט־אן ווידער צורעדען איר מאן ער זאל געהן אליין.

— געה אליין, אהן מיר, מאריס.

— דו וועסט פארברענגען גוט אן אווענט.

מיסעס לעדערמאן זעהט ווי ער פיהלט זיך פארלארען. קיינמאל איז ער נאך ניט געגאנגען פארברענגען אליין אן אווענט אהן איר. און זי נעמט אים נאך מער צורייידען ער זאל געהן. אין הארצען האפט זי, אז ער וועט פארבלייבען דעם אווענט מיט איר. נאר איר מאן האט זיך פאקע געלאזען איבעררייד פון איר און ער האט באשלאסען צו געהן אליין.

— איך האב שוין צוגעזאגט אונזערע פריינד צו קומען — האט ער זיך ווי פארענטפערט פאר זיין ווייב — איך וועל זיך ניט לאנג זאמען. איך וועל זיי זאגען, אז דו פיהלסט ניט גוט.

ער האט אנגעטאן דעם מאנטעל און איז אוועק און מיסעס לעדערמאן איז געבליבען אליין. אין שטוב איז זעהר שטיל. אפילו דאס פייגעלע שלאפט שוין אין שטייגעל און די פישעלעך אין דער וואזע באוועגען זיך קוים אין דער טיפער ניש פונ'ם וואסער. דאס הינטעלע, באבי, זיצט אויף די הינטערשטע פיסלעך און קוקט אונטערטעניג אויף זיין באלעבאסטע. מיסעס לעדערמאן האט זיך אויפגעהויבען פון שטול און זיך געלאזען געהן צו איר שלאפצימער. זי דארף איצט נאר האבען רוה.

פון קיך דערטראגט זיך מיטאמאל צו מיסעס לעדערמאן אין שלאפצימער א פריילעך געדעדעריי און א הילכיגער געלעכטער. דאס איז פון דינסט־מיידעל מערי און איר „באַי־פרענד". מיסעס לעדערמאן האט ניט געלאזען היינט מערי'ן אין אווענט אוועקגעהן פון שטוב. האט מערי געבראכט אהער אין קיך איר „באַי־פרענד" און זיי פארברענגען דא. מיסעס לעדערמאן שטעלט זיך פאר איז געדאנק ווי זיי ליבען זיך איצט און זיי פרעהען זיך און לאכען אזוי הילכיג. אז דער געלעכטער רייסט זיך דורך אלע טירען און שפּארונעס ביז אהער צו איר אין שלאפצימער.

ביי מיסעס לעדערמאן איז איצט א פארלאנג אריינצורייסען זיך אין קיך און אפּשטעלען דאס פרעהליכע געלעכטער זייערס. נאר איר געפיהל פון ווירדע האט זי ניט געלאזט דאס צו טאן. זי האט גענומען פאמעלעך זיך אויסטאן, גרייטען זיך צום שלאף. א באשווערער, אויסגעבעטער געלעגער האט אויף איר געווארט. זי האט זיך אריינגעלייגט אין בעט, גענומען א פּיל און א געפיהל פון רוהיגקייט האט זי ארומגענומען. זי האט זיך איבערגעדעקט מיט ווארימען זיידענעם צודעק. זי האט צוגעמאכט די אויגען. זי דארף איצט קיין זאך ניט האבען, נאר רוהען, רוהען.

# פראַגען וועגען געזונט

דר. יעקב ב. גלען

שמעון ב., ברוקלין

אין סעפּטעמבער 1965 האט איך דורכגעמאכט א פּראסטאטע־אפּעראציע. ביז ארום אויגוסט, 1968, האב איך געפיהלט גאנץ נישקשה'דיג, דעמאלט זייט איך געגאנגען צו א דאקטאר וועגען א ברוך (ראפּטשער). דער דאקטאר האט אייך געראטען זיך צו לאזען אפּערירען. אבער דעם זעלבען טאג, קומענדיג אהיים פונ'ם דאקטאר, האב איך דערפיהלט ווייטאגען אינ'ם מענליכען אבר, א מין ברענונג. נאך עטליכע טעג ליידען, זייט איך אוועק צו א צווייטען אורלאג (ניט צו דעם, וואס האט אייך אפּערירט אויף דער פּראסטאטע, ווייל יענער פּראקטיצירט ניט מער). ער האט אייך פארשריבען אין דעם „ברוקלין דזשואיש האספּיטאל". דארטען האט ער אייך סיסטאסקאפּירט. ער האט אייך געזאגט, אז די ווייטאגען אינ'ם גליד קומט פון א „סקאר", וואס איז געבליבען פון דער פּראסטאטע־אפּעראציע. ער האט אייך בעהייסען קומען אין שפּיטאל אין פיר טעג ארום און אין זיין פּריוואטען אפיס אין זיבען טעג ארום. ביידע מאל האט ער אייך געגעבען א „סטרעטש". איך האט נאכ'ן „סטרעטש" געפיהלט בעסער פאר א משך פון דריי חדשים.

איך האט ווידער באקומען ווייטאגען אינ'ם גליד און זייט ווידער אוועק צום אורלאג, וואס האט אייך ווידער געגעבען א „סטרעטש" און אייך געהייסען קומען נאך אמאל...

איך ענדיגט אייער בריוו מיט די פאלגענדע ווערטער:

„איך פיל א פּאר טעג בעסער, אבער די ווייטאגען קומען צוריק, איבערהויפּט אינ'ם שפּיץ פונ'ם אבר. איך ווייס, אז ווען איכ'ל קומען צום דאקטאר, וועט ער מאכען א „סטרעטש". איך האב אבער פארלוירען מיין צוטרוי צו אים. ער איז אויך צו־„ביזי"; מ'קען צו אים ניט ריידען. ער לויפט ארום איבער זיינע צימערלעך — איז וואס טוט מען?".

ענטפער:

עס איז וואויל מעגליך, אז אייערע ווייטאגען קומען טאקע פונ'ם „סקאר", וואס איז געבליבען פון דער ערשטער אפּעראציע. עס איז אויך מעגליך, אז כירורגיש קען מען, אויסער אויסצוציהען (סטרעטשינג) דעם חלל פונ'ם קאנאל פון דעם מענליכען אבר, ניט פיל מער טאן. אבער אזוי ווי איר האט פארלוירען דעם צוטרוי צו אים, און איבערהויפּט, ווען דער דאקטאר „לויפט ארום איבער זיינע צימערלעך" און געפינט ניט פאר נויטיג זיך דורכצושמועסען מיט אייך וועגען אייער לאגע, דארפט איר ניט פארלירען מער צייט און געהן גלייך צו א צווייטען פּריוואטען אורלאג, אדער, וואס איז אפשר בעסער, זיך פארשרייבען אין דער אורלאגישער קליניק פונ'ם שפּיטאל, וואו איר וועט, האפענטליך, קריגען מער אויפמערקזאמקייט און א בעסערע באהאנדלונג.

# די שווערע לאגע פון קליינע אידישע לאנדסמאנשאפטן

די סאסייעטיס פון אמאל. — זייער ראָלע אין אידישן לעבן. — די איצטיגע ענדערונגען. — וואס איז דער אויסוועג? — א דיסקוסיע־בריוו פון א „פארווערטס"־לעזער. — מען דארף ניט ווארטן ביז ס'וועט זיין שפעט.

פון י. שמולעוויטש

מיט א קורצער צייט צוריק (ווינטער, דעם 30טן מאי), איז אין „פארווערטס" געווען אפגעדרוקט א בריוו, וואס ברענגט אין דער פאר לעזער מאס ארויס די שווערע — איך וואלט געזאגט טראגישע — לאגע פון די היגע אלטע אידישע לאנדסמאנשאפטן און סאסייעטיס. עס איז א גרויסע עוולה וואס אזעלכע עפענטליכע רועען, וואס איז פארבונדן מיט אזא ערנסטן פראבלעם, ווערט ניט ווי געהעריג אויפגענומען און באהאנדלט פון דער היגער אידישער געזעלשאפטליכקייט.

דער דערמאנטער בריוו, וואס איז געווען געדרוקט אין דער אפטיילונג „פון פאלק צום פאלק", איז געשריבן פון דר. ב. שאפירא, פון בראנקס, ניו יארק. אין זיין בריוו דערציילט דר. שאפירא, אז מיט 35 יאר צוריק, ווען ער האט אנגענומען דעם ערשטן אמט אין זיין לאנדסמאנשאפט, האט די ארגאניזאציע געהאט 350 מיטגלידער. איצט, זיינען דא בלויז 80 מיטגלידער. דאס מיינט, אז פון דער אמאליגער מיטגלידערשאפט אין דער דאזיגער לאנדסמאנשאפט, איז פארבליבן ווייניגער ווי א פערטל.

„אונזער פאראיין — ווערט ווייטער דערציילט אין בריוו — האט א גרויסע סומע געלט אין באנק, מיט דריי אויסגעצאלטע סעמעטערים. מיר זיינען רייך, ווי פיל אנדערע פאראיינען, אין אלע מאטעריעלע זאכן. אבער מיר זיינען ארעם אין דעם אנטיילנעמען פון אונזערע מיטגלידעריגע מעמבערס אין דער פירערשאפט פון אונזער סאסייעטי. דער דורכשניט עלטער פון אונזערע איצטיגע באאמטע איז 75".

ווייטער ווערט דערציילט וועגן דער טריישאפט און איבערגעגעבנקייט פון די פירער אלע יארן אין די פארשידענע אקטיוויטעטן, פאר אידישע און אלגעמיינע צוועקן, און דאן שרייבט דר. שאפירא אזוי: „דער פאראיין מוטשעט זיך מיט דער אנגעווייטאגטער פראגע — וואס איך גלויב, אז עס באטרעפט די מערסטע סאסייעטיס: וואס וועט ווערן פון דער סאסייעטי מיט א פינף־זעקס יאר שפעטער? ווען די נאטירלעכע וועגן פון לעבן וועלן אוועקנעמען אונזערע איצטיגע פארעלטערטע פירער?..."

זעהר ריכטיג ווייזט אויך דר. שאפירא אן אין זיין בריוו, אז ער איז זיכער, אז אויך אנדערע לאנדסמאנשאפטן האבן די זעלבע פראבלעמען. אבער לאמיר דערמאנען אז ניט אלע ווילן דאס צוגעבן און וואלטן דאס ריידן מיט אזא אפענער שפראך. און דאס איז א גרויסע עוולה פאר די אנפירער פון אזעלכע סאסייעטיס, וואס מאכן זיך אין זייערע טעטיגקייטן. און עס איז אויך א גרויסע עוולה פון די פירער פון דער היגער אידישער געזעלשאפטליכקייט פאר ניט פארנעמען זיך, אויף אן ערנסטן און ווי געהעריגן אופן, מיט דעם גורל פון אזעלכע אידישע פאלקס־ארגאניזאציעס.

די אומצאליגע אידישע לאנדסמאנשאפטן ארגאניזאציעס, וואס זיינען געשאפן געווארן מיט צענדליגער יארן צוריק, האבן איינגעשריבן א פרעכטיגן קאפיטל אין לעבן פון דעם גרויסן אידישן ישוב אין אמעריקע. די דאזיגע ארגאניזאציעס האבן אייגנטליך אויך דורכגעפירט וויכטיגע נאציאנאלע אויפגאבן, וואס וועלן אויף שטענדיג פארנעמען אן אויבן אן אין דער געשיכטע פון היגן אידישן פאלקס־לעבן.

מיר ווייסן, למשל, גוט וועגן דעם ווי פיל מי, אנשטרענגונגען און אויך געלט־מיטלען די היגע לאנדסמאנשאפטן האבן פארווענדט — אין די אמאליגע יארן — ביים אויפנעמען דא און העלפן איינארדענען די נייגעקומענע לאנדסלייט, פון די אלטע היימען אויף יענער זייט ים. עס איז אויך גוט באוואוסט, מיט וויפיל ליבשאפט און טרייהייט די היגע לאנדסמאנשאפטן האבן אין די אמאליגע יארן געהאלפן, דורך שיקן בעהעריגע סומעס געלט, צו די אידן אין די היים־שטעט און שטעטלעך, כדי צו העלפן אין זייערע דארטיגע קהילה'שע באדערפענישן.

אין דער זעלבער צייט, האבן די היגע אידישע פאלקס־ארגאניזאציעס אין אלע צייטן אויך געהאלפן, דורך איבערגעגעבנקייט און פלייס און מיט בעהעריגע סומעס געלט אידישע נויטן אומעטום בכלל.

שפעטער איז געקומען דער טראגישער חורבן פאר די אידן אין אייראפע. בעת די יארן ביי היטלער'ן, מען איז געווען אפגעריסן פון די אייגענע און נאהענטע אויף יענער זייט ים, פון די היים־שטעטלעך און די דארטיגע אידן, וועלכע זיינען געווען פארטריקן אין א ים פון ליידן און פיין, בלוט און טרערן...

און ווען דער נאצישער קאשמאר איז אריבער, ווען די רעשטלעך געראטעוועטע אידן זיינען ארויס פון היטלער־גיהנום; ווען עס האט זיך בענויטיגט הילף פאר די על־פי־נס אריבערגעקומענע פון דעם מלחמה־פייער, זיינען אויך די היגע לאנדסמאנשאפטן געווען צווישן די ערשטע, כדי צוצוטראגן די נויטיגע הילף. דאס איז היפשמעכליך געטאן געווארן דורך צוטראגן געהעריגע געלט־בייסטייערונגען, סאי פון די קאסעס סאי פון די יחידים, צו דעם „יונייטעד דזשואיש אפיל". דאס האט דערמעגליכט אנצופירן א ברייטע הילפס־ארבעט פאר די געראטעוועטע אידן פון היטלער'ן, דורך'ן „דזשאינט", „היאס", „ארט" און אנדערע באַרופענע צו דעם ארגאניזאציעס.

די דאזיגע הילפס־ארבעט פון די היגע אידישע לאנדסמאנשאפטן, פאר אידישע נויטען אומעטום, געהט כסדר אהן איבעררייס, ווייל דאס פאדערט די צייט אין וועלכער מיר, אידען, לעבן. אזוי איז אויך די גאנצע צייט, פון זינט דער אנטשטעהונג מיט 23 יאר צוריק, פון מדינת ישראל. אין דער ריזיגער הילף פון דעם אמעריקאנער אידענטום אויף אלע געביטן, וואס העלפט אנטוויקלען, בויען און פארפעסטיגן די זיכערקייט פון דער אידישער מדינה; ביים אויפנעמען די גאנצע צייט מאסען אידישע אימיגראנטן, און זיי איינארדענען צו א נייעם צופרידענעם לעבן אין ישראל; אין דעם אלעם האבן אויך א גאר גרויסן חלק די אומצאליגע היגע אידישע לאנדסמאנשאפטן און סאסייעטיס.

אבער וואס וועט זיין ווייטער, באזונדערס מיט די אלטע לאנדסמאנשאפטן, וואס האבן שוין איצט א קליינע צאל מיטגלידער? ווי לאנג וועלן זיי נאך זיין אימשטאנד צו „שלעפן די מעגלען"? און דער עיקר, וואס וועט זיין מיט די פארמעגנס, אפטמאל גאנץ גרויסע, וואס אזעלכע ארגאניזאציעס האבן?

זעהר ריכטיג שרייבט אויך וועגן דעם דר. ב. שאפירא, אין זיין דערמאנטן בריוו: „וואלטן מיר איבערלאזן צו אייניגע מעמבערס, וואס וועלן אריינגעמען דעם פארמעגן פון דער סאסייעטי אין זייערע הענט און פארטאכלעווען עס אויף באנקעטלעך, פארטיס און אזוי ווייטער?".

ניין, צו דעם טאר ניט דערלאזט ווערן! די געלטער וואס עס פארמאגן די אלטע לאנדסמאנשאפטן, זיינען אנגעזאמעלט געווארן א דאנק די מיה, אנשטרענגונגען און טריישאפט פון די אמאליגע, און אויך נאך איצט פארבליבענע, איבערגעגעבענע מיטגלידער. דאס איז אידיש־געזעלשאפטליכע געלטער, און קיינער האט ניט קיין רעכט אזעלכע געלטער צו פארטאכלעווען אויף באנקעטלעך, פארטיס און ענליכעס.

מיר האבן שוין ביי פריערדיגע געלעגנהייטן אנגעוויזן, אז אזעלכע געלטער מוזן און דארפן געשטעלט ווערן אונטער אידיש־געזעלשאפטליכן קאנטראל. געוויסע מענטשן פון אלטע סאסייעטיס מיט א קליינער צאל מיטגלידער, וואס טראכטן אנדערש, דארפן וויסן, אז זיי קענען ניט און טארן ניט טאן אליין, וואס זיי גלוסט זיך. פארקערט, אזעלכע דארפן וויסן און געדענקען, אז זיי זיינען און וועלן אויך זיין פאראנטווארטליך, פאר די געלטער פון די לאנדסמאנשאפטער ארגאניזאציעס, וואס איז זיי אנפארטרויט געווארן.

געוויס איז דער גורל, פון די אלטע סאסייעטיס מיט א קליינער צאל מיטגלידער, ניט קיין גוטער. אין וואס זאל מען טאן, וואו איז דער אויסוועג?

איין אויסוועג איז, אז די קליינע ארגאניזאציעס אהן שום צוקונפט זאלן זיך אנשליסן אין די גרויסע אידישע פאלקס־ארדענס ווי עס איז דער ארבעטער רינג און דער אידיש־נאציאנאלער ארבעטער פארבאנד. א צווייטער אויסוועג איז, אז א צאל אזעלכע קליינע סאסייעטיס, וואס ווערן כסדר קלענער, און וועלכע שטאמען פון די זעלבע געגענטן אין מזרח־אייראפע (ליטע, פוילן, בעסאראביע, אוקראינע א. א. וו.), זאלן זיך וואס גיכער פאראייניגן אין גרעסערע ארגאניזאציעס, וואס וועט זיי פיל מיטהעלפן אין דער ווייטערדיגער עקזיסטענץ און אין אנפירן די נויטיגע אקטיוויטעטן.

און אויב די צוויי זאכן זיינען פאר געוויסע קליינע סאסייעטיס אוממעגליך דורכצופירן, דארפן אזעלכע אומבאדינגט גלייך — און ניט ווארטן ביז זיי וועלן פולשטענדיג אונטערגעהן — ארויסגעבן די אנגעזאמעלטע געלטער פון זייערע קאסעס, פאר מדינת ישראל און פאר פארשידענע אידישע הילפס־צוועקן דא און אומעטום, פאר אידיש־געזעלשאפטליכע ערציאונגס און קולטור־אקטיוויטעטן, וואס איז ביז גאר דרינגענד אין דער איצטיגער צייט.

די פירער פון אזעלכע אלטע סאסייעטיס מיט א קליינער צאל מיטגלידער, דארפן אויך איצט — אזוי ווי זיי טוען דאס אלע יארן — האנדלען מיט פאראנטווארטליכקייט און אידישער אחריות, צו וואס זיי זיינען באַרופן.

# פארוואס רעוואלטירט ניט די ישראל־יוגענט?

א שארפע דיסקוסיע צווישן ישראל־אינטעלעקטואלן אויף א צוזאמענקום מיט הונדערטער גימנאזיע־סטודענטן אין חיפה. — גאלדע מאיר'ס אויפקלערונג וועגן דער יוגנט אין ישראל. — אינטערעסאנטע מיינונגען וועגן ישראל און וויעטנאם.

פון אונזער ישראל־קארעספאנדענט
לייב ראכמאן

גאלדע מאיר האט לעצטענס געגעבן אן אויסערגעוויינליכע אויפקלערונג צום פראבלעם ישראל־יוגענט. אויף דער פראגע פון א סך מענטשן „פארוואס די ישראל־יוגענט ווערט נישט ארומגעכאפט פון א רעוואלט, ווי צום ביישפיל די יוגענט אין אמעריקע, אייראפע, צי אפילו אין סאוועטן פארבאנד, האט גאלדע געענטפערט, אז אונזער יוגענט האט נישט פון וואס זיך צו אנטוישן, און זי האט אויפגעקלערט:

— דער רעוואלט אין דער וועלט איז געקומען אין רעזולטאט פון מורא'דיגע אנטוישונגען אין די צוזאגען פון די עלטערן. צום ביישפיל, אין סאוועטן פארבאנד האט דער פריערדיקער דור צוגעזאגט פרייהייט און גלייכהייט. און די יוגענט האט געטראפן פאר זיך בלויז ליגן, ציניזם, נויט און פארשקלאפונג. אין אמעריקע האט מען אויך צוגעזאגט גלייכהייט און וואוילטאג פאר אלע. די יוגענט זעהט אבער דעם קאלאסאלן תהום צווישן דער 5־טער עוועניו — פון איין זייט — און הארלעם — פון דער אנדערער זייט, און אזוי ווייטער און ווייטער. ביי אונז אבער, האט גאלדע געזאגט, איז דער מצב פארקערט: מיר האבן נאך רעאליזירט מער (און גיכער) ווי מיר האבן צוגעזאגט. עס איז אומגלייבליך, אז איין דור האט דאס באוויזן דורכצופירן, און איצט האבן מיר וועגן איבערצוגעבן אונזער יוגענט, אז זי זאל ממשיך זיין, פארזעצן אונזער וועג, וואס איז נאך אלץ דער אנהויב. דא איז נישטא וואס צו רעדן וועגן אנטוישונגען. דא רעדט זיך וועגן א פאלק אין סאמע מיטן גאנג צו זיין אויסלייזונג און אויב די יוגענט ביי אונז האלט, האט גאלדע אויסגעפירט, אז מיר האבן נאכנישט געטון גענוג, אדער, אז מיר האבן דאס נישט גוט געמאכט, איז, אדרבה, זאלן זיי פארבעסערן און טון וואס מער. מיר ווארטן טאקע דערויף...

לעצטענס איז אויף דער טעמע פארגעקומען אן אינטערעסאנטע דיסקוסיע צווישן יונגע ישראל־אינטעלעקטואלן — אינטערעסאנט — פון ביידע זייטן: פון פעסימיסטישן און פון אפטימיסטישן צד. פון איין זייט, איז א שרעק צו הערן, אז א יונגער ישראל־שרייבער זאל שטעלן א פראגע אין אזא טאן, ווי מיר וועלן באלד זען; און פון דער צווייטער זייט איז דערמוטיקנדיק דער ענטפער אויף אט דער פראגע, נישט בלויז מצד אנדערע יונגע ישראל'דיקע גייסט־מענטשן, נאר אויך מצד פארשטייער פון דער יוגענט פון די מיטלשולן. די דיסקוסיע האט געהאט אן אפקלאנג אין גאנצן לאנד. לאמיר וועגן דעם דערציילן.

אין ישראל איז באקאנט דער יונגער מאדערניסטישער שרייבער, א. ב. יהושע. ער איז פון די שטערן פון דער העברעאישער ליטעראטור; איז שטארק באליבט צווישן דער יוגענט און באזונדערס צווישן דער סטודענטישער יוגענט. ער קומט ארויס פון א בכבוד'יקער אריענטאלישער משפחה אין ירושלים, פון סירישן אפשטאם. אויך דער פאטער זיינער איז א שרייבער און פארשער. אט דער א. ב. יהושע איז שטארק פארכאפט פון לינקיזם, און איז פאליטיש אקטיוו. די לעצטע צייט איז ער סטודענטן־דעקאן אין אוניווערזיטעט פון חיפה.

מאכט זיך א געשיכטע, אויף אן אנדענק־אווענט אין אודיטאריום פון חיפה'ער אוניווערזיטעט, וואס איז לעצטענס פארגעקומען, נאך דעם געפאלענעם ביים סועץ, מיט א יאר צוריק, סגן (לייטענאנט) דוד אייזן, טרעט ארויס טאקע א. ב. יהושע.

אין דעם אזכרה־אווענט האבן זיך באטייליגט ביי 500 שילער פון די אכטע קלאסן פון די מיטלשולן. א. ב. יהושע האט דערעפנט. און פלוצים האט ער, רעדענדיק אויף דער טעמע „די באציאונג פון דער יוגענט צו די פראגעס פון מלחמה און שלום", גענומען אנגרייפן אונזער יוגענט. און נישט בלויז די יוגענט. ער האט, קאן מען זאגן, אויך אנגעהויבן אנגרייפן די אידישע פארגאנגענהייט, די אידישע געשיכטע.

שטעלט זיך פאר: דער יונגער העברעאישער שרייבער, פון די „שיינדלער" פון דער ליטעראטור, גיט א שטעל אזא פראגע:

— וואס איז די סיבה פון דעם אייביקן קאנפליקט צווישן אידישן פאלק און דער וועלט? איך וואלט געוואלט, זאגט ער, אז אונזער יוגענט זאל פרואוון אויפקלערן די מאס פאראנטווארטליכקייט פון דעם איד פאר דעם קאנפליקט! וואס פארא ראלע שפילן מיר אין דעם קאנפליקט?!

און נאך פיל ווייטיקליכער: א סאברע, א „גייסט־מענטש", רעדט בערך אין טאן פון די סאוועטן און אראבער, און שטעלט א תמ'עוואטע פראגע. ער פרעגט: וואס פארא ראלע שפילט דער ציוניזם אין ארויסרופן די שנאה צו אונדז?!

די דערעפענונגס־רעדע פון איבער דרייסיק יעריקן יהושע האט ארויסגערופן, נישט בלויז שטוינונג, נאר אויך ממש א צארן און אויסכריי צווישן די באטייליגטע: אט דאס איז דאס פנים פון אונזערע רעדנער? א. ב. יהושע האט ווייטער פארגעלייגט צו פארשטיין די פארגאנגענהייט פון אידישן פאלק „אונזערע מעשים און „שוואכע פונקטן" — „אפשר וועלן מיר אין דעם געפינען אן ענטפער פארן פערמאנענטן קאנפליקט צווישן אידען און גויים!..."

דאס איז געווען אנגריף נומער איינס.

אין צווייטן טייל פון זיין „באשולדיקונג", האט דער שרייבער געזידעלט די ישראל־יוגענטליכע, וואס זיי הייבן נישט אויף זייער שטימע „אפילו אין די וועזנטליכסטע און בורלדיגסטע פראבלעמען פון מלחמה און שלום. און דאס — אין דער צייט, ווען די יוגענט אין אנדערע מדינות טרייסלט אויף די געזעלשאפט!".

ער האט געשריגן: „דאס שווייגען פון אונזער יוגענט איז גאר נישט בכבוד'יג!". ער האט פארגעווארפן די יוגענט ביי אונדז, אז זי האט פארלוירן די פאליטישע פערספעקטיוו. און ער האט דערציילט, אז ווען מענטשן אין אויסלאנד (לייענען די נייע לינקע קעגנער פון ישראל) פרעגן אים „וואס איז מיט אייער יוגענט?!", ווייסט ער נישט וואס צו ענטפערן, ווייל... די יוגענט ביי אונדז איז בלויז אן אפטיילונג פון דער וועלט פון די דערוואקסענע..." „זי איז גלייכגילטיג צו די פראבלעמען פון מלחמה און שלום".

לסוף האט א. ב. יהושע געבראכט א ביישפיל פון דער אמעריקאנער יוגענט, „וועלכער עס האט זיך איינגעגעבן, אין קעגנזאץ צו דער שטעלונג פון ביידע פארטייען, צו ענדערן דעם אלגעמיינעם צוגאנג צו דער וויעטנאם־„מלחמה". אויך ער איז מודה, אז „עס הערשט אן אונטערשיד צווישן דער וויעטנאמער און אונזער מלחמה", אבער דאך וואלט ער געוואלט הערן די פראטעסט־שטימע פון דער יוגענט.

דער זאל האט ממש אויפגעשטורעמט נאך דעם אריינפיר. קודם, אויף דער ערשטער פראגע, וועגן זוכען אין אונדזער געשיכטע, אונזער שולד פאר דעם קאנפליקט צווישן אידען און גויים.

דר. אלי שוויד, פון די יונגסטע וויכטיגסטע פילאזאפיע־לעקטארן (אידישע פילאזאפיע) אין העברעאישן אוניווערזיטעט, אן אויפגעטערדיקער נאמען אין דער אידישער וועלט פון געדאנק און גייסט, האט אין זיין ענטפער ארויסגערופן, אז דאס אידישע פאלק נויטיגט זיך נישט אין פארטיידיקונג! דר. שוויד האט רעדענדיק צו די 500 גימנאזיסטן, געגעבן א זאג, מיט אן אנצוהערעניש אויף א. ב. יהושע: „איינעם עצם שטעלן די פראגע וועגן דער שולד פון אידן פאר די פאגראמען אויף זיי, איז שוין פאראן א ווילן זיך אפצורייסן פון אידישן גורל; א טייל פונעם קאמפלעקס פון זעלבסטהאס. דער יונגער דענקער האט דערמאנט, אז אין גלות איז די דערשיינונג פון פרואוון זיך פארענטפערן פאר די שונאים, געווען כאראקטעריסטיש פאר יענעם טייל פון פאלק, וואס האט זיך אפגעריסן פון אידענטום.

דר. אהרן בן־עמי, פובליציסט און עסייאיסט, האט געפרעגט, ווי קאן מען בכלל ארויסקומען מיט אזעלכע פראגען, וועגן אונדזער שולד — אזוי קורץ נאכ'ן חורבן אין אייראפע?

דר. יהושפט הרכבי (הארקאווי) ספעץ פאר אראבישע ענינים, האט אנגעוויזן, אז די אראבער ווארטן, אז ביי אונדז זאל קומען א מידקייט, וואס זאל אנטוויקלען א שולד־קאמפלעקס. „מיר מעגן און דארפן אנווענדן זעלבסט־קריטיק, מיר טארן אבער אין דעם נישט איבערטרייבן".

אויף דער צווייטער פראגע פון א. ב. יהושע, וועגן דעם וואס אונדזער יוגענט נעמט זיך נישט קיין ביישפיל פון דער אויסלענדישער יוגענט און „שווייגט" אין די פראגען פון מלחמה און שלום, האבן פאר אלעם געענטפערט פארשטייער פון די גימנאזיע־שילער אליין. איינער, אן „אכטער קלאסניק" אין א ווייס הצמדל, מיט'ן נאמען אבי, האט גענומען דאס ווארט און ווי א קינד זיך פארענטפערט: דאס איז, האט ער געזאגט, לויט מיין מיינונג, א פאראורטייל, אז יוגענט מוז ווידערשפעניקן, רעוואלטירן. „איך וועל זיך וואונדערן צו הערן, האט ער געזאגט, אז אונדזער יוגענט דענקט און טראכט גאר א סך — וועגן דער מלחמה און וועגן שלום! מיר באנעמען דאס אלץ גאר גוט. עס איז אבער א פאקט, אז אלע, די פארשידנסטע אידעען, זענען פארטראטן אין די פארטייען ביי אונדז, און מיר נויטיקן זיך נישט אין נאך יוגענט־פארטייען!" דער יוגענטליכער האט אויסגערופן, „די רעוואלטען אין דער וועלט זענען געווארן א מאדע! מיר דא זענען אבער פאר אלעם באאומרואיקט פון אונדזערע זיכערקייטס־פראגעס. מיר זארגען פאר אונדזער עקזיסטענץ! ביי אונדז איז רעוואלט א פסול'ער אויסדרוק!..."

אויך אנדערע יוגענטליכע, וועלכע זענען ארויסגעטראטן, האבן דערקלערט, אז די יוגענט ביי אונדז טראכט גאר פיל, נאר — ס'איז נישטא קיין עצה; „מיר ווערן נישט צוגעצויגן צום קאמף, נאר וואס זאלן מיר טון? דאס איז די ווירקליכקייט! זי איז אויף אונדז אויסגעצוואונגען געווארן!".

דער פריער דערמאנטער יונגער דענקער, דר. אלי שוויד, האט, ענטפערענדיק אויף דער פראגע, אויסגעדריקט די מיינונג, (ענלעך ווי גאלדע מאיר) אז דער רעוואלט אין דער וועלט איז א סימפטאם פון געזעלשאפטליכע, סאציאלע פראבלעמען, וועלכע זיינען נישט געלייזט געווארן. צי, האט ער געפרעגט, קאן מען קומען מיט א טענה צו אונדזער יוגענט, דערפאר וואס מען האט ביי איר נישט אנטדעקט דעם סימפטאם פון אט דער קראנקהייט?!.. דר. שוויד האט געמאכט דעם אויספיר, אז פארקערט, אויב די יוגענט און די סטודענטן אין ישראל זענען אנדערש ווי די אין אמעריקע, איז דאס א פאזיטיווע דערשיינונג, וואס איז א באווייז פאר'ן גוטן געזונט פון אונדזער יוגענט. „די קראנקהייט עקזיסטירט נישט, און אהן א קראנקהייט קאנען נישט זיין קיין סימפטאמען..."



# אין אַ רומינג הויז

(ערצעהלונג)

פון מרים ראסקין

עס איז געווען א צוויי שטאקיג הויז אין די בראנקס. מיט א סך צימערן, און די בעלעבאסטע פון הויז, מיסעס פערלמאן, האט די צימערן פארדונגען צו אלערליי מענטשן און אויך בעגריים פאר זיי סאפער עסן.

עס איז פארנאכט און אלע איינוואוינער פון הויז קומען זיך צונויף יעדערער פון זיין ארבעט. מיסעס פערלמאן האט שוין בעגריים דעם טיש אין גרויסן דאיינינג רום און די מענטשן זעצן זיך צום טיש עסן. מען איז מיד פון דעם טאג ארבעט און פון דער שטיקעניש אין דער סאבוועי. נאר מיסעס פערלמאן האט אלע מאל א גוט ווארט אדער א וויץ צו דערציילן, צו דערמונטערן די מענשן און דער עולם דערפילט זיך דא היימיש מיט דער היימישקייט פון שווער ארבעטענדיגע עלנטע מענטשן.

עס שליסן זיך באקאנטשאפטן דא צווישן די בחורים און מיידלעך. אייניגער, א בחור אן אינשורענס אגענט קען דערציילן קאמישע געשיכטעס, וואס מאכט אלעמען צו לאכן. אן אנדערער, אן ארבעטער אין א שאפ, רעדט וועגן א גוטע מאוווי, וואס מען דארף געהן זעהן. נאר קיינער איז דא ניט אזוי באליבט ווי דער סעילסמאן לואי, דער שעהנער יונג, מיט עזות'דיגע אויגען, וואס געהט אנגעטאן פראנטיש און מיט דעם פינקטליכן שרונט אין די פארגלאנצטע הויזן מיט די לענגליך פארשאטענע פאות.

עס געפעלט זעהר די מיידלעך און אז זיי רעדען פון עפעס, ווילען זיי נאר, אז לואי זאל הערען.

— לואי, לואי! — הערט ער פון אלע זייטען אים רופען — און ער טיילט אויס זיינע שמייכלען צו אלעמען און די עזות'דיגע אויגען זיינע רעדען ווערטער.

אלע מיידלעך ווערן אין לואי'ן פארליבט. אלע, אויסער איינער. רוטי איז איר נאמען. א יונג מיידעל, וואס ארבעט ערגיץ אין א דעפארטמענט סטאר דאון טאון. אז רוטי זעצט זיך צום טיש עסן זיינען אירע באוועגונגען איינגעהאלטענע און עס ווייעט פון איר מיט יוגנטליכער קיילקייט. איר פנים איז מאט־ווייס און די האר קאשטאנברוין און זיי לעגען זיך אין גדיכטע קרויזן אנטקעגען איר ווייס־געשטאלטן האלז. אויף לואי'ס צודרינגליכע בליקן ענטפערט זי מיט אן אויסגעהויבענעם קאפ און א שטרענגן בליק פון אירע אויגען. לואי'ן פארדריסט דאס שטארק.

„וואס איז מיט דער'ע דער יתום?" ער איז ניט געוואוינט, אז א מיידעל זאל זיך האלטן מיט אים פון דער ווייטנס. ער באטראכט איר מיט זיין מבין'יש אויג און עס גלוסט זיך אים זיך א רייס טאן מיט איר. אז רוטי הויבט זיך אויף פון טיש, און זי דארף פארבייגעהן זיין שטול, פארשטעלט ער איר דעם וועג מיט זיינע קני. סערע, א מיידעל מיט א געלעכטערטן אויסזעהן, וואס זיצט דערביי, רעדט צו לואי'ן מיט געמאכטן כעס:

— דאנ'ט בי פרעש (זיי ניט פרעך). און אלע לאכען.

מען פארזיצט זיך דא ביז שפעט אין אווענט. עס פאלען ווערטלעך פון צווייטייטשיגער באדייטונג, און די אויגען פירען שמועסן פאר זיך, באזונדער, מיט א באזונדערן מיין. און רוטי געהט ענדליך אוועק צו זיך אין צימער. און אז זי געהט, פילט זי ווי עס קוקען איר נאך א פאר אויגען, לואי'ס אויגען. „דהעט פרעש גאי" (דער פרעכער יונג), גיט זי א טראכט.

אין די אווענטן, אז רוטי איז אליין ביי זיך אין צימער שטעהט זי לאנג אנטקעגען שפיגעל מיט צונויפגעצויגענע ברעמען. עס טוט איר באנג, וואס זי איז דא, צווישן אט די פרעמדע מענטשן. זי זעהט איר שעהנעם אויסזעהן. עפעס אומגעווענליכעס און גאר אינטערעסאנטעס וועט נאך מיט איר פאסירען. די מיידלעך פון סטאר, וואו זי ארבעט, רעדען אפטמאל פון זייערע ליבעס. זיי מאכען זיך ביליג, זי טראכט, אז זי וועט ליב האבן אימיצן, וועט דאס קיינער פון דעם ניט וויסן. ווי אזוי וועט זיך איר אייגענער לעבן אויסלייגען? זי פארטראכט זיך און אירע גרויסע אויגען ווערן אזוי ניט קלאר, ווי דער שפיגעל אויפ'ן אלטען דרעסער און עס איז איר איצט זעהר אומעטיג, רוטי'ן.

עס איז רוטי'ן איינמאל שטארק מיאוס געווארן דאס לעבען דא, ביי דער מיסעס פערלמאן אין הויז. לואי'ס צודרינגליכע בליקען זיינען געווארן אפטער. זי האט אפגעמאכט ביי זיך, זי וועט זיך ארויסציהען פון דאנען ערגעץ אין אן אנדער פלאץ. זי האט וועגען דעם געגעבן שוין צו וויסען דער מיסעס פערלמאן. און מיסעס פערלמאן האט שוין וועגען דעם אלעמען דא דערציילט פארנאכט, ווען מען איז געזעסען ביים סאפער.

דער עולם האט די נייעס אויפגענומען ווי א געווענליכע זאך. נאר לואי איז געווארן צערודערט און ער האט אנגעשטעלט אויף רוטי'ן א פאר פרעגענדיגע אויגען. דער עולם האט שוין באלד אנגעהויבען זיך וויצלען וועגען לואי'ן און רוטי'ן:

— אימיצער איז היינט זעהר ראמאנטיש.

— סאמבאדי איז אין לאוו ווישה סאמבאדי (אימיצער איז פארליבט אין אימיצן).

— איט איז ספרינג נאו, יו נאו (עס איז דאך איצט פרילינגס־צייט).

רוטי איז אן אויפגערודערטע אוועק צו זיך אין צימער. אלץ איז שוין ביי איר געווען אפגעמאכט. ביז זי וועט קריגן א ריכטיגע וואוינונג, וועט זי דערוויל זיין ביי אירע א באקאנטע מיידעל, וואס זי ארבעט מיט איר צוזאמען אין סטאר. זי האט לאנגזאם גענומען צונויפלייגען אירע זאכן. מארגען וועט זי שוין דא ניט זיין. דאס הארץ איז איר געווען באשווערט. אפשר איז איר געווען א שאד אוועקצוגעהן פון דאנען. ביים טיש האט זי די גאנצע צייט געפילט אויף זיך לואי'ס צודרינגליכע בליקען. איבער די קעפ פון די אלע מענשן האט זי אט דעם בליק באגעגנט, ווען נאר זי האט אויפגעהויבען אירע אויגען, און עס איז איר פון זיין בליק געווען אי פארדראסיג און אי גוט...

פאקעניג איצט אירע זאכען האט זי דערהערט טריט אין קארידאר לעבען איר צימער.

„דאס איז דער פרעכער יונג" — האט זי א טראכט געטאן מיט עפעס א צווייענדיגען געפיל.

לואי האט אנגעקלאפט אין טיר.

— „קאם אין" — האט זי גערופען און לואי איז אריין אין צימער. רוטי האט צונויפגעצויגען איינע פון אירע קליידער און זיך ניט אומגעקוקט אויף אים.

— איך זעה, אז איר קלייבט זיך טאקע ארויס פון דאנען — האט לואי איר געזאגט.

— יא, איך קלייב זיך ארויס — האט זי אפגעענטפערט מיט הארטקייט אין איר שטימע.

— עס וועט דא זיין אומעטיג אהן אייך און ניט אזוי אינטערעסאנט — האט ער ווייטער גערעדט.

רוטי האט מיט אמאל זיך א קער געטאן צו אים און מיט געמאכטען כעס אים א פרעג געטאן:

— צוליב וואס זענט איר איצט ארויפגעקומען אהער?

— ווייל איך האב אייך ליב — האט ער איר געזאגט מיט מאדנער זיכערקייט.

רוטי האט אים אנגעקוקט מיט א ביטערען שמייכעל. „אט דאס איז עס, זיינע ביליגע ווערטער, באלד אנהויבען רעדען פון ליבע ווי אלע פראסטע מענשן. זי האט א טראכט געטאן, אז געוויס ווענדעט ער זיך מיט אזעלכע רייד צו אלע מיידלעך גלייך. א מענש קען ניט ליבע האבען מיט אן אמת, ווען ער רעדט וועגען ליבע אזוי גרינג.

— אי דאנ'ס בעליוו אין לאוו (איך גלויב ניט אין ליבע) — האט רוטי געזאגט, און פון איר קול האט געקלונגען מיט יוגענטליכער ערנסטקייט.

איצט זענען זיי ביידע געשטאנען איינע אנטקעגען די אנדערע. זי א שלאנקע, א שעהנע, אנגעטאן אין א טונקעל־גרינעם קלייד, וואס האט נאך אידעלער געמאכט איר אויסזעהן. און ער — א דרייסטער, א קרעפטיגער און א צודרינגליכער. זי האט געפילט ווי ער האט איצט א כוח איבער איר, און עס האט איר אי געשראקען און איר ניט.

— ליסן היר רוטי (הער זיך איין, רוטי) — האט זי אים געהערט רעדען ווי אין א משאל. פארוואס נעמען אלץ אזוי שווער? פארוואס זיין אזוי ערנסט? דאס לעבען איז גענוג שווער אזוי אויך. פארוואס אפזאגען זיך פון ליבע? „ענדזשאי וואהיל יו ליוו". פארוואס ניט האבען פארגעניגען?

רוטי'ן האט זיך איצט געדאכט ווי זי שטעהט אריין אין זיך עפעס א סם אינגאנצען מיט זיינע הוילע, ניט פארשטעלטע רייד. עס האט זיך איר געמישט אין קאפ. זי מוז שוין זיין זעהר געפאלען, אז מען זאל קענען צו איר אזוי רעדען. זי האט אזש אויפגעציטערט פון א נייעם, אומבאקאנטן געפיל.

זי האט נאך ניט אפגעמאכט ביי זיך ווי אזוי זי זאל איצט מיט אים האנדלען, וואס זי זאל אים זאגען. זי איז צוגעגאנגען צו דעם אפענעם פענסטער. דארט, אין דער נאכטיגער גאס, האט שוין אומבאמערקט געטומלט זיך דער פרילינג. פון ערגיץ א נאהענטן פארק האט זיך דערטראגען אהער דער ריח פון אפגעשניטענעם גראז און זיך אויסגעמישט מיט דעם פריקלען ריח פון די מיסטקאסטנס אונטער'ן פענסטער.

און ווי זי איז אזוי געשטאנען ביים פענסטער איז לואי צוגעגאנגען צו איר, מיט זיין האנט ארומגענומען איר ביי דער טאליע. רוטי האט דערפילט זיין שטארקען ארעם, ווי ארומגענומען מיט א אייזערנעם רינג. זי האט צוגעמאכט די אויגען און מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם זיך אפגעגעבן צו עפעס א נייעם געפיל. זי האט זיך איצט אנטקעגען אים ניט געווערט. אין דער מינוט האט איר איצט פאר קיין זאך ניט געארט.

עס איז שוין געווען שפעט אין אווענט. אונטען אין גאס האבען א גרופע יונגווארג ארומגעשפאצירט. איינער פון זיי האט, מיט א פאר'חלומ'טער שטימע, אויסגעזונגען די ווערטער פון עפעס אן אלט לידעל:

„א, שאו מי דהי וועי טו גאו האום!"

## 5 פראגען

1. „פרעזידענט ניקסאן האלט אז 1971 וועט זיין א גוטער יאר, און 1972 נאך בעסער. איך ווייס ניט, צי ער זאגט דאס וואס אנבאלאנגט זיך אליין, אדער וואס אנבאלאנגט „דעם אמעריקאנער פאלק". וועלכער אנגעזעענער אמעריקאנער האט דאס ערקלערט?
2. ווערען א העלפט פון אלע אמעריקאנער צדקה בייסטייערונגען געגעבען צו רעליגיעזע גרופען?
3. וואס איז דער געהאלט פון פרעמיער, גאלדע מאיר?
4. וועלכע יוניאן פון פאבריק־ארבעטער איז די גרעסטע אויף דער וועלט?
5. וויפיל געלט קען א סאוועטיש איד נעמען מיט זיך, ווען ער עמיגרירט קיין ישראל?

## 6 ענטפערס:

1. דזשארדזש מיני, פרעזידענט פון דער א. פ. און ל.־סי. אי. א., האט דאס געזאגט, רעדענדיג וועגען דער וואקסנדער ארבעטסלאזיגקייט און דעם וואקסענדען יקרות אין לאנד, אלס א רעזולטאט פון ניקסאנ'ס עקאנאמישע פאליסיס.
2. כמעט. פון די איבער 18 ביליאן דאלאר, וואס אמעריקאנער האבען פאראיארען בייגעשטייערט, זיינען 8 ביליאן מיט 200 מיליאן דאלאר געווען פאר רעליגיעזע גרופען (מערסטענס קירכען און שוהלען).
3. ארום 800 דאלאר א חודש. עס איז איבעריג צו זאגען, אז דאס איז פון די סאמע קלענסטע געהאלטען פאר א רעגירונגס־פירער אין וועלכער עס איז לאנד.
4. די אמעריקאנער אטאמאביל יוניאן, וואס האט אנדערהאלבען מיליאן מיטגלידער.
5. ארום 100 רובעל ($110). א טייל — א קליינער טייל — סאוועטישע אידען באווייזען מיטצונעמען געוויסע זאכען ווי מעבעל, עלעקטרישע אפאראטען, קליידער, אבער בכלל קומען זיי אן קיין ישראל כמעט אהן געלט און מיט זעהר ווייניג אייגענטום. כדי צו קריגען אן ארויספאר וויזע מוז דער עמיגראנט געבען דער רעגירונג קנאפע טויזענט רובעל.

# א „פויערטע" פון פוילען וויינט ביים הערען אידישע לידער

**ווען די מלחמה איז אויסגעבראכען איז זי געווען א אידיש קינד. — זי האט זיך געראטעוועט אין א דארף. — איז פולשטענדיג אפגעריסען געווארן פון דעם אידישן שטאם. — זי לעבט אלס א פויערטע אין פוילען מיט איר מאן און צוויי קינדער. — איצט איז זי געקומען אויף א באזוך צו איר היגער שוועסטער. — וואס די יונגע פרוי דערציילט.**

פון י. שמולעוויטש

פארגאנגענעם זונטאג ביינאכט, בין איך געווען איינגעלאדען אין הויז צו א משפחה פון מיינע פריינט. מען האט מיר פון פאראויס אנגעזאגט, אז דאס וועט פאר מיר זיין נישט סתם א קומען עסען מיטאג און פארברענגען עטליכע שעה. דאס וועט זיין פיל מערער, האט מען מיר פארזיכערט, עפעס גאר ספעציעלס. און פארשטעהט זיך, האט מען מיך נאך פארזיכערט, אז איך וועל אויך האבען א גוטע טעמע פאר א וויכטיגען ארטיקעל.

ווען איך בין אנגעקומען אין הויז פון מיינע פריינט, וואס איז ביים ים אין ברוקלין, זיינען שוין דארט געווען פארזאמעלט א צאל היימישע מענשען. מען האט גערעדט און געשמועסט צווישען זיך, ס'איז געווען אויך, ווי דאס איז דער שטייגער, באגלייט מיט א ביסעל טומעל. אויך איך בין גלייך אריינגעצויגען געווארען אין דער היימישער סביבה פון דער גאנצער געזעלשאפט.

ווען איך האב זיך אויסגעפוצעט און צוביסלעך אנגעהויבען זיך ארומקוקן אין דעם ליווינג־רום, האב איך פלוצלינג דערזעהן אן אומגעוויינליך בילד. אין א ווינקעל פון דעם גרויסען צימער, איז געזעסען א מיטעליעריגע סימפאטישע אידישע פרוי, וועלכע האט כסדר געווישט די טרערען פון אירע אויגען. אלע האבען צווישען זיך גערעדט באגלייט מיט א ביסעל טומעל און יענע פרוי, אין ווינקעל פון דעם ליווינג־רום, זיצט גאר און וויינט. איך פארשטעהט זיך, אז דאס האט מיך שוין ניט געלאזט איינרוהען.

ווען איך האב זיך אויסגעשמועסט און אנגעהויבען זיך דערנענטערען צום פלאץ וואו די פרוי איז געזעסען פאראיינזאמט, האב איך דערהערט, אז צו מיינע אויערען דערגעהט א עכא פון אידישען געזאנג און מוזיק. וואס נעהענטער איך בין געקומען צום ארט וואו עס איז געזעסען די דאזיגע פרוי, אלץ העכער און קלארער איז פאר מיר געווען דאס געזאנג פון די אידישע לידער. איך האב זיך גלייך איבערצייגט, אז דאס קומט פון א דערבייאיגען אנדערען צימער, ניט ווייט פון דעם ווינקעל, וואו עס איז געזעסען די פרוי מיט פארוויינטע אויגען.

אט א מערקווירדיגער בילד, האב איך ביי זיך געטראכט. הארציגע אידישע לידער און מוזיק. און דא גאר באגלייט מיט הייסע אידישע טרערען! וואס איז דאס. וואס באדייט דאס? ווען איך האב זיך ארומגעקוקט, האב איך באמערקט, אז לעבען מיר שטעהט די באלעבאסטע פון דעם הויז, אין וועלכען איך בין געווען איינגעלאדען.

„דאס איז מיין שוועסטער — האט די יונגע פרוי צו מיר געזאגט — זי האלט אין איין וויינען און קלאגען. מען קען איר ניט בארוהיגען. אזוי שוין עטליכע טעג, פון זינט זי איז געקומען צו אונז אויף א באזוך פון פוילען. זי הערט ניט אויף צו וויינען. אין א גרויסער מאס איז דאס טאקע דערפאר, ווייל זי הערט ביי אונז דא אידישע לידער, אויפ'ן ראדיא און פון רעקארדס. זי האט שוין, אזעלכעס ניט געהערט, זאגט מיין שוועסטער, פון זינט איר קינדהיים. געווען איז דאס לאנג צוריק. שוין ווייט אוועק. דאס דערמאנט איר זעהר פיל. דאס אלץ רופט ביי איר ארויס געוויין, זי קען אין זיך ניט דערשטיקען די טרערען"...

ערשט דעם זעלבען זונטאג פרימארגען, האט די פרוי מיר ווייטער דערציילט, בלויז עטליכע טעג נאכדעם ווי איר שוועסטער איז אנגעקומען פון פוילען, האט זי אין הויז געהערט אויפ'ן ראדיא די באוואוסטע „פארווערטס"־שטונדע. ווען מען האט געעפענט די ראדיא אויף דער סטאנציע דאבעליו־אי־וויי־די, האבען זיך פלוצלינג דערהערט פרעכטיגע אידישע לידער, הארציגע געזאנג און מוזיק, „זכרונות פון אידישען טעאטער", הומאר, נייעס, שמועסען און אנדערעס און — אלץ אין אידיש.

ווי נאר די געקומענע אידישע פרוי פון פוילען האט דאס דערהערט דעם זעלבען פרימארגען, האט זי אנגעהויבען וויינען. נאכדעם האט איר היגער שוועסטער, מיט איר מאן, אנגעשטעלט א צאל רעקארדס מיט פארשידענע אידישע לידער, וואס שפילט אזוי אומאויפהערליך, אין דערבייאיגען צימער פון ליווינג־רום. און ניט ווייט פון דעם, טאקע לעבען דער טיר פון יענעם צימער, איז געזעסען די יונגע פרוי און אומאויפהערליך געוויינט.

עס איז קלאר, אז מיך האט זעהר פאראינטערעסירט אט די פרוי, מיט אירע טרויעריגע באנעצטע אויגען. נאכדעם ווי מען האט אפגעגעסען און צווישען עולם האט זיך ווידער אנגעהויבען א שמועס, בין איך אוועק אין דעם צימער פון וואנען עס זיינען כסדר געקומען די רעקארדירטע אידישע לידער און מוזיק. באלד איז אהינצו אויך אריינגעקומען די יונגע אידישע געקומענע פרוי פון פוילען. וועמען עס האט אריינגעפירט איר היגע עלטערע שוועסטער. אין צימער איז געווען אויסגעשפרייט שטילער אידישער געזאנג, ווי ספעציעל צוגעפאסט. און מיר האבען געשמועסט.

„איר ווילט וויסען — האט די ליבליכע פרוי ביי מיר געפרעגט — פארוואס איך וויין, ווען איך הער די אידישע לידער און מוזיק? עס איז א פשוט'ע זאך. עס קען נישט זיין אנדערש. דעם לעצטען מאל, ווען איך האב אזעלכעס געהערט, איז געווען, ווען איך בין געווען א מיידעל פון 12 יאר, ביי אונז אין דערהיים, אין ווארשע. און פון דאמאלט'אן זיינען שוין אוועק העכער 30 יאר. איך האב דאך געמיינט, אז אזעלכעס איז שוין מער ניטא אויף דער וועלט"...

דא האט די פרוי גענומען מיר דערצעהלען די לאנגע געשיכטע פון איר טראגישען לעבען, וואס איך וועל דא ארויסברענגען בקיצור.

ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראכען אין סעפטעמבער 1939: און ווען זי איז געווען א מיידעל פון 12 יאר, איז אויך פאר איר געקומען דער ביטערער גורל ביי די נאצישע רוצחים. געטא, הונגער, קראנקהייטען, אומאויפהערליכע שרעק, וואס האט זיך געצויגען ווי אן אייביגקייט. שפעטער זיינען געקומען די טרויעריג־באריהמטע „אקציעס", דאס ארויספירען אידען פון געטא אויף פארניכטונג. אירע טאטע־מאמע, זיינען טאקע דאמאלט ארויסגעפירט געווארען קיין טרעבלינקע, וואו זיי זיינען פארניכטעט געווארען צוזאמען מיט אנדערע אידען. איר עלטערע שוועסטער, וואס וואוינט איצט מיט איר מאן און קינדער אין ניו יארק, איז געווען פארוואגלט אין די סטעפעס פון סאוועטישען קאזאכסטאן.

„מיר איז דאמאלט געלונגען — האט צו מיר געזאגט די פרוי — זיך ארויסצובאקומען פון געטא, ווען מען האט די אידען ארויסגעפירט אויף פארניכטונג. כ'בין אוועק אין א דארף און דארט אריין צו פויערים. איך האב זיך אנגעגעבען אלס א היימלאזע קריסטליך מיידעל. און עס איז מיר געלונגען. איך האב געארבעט שווער ביי די פויערים, זיי האבען מיך זעהר אויסגענוצט. דערפאר אבער בין איך געווען אויסגעהיט פון געפאר, אז די נאצים וועלען מיך אוועקשיקען, אלס א אידישע מיידעל, אויף פארניכטונג. אין דער זעלבער צייט, בין איך ביי די קריסטען אין הויז און אין דארף געוואקסען און דערצויגען געווארען אלס פולע קריסטליכע מיידל. ניט בלויז בין איך אפגעריסען געווארען פון וועלכען עס איז מין אידישען לעבען. איך האב אפילו אליין שוין געהאט פארגעסען ווער איך בין — אז איך בין א אידישע"...

ווען די מלחמה האט זיך פארענדיגט, אין פרילינג 1945, איז דאס מיידעל ווייטער פארבליבען אין זעלבען דארף. זי איז שוין דורך דער צייט, דערצעהלט זי, דאמאלט געווען אזוי אריינגעטאן אין דעם לעבען פון די גויים: מיט זייער רעליגיע און אלע זייערע פירונגען, אז זי האט געפיהלט, ווי זי אליין וואלט געבוירען געווארען איינע פון זיי. זי האט שוין אפילו ניט געדענקט, אז זי איז א געבוירענע א אידישע. „גלויבט מיר — האט די יונגע פרוי צו מיר געזאגט מיט טרערען אין אירע אויגען — אז איך האב דאמאלט אפילו אויך ניט געוואוסט, אויב עס זיינען נאך דא אידען אויף דער וועלט"...

אין 1946, ווען זי איז געווען 19 יאר, האט זי אין דעם זעלבען דארף געהייראט מיט א יונגען פויער. פאר איר איז דאס געווען א נארמאלע זאך. דאס פארל האט אנגעהויבען פירען א טיפישען דארפישען לעבען, אזוי ווי אלע איבעריגע ארום. ווען זי איז געווען 21 יאר, האט זי געבוירען א מיידעלע און אין א יאר שפעטער, נאך א איינגעלע. פארשטעהט זיך, אז אויך די צוויי קינדער זיינען דערצויגן געווארען אלס פולע קריסטען. און אזוי איז געלאפען די צייט. זי איז אלץ מער און ווייטער אפגעריסען געווארען פון אייגענעם אידישען שטאם. און פארשלעפט געווארען אין דער פרעמדער וועלט.

די רעקארדס מיט אידישע לידער אין דעם צימער האבען געשפילט אומאויפהערליך. די סימפאטישע פרוי האט געווישט די טרערען פון איר אויגען און. זי האט דערצעהלט ווייטער. גראד האט איך איציק מאנגערס:

> אויפ'ן וועג שטעהט א בוים
> שטעהט ער איינגעבויגען,
> אלע פויגעל פון דעם בוים
> זיינען זיך צעפלויגען...

„מיינע צוויי קינדער — האט די פרוי געזאגט צו מיר — ווייסען אפילו ניט, אז זייער מאמע שטאמט פון אידען; אז איך בין א קינד פון דעם אומגליקליכען אידישען פאלק, וואס האט דורכגעמאכט אזא מוראדיגען חורבן... מיין טאכטער איז שוין פארהייראט, אויך צו א קריסט, די וואוינען אין ווארשע. מיין זוהן שטודירט איצט. אט דאס איז מיין לעבען, אזוי איז דער טראגישער גורל פון א מענש, ווען עס טרעפט"...

ערשט מיט א קורצער צייט צוריק, האט די אידישע „פויערטע" פון פוילען זיך דערוואוסט, אז איר עלטערע שוועסטער, וועלכע האט זיך אויך געראטעוועט פון די נאצים, וואוינט אין אמעריקע. איז די שוועסטער, פון דעם דארף אין פוילען, איצט געקומען אויף א באזוך קיין אמעריקע. זי איז ביי איר ליבער שוועסטער דא אין הויז. און זי הערט דעם אידישען ראדיא און אידישע לידער פון רעקארדס און — זי וויינט.

„איך וואלט זעהר געוואלט — האט די פרוי געזאגט צום סוף פון אונזער שמועס — פארבלייבען דא, אין ניו יארק, כדי צו זיין צוזאמען מיט מיין איינציגער לעבענגעבליבענער טייערער שוועסטער. איך וואלט געוואלט ווידער אנהויבען פירען א אידישען לעבען. דאס הארץ וויינט אין ווייטאג אין מיר. אבער ווי אזוי קען איך דאס טאן? עס איז דאך אן אונמעגליכע זאך! מיין מאן, דער פויער, צו וועמען איך געהער, איז דאך אין פוילען. דארט זיינען אויך מיינע צוויי ליבע קינדער, וועלכע ווייסען אפילו ניט, אז אין זייערע אדערען פליסט אידיש בלוט. איך געהער צו זיי. איך מוז צוריקפארען אהינצו, קיין פוילען. וואו איך וועל שוין אלס אזעלכע ווי איך בין פארענדיגען מיין לעבען"...

ווען איך בין צוריקגעקומען אין ליווינג־רום, איז דער עולם געווען נאך אלץ פארטאן אין א העפטיגען שמועס וועגען אקטועלע אידישע פראגען און פארשידענע וועלט־פראבלעמען. די געקומענע אידישע פרוי, די איצטיגע „פויערטע" פון פוילען, איז ווייטער פארבליבען אין יענעם צימער מיט זיך אליין. זי איז געזעסען מיט אירע פארוויינטע אויגען ביי די רעקארדס, וואס האבען פאר איר אומאויפהערליך אויפגעזונגען פארשידענע אידישע לידער, וועמענס אפקלאנג האט זיך נאך אויך דערטראגען צו מיינע אייערן.

# קען מען פאטאגראפירן א נשמה?

**געזעלשאפט צו שטודירן גייסט קריגט ירושה פון א גאלדגרעבער, זי זאל פאטאגראפירן א יציאת נשמה. — ספיריטואליסטען, וואס גלויבען, אז מען קען זיך פארבינדען מיט יענער וועלט, האבען זיך אונטערגענומען צוצושטעלען א פאטאגראפיע ווי אזוי די נשמה פארלאזט דעם קערפער.**

פון י. דזשעקסאן

אז ס'איז דא אזא זאך ווי א נשמה איז א פעסטער גלויבן אדער באגריף, וואס איז אזוי אלט ווי דער מענש גופא. דער גלויבען איז ענטשטאנען צוזאמען מיט'ן מענשליכען מין, ווען ס'איז ארויסגעקומען אויף אונזער וועלט.

ניט מער; ניט אלע זיינען איינשטימיג אין דעם וואס עס ווערט פון דער נשמה נאכ'ן מענשענ'ס אפשטארבען, ווען זי פארלאזט דעם גוף. וואס עס ווערט פון דער נשמה איז נאך אלץ א געהיימניש און א טעמע פון אייביגע ספעקולאציעס און אייביגע דיסקוסיעס.

גלויביגע פון אלע רעליגיעס זיינען זיכער, אז נשמות פירען אן אייביגע עקזיסטענץ און וועלען פאר צו לעבען ווייטער ערגעץ אין אנדערע וועלטען, אדער אפילו אויף דער וועלט. אפיקורסים, ווידער, האלטען, אז נאכדעם ווי דער פיזישער קערפער שטארבט, קומט דער סוף אויך צום גייסט, וואס מ'האט באצייכנט אלס די נשמה. זי שטארבט אוועק צוזאמען מיט'ן פיזישען קערפער און דאמיט פאסירט.

ס'זיינען דא אויף דער וועלט אלערליי רעליגיעס, וועלכע פרעדיגען, אז נשמות לעבען, אויב ניט אייביג, איז פיל לענגער ווי דער מענש, וואס האט זיי באזעסען. בודיזם, למשל, לערענט, אז א נשמה געהט ארויס פון איין קערפער און דרינגט אריין אין אן אנדערען. ס'דארף דווקא ניט זיין קיין מענשליכער; א נשמה פון א פארשטארבענעם קען אריינגעבען ווערען אין אן אנדער מין באשעפעניש, א בהמה, א קאץ אדער גאר אזוינס.

ס'איז דא א גלויבען „אנימיזם" (א מין געצענדינערישע תורה) וואס גלויבט, אז נשמות פון פארשטארבענע ווערען אריינגעטאן אין ניט־לעבעדיגע זאכען — בוימער, שטיינער און דאס גלייכען. און אז זיי היגיען כסדר ארום אין די פעלדער, וואו זיי האבען זיך אויפגעהאלטען ביים לעבען.

הינדוסען גלויבען, אז נשמות וואנדערען ארום און לייטערען זיך אויס פאר א פאראויסבאשטימטער צייט פון הונדערטער אדער טויזענטער יארען. נאכדעם ווי זיי פארענדיגען דאס אויסלייטערונג, באהעפטען זיי זיך מיט'ן בורא העולם און דערגרייכען די העכסטע מדרגה פון „נירוואנא". ס'ווערט גארניט פון זיי און פטור...

די ספיריטואליסטען, וועלכע זיינען זיכער, אז מענשליכע גייסטער אדער נשמות לעבען אייביג און זוכען צוזאמענרעדען זיך מיט די מתים, אפילו אזעלכע וועלכע האבען געמאכט א שטארב מיט א פאר טויזענט יאר צוריק, זיינען אן אלט־באקאנטער ענין. ספיריטואליסטען רופען ארויס מתים פון יענער וועלט ביי אזוי־גערופענע סעאנסען מיט'ן כח פון די „מידיאומס" (מענשען וועלכע באזיצען ספעציעלע אייגנשאפטען צו דערשפירען די גייסטער און פארבינדען זיך מיט זיי). ביי די סעאנסען אדער „צוזאמענרעדענישען מיט די מתים" הערט מען ניט די שטימען פון די מתים גופא, נאר די געענדערטע שטימען פון מידיאומס מיידלער, דורך וועלכע זיי רעדען.

מעלדט זיך אז ניט אלע גלויבען אין ספיריטואליזם און ס'זיינען דא וויסענשאפטליכע, וועלכע לאכען זיך אויס און האלטען, אז דאס צוזאמענרעדען זיך מיט די מתים דורך די „מידיאומס" איז ניט מער ווי אן „אפנארעריי" אדער א פורים־שפיל אין בעסטען פאל.

אבער א סך אנערקענטע וויסענשאפטסלייט האלטען גראד יא, אז ספיריטואליזם איז א ריאלע ערשיינונג; ניט מער, מען קען ניט אויפקלערען גענוי „וואס עס שטעקט דערין".

איצט האט זיך אנטוויקעלט א גלויבען, אז ניט נאר קען מען זיך צוזאמענרעדען מיט די נשמות פון מתים וואס ווערען ארויסגערופען פון יענער וועלט, נאר מען קען אפשר „פאטאגראפירן נשמות" א דאנק די סאמע לעצטע ענטוויקלונגען אין פאטאגראפישען קונסט און טעכניק.

ס'איז ניט קיין באהויפטונג פון א שארלאטאן אדער א פיפיגען אפנארער, וועלכער זוכט ארויסצונארען געלט פון ישלדען דורך אבערגלויבישער פארבלענדעניש, נאר אן ערקלערונג פון א פארלעסליכער, וויסענשאפטליכער געזעלשאפט, וועלכע דענקט, אז מען קען יא פאטאגראפירן א „יציאת נשמה" (דער מאמענט ווען די נשמה פארלאזט דעם קערפער). די וויסענשאפטליכע ארגאניזאציע איז די „אמעריקען סאסייעטי פאר סאיקיק ריסוירטש". אין אידיש הייסט עס די אמעריקאנער געזעלשאפט פאר פארשונגען פון גייסטיגע ענינים.

די דאזיגע ארגאניזאציע האט בדעה אויסצוגעבען קרוב צו דריי הונדערט טויזענט דאלאר אין פארשונגען וועגען מעגליכקייטען צו פאטאגראפירן א יציאת נשמה מיט דער הילף פון „אינפא רעד פאטאגראפיע" (אזא מין קאמערא, וואס פאטאגראפירט דאס וואס דאס אויג גופא קען ניט זעהן, אפילו מיט דער הילף פון קאמפליצירטע אינסטרומענטען).

די גאנצע געשיכטע האט זיך אנגעפאנגען נאך מיט יארען צוריק.

א גאלד־גרעבער מיט'ן נאמען דזשעימס קיד, וועלכער האט געזוכט גאלד און זילבער אין אריזאנא (און האט זיי געפונען אויך), איז געשטארבען אין אריזאנא אין 1949, און ער האט איבערגעלאזט א ירושה פון קרוב 3 הונדערט טויזענט דאלאר פאר'ן צוועק מ'זאל פעסטשטעלען וויסענשאפטליך, אז א מענשליכע נשמה איז אומשטערבליך.

ווען די נייעס איז באקאנט געווארען, האבען זיך אלערליי בעלנים געמעלדעט צום אריזאנא געריכט, וואס איז דער „אפיעקון" אדער „טראסטי" איבער דער צוואה, און אנגעבאטען זיך צו מאכען די פארשונגען וועגען דער נשמה'ס אומשטערבליכקייט און קריגען דאס געלט.

ראסעל ל. דילטס, א „מידיאום" פון אינדיאנא, האט אנגעגעבען, אז ער האט זיך צוזאמענגערעדט מיט קיד'ס גייסט און דאס איז דער בעסטער באווייז אז קיד'ס נשמה לעבט אלץ. איז ער דעריבער בארעכטיגט צו קריגען די ירושה וואס דער גאלדגרעבער האט איבערגעלאזט.

דר. דזשאזעף סטיל, א מעדיקער פון לאס אנדזשעלעס, איז אויך א בעלן געווען צו קריגען די ירושה, אנגעבענדיג, אז ער באזיצט „זיכערע באווייז" וועגען דער נשמה'ס אומשטערבליכקייט. וואס אזוינס די באווייז איז האט דר. סטיל ניט פעסטגעשטעלט.

צווישן די ארגאניזאציעס, וועלכע האבען געוואלט דעם גאלד־גרעבער'ס ירושה, כדי צו באנוצען עס פאר זייערע וויסענשאפטליכע פארשונגען וועגען נשמות, זיינען געווען „די סאיקיקעל ריסוירטש פאונדעישאן" פון דארהעם, נארט קעראלאינא און די „אמעריקען סאסייעטי פאר סאיקיקעל ריסוירטש", וואס האט אירע העדקוואדערס אין ניו יארק.

ריכטער ראבערט ל. מאיערס, פון אריזאנא סופרים קאורט, וועלכער האט אויפגענומען די קעיס, האט אנפאנגס געהאט באשטימט, אז די ניוראלאגישע וויסענשאפט פאונדעישאן פון פיניקס, אריזאנא, זאל קריגען די ירושה. די ניוראלאגישע פאונדעישאן האט זיך אונטערגענומען צו מאכען פארשונגען אין א רייע גייסטיגע און מעדיצינישע געביטען, כדי צו באווייזען, אז ס'איז דא אזא זאך ווי די נשמה און אז די נשמה פארלאזט ווירקליך דעם קערפער אינ'ם מאמענט ווען דער מלאך המות קומט נאכ'ן מענשען.

דער גאנצער סופרים קאורט פון אריזאנא האט אבער בטל געמאכט דעם ריכטער מאיערס ענטשיידונג אויפן סמך, אז דער גאלד־גרעבער קיד האט, איבערלאזענדיג דאס געלט, באטראכט די נשמה ניט אלס טייל פונ'ם קערפער'ס נערווען סיסטעם, נאר אלס א באזונדערע זאך אן און פאר זיך, סהאט ניט צו טאן מיט נערוועון.

דזשאדזש מאיערס האט בעת'ן איצטיגען מאגאט אפגעהאלטען נאך א פארהער צו באשליסען ווער פון אלע בעלנים זאל קריגען די ירושה און ער האט ענטשיידעט, אז די אמעריקען סאסייעטי אוו „סאיקיק ריסוירטש" זאל עס קריגען. ס'איז אן אנערקענט וויסענשאפטליכע אינסטיטוציע, וואס איז געגרינדעט געווארען אין 1885.

די סאסייעטי באטראכטע איצט א פלאן ווי אזוי צו פרואוון פאטאגראפירן א „יציאת נשמה".

די פירער פון דער ארגאניזאציע האלטען, אז ס'איז מעגליך מיט דער הילף פון מאדערנער פאטאגראפיע, ווי אויך א דאנק זיכערע, פון לאנג־פעסטגעשטעלטע סימנים, וואס ווייזען גענוי דעם מאמענט ווען א נשמה פארלאזט דעם שטארבענדען מענשען, קען מען עס יא ארויסברענגען. ס'זיינען, למשל, פארצייכנט געווארען פעלע, ווען זייגערס האבען זיך אפגעשטעלט אינ'ם מאמענט פון אייגענטימער'ס טויט. עס מערקען זיך אפט ענדערונגען אין דער אומגעבונג ווען דער טויט קומט אן. ווען מהאט א ספעציעלע קאמערא, קען מען ארונטערכאפען פיליכט דעם

(שלוס אויף זייט 3)

# וועגען א מיידעל גלאריא

ערצעהלונג

פון מרים ראסקין

איין איינציג קינד האבען די האלפערנס געהאט, א מיידעל גלאריא, וואס זיי האבען איבערגעמאכט דעם נאמען פון גאלדעלע. איז גלאריא געווען שעהן אויפ'ן אויסזעהן און אויסערסט פעהיג און אין סקול האט זי געלערנט מיט אויסצייכענונגען.

טאטע־מאמע האבען אלץ געטאן, אז זייער קינד זאל גארניט פעלען. באזונדערס האט די מאמע זיך שטארק אפגעגעבען מיט איר קינד. זי האט כסדר געקוקט איר אין די אויגען און געווען גרייט איר נאכגעבען יעדער פארלאנג. זי זאל נאר ארויסרעדן דאס ווארט. „וואס ווילסטו היינט וועלען עסען?" — האט זי איר טאכטער יעדען מאל געפרעגט, און זי האט צוגעגרייט פאר איר באזונדערע מאכלים.

און גלאריא איז געוואקסען שעהן און רייצענדיג, מיט לאנגע, בלאנדע האר און טיף בלויע אויגען און די מאמע האט זיך געשפיגעלט אין איר: „א. פרינצעסין. איך האדעווע א פרינצעסין!"

די מאמע האט אלע אירע יארען שווער געארבעט. נאך אמאל, אין דער אלטער היים איז זי געווען א גוטע נייטארין, און דא אין היגען לאנד האט זי מיידעלווייז געארבעט אין א שאפ. איצט, ביי זיך אין דער היים, האט זי אין א ווינקעל פון צימער געהאט איר ניי־מאשין און זי האט גענייט קליידער פאר פריוואטע קאסטימער, וואס האבען געוואלט האבען א באזונדערען פאסאן. דער מאן אירער, מיסטער האלפערן, האט אויך אלע זיינע יארען געארבעט. פריהער אין א שאפ און אין די אווענטען איז ער געגאנגען אין א „נאיט סקול". ער האט אויסגעלערנט די ענגלישע שפראך און איצט ארבעט ער אין א פאסט־אפיס.

און אלע זייערע פארדינסטען זענען געגאנגען פאר זייער טעכטערל, אז איר זאל גארניט פעלען. אויסער דעם וואס גלאריא האט זיך געלערנט אין סקול, האט זי אויך זיך אפגעגעבען מיט פיאנא שפילען. גלאריא'ס טאטע־מאמע האבען אליין געוואלט, אז זייער קינד זאל קענען שפילען פיאנא און זי זאל ניט אפשטעהן פון די אנדערע קינדער, אירע חבר'טעס, וואס האבען אויך זיך געלערנט פיאנא שפילען. זיי האבען ניט געזשאלעוועט קיין געלט, צו קריגען פאר גלאריא'ן די בעסטע מוזיק־לערער, וואס מען האט נאר געקענט קריגען. און גלאריא האט זיך אין פיאנא שפילען אויך גוט אויסגעצייכנט. די לערער האבען וועגען איר געזאגט, אז זי פארמאגט טאלאנט. און אז גלאריא האט ארויסגערעדט דאס ווארט וועגען א „גרענד פיאנא", האט זי עס באלד בעקראגען. און וועגען די גרויסע קאסטען איז ניט געווען קיין אפהאלט. די גרענד פיאנא האט פארנומען באלד א האלבען צימער. און אז גלאריא האט זיך אויסגעצייכנט שפילען, איז די מאמע ארומגעגאנגען אויף די שפיץ־פינגער און גרויס הנאה געהאט פון הערען די מוזיק. און זי איז אפילו געבליבען שטעהן אינמיטען אן ארבעט צו איינהערען זיך.

נאר דאס שפילען פיאנא איז ביי גלאריא'ן געווען נאר אזא „האבי", א פארגעניגען, וואס זי האט ליב געהאט מיט דעם צו אפגעבען זיך. איר הויפט ציל איז געווען דאס לערנען זיך. זי האט שוין דעמאלט אנגעהויבען געהן אין קאלעדזש. זי האט ליב געהאט דאס לערנען, צו דערוויסען זיך פון אלץ נייע זאכען. און דער טאטע, גלאריא'ס, דעיוו האלפערן, האט דאס צוגעזעהן ווי זיין טאכטער איז אזוי אפגעגעבען צום לערנען, איז ער אין הארצען געווען שטאלץ מיט דעם. ער אליין האט געשטאמט פון א משפחה אין דער אמאליגער היים זיינער, וואו די בחורים האבען געלערנט אין די ישיבות, און דא, אין היגען לאנד, זענען זיי געווארען גרויסע אויפטוער.

אפט מאל האט מען געקענט זעהן גלאריא'ן רעדען אין טעלעפאן צו אירע נייע חבר'טעס, וואס זי האט זיך דערווארבען אין קאלעדזש. דאס זענען געווען לאנגע שמועסען, היציגע, מיט פארכאפטען אינטערעסען. גלאריא האט שוין געהאט אירע סודות, וואס זי האט פאר איר מאמען ניט געקענט אדער ניט געוואלט דערצעהלען.

ביי יענער צייט האט שוין גלאריא זיך נאהענט באקענט מיט איינעם א בחור, וואס האט געלערנט טאקע אין דעם זעלביגען קאלעדזש. ער איז געווארען איר „באי פרענד", זיי האבען זיך ליב געקראגען. עדי איז געווען זיין נאמען. ער איז געווען הויך און שלאנק און טונקעל־הויטיג ווי א ציגיינער; מיט שטארק־שווארצע האר און פינקלענדיגע אויגען, ווי א געגענזאץ צו גלאריא'ן, וואס אירע האר זענען געווען בלאנד און די אויגען טיף־בלויע.

ער האט שוין געהאט זיך פארלאזען א בארד, נאר ער האט ניט באלאנגט צו די „היפיס". ער האט דאס געטאן נאר אויף נאכצוקומען די מאדע פון דער היינטיגער צייט.

אז גלאריא איז צום ערשטען מאל געקומען מיט איר באי פרענד צו די האלפערנס אין שטוב האט זיך די מאמע גלאריא'ס דערשראקען צו זעהן א בחור, וואס האט זיך פארלאזען א בארד. זי האט געוואוסט ווי היינטיגע בחורים זענען פארשייט. נאר גלאריא האט איר מאמען פארזיכערט, אז ער איז ניט קיין „היפי", ער האט עס געטאן נאר אויף נאכצוקומען די מאדע. און די מאמע, הערענדיג דאס, האט פרייער אפגעאטעמט. „גאט צו דאנקען דערפאר", האט זי ביי זיך געטראכט.

עדי איז אפט געקומען צו די האלפערנס אין הויז. ער האט גערופען גלאריא'ן צו געהן פארברענגען ערגעץ אין טעאטער אדער אין א מאווי. דער טאטע גלאריא'ס האט ווי אלע מאל צוגעשוויגען צו זעהן זיין טאכטער פארברענגען מיט אזא סארט בחור. נאר אין הארצען איז ער געווען אומרוהיג און געווארט וואס וועט זיך אויסלאזן פון דעם.

די מאמע האט שוין געהאפט עס וועט שוין זיין א שידוך. און איינמאל האט זי מיט א ציטערדיג הארץ א פרעג געטאן ביי איר טאכטער איבער דער בחור, מיט וועלכען זי איז אזוי נאהענט, וועט שוין זיין איר באשערטער און זיי וועלען חתונה האבען.

— מיר טראכטען נאך דערווייל ניט פון חתונה האבען — איז געווען גלאריא'ס ענטפער. און זי האט באלד צוגעגעבען:

— מיר קענען זיין נאהענטע פריינט אהן חתונה האבען.

גלאריא האט זיך צוגעקליבען א בחור, וואס איז געווען לויט איר גוסט. ער אויך האט זיך אפגעגעבען ערנסט מיט זיין לערנען. ער האט געפלאנט אויסשטודירען צו ווערען אן אינזשעניר. נאר גלאריא'ס טאטע־מאמע האבען איצט וועניג געוואוסט פון זייער טאכטער'ס לעבען און אויך וואס פאר א סארט מענש איר „באי פרענד" איז. און גלאריא'ס רייד וועגען זיין נאהענט מיט איר „באי פרענד" און ניט חתונה האבען, האט דער מאמען געשראקן. אזעלכע נייע־מאדנע רייד...

אז די צייט איז געגאנגען איז עפעס ווי אויסגעוואקסען א וואנט צווישען דער מאמען און איר טאכטער גלאריא. זיי זענען עפעס אפגעפרעמדט געווארען איינע פון די אנדערע און זיי האבען מער ניט געקענט זיך צונויפרעדען. גלאריא איז געווארען אזוי געלערנט, אז זי האט אלץ געוואוסט און די מאמע אירע האט גארניט געוואוסט. זי איז נאר געווען א מאמע. און וואס ווייסט א מאמע? גארניט. אויסער צו זיין געטריי איר קינד און נאכגעבען איר אלע אירע פארלאנגען. איז איצט די מאמע געווען שטארק באזארגט. זי האט אויסגעהאדעוועט א קינד, דאס לעבען אירס האט זי פאר'ן קינד אפגעגעבען. און איצט, וואס האט זיך אויסגעלאזען? עס איז עפעס ניט איר קינד. און זי האט גאר מורא ארויסצורעדען צו איר א ווארט. זי ווייסט אירע ענטפערס:

— א. זארג זיך ניט אזוי שטארק וועגען מיר — וועט זי זאגען אומגעדולדיג.

אויך מיט איר טאטען איז איצט גלאריא געווארען דערווייטערט. זי ווייסט, איר טאטע איז קלוג און געלערנט. נאר ער איז דאך אויך פון דער אלטער וועלט. גלאריא האט געהאט פלענער וועגען איר צוקונפט. וועגען אויסשטודירען א פראפעסיע. זי וועט אפשר אויפנעמען די וויסענשאפטען פון ביאלאגיע אדער „קעמיסטרי", אדער זי וועט גאר אויפנעמען ספעציעלע קורסען צו ווערען א סאיקאיעטריסט. די וועלט איז פאר איר אפען. נאר זי וועט פון אירע פלענער ניט רעדען מיט איר טאטען. ניט אנפרעגען זיך ביי אים וואס זי זאל טאן.

גלאריא'ס טאטע האט דאס אלץ געזעהן. ער האט אלץ פארשטאנען און ער האט אין דער שטיל פון דעם געליטען. נאר אין א שמועס מיט זיין ווייב האט ער דאס ניט געוואלט ארויסווייזן. און אז זיין ווייב האט געפרואווט פארווארפען א ווארט וועגען דעם וואס זייער טאכטער איז עפעס איצט געווארען אזוי דערווייטערט פון זיי, האט ער איר געטרייסט:

— א. דו דארפסט זיך ניט אזוי פיל זארגען. דו ווייסט דאך, גלאריא איז איצט אזוי פארנומען מיט איר לערנען. זי האט קיין צייט ניט פאר אונז...

מער ווי אלע מאל האט זיך די מאמע בעזארגט דעם אווענט, ווען גלאריא האט זיך געקליבען אין אן אווענט צו געהן פארברענגען מיט איר „באי פרענד" ערגעץ אויף בראדוועי. די מאמע האט געוואוסט, אז די שטאט איז איצט פול מיט געפארען, און מענשען האבען מורא ארויסצוגעהן אין גאס. נאר גלאריא האט פון אט די געפארען ניט געוואוסט, ניט געוואלט וויסען. דעם אווענט ווען זי האט געהאט א „דעיט" מיט איר בחור, איז זי שוין געווען אנגעטאן אין א מאדישער שעהנער קלייד. איר פנים האט געגליט מיט פרייד פון דעם קומענדיגען פארגעניגען, וואס זי וועט היינט האבען.

— גודבאי מא, פא! — האט זי א מאך געטאן מיט דער האנט און איז פארשוואונדען.

און ביז שפעט ביינאכט וועט די מאמע ליגען וואך אין בעט, ביז זי וועט דערהערען איר טאכטער'ס טריט אנקומען אהיים. דעמאלט וועט זי זיך קענען איינרוהיגען און אנטשלאפען ווערען.

# פראגען וועגען געזונט

פון דר. יעקב ב. גלען

מרס. מיניע פ., ברוקלין.

אין אייער לענגערען בריוו ביט איר מיר צוערשט א יישר־כוח פאר דעם וואס איך האב מיט עטליכע וואכען צוריק זיך אנגענומען די קריוודע פון דאקטוירים און האב געשריבען, אז דאקטוירים בכלל זענען ניט געלט־גיריג (ווי א לייענער האט זיך אויסגעדריקט) און אז זיי העלפען טאקע פארלענגערן דאס לעבען פון זייערע חולאים.

איר באשרייבט די שווערע „דערליע" פון אייער באטזעליגען מאן, וואס האט געליטען פון פארשידענע קראנקהייטען, א הארץ־קראנקהייט אריינגערעכנט.

איר זענט איבערצייגט, אז די דאקטוירים זיינע, סיי די פריוואטע און סיי אינ'ם לאנג איילענד דזשואיש האספיטאל, האבען פארלענגערט זיין לעבען אויף גאנצע צוועלף יאר. די דאקטוירים האבען ניט געקוקט אויף דעם האנאראר, ווייל אייער מאן איז קיינמאל ניט געווען קיין גרויסער פארדינער...

איר באשרייבט אין פרטים, ווי די דאקטוירים אינ'ם שפיטאל האבען זיך געזארגט וועגען אים. איינמאל, א פאר חדשים נאכהער, ווי זיי האבען אים ארויסגעלאזען פונ'ם שפיטאל, האבען זיי אים צוריקגערופען, ווייל זיין בלוט, וואס זיי האבען אין דער צווישענצייט אונטערזוכט, האט באוויזען סימנים פון א בלוט־קראנקהייט (?). די דאקטוירים, אזוי ווי די באדינונג אינ'ם שפיטאל, האבען זיך זעהר אינטערעסירט מיט יעדער פאזע פון אייער מאנ'ס לעבען. דורך אייער בריוו דריקט איר אויס א טיפען דאנק צו די אלע, וואס האבען געהאלפען פארלענגערן דאס לעבען פון אייער מאן.

ענטפער:

מיר דרוקען גערן דעם תמצית פון אייער בריוו. קיינע פירושים, גלויב איך, זענען ניט נויטיג. איך וויל אייך אויך דאנקען פאר אייערע לויב־ווערטער פאר מיר פערזענליך.

---

אירווינג ס., ברוקלין.

איר דארפט טאקע טאן, וואס מען האט אייך געזאגט אינ'ם דאונטאון מעדיקל סענטער אין ברוקלין. איר דארפט צוערשט געהן צו אייער דאקטאר: ער וועט אייך געבען א רעקאמענדאציע צו יענעם שפיטאל, וואו, האפ איך, זיי וועלען אייך באהאנדלען אויפ'ן בעסטען אופן.

# לאָמיר ניט דערלאָזן צו פאַרשעמען די אידישע שפּראַך!

**וויכטיגער אַמעריקאַנער אוני־ווערסיטעט וויל איינפירן אידיש פאַר סטודענטן. — מען דאַרף אָבער האָבן פאַר חעם געלט־מיטלען. — וואָס אידישע פאָלקס־מענטשן „פאַר־געסן“ ביים שרייבן אַ צוואה. מען דאַרף אויך העלפן ביים לעבן. — אַ פיינליכער ענין וועגן וואָס מען דאַרף ניט שווייגן. — די געזעלשאַפט־ליכע פירער.**

פון י. שמולעוויטש

פאַראַן זאַכן אין אונזער אידי־שען געזעלשאַפטליכן לעבן, וועגן וואָס עס טראַכטן און עס רעדן אומצאָליגע מענשן, אָבער דאָס ווערט היפּזשעכליך געטאָן אין דער שטיל. דאָס ווערט ווי כמעט ניט אַרויסגעברענגט פאַר דער עפנטליכקייט. איך ווייס ניט, פאַרוואָס מען שעמט זיך וועגן דעם צו רעדן אין דער הויך, ווי...

זיך כסדר מיט זייערע אַקטיוויטע־טען, וואָלטן געווען די נויטיגע פאָנדן. אויך אַ טייל פון איבער־געלאָזענע ירושה'ס פון פאַרמעגלי־כע אידען — איבער 120 יאָר — וואָלט מען זיכער געקענט אייפּטאָן פיל מערער ווי דאָס איז איצט, ליידער, צוליב מאַנגעל אין געהע־ריגע פאָנדן.

און געוויס דאַרפן פאַרמעגליכע אידען בעדענקען, ביים אָנשרייבן זייער צוואה, וועגן מדינת ישראל. די אידישע מדינה פירט אַן אומ־אויפהערליכן גוראַנגעל מיט די שונאים. עס קומען קיין ישראל כסדר אַריין מאַסן אימיגראַנטן, וועמען מען דאַרף ווי געהעריג אויפ־נעמען און איינאָרדענען. אין יעדער צוואה פון אַ פאַרמעגליכן איד, דאַרף דעריבער אויך זיין אַ מין ירושה פאַר דער אידישער מדינה. אוודאי זיינען, און דאַרפן טאַ־קע זיין, די היפּט־געניסער פון...

און זיכערקייט פון דער מדינה. און אויב וויל מען, אַז היגע פאַרמעג־ליכע אידען — אין אַלגעמיין — זאָלן אויך אַפשרייבן אין זייערע צוואות געהעריגע ירושות פאַר אידישע צוועקן און פאַר ישראל; וואָס זאָל באַנוצט ווערן נאָך זייער טויט איבער 120 יאָר, אויב וויל מען דאָס דערגרייכן, וואָס מ ו ז געטאָן ווערן; דאַרפן אַ גוטן ביישפּיל פאַר דעם קודם־כל ווייזן פירנדע אידישע פּערזענ־ליכקייטן. אַזעלכע דאַרפן זיין צווישן די ערשטע, כדי צו ווייזן, אַז אַזעלכעס דאַרף אומבאַדינגט גע־טאָן ווערן, וואָס איז פון גרויסער וויכטיגקייט לטובת אידישע אינ־טערעסן.

עס איז געווען אַ מאָדנער צר פאַל. צומאַרגנס אָוונט, נאָכדעם ווי דער אידישער פירער האָט אַרויסגעבראַכט אין דער עפנטליכ־קייט זיין טענה — וועגן וואָס איך האָבע געשריבן אין אַנהויב פון דעם אַרטיקל — בין איך אַנווע־...

...

בייא דעם זעלבן מיטינג האָט

# אַ טעלעוויזיע־פּראָגראַם אין דייטשלאַנד וועגן אַנטיסעמיטיזם אין... עסטרייך

**דאָרט זיינען דערשינען עסטרייכישע אַנטיסעמיטען, וואָס האָבן אָפן דערקלערט, פאַר־וואָס זיי זיינען געגען די אידען. — אין דייטשלאַנד איז אַזאַ דערשיינונג קוים מעגליך, ווייל דאָרט איז דערווייל נאָך ניט אין דער מאָדע צו זיין אָפיציעל אַן אַנטיסעמיט.**

(אַ בריוו פון דייטשלאַנד)

פון דוד קאַהאַן

עס זעהט אפשר אויס אביסעל קאָמיש, ווען מערב־דייטשע טעלע־וויזיע־זשורנאַליסטן מוזן דער־צעהלן וועגן אַנטיסעמיטיזם אין עסטרייך, בעת וועגן מערב־דייטש־לאַנד האָבן זיי ניט קיין מעגליכ־קייט דאָס צו טאָן. זיי וואָלטן אפשר יאָ געקענט דערצעהלן וועגן געוויסע אַנטיסעמיטישע דער־שיינונגען אין לאַנד, אָבער עס וואָלט זיי געווען זעהר שווער צו...

די נעאָ־נאַציס האָבן נאָך גע־פונען אַן אַנדער טריק: זיי מיי־דן בכלל אויס אַליין צו שרייבן אויף אַזעלכע דעליקאַטע טעמעס. פאַר דעם צוועק נוצן זיי בעסער „אידישע מיטאַרבעטער“. זיי, די „גוטע אידען“, האַלטן פאַר „זייער חוב“ צו אינפאָרמירן דער דייטשער עפנטליכקייט וועגן נעגאַטיווע ערשיינונגען אין אידי־שען לעבן, זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז זיי שרייבן אין נוסח פון די נעאָ־נאַציס...

אַנדערש אָבער איז די לאַגע אין עסטרייך. דאָרט קען מען זיך איצט יאָ דערלויבן צו זיין אָפי־ציעל אַן אַנטיסעמיט. אפשר אויך דערפאַר איז דער אויבענ־דערמאַנטער טעלעוויזיע־„רעפּאָר־טאַזש“ אַרויסגעקומען זעהר אינטע־רעסאַנט. ווייל מען האָט דאָרט גע־קענט הערן די אַרגומענטן פון די אַנטיסעמיטן גופא.

איצט איז דער דאָזיגער מצב באַ־זונדערס אומנאָרמאַל, ווייל די איי־דען שטעלן מיט זיך פאַר בלויז אַ זעהר קליינעם טייל פון דער באַפעלקערונג. מען האָט נאָך גע־קענט פאַרשטעהן, האָבן זיי דער־קלערט דעם גרויסן אידישן איינ־פלוס אין עסטרייך פאַר דער מלחמה. דעמאָלט האָבן אין ווינען אַליין געלעבט ביי אַ פערטל מי־ליאָן אידען. איצט זענען דאָרט פאַראַן נאָר צוועלף טויזנט אידען, אָבער זייער איינפלוס איז געבלי־בן דער זעלבער ווי פריהער...

„צו שיצן דאָס פאַטערלאַנד פון אינערליכע און אויסערליכע פיינט“. דאָס וואָרט אידען ווערט טאַקע ניט דערמאָנט, אָבער מען דאַרף ניט זיין קיין צו־גרויסער חכם, כדי צו זיך אָנצושטויסן וועמען מען מיינט מיט'ן נאָמען „אינערליכע פיינט“...

ניט אַלע עסטרייכער, וואָס זע־נען אויפגעטראָטן אין דער טע־לעוויזיע־פּראָגראַם, האָבן זיך אָפּי־ציעל דערקלערט פאַר איבערצייג־טע אַנטיסעמיטן. אַנדערע האָבן נאָר געזאָגט, אַז זיי אונטערשיידן פּרינציפּיעל צווישן „גוטע און שלעכטע אידען“. דערביי האָבן זיי באַזונדערס געלויבט דעם איצ־טיגן קאַנצלער ברונאָ קרייסקי, וואָס איז, לויט זיין אָפּשטאַמונג, אַ האַלבער איד...

...

זייער וויכטיגסטער אַרגומענט איז געווען, אַז אויך איצט האָבן די אידען אין עסטרייך אַ זעהר גרויסן איינפלוס. דערביי האָבן זיי באַטאָנט, אַז כמעט שטענדיג האָבן אידען אויסגעאיבט אַ שטאַרקע ווירקונג אין לאַנד, אָבער דער ציל פון דעם „אָרדען“ איז:

# דזשעקים נייע היים

(ערצעהלונג)

פון מרים ראַסקין

...

# פראַנק העללער דערוויילט פּרעזידענט פון דער ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג

פראַנק העללער, אַ פּראָמינענ־טער ניו יאָרקער אַדוואָקאַט און געזעלשאַפטליכער טוער, איז דער־וויילט געוואָרן פּרעזידענט פון ניו־יאָרקער ביוראָ פאַר אידישער דער־...

תלמוד־תורה חינוך“ און פּרעזי־דענט פון דעם בורדים־געריכט פון די העברעאישע לערערס און מנהלים און ווי פּרעזידענט פון קאַמפּ מורשה.

...